ב אָ ר י ס  פּ אָ ל ע ו ו אָ י

# ג אָ ל ד

צווייטער באַנד

:: :: ::

דריטער און פערטער טייל

★

יִדיש: אַ. לעווין

★

פ אַ ר ל אַ ג „ה י י מ ל אַ נ ד“
ב ו ע נ אָ ס  אַ י ר ע ס
1 9 5 3




!

איצט קומט אויס זיך אָפּצונייגן אַביסל אָן אַ זײַט און אין קורצן דערציילן, וואָס אַזוינס האָט געפירט דעם יונגן בלאָנדן באָכער אין וואַלד אַרײַן, וואָס האָט אים געצווונגען אָנצוטאָן דעם סוינעס אוניפאָרם און נעמען אין האַנט אַ רעוואָלווער, פאַבריצירט אין אַ פרעמדער פאַבריק פון אַ פרעמדער פײַנטלעכער מעדינע.

ניקאָלײַ זשעלעזנאָוו איז טאַקע געבוירן געוואָרן אין יענער שטאָט, וועמענס נאָמען מוסיאַ האָט אַזוי ניט געלונגען דערמאָנט אין איר געשיכטע. זײַן זיידע האָט געאַרבעט אַלס מאַשיניסט אין דעם דעפּאָ באַ דער גרויסער קנופּ־סטאַנציע. זײַן פאָטער האָט אויך געאַרבעט דאָרט אַלס מאַשיניסט־אינסטרוקטאָר. אָפּהיטנדיק די מישפּאָכע־טראַדיציע האָבן אויך זײַנע ברידער אָנגעהויבן זייער לעבנס־וועג אין די דעפּאָ־וואַרשטאַטן, אָבער ביסלעכווײַז האָט דער יונגערער דאָר פון די זשעלעזנאָווס אָנגעהויבן זיך צעפליִען פון דעם היימישן נעסט און פאַרראַטן די פאַמיליע־פּראָפעסיע.

דער עלטערער ברודער, סעמיאָן, איז אַוועק דינען און האָט זיך שוין מער ניט צוריקגעקערט צום דעפּאָ. ער איז אַרײַנגעטראָטן אין אַ מיליטער־שול און נאָכן פאַרענדיקן זי מיט דערפאָלג איז ער אַוועקגעפאָרן ערגעץ אַפן ווײַטן מיזרעך. שפּעטער פלעגט דער מאַשיניסט־אינסטרוקטאָר באַקומען בריוו פון זײַן זון פון פאַרשייי־דענע שטעט, וועמענס נעמען ער האָט אָפטמאָל נישט געקענט גע־פינען אַפילע אַף די אויספירלעכע אײַזנבאַן־מאַפּעס. פון אָנהייב האָט סעמיאָן געכאַסמעט די בריוו: „קאָמוזוואָד”, שפּעטער „קאָמ־ראָטע” און דערנאָך „מאַיאָר”. אַ בריוו, וועלכער איז אָנגעקומען פון דעם קאַרעלישן לאַנדפּאַס בעי״ס דער פינלענדישער מילכאָמע,

איז שוין געווען אונטערגעשריבן: „פּאָדפּאָלקאָווניק ס. זשעלעזנאָוו".

דער צווייטער, יעווגעני, האָט שוין בײַ די לימודים אין דער פֿאַבריק־שול אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלעכן פֿאַרשטאַנדיקן שׂכל. אין דער פֿרײַער צײַט, ווען זײַנע כאַווייריםן פֿלעגן זיך אַרויסלאָזן כאַפּן פֿיש, אָדער קלייבן שוואָמען, פֿלעגט ער אַרויפֿקלעטערן אַפֿן בוידעם, דאָרט האָט ער בײַם פֿענצטערל אײַנגעאָרדנט אַ שרײַבטאָק און האָט עפּעס געפּײַלט, געזעגט און געמײַסטרעוועט. ווען ער איז געוואָרן אַ געהילף־מאַשיניסט און האָט זיך שוין געקליבן, ווי מען זאָגט, איבערצוואַנדערן פֿון „דעם לינקן לאָקאָמאָטיוו־פֿליגל אַפֿן רעכטן", איז די לײַדנשאַפֿט צו דערפֿינדונגען געוואָרן בײַ אים אַזוי שטאַרק, אַז אין דעפּאָ איז ער פֿאַררעכנט געוואָרן פֿאַר אַן אויסגעצייכנטן ראַציאָנאַליזאַטאָר. פֿאַרנעמען דעם פּלאַץ אָבער אַפֿן רעכטן לאָקאָמאָטיוו־פֿליגל, דאָס הייסט ווערן אַ מאַשיניסט, איז אים שוין אָבער ניט אויסגעקומען. די אָנפֿירערשאַפֿט פֿון דעפּאָ האָט געשיקט אין מאָסקווע איינעם פֿון זײַנע געוואַגטע פֿאָרשלאָגן. און דער פֿאָלקס־קאָמיסאַר אַליין האָט אַרויסגעפֿאָדערט צו זיך דעם געהילף־מאַשיניסט יעווגעני זשעלעזנאָוו. ער האָט באַקומען אַ גרויסע פּרעמיע און זײַנע צייכענונגען זײַנען אָפּגעשיקט געוואָרן אַף באַאַרבעט צו ווערן אין דעם פֿאָרשונגס־אינסטיטוט, דערבײַ האָבן די קאָנסטרוקטאָרן באַקומען אַ באַפֿעל נעמען אין אַכט זײַן פֿאָרשלאָג בײַם בויען נײַע לאָקאָמאָטיוו־מאָדעלן. ווען דער פֿאָלקס־קאָמיסאַר האָט באַגלייט דעם געהילף־מאַשיניסט ביז צו דער טיר פֿון זײַן קאַבינעט, האָט ער בײַם געזעגענען זיך אים געאייצעט, ער זאָל זיך לערנען, אומבאַדינגט לערנען זיך. אין זעקס יאָר אַרום האָט שוין יעווגעני זשעלעזנאָוו פֿאַרנומען דעם אָרט פֿון עלטסטן וויסנשאַפֿט־מיטאַרבעטער אין טראַנספּאָרט־אינסטיטוט, ווײַט פֿון זײַן היימישן דעפּאָ.

דער דריטער ברודער, געאָרגי, איז מער ווי אַלע איבעריקע געבליבן טרײַ דער טראַדיציאָנעלער מישפּאָכע־פּראָפֿעסיע. געאָרגי איז געווען דעם טאַטנס ליבלינג. ער איז פּאָשעט געבוירן געוואָרן אַ מאַשיניסט. בײַ דער אַרבעט איז ער געווען קאַלטבלוטיק און אַנטשלאָסן, ניט געוווּסט פֿון קיין פּאַכדאָנעס, אָבער אויך ניט קיין ווילדונגערישקייט, געווען פּינקטלעך ביז צו דער מינדסטער קליי־

ניקײַט, אָבער, ווען עס האָט זיך געפֿאָדערט, האָט ער געקענט ריזיקירן און שנעל אָננעמען גאָר דרייסטע און פֿאָשעטע אומגלויבלעכע באַשלוסן. דער פֿאָטער האָט אַפילע ניט באַמערקט, ווי פֿון אַ הייצער איז זײַן זון אַריבער אַפֿן „לינקן לאָקאָמאָטיוו־פֿליגל”. די אַרבעט פֿלעגט זיך געאָרגיען זייער לײַכט אײַנגעבן. ניט זײַענדיק אַפילע קיין צוויי יאָר געהילף־מאַשיניסט, האָט ער פֿאַרנומען דעם פּלאַץ אַפֿן רעכטן פֿליגל און אַ יאָר שפּעטער האָט ער שוין געשעמט ווי דער בעסטער מײַסטער פֿון אָנפֿירן שווערע לאַסטבאַנען, צווישן די אַלע איבעריקע מאַשיניסטן פֿון דער אָפּטיילונג. דער אַלטער מאַשיניסט־אינסטרוקטאָר האָט בישטיקע אַפילע מעקאַנע געווען זײַן זון און אָפּטמאָל, זיצנדיק אין בופֿעט פֿון דעם קלוב, אין קרײַז פֿון זײַנע כאַוויירים, וועלכע האָבן שוין צענדליקער יאָרן געפֿירט באַנען און געהאַט אַן אַנונג אין די לאָקאָמאָטיוואיניאָנים, פֿלעגט ער זיך באַרימען מיט זײַן זון: „אַ טאַלאַנט! אַן עמעסער טאַלאַנט!”

געאָרגי זשעלעזנאָוו האָט כאַסענע געהאַט מיט אַ מיידל פֿון דעם זעלבן פֿאָרשטעטל, מיט דער עלטערער טאָכטער פֿון זייער שאָכן, אַן אַלטן מײַסטער און דעם פֿאָטערס גוטן פֿרײַנט, וואַלאַס קאַרפּאָוו, און צו דער גרעסטער פֿרייד פֿוןביידע אַלטע לײַט, האָט ער שויך, ווי עס שײַנט, פֿעסט און אַף אייביק זיך אײַנגעוואָרצלט אין דער פֿאַרזשאַווערטער, דורכגעווייקטער מיט מאַזוט — דעפּאָערד. איינמאָל בעייס די וואַלן איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אין פֿאַרטיי־ביוראָ. דאָרט איז ער געוואָרן דעם סעקרעטאַרס שטעלפֿאַרטרעטער. דער סעקרעטאַר איז אינגיכן קראַנק געוואָרן און געאָרגי, אַן אומדערמידלעכער און אַרבעטזאַמער, ווי אַלע זשעלעזנאָווס ביכלאַל, האָט זיך אַף אַ צײַט געזעגנט מיט זײַן לאָקאָמאָטיוו און האָט זיך אַרײַנגעוואָרפֿן מיט לײַב און לעבן אין דער פֿאַרטיי־אַרבעט. ער איז אַזוי פֿאַרכאַפּט געוואָרן און האָט דערבײַ באַוויזן אַזוי גוט אײַנצואָרדענען די אַרבעט, אַז בעייס די נאָענטסטע וואַלן איז ער איינשטימיק אויסגעקליבן געוואָרן אַלס סעקרעטאַר פֿון דעם ביוראָ, מיטגליד פֿון פּלענום און שפּעטער אויך אַלס מיטגליד פֿון שטאָטישן פֿאַרטיי־קאָמיטעט. אָט אַזוי איז זײַן לעבן, אינגאַנצן אומבאַמערקט, אַריבער אַף גאָר נײַע רעלסן. ער האָט געאַרבעט לעבעדיק, פֿריידיק מיט אימפּעט. און גאָר אינגיכן האָט

ער שוין באַקומען אַ שעם אַלס איינער פון די איניציאַטיוו־פולסטע און פעסטערע פּאַרטיי־טוער אין קרײַז. אייך זאָך האָט אים אָבער געשטערט — עס האָט אים געפעלט די טעאָרעטישע צוגרייטונג, און ער האָט זיך אײַנגעבעטן באַם קרײַז־קאָמיטעט, אַז מען זאָל אים שיקן אין מאָסקווע זיך לערנען אין דער פּאַרטיי־שער הויכ־שול. נאָך אים איז אַריבערגעפאָרן אין דער הויפּטשטאָט אויך זײַן גאַנצע פאַמיליע.

דער מאַשיניסט־אינסטרוקטאָר, זיצנדיק שאַבעס־צונאַכט אין דער אַלטאַנקע פון זײַן קליינעם סעדל מיט זײַנע גוטע ברידער האָט ליב געהאַט צו שמועסן וועגן דעם „זשעלעזנאָוועס קוסט" און זיך באַרימען מיט די הויכע פּאָסטנס, וועלכע עס פאַרנעמען זײַנע זין. אָבער אין דער טיפעניש פון זײַן נעשאָמע האָט דער אַלטער מאַשיניסט, וועלכער איז געווען טרײַ איבערגעגעבן זײַן פאַך, דאָך נית געקענט מויכל זײַן זייער פאַרראַט דער טראַדיציאָנעלער מיש־פּאָכע־פּראָפעסיע. אַרומשפּאַצירנדיק איבער דער ליידיק־געוואָרענער דירע און קוקנדיק אָף זײַנע זינס בילדער, פלעגט ער זיפצן און מיט באַדויערן שאָקלען מיטן קאָפּ. איצט איז זײַן גאַנצע אויפמערק־זאַמקייט געוואָרן קאָנצענטרירט אָפן יינגסטן זון, ניקאָלײַ, וועמען דער אַלטער באַל־גײַווע האָט געהאַט בעדייע צו מאַכן פאַר אַ שטאָלץ און קרוין נית בלויז פון דעם דעפּאָ, נאָר פון דער גאַנצער אײַזנ־באַן־ליניע.

ניקאָלײַ, פונקט ווי יעדער מעזיניק, איז געווען דער הויז־ליבלינג. די מוטער האָט אים פאַרגעטערט. זי האָט שטענדיק גע־וואָלט האָבן אַ טעכטערל, דעריבער ווען ניקאָלײַ איז נאָך געווען אַ פּיצל האָט זי אים פאַרלאָזט לאַנגע האָר, האָט ליב געהאַט אי־בערצובינדן זײַנע פלאַקסענע הערעלעך מיט אַ בלויער סטענגע און אָנטאָן אים אין קליידלעך. דער פאָטער אָבער פלעגט, פאַרקערט, מיטנעמען דאָס יאָטל מיט זיך אין דעפּאָ. אים פירן אין די גיגאַנ־טישע שטאַלן, וווּ עס האָבן געדרימלט, אָנפרויענדיק זיך נאָך די רײַזעס, ריזיקע שטאָלענע מאָנסטערס. דער קליינער יאָט פלעגט מיט שרעק, אָבער אָן באַזונדערער נײַגעריקייט קוקן אָף די גרויסע רעדער, אָף די מעכטיקע טיבשטאַנגען, פון וועלכע עס איז געררו־נען בורשטינענער אויל, אָף די גלאַנציקע זײַטן פון דער מאַשין. און דערפאַר, קען זײַן, ווײַל די עלטערן, יעדער אָף זײַן שטייגער,

האָבן געשאָנקען דעם יונגסטן זון אַזויפֿיל אויפֿמערקזאַמקייט, איז דער גרויסער, פּוכלער, רויטבאַקיקער ייִנגל געוואַקסן אַ שטילער, אַ פֿאַרטראַכטער און אַ טרוימער. ער פֿלעגט זיך ניט באַטייליקן אין דער באַליבטער שפּיל פֿון דער אָרטיקער יונגוואַרג — „אין באַן", ניט געטראָגן זיך בלענדנדיק מיט די אָפּגעבראָכענע ליטקעס איבער די שטויביקע גאַסן, פּירכענדיק סאָליד „פּוף—פּוף—פּוף", אָדער פֿאַרהילכנדיק די אומגעגנט מיט אַ „טור־טו".

ער איז אימשטאַנד געווען אָפּצוזיצן גאַנצע שאָען נאָכאַנאַנד באַם פֿענצטער, אָנגעשפּאַרט מיט דער גאָמבע אַפֿן פֿויסט און קוקן, ווי די הינער פּאָרען זיך אַרום אינעם סעדל, ווי עס גלאַנצן אַף דער זון די פֿאַרשטויבטע קליאָן־בלעטער, וועלכע זײַנען געוואַקסן באַם פֿענצטער, אָדער, ליגנדיק אַפֿן רוקן אינעם גאָרטן הינטערן הויז נאָכקוקן, ווי עס צעשווימט זיך אין הימל, בײַטנדיק די פֿאָרעם, דער געקרײַזלטער רויך־זײַל פֿון אַ נאָרוואָס דורכגעפֿאָרענעם צוג; צוהערן זיך צו דעם פֿאַרזאָרגטן איבערפֿײַפֿן זיך פֿון די מאַנעוור־לאָקאָמאָטיוו, צום קאָמאַרן־פּישטש פֿון דעם ליניע־וועקסלערס טראָמפּייטל, צו דעם פֿאַרהאַוועטן געהילך פֿון אַ פֿאַרבײַגייענדיקן פּראַכט־צוג, צום ווײַטן קלאַנג פֿון די זיך צונויפֿשטויסנדיקע בופֿער־טאַצן, צום דינעם אָן סאָפֿיקן הודיען פֿון די טעלעגראַף־דראָטן, וועלכער האָט זיך דעם ייִנגל אויסגעוויזן ווי אַ געהיימנישפֿולער קלאַנג פֿון די איבער זיי פֿלִיִענדיקע טעלעגראַמעס.

אין דער שול פֿלעגט ניקאָלײַ נעמען ניט מיט פֿלײַסיקייט, נאָר מיטן זיקאָרן און פֿאַרשטענדיקייט, און האַגאַם צעשטרײַט בעיס די לעקציעס, פֿלעגט ער דאָך זייער שנעל אויפֿכאַפּן דעם לערערס געדאַנק און אַהיימברענגען גוטע נאָטעס.

קעדיי אײַנצופֿלאַנצן אין זײַן זון פֿון קינדהייט אָן אַ געשמאַק צום באַליבטן פֿאַך, פֿלעגט אים דער טאַטע בעיס די וואַקאַציעס לערנען אַרבעטן באַם שרויבשטאָק, באַם וואַרשטאַט און איינמאָל האָט ער אַפֿילע אויווער געווען אַף די רעגלאַמענטן און מיטגעשיקט דעם ייִנגל אַף אַ טור מיט אַ בריגאַדע. דעם פֿאָטערס אויפֿגאַבן פֿלעגט ניקאָלײַ אויספֿירן פּינקטלעך אָבער אָן ברען, און דער אַלטער מאַשיניסט וועלכער האָט, ווי אַלע עכטע מײַסטערס, ליב געהאַט זיך צו פֿאַרנעמען מיט דער יוגנט, פֿלעגט נאָר זיפֿצן און שאָקלען מיטן קאָפּ.

ווען דער יונגל איז שוין געגאַנגען אין דריטן קלאַס האָט דער פאָטער געמאַכט נאָך אַ פּרווו אים צוצובינדן צו דער באַליבטער מישפּאָכע־פּראָפעסיע. ער האָט אויסגעזוכט דאָס געצײַג, מיט וועלכע יעווגעני איז אַזוי פּאַרכאַפּט געווען אין זײַנע קינדערשע יאָרן און האָט אײַנגעאָרדנט אין פּאָדערהויז אַ קליינעם וואַרשטאַטל. אָבער ניקאָלײַ איז אויך צו דעם געבליבן גלײַכגילטיק. דאָס געצײַג, אַ ניט גענוצטע, האָט געזשאַווערט דאָרט דעם גאַנצן זומער, ביז דער פאָטער האָט עס אַלץ צונויפגעלייגט אין אַ זאַק און עס פאַרוואָרפן וואָס ווײַטער אָפּן בוידעם, עס זאָל אים ניט דערמאָנען דעם דורכפאַל פון זײַן פּעדאַגאָגישן אײַנפאַל.

דער זון האָט געלייענט אַ סאַך און אָן אַ סיידער. ער איז געגאַנגען אין טעאַטער, אין קינאָ, אָבער אויך צו דער קונסט פלעגט ער ניט אַרויסווײַזן קיין באַזונדערע נייגונג. ער איז אינגאַנצן ניט ענלעך געווען אַף די זשוואָווע, שוואַרץ־כיינעוודיקע, טומלדיקע און לעבנס־לוסטיקע מיטגלידער פון דער זשעלעזנאָוו־ראָסע. און קוקנדיק אַף אים פלעגט זיך דער פאָטער אַליין מוזן מוידע זײַן: ניין, דער יינגסטער איז ניט געראָטן אין אים! עפּעס אַ צעשטרײַטער, אַ גלײַכגילטיקער איז ער, גאָר ניט ענלעך אַף דער לעבעדיקער, אונטערנעמערישער דעפּאָ־יוגנט. זײַן לעבן און זײַן לערנען גייט עפּעס ווי אַף אַן „אײַנגעהאַלטענעם גאַנג".

אָבער דער מאַשיניסט־אינסטרוקטאָר, וועלכער האָט פאַר זײַן לעבן אַנטוויקלט אַ טיפע ליבע צו זײַן פאַך באַ מער ווי איין דאָר יונגע מעכאַניקער, האָט זיך טויע געווען. איינמאָל אין אַ זומער, ווען ניקאָלײַ איז אַרויסגעפאָרן אין אַ פּיאָנערן־לאַגער, איז ער דאָרט פּלוצים פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער נאַטור. פון דעמאָלט אָן איז ער געוואָרן אַ טיכטיקער מיטאַרבעטער אין קרײַז פון די יונגע נאַטוראַליסטן. אַלע פּויזעס צווישן די לערן־שאָען פלעגט ער פאַרברענגען אין בּיאָלאָגישן קאַבינעט, געקאָרמעט די דיקע פוילע פיש, געריייניקט די שטײַגן פון די שרײַיקע טשיזשן, פון די סאַלידע, פּראַנטעוואַטע שניי־פינקען, געכאַפּט פליגן אַף די פענצטער פאַר די זשאַבעס, יאַשטשערקעס, טריטאָנען און אַנדערע אומזעטיקע טוישווים פון דעם אַקוואַריום אָדער טעררארים.

אָט די נייגונג האָט אים פאַרכאַפּט וואָס אַ טאָג אַלץ מער און מער און אין דער רייניקער — ווי אַ וועש־שופלאָד פון אַ קאָ־

מאָד — דירע פון די זשעלעזנאָווס האָט זיך פּלוצים באַוויזן אַ גראַק מיט אַן איבערגעבראָכענעם פליגל און מיט אַ שרײַעוודיקן, כוצפּעדיקן כאַראַקטער. נאָך אים אַ דיקער, שטילער יאָזש. אַפּן פענצטער, אין אַ ברייטן פּירקאַנטיקן גלעזערנעם סלוי פון עלעקטרישע עלעמענטן האָט זיך באַזעצט אַ טריטאָן־מישפּאָכע. דאָס זײַנען אַלץ געווען גאַנץ פרידלעכע שכיינים און די מוטער פלעגט אָן טײַנעס רייניקן נאָך זיי און דולדן די אַלע שאַרפע רייכעס, וועלכע די וואַלד־אײַנוווינער האָבן אַרײַנגעבראַכט צו איר אין שטוב. און דאָ איז נאָך צו דער געזעלשאַפט צוגעקומען אַ נאָטער. דאָס האָט שוין די מוטער, וועלכע איז גרייט געווען אַלץ מויכל צו זײַן איר ליבלינג, אויך אָנגעהויבן אַרויסצוברענגען פון געדולד.

דער נײַער שאָכן האָט זיך ניט באַפרידיקט מיטן היפשן לעבנסרוים, וועלכער איז פאַר אים באַשטימט געוואָרן צווישן די טאָפּלטע פענצטער־ראַמען אין ניקאָלײַס צימער. מיט זײַן אַקשאָנעסדיקן קעפּל פלעגט ער דורכבויערן אַ לעכל אין דעם מאַרלענעם פאָרהאַנג און שטיל פאַרשווונדן ווערן. באַווײַזן פלעגט ער זיך שפּעטער גאָר אומדערוואַרטעט און אין גאָר ניט קיין צוגעפּאַסטע פאַר אים ערטער: אין דעם קויש מיט נאָרוואָס איבערגעוואַשענעם און געפּרעסטן וועש, אין דער פּליטע, וועלכע מען האָט זיך געקליבן אײַנצוהייצן און אַפילע אונטער דעם קישן פון די עלטערנס געלעגער. ווען מען פלעגט אים מיט עפּעס באַאומרויִקן, פלעגט ער, אָן אַ פּיצל כאַרפּע, אַרויסווײַזן זײַן אײַנגעבוירענע קריגערישקייט: בייז שײַפּען און פאַררײַסנדיק זײַן קעפּל דראָען מיטן שאַרפן, דינעם בלויען צינגל. און דאָך, נאָכגעבנדיק דעם זון, האָבן די אַלטע געדולדעט אויך אָט דעם אומרויִקן שאָכן.

אָבער איינמאָל איז ער שוין אינגאַנצן אויווער געווען אַף אַלע געזעצן פון אָנשטענדיקייט און גאַסטפרײַנטלעכקייט: ער איז אומבאַמערקט אַרײַנגעקראָכן אין דעם צימער, ווו עס איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון דעם גאַס־קאָמיטעט, וועלכער האָט אויסגעהערט אַ באַריכט פון דעם שטאָט־אַרכיטעקטאָר וועגן דער זעלבסטשטעטיקער באַגרינונג פון דער אײַזנבאַנער־פאָרשטאָט. דערזעענדיק אַזויפיל אומבאַקאַנטע מענטשן און דערפילנדיק פרעמדע רייכעס, האָט דער נאָטער פאַרריסן דעם קאָפּ, פאַרנומען אַ קאַמפּס־פּאָזיציע און גלאַנצנדיק בייז מיט זײַנע שלאַנגען־שופּן, האָט ער אַרויסגעלאָזט

אַ קריגערישן שיפּעדיקן רוף. דער קאָמיטעט איז זיך צעלאָפן. דער באַריכט־אָפּגעבער האָט פון שרעק זיך אַרויפגעכאַפּט אַף דער קאַ־מאָדע, צעשיטנדיק איבערן פּאָל אַלע זײַנע פּראָיעקטן און צייכע־נונגען. פּאַר אַזאַ שטיקל אַרבעט האָט מען דעם נאָטער געפּאַקט מיט אַ קוילן־צוועָנגל און אַרויסגעשלײַדער'ט אַפן מיסט־קאַסטן. און אַ לאַנגע צײַט נאָכדעם איז דער „נאָטער־אינצידענט" אין זשע־לעזנאָווס הויז געווען אַ טעמע פּאַר די אָרטיקע יאַכנעס און פּאַר שפּאַסיקע קאָמענטאַרן פּאַר די כעוורעלײַט פון די לאָקאָמאָטיוו־בריגאַדעס.

און אַפילע נאָך דעם האָט דער פּאָטער אַלץ ניט געשטערט זײַן זונס טועכצן. זאָל ניקאָלײַ האָדעווען אַפילע אַ קראָקאָדיל, אַבי נאָר עס זאָל זיך אָנצינדן אין אים דער אַקשאָנעסדיקער פײַערל פון די זשעלעזנאָווס. זאָל זיך נאָר ניט אויסוועפּן באַ אים די נייגונג, אַבי ער זאָל ניט פּאַרלאָזן זײַן פּאָטערס נעסט, ווי די אַנדערע ברידער זײַנע. אַזוי פּלעגט טראַכטן דער אַלטער. אָבער באַם זון זײַנען געבאָרן געוואָרן גאָר אַנדערע געדאַנקען — געדאַנקען, וועל־כע האָבן אים וואָס אַמאָל אַלץ מער באַהערשט. ער האָט געטרוימט צו ווערן אַ נאַטור־פּאָרשער, שטודירן די וועלט פון באַלע־כאַיִמס, אַרויסבאַקומען נײַע ראַסעס, פּאַרוואַנדלען ווילדע כאַיעס אין שטו־ביקע און ענדערן די געאָגראַפישע פּאַרשפּרייטונג פון די כאַיעס, איבער די וועלדער פונעם לאַנד.

ניקאָלײַ האָט פּאַרענדיקט זיבן קלאַסן פון דער אײַזנבאַן־שול, דורכגעגאַנגען די קורסן פּאַר געהילף־מאַשיניסט און איז באַשטימט געוואָרן אַף אַ לאָקאָמאָטיוו. פּונקט ווי אַלע זשעלעזנאָווס האָט ער נאָך אַ קורצער צײַט אַרבעט אַלס הייצער, פּאַרנומען דעם אַמט פון אַ געהילף־מאַשיניסט. דער פּאָטער האָט זיך געפרייט: זײַן זון איז דאָך אַוועק אַפן טאַטנס וועג! ער האָט זיך געפרייט און גלײַכצײַטיק געשטוינט. יעדער פון די דורך אים דערצויגענע מאַ־שיניסטן האָט געהאַט זײַן „פערדל". איינער פלעגט איבעררעדן מיט זײַנע קענטעניש אין וועג־רעליעף — ער איז געווען אימ־שטאַנד אָנצופירן אַ באַן מיט פּאַרבונדענע אויגן; אַ צווייטער איז געווען אַ מײַסטער אין רעמאָנט־איניאָנים און דעריבער, קענענדיק דעם לאָקאָמאָטיוו־אָרגאַניזם ביז צו דעם מינדעסטן שטאָלענעם מוסקול, האָט ער זיך ניט געשראָקן פּאַר קיינע ניסיוינעס; אַ דריי־

טער האָט געשעמט מיט זײַן אַרבעטזאַמקייט און פּינקטלעכקייט — זײַן מאַשין האָט פּאָשעט געפינקלט מיט אַלע אירע אויסגעפּוצטע טיילן. ניקאָלײַ האָט פאַרמאָגט צו ביסלעך פון די אַלע מײַלעס. מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ פּינקטלעכן געהילף און ניט מער. און דאָס טאַקע האָט געערגערט דעם אַלטן.

דער אַלטער זשעלעזנאָוו האָט געוווּסט אַז אין דער אָוונט־שול לערנט זיך זײַן זון זייער גוט. ער האָט אָבער ניט געוווּסט, אַז באַם אַרויסקוקן פון דעם פענצטער׳ל פון לאָקאָמאָטיוו־בײַדל, פלעגט זײַן זון אַכטונג געבן ניט אַזויפיל אַף אַלע וועג־צייכנס, ווי אַף די וועלדער, וועלכע פלעגן פאַרבײַשוועבן פאַר זײַנע אויגן און ער האָט דערבײַ געכאַלעמט פון יענע צײַטן, ווען לויטן ווילן פון דעם מענטשן וועלן אין די פאַרלאָזטע פון די „עכטע" כאַיעס וואַלדטיפעניש, ווידער זיך פאַרשפּרייטן ריזיקע הירשן, שנעלפיסיקע ציגן, ווילדע מאַרדערס. עס וועלן לעבן און זיך מערן אַף דער פרײַהייט זילבער־פוקסן און עפּשער אויך גאָר נײַע נוצלעכע מינים, וועלכע ברעם האָט ניט באַשריבן, און וועלכע וועלן געציכטעט און געפלעגט ווערן דורך אים, ניקאָלײַ זשעלעזנאָוו. ניט געוווּסט האָט אויך דער פאָטער, אַז אין די אַנגערויכערטע אָפּרו־צימערן פאַר די לאָקאָמאָטיוו־בריגאַדעס אַף די קנופּ־סטאַנציעס, ווו אַלטע מאַשיניסטן האָבן הילכיק געקלאַפּט אין טיש מיט דאָמינאָ־ביינדלעך און די יוגנט איז געזעסן פאַרטיפט אין לערן־ביכער וועגן לאָקאָמאָטיוון, געשטודירט צייכענונגען פון פאַרשיידענע טיילן, זיצט דער ייִנגסטער זשעלעזנאָוו און לייענט דאַרווינען, אָדער טימיריאַזעוון.

אַלס זײַן באַלדיקע אויפגאַבע האָט זיך ניקאָלײַ אָנגעמערקט אַרײַנצוטרעטן אַפן ביאָלאָגישן פאַקולטעט פון דעם שטאָטישן פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. און דאָ האָט ער בעעמעס אַרויסגעוויזן דעם „זשעלעזנאָוו־כאַראַקטער". ווײַל, אַרבעטנדיק מיט דער פולסטער אָנלאָדונג אַפן לאָקאָמאָטיוו, האָט ער באַוויזן אויסגעצייכנט צו פאַרענדיקן די אָוונט־שול. איצט, ווען דאָס לעבן איז שוין אַרויס אַפן הויפּט־מאַגיסטראַל, לויטן אויסדרוק פון די מאַשיניסטן, און מען האָט שוין געקאָנט יאָגן „מיט דער פולער פּאַרע", האָט אַ גאָרניט פאָרויסגעזעענער צופאַל געענדערט זײַנע פּלענער.

דער קאָמיוגישער לאָקאָמאָטיוו, וועלכן ער האָט געפירט איז אַרויס אַפן ערשטן אָרט אין דער אָפּטיילונג. בעיס די וואַלן איז

דער יונגער געהילף־מאַשיניסט געוואָרן איינשטימיק אויסגעוויילט אַלס סעקרעטאַר פון דעם קאָמיוג־קאָמיטעט אין דעפּאָ. פּאָר ני־קאָלײַען איז דאָס געווען אַן איבעראַראַשונג. זײַן מעלדונג איז שוין אַרײַנגעגעבן געוואָרן אין אינסטיטוט. ניקאָלײַ איז אַוועק צום סע־קרעטאַר פון פּאַרטיי־קאָמיטעט, צום באַרימטן מאַשיניסט, זײַן פּאַ־טערס פרײַנט און טאַלמיד — סטעפּאַן טיטיטש רודאַקאָוו ; וויאַזוי זאָל ער האַנדלען ? זײַנע פּאַפּירן געפינען זיך דאָך שוין בײַ דער אויפנעם־קאָמיסיע ? דער קליינער דאַרער רודאַקאָוו האָט נאָר צע־פירט מיט די הענט : מען האָט דיך אויסגעוויילט — דין דעם פאָלק. דער דעפּאָ פאַרברייטערט זיך. די קאָלווירטישע יוגנט קומט אין די צעכן, מען מוז זי דערציִען, אַרײַנשלעפּן אין פּראָדוקטיוון לעבן. און ווער דען זאָל זי דערציִען, אויב ניט די זשעלעזנאָווס ? דער פּאָטער — אין די לאָקאָמאָטיוו־שטאָלן ; דער זון — אין דער קאָמיוגישער אָרגאַניזאַציע. די פאַמיליע זשעלעזנאָוו איז באַרימט אויף דער גאַנצער אײַזנבאַן־ליניע.

דער סעקרעטאַר פון דעם פּאַרטיי־קאָמיטעט האָט אַ קוק גע־טאָן אויפן פאַרלוירענעם ניקאָלײַען און האָט זיך ליבלעך צע־שמייכלט :

— און דו מיינסט, אַז איך בענק ניט נאָכן לאָקאָמאָטיוו ? עס טרעפט באַנאַכט, ווען איך דערהער אַ פײַף, באַפאַלט מיך אַזאַ בענקשאַפט. איך בין דאָך, גוטער ברודער, אַזאַ מאַשיניסט : פאַר־בינד מיר די אויגן, וועל איך דיר נאָכן רויש דערקענען אויף וועלכן קילאָמעטער עס גייט דער באַן . . . פונדעסטוועגן, מען האָט מיך אויסגעוויילט — דין איך דער פּאַרטיי. יאָ, באָכער, עס איז אַ גרוי־סע זאַך צו זײַן אַ פּאַרטיי־טוער. — און אויסלעשנדיק אין זײַ־נע אויגן די פריילעכע פונקען, האָט דער סעקרעטאַר שוין ערנסט און אַפילו מיט קאַס געזעדט צום צעטומלט ניקאָלײַ : — וועסט אַרבעטן, אײַנאָרדענען דעם איניען, גיב איך דיר מײַן וואָרט פון אַ באָלשעוויק, אַז איך וועל דיך אַוועקלאָזן צו דײַנע יאָזשיקעס און נאָטערס, אויב דו וועסט נאָר צו יענער צײַט אַליין ניט קריגן קיין כאַראַטע. אָבער אַרבעטן זאָלסטו בײַ מיר מיטן פולן געוויסן, זאָלסט ניט פאַרשעמען דעם זשעלעזנאָווישן נאָמען !

ניקאָלײַ האָט איבערגענומען די קאָמיוגישע איניאַנים און זיך גענומען צו דער אַרבעט. און געאַרבעט האָט ער טאַקע בעעמעס

ווי אַ זשעלעזנאַוו: מיט אימפּעט, מיט סייכל און מיט ברען. די גרעסטע טייל אַקטיוויסטן פון דעם קאָמיוג האָט ער נאָך געקענט אַלס קליינע יינגלעך. יענע האָבן געקענט ניקאָלײַען אויך פון קינד־הייט אָן, זיי האָבן אים געקענט אַלס דעם שטאַרקסטן יאָט אין שטעטל, וועמענס שווערע פויסטן פלעגן ניט איין מאָל טיילן גע־רעכטיקייט אין די יינגלשע קריגערײַען. מען האָט אים ליב געהאַט קוידעמקאָל פאַרן פּראָדוקטיוון שעם פון דער זשעלעזנאַוו־מישפּאָ־כע, פאַר זײַן שטענדיקער גרייטקייט צו העלפן אַ כאַווער מיט אָן אייצע און אַפילע מיט אַ טייל פון זײַן לוין, פאַר זײַן אַקשאָ־נעסדיקייט אין דער אַרבעט. מיט איין וואָרט, דער אוילעם איז אַוועק נאָך אים.

דער נײַער קאָמיוגישער סעקרעטאַר האָט זייער זאָרגזאַם צו־געגרייט די פאַרזאַמלונגען. אַלע זײַנע אַרויסטריטן פלעגט ער ערנסט באַטראַכטן און אָפט זיי אַפילע פאַרשרײַבן, קעדיי אין יעדן זאַץ זאָל זײַן אַ געדאַנק. ער האָט באַזוכט זײַנע קראַנקע כאַווײרים, מיטגעהאָלפן אַלע נאָוואַטאָרן אין זייערע פּרווון. אינגיכן איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס מיטגליד אין ביוראָ פון דיסטריקט־קאָמיטעט און אויך אַרײַנגענומען געוואָרן אין געגנט־קאָמיטעט פון קאָמיוג. אין די קאָמיוגישע איניאָנים פלעגט ער אַרײַנלייגן זײַן נעשאָמע. אָבער דאָך איז די לײַדנשאַפט, וועלכע האָט אים באַ־הערשט פון קינדהייט אָן, ניט פאַרטרונקען געוואָרן אין דעם יאָם פון זײַנע נײַע פליכטן. אין די פרײַע מינוטן צווישן צוויי צעך־פאַרזאַמלונגען, אָדער זיצנדיק אין פּרעזידיום בעייס עפּעס אַ פאַר־צויגענעם באַריכט, האָט ער מיט פאַרגעניגן געכאָלעמט וועגן לער־נען זיך ווײַטער.

אין אַ יאָר אַרום, אָנהייב פרילינג, איז ניקאָלײַ געקומען צו רודאַקאָוון אין קאַבינעט און אים דערמאָנט זײַן צוזאָג.

— מיילע — האָט פאַרטראַכט געזאָגט דער סעקרעטאַר פון פאַרטיי־ביוראָ, צופנדיק מיט זײַן בלייכער האַנט די קורץ־געשוי־רענע, שאַרסטקע געלע וואָנצעס. — מיילע, פאַר דײַן אַקשאָנעס, לויב איך דיך. די אַרבעט האָסטו אײַנגעאָרדנט און אַ שטעלפאַר־טרעטער שוין צוגעגרייט?

— צוגעגרייט!

— איך וויים, אַ ווילער יונג. פאַרשטייט זיך, אַז עס איז

אַ שאָד, אָבער זאָל שוין זײַן אַזוי, מיר וועלן בעטן בײַ די קאָמ־יוגיסטן זיי זאָלן אָפּלאָזן זייער „באָטלער". און ווו רעכנסטו זיך צו לערנען ?

אין דער פראַגע פון דעם סעקרעטאַר האָט זיך געפילט אַ פאַר־באָרגענע אומרויִקייט, ווײַל רודאַקאָוו האָט גוט געוווּסט, ווי שווער עס לעבט איבער זײַן כאַווער און פרײַנט זשעלעזנאָוו, דאָס אָפּ־פאָרן פון זײַנע זין. דערוויסנדיק זיך, אַז ניקאָלײַ האָט בעדייע זיך צו לערנען אין זײַן געבורט־שטאָט און צו וווינען בײַ די עלטערן, האָט דער סעקרעטאַר לײַכטער אָפּגעזיפצט. ער האָט אַפילו צוגע־זאָגט ניקאָלײַען העלפן אײַנצובײַסן דעם פאָטער, אַז יענער זאָל אָן איבעריקע דיסקוסיעס לאָזן דעם זון זיך לערנען, נישט אָפּרײַסנ־דיק זיך אַזוי צו זאָגן, פון דער מישפּאָכע.

און ווי עס שײַנט, איז אַלץ אַוועק ווי געוווּנטשן. דער אַלטער זשעלעזנאָוו האָט זיך נישט קעגנגעשטעלט דעם זונס פאַרלאַנג : מיילע דאָס וואָס עס איז באַשערט, קען מען נישט אויסמײַדן ! ני־קאָלײַ האָט איבערגעגעבן אַלע איניאַנים דעם שטעלפאַרטרעטער און האָט זיך גענומען צו די לערן־ביכער. איצט וועט ער שוין פאַרווירקלעכן זײַן טרוים. די יעדיִע וועגן דער מילכאָמע האָט אים פאַרכאַפּט אַפן זאַמדיקן ברעג פון אַ בײַשטאָטישער אָזיערע, ווו אין אַ זונטיקדיקן פרימאָרגן איז ניקאָלײַ געלעגן אין אַ באָד־קאָס־טיום מיט זײַנע לערן־ביכער און העפטן, גרייטנדיק זיך צו די עקזאַמענעס. מיט נאָך ניט קיין אויסגעטריקנטע האָר, מיט די בי־כער פאַרשטעקט הינטערן פאַסיק און מיטן באָד־האַנטעך אַפן אַקסל איז ניקאָלײַ גלײַך פון דער פּליאַזשע אַוועקגעלאָפן צום קרײַז־קריגס־קאָמיסאַר, אָבער אַפן וועג האָט אים פאַרהאַלטן רודאַקאָוס שעליעד.

ניקאָלײַ האָט געטראָפן רודאַקאָוון אין זײַן קליינעם קאַבינעט הינטער אַ גלעזערן ווענטל, איבער די לאָקאָמאָטיוו־שטאַלן. אין צימער איז געווען אַזוי אָנגערויכערט, אַז די בלויע לופט האָט זיך דאָרט געקרײַזלט אין געדיכטע וואָלקנס. צעביסענע פּאַפּיראָסן־רעשטלעך האָבן זיך געוואַלגערט אַף די טישן, אַפן פאָל, אַף די פענצטערס און האָבן איידעס געזאָגט, אַז פון פרימאָרגן אָן זײַנען דאָ שוין געווען אַ סאַך מענטשן, אַז די מענטשן זײַנען געווען שטאַרק אויפגערעגט און אַז ניט זיי און ניט דעם באַלעבאָס איז

געלעגן אין זינען די ריינקייט און אָרדענונג. פאַר די לעצטע עט־לעכע שאָ איז דער דאַרער רודאַקאָוו נאָך מער איינגעפאַלן און אַף זיין פּאָנעם האָבן בוילעטער געשיינט די גרויסע זומער־שפּרענ־קעלעך.

— ברענסט זיך! וויאַנדזולסט דיינע פולקעס אַף דער זון, דו נאָטלער? — האָט שטרענג געפרעגט דער סעקרעטאַר.

ער האָט געמאָלדן, אַז איצט מוזן די אַלע נאָטערס און דער אינסטיטוט פאַרגעסן ווערן. זיך מעלדן אין קריגס־סעקרעטאַריאַט האָט ער אויך פאַרוועדט. זייער קנופּ, וועלכער האָט געהאַט אַ וויכ־טיקע באַדייטונג פאַר דער פאַרבינדונג מיט די באַלטישע רעפּוב־ליקן איז שוין דערקלערט געוואָרן אין אַן אויסעראָרדנטלעכן צו־שטאַנד. ניקאָליי מוז ווידער זיך נעמען צו דער קאָמיוגישער אַר־בעט און ווי אַמשנעלסטן איבערפירן דעם דעפּאָ־קאָמיוג אַף מילי־טערישע רעלסן. בילדן אַ קאָמיוגישע ראָטע פאַרן פאַרניכטונגס־באַטאַליאָן און אָרגאַניזירן אין די צעכן יוגנטלעכע פראָנט־ברי־גאַדעס.

אַזוי אַרום איז ניקאָלייען באַשערט געווען שוין צום צווייטן מאָל זיך שיידן מיט זיין טרוים און דערצו נאָך אין אַ מאָמענט, ווען ער האָט אים שוין גערעכנט פאַר אַ פאַרווירקלעכטן. אָבער עס איז שוין אַפילע ניט געווען קיין צייט צו באַדויערן. ער האָט פאַש־וואָרפן זיינע ביכער, העפטן און האַנטעך אין אַ שופלאָד פון דעם באַקאַנטן מיט טינט פאַרגאָסענעם און מיט אַ מעסערל צעשניטע־נעם טיש, און האָט זיך גענומען צום אויספירן רודאַקאָווס אויפ־גאַבע. לויט זיין פּראַקטיק האָט ער געוווסט, אַז אַ פערזענלעכער ביישפּיל איז דער איבערצייגנדיקסטער אַגיטאַציע־מיטל. ער איז געקומען אין צעך, אַרויסגעשלעפּט פון זיין פּאָטערס שראַנק זיין רעזערוו־אַרבעטס־אַנצוג, אים אָנגעטאָן און איז צוגעשטאַנען צו אַ יוגנטלעכער בריגאַדע, וועלכע האָט רעמאָנטירט דעם קאָמיוגישן לאָקאָמאָטיוו. באַם פאַרענדיקן די טורנע האָט די בריגאַדע, ווי אַן ענטפער אַפן פאַשיסטישן איבערפאַל, זיך מיסכאַיעוו געווען אַרויס־צולאָזן דעם לאָקאָמאָטיוו אַף דער ליניע אין אַכצן שאָ אַרום, אַנ־שטאָט אין אַכט און פערציק שאָ, ווי עס איז באַשטימט לויטן פּלאַן.

פון יענעם טאָג אָן האָט ניקאָליי צונויפגעפלאָכטן זיין קאָמ־

יוגיסטישע אַרבעט מיט דער פּראָדוקטיווער. נאָכן אַרבעטס־טאָג, וועלכער האָט זיך ערשט דאָן געדעכנט פאַר פאַרענדיקט ווען אַלע דרינגענדיקע איניאַנים זיינען שוין געווען אויסגעפירט, פלעגט ער פירן די יוגנט אין פעלד; דאָרט האָבן די באַכערים געמאַכט מי־ליטערישע איבונגען, זיך געלערנט שיסן און שלײַדערן גראַנאַטן. נאָך די איבונגען האָט די קאָמיוגישע בריגאַדע געגראָבן טראַנשייען, באָמבע־באַהעלטענישן און אַף באַנאַכט פלעגט מען אַרויסשיקן שוץ־וועכטער קעגן לופט־איבערפאַלן און סרייפעס, אַרויסשטעלן פאַר־מאַסקירטע וואַך־פּאָסטנס צום קאַמף מיט די דיווערסאַנטן און מיט די ליכט־ציל־אָנווײַזערס. די קאָמיוגיסטן זײַנען געשלאָפן לויט דער ריי און דאָס אויך אַ באַגרענעצטע צײַט.

שוין פון די ערשטע טעג פון דער מילכאָמע האָט זיך ניקאָלײַ אַזוי שטאַרק אַרײַנגעפּאַסט אין איר שטרענגן שטייגער, וועלכער פלעגט פאַרנעמען אַלע קויכעס פון זײַן ווילן און זײַן נעשאָמע, אַז אַפילע דער געדאַנק אַליין וועגן דעם אינסטיטוט האָט זיך אים איצט אויסגעוויזן מאָדנע, אָפּטמאָל, ווען ער איז אַרומגעקראָכן צווישן די וואַגאָנעס אין אַ מאַסקע און הענטשקעס פון אַזבעסט, אונטער אַ העלישן פײַער פון די צינד־באָמבעס, ווען ער פלעגט שטיין מיט דער ביקס אין דעם טשערעט באַם ברעג פון אַזיערע און אָפּהיטן אַ פײַנטלעכן אויסשפּירער, וועלכן מען האָט אַראָפּ־געוואָרפן מיט פאַלשירעם, אָדער ליגנדיק פאַרבאַהאַלטן הינטער אַ לאַנגער ריי וואַגאָנען־רעדער און אָפּוואַרטנדיק אַ פאַררעטערישן צייכן פון אַ ציל־אָנווײַזער, פלעגט זיך ניקאָלײַ דערמאָנען פלוצים, אַז זײַן מעלדונג און זײַנע פּאַפּירן ליגן אין דער אינסטיטוט־קאַנ־צעלאַריע און ער פלעגט זיך שטיל צעלאַכן. אַזוי ווײַט זײַנען גע־ווען איצט פון אים די העלע ליכטיקע אוידיטאָריע־סאַלאָנען, די אויסגעשטעלטע גלאַנציקע סלויען מיט רעאַקטיוון, די רייען פון בעקאָווענדיקע מיקראָסקאָפּן, די פײַערלעכע און ערנסטע דאָצענטן און די כשיוועסדיקע פּראָפעסאָרן!

אין יענע טעג האָבן ער, זײַן פאָטער, זײַנע כאַווײרים, איינ־גאַנצן פאַרגעסן זייערע פערזענלעכע איניאַנים און האָבן זיך אינ־טערעסירט בלויז מיט די יעדיִעס פון דעם סאָוואינפאָרמביוראָ און מיט דעם, וויפל באַנען מיט מיליטער און קריגס־אַמוניציע האָט דורכגעלאָזט די קנופּ־סטאַנציע. און אויב בעשאַס דעם אָנגע־

שטרענגטן האַוועץ האָט דאָך זיך געפונען אַ פרײַע מינוט, פלעגט ניקאָלײַ זיך פאַרטראַכטן וועגן דעם, וויִאַזוי זיך אויסצולערנען אַראָפּצושיסן פון אַ ביקס דאָס „לעמפל״, וועלכעס אַ דײַטשישער אויסשפירער האָט אויפגעהאנגען איבער די באַן־ליניעס, וויִאַזוי פאַרפעסטיקן זײַן האַנט אַז די לופע זאָל ניט ציטערן און ניט „אַרומשפאַצירן״ איבערן הימל ווען מען צילט אין אַ פאַראַשו־טיסט, וועלכער לאָזט זיך לאַנגזאַם אַראָפּ, וויִאַזוי צו באַקעמפן אין זיך די מיִעסע פאַרגליווערטקייט, וועלכע בינדט אומוויליק צונויף דעם מענטשן, ווען מיט אַ וואַקסנדיקער, בויערנדיקער קוויטשערײַ טראָגט זיך צו דער ערד אַ לופט־באָמבע.

דער „קאָמיוגיסטישער עמעס״ האָט געלויבט די ראָטע צעשטערער פון די יונגע אײַזנבאַנער. דער וויצע־פאָלקס־קאָמיסאַר האָט אַרויסגערופן ניקאָלײַען צום טעלעפאָן און האָט געדאַנקט די קאָמיוגיסטן פאַר זייער דרײַסטקייט, העלדישקייט און זעלבסטאָפּפערדיקער אַרבעט. אָבער עס איז אָפילע ניט געווען קיין צײַט אַף צו פרייען זיך. דער סעלעקטאָר האָט אָפּטמאָל אַ סאַך פריִער פון דעם סאָוואינפאָרמביוראָ געבראַכט יעדיִעס, אַז דער סוינע רײַסט אַוועק פון דער אײַזנבאַן־מאַגיסטראַל אַלץ נײַע און נײַע סטאַנציעס. אין דער מאָס ווי די נעץ פון די אײַזנבאַן־ליניעס אָפן מײַרעוו האָט זיך פאַרקלענערט, איז אַלץ מער און מער געוואַקסן די אַרבעטס־איבערלאָדונג אַף יענער קנופּ־סטאַנציע ווו ניקאָלײַ האָט געאַרבעט. איצט פלעגט ער צו זיך אַהיים אָפילע ניט אַרײַנשמעקן.

צוזאַמען מיט זײַן כעוורע קאָמיוגיסטן האָט זיך ניקאָלײַ באַזעצט אין דעם אָפרו־צימער פון די באַן־בריגאַדעס. מיטיק האָט ער געגעסן אין בופעט, מיטן פאָטער פלעגט ער זיך באַגעגענען בלויז באַ דער אַרבעט און דאָס אויך אַלץ זעלטענער. דער אַלטער זשעלעזנאָוו, וועלכער האָט איצט ווידער פאַרנומען אַ פלאַץ אין דער לאָקאָמאָטיוו־בודקע, איז געוואָרן אַן איניציאַטאָר פון אַ גאָר נײַער פאַטריאָטישער באַוועגונג צווישן די לאָקאָמאָטיוו־בריגאַדעס. די לאָקאָמאָטיוון־פירערס האָבן זיך אָפגעזאָגט פון אָפרו און פלעגן זיך אויסשלאָפן אין וועג אין אַ באַזונדערן פראַכט־וואַגאָן, וועלכן מען האָט ספעציעל פאַר דעם צוועק צוגעטשעפעט צום באַן. אַזוי אַרום, פלעגן די לאָקאָמאָטיוו־בריגאַדעס אַרומוואַנדערן איבער די פראָנט־וועגן ניט צעשיידנדיק זיך מיטן לאָקאָמאָטיוו. דעם בײַשפיל

האָבן אונטערגעכאַפּט אויך אַנדערע און ער האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט איבער אַלע פראָנט־מאַגיסטראַלן. ניקאָלײַ האָט זיך זייער געפרייט מיט זײַן פּאָטערס דערפאָלג, אָבער ער האָט אַפילע ניט געהאַט קיין געלעגנהייט אים צו באַגריסן — דער פאָטער האָט ווער ווייס ווו אַרומגעוואַנדערט.

איינמאָל נאָך אַ לופט־אַלאַרעם איז אין שטאַב פון דעם פאַרביכטונגס־באַטאַליאָן באַקומען געוואָרן אַ ידיעה, אַז ניט ווײַט, אין אַ שכיינעסדיקן וואַלד האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט דיווערסאַנטן. ניקאָלײַ האָט געשטעלט אַף די פיס זײַן ראָטע. גלײַך איבער די רעלסן האָט ער געפירט זי צום אָרט פון דער געשעעניש. די יאַטן זײַנען געלאָפן פאַרלייגנדיק אַפן וועג די צינדערס אין די גראַנאַטן און לאָדנדיק זייערע אַלטע ביקסן. פונקט דאַן האָט ניקאָלײַען אָנגעיאָגט וולאַס קאַרפּאָוו, זייער שאָכן און דעם פאָטערס אַ פרײַנט. ער איז געווען אויפגערעגט און האָט עפּעס געשריִען, אָבער ניקאָלײַ האָט ניט געהאַט קיין צײַט אים אויסצוהערן — דער וואַלד איז שוין געווען נאָענט. ער איז געלאָפן ווײַטער, קאַרפּאָוו האָט ווידער דעריאָגט ניקאָלײַען און האָט לויפנדיק דערציילט, אַז אין זשעלעזנאָווס גערטנדל איז אַראָפּגעפאַלן אַ באָמבע און פון דעם אויפרײַס איז צעשעדיקט געוואָרן זייער הויז.

ניקאָלײַ איז אַף אַ ווײַלע געבליבן שטיין.

— די מוטער? — האָט ער שנעל געפרעגט.

— זי לעבט. זי האָט זיך אַריבערגעצויגן צו אונדז. דאָס הויז ברענט!

די פאַרניכטלער זײַנען שוין אַראָפּגעגאַנגען פון דער אײַזנבאַן־ליניע, שוין אַרונטערגעקראָכן אונטער דעם סעמאַפאָר־דראָט און געשפּרונגען איבערן גראָבן. נאָר דאָס הויז? — ניקאָלײַ האָט דערפילט אַז אַפן האַרצן איז אים געוואָרן גרינגער, ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און זיך אַ לאָז געטאָן אָנצויאָגן זײַנע כאַווערים. ערשט שפּעטער, נאָך דעם, ווי מען האָט דורכגעקעמט דעם וואַלד, אָפּגעשיקט צום מעדיצינישן פונקט זייערע פאַרוווּנדיקטע און די פאַרכאַפּטע דיווערסאַנטן צוזאַמען מיט די דאָקומענטן און מיטן געווער פון די דערהאַרגעטע איבערגעגעבן דער מיליטערישער אָנפירערשאַפט, האָט ניקאָלײַ דערפילט אַ פײַנלעכע אומרויִקייט. „פאַרוואָס איז דאָס אַזוי מיט אים? אַך יאָ, אַ באָמ־

בע, זייער הויז ברענט!״ פֿאַר זײַנע אויגן האָט אַ שווינדל געגעבן דאָס געסל באַ דער סטאַנציע באַדעקט מיט פֿאַרשטויבטן גראָז, אַ נידעריק הײַזל הינטער אַ רויטן פּלויט, וועלכער האָט פֿריילעך אַרויסגעקוקט פֿון צווישן קליאָן־בלעטער. ניקאָלײַ האָט זיך גאָרניט געקענט פֿאָרשטעלן דאָס געסל אָן דעם הײַזל. עס האָט אים פֿאַרקלעמט באַם האַרצן. ער האָט אָנגעזאָגט זײַן פֿאַרטרעטער, אַז יענער זאָל אים פֿאַרבײַטן באַם טעלעפֿאָן, בעת ער וועט צולויפֿן צום אָרט פֿון דער סריפּע און וועט געוואָר ווערן וואָס איז מיט דער מוטער. אָבער דאָ האָבן זיך ווידער צעיאָמערט די סירענעס פֿון לופֿט־אַלאַרעם. דער טעלעפֿאָן האָט אָנגעהויבן בייז צו קלינגען. רודאַקאָווס שטימע האָט געפֿאָדערט, אַז אַלע זאָלן טייקעף אַרויסגיין אַף דער פֿינפֿטער באַן־ליניע לעשן די סריפּע פֿון אַן עשעלאָן מיט עוואַקוירטע. און ניקאָלײַ האָט ווידער ביז שפּעט באַנאַכט ניט געהאַט קיין געלעגנהייט צוצולויפֿן אַפֿן אָרט ווו עס האָט געברענט זייער הויז. באַנאַכט איז ער צוזאַמען מיט רודאַקאָוון געגאַנגען קאָנטראָלירן די וואַך, ווידער געלאָשן די „צינדערס״, געהאָלפֿן פֿאַרריכטן אַ צעשעדיקטן לאָקאָמאָטיוו, וועלכער איז באַשאָסן געוואָרן אַפֿן וועג דורך פֿאַשיסטישע יאַגד־אַוויאָנען. איבערפֿרי איז ער בײַגעווען באַ אַ זיצונג פֿון דעם פּאַרטיי־ביוראָ, און צום סאָף פֿון דער זיצונג איז ער אַנטשלאָפֿן געוואָרן, אײַנגענורעט אין אַ ווינקל, אָנגעשפּאַרט אַף דער ביקס, וועלכע ער האָט געהאַלטן פֿאַרקלעמט צווישן די קני.

און דערווײַל, וואָס נענטער עס האָט זיך גערוקט דער פֿראָנט, אַלץ מער און מער איז געוואַקסן דער שטראָם פֿון מאַטעריאַלן. דער גרויסער קנופּ האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ ריזיקן לאַגער, פֿאַרפֿלייצט פֿון מענטשן, זאַכן און לאַדונג. אַ פֿרעמדן מענטשן, וועלכן עס וואָלט אין יענע טעג פֿאַרשליידערט מיט אַ דורכגייענדיקן עשעלאָן אַף דער „אוזלאָוואַיאַ״ וואָלט זיך אים געדוכט, אַז אַלץ האָט זיך צונויפֿגעמישט דאָ אין דעם מענטשן־געווירבל, וועלכער האָט באַלאַגערט די קאָמענדאַנטור, זיך אָנגעפּאַקט ווי הערינג אין די וואַגאָנען, געהאָנגען ווי שטענגלעך אַף די ברעמזע־קאַבינעס און אַף די פּלאַטפֿאָרמעס מיט דער עוואַקוירטער ווירטשאַפֿט. דעם סוינעס עראָפּלאַנען פֿלעגן לויטן אויסדרוק פֿון די דאָרטיקע מענטשן, „ניט אַראָפּקריכן פֿונעם הימל״, עס האָבן געיאָמערט די סירענעס.

די לאָקאָמאָטיוו־סיגנאַלן און די שיסערײַ פון זעניט־האַרמאַטן. אַפילע אין די העלסטע זומער־טעג איז דער הימל איבער דער סטאַנציע געווען כמאַרנע און טונקל. דאָס אַלץ האָט געשאַפן דעם אײַנדרוק פון כאַאָס און פאַרווירונג.

אָבער די דיספּעטשערס, זיצנדיק בײַ זייערע מאַפּעס, טעלע־פאָן־אַפּאַראַטן און גראַפישע פּלענער האָבן געוווסט, אַז אין אָט דעם קלוימערשטן כאַאָס האָט דאָס האַרץ פון דעם אײַזנבאַן־קנופּ געקלאַפּט ניט ווייניקער פּינקטלעך ווי אין די פרידנס־טעג; אַלע אָפּטיילונגען אַרבעטן מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג; פּינקטלעך, צו דער מינוט, אָן אַן איבערשלאָג גייען אָפּ אַף מיזרעך די עשע־לאָנען מיט די עוואַקויִרטע פאַבריקן, וואַרשטאַטן, אינסטיטוטן, וויסנשאַפטלעכע לאַבאָראַטאָריעס, מיט די אויצרעס פון די מוזעען און בילדער־גאַלעריעס און פּונקט מיט דער זעלבער אָרדענונג קו־מען זיי אַנטקעגן באַנען מיט מיליטער, טעכנישע אײַנריכטונגען און קריגס־מאַטעריאַלן. און די דיספּעטשערס, אָפּגעטיילטע פון דער אויסערלעכער וועלט דורך די ווענט פון זייערע קאַבינעטן, לייזנ־דיק די קאָמפּליצירטסטע פּראָבלעמען פון דער באַן־באַוועגונג, פלעגן אַליין ניט קענען פאַרשטיין, פון וואַנען נעמט זיך אַזאַ ווונדערבאַרע אָרגאַניזירטקייט, וועלכע דערמעגלעכט אַז די באַנען, וועלכע ווערן אָן אויפהער באַשאָסן פון דער לופטן, זאָלן זיך טראָגן איבער די פאַרברענטע סטאַנציעס מיט אַזאַ מין שנעלקייט, וועלכע שטײַגט אָפּטמאָל איבער די רעקאָרדן פון פרידנס־צײַט.

איצט האָט שוין ניקאָלײַ מער ניט געפילט דאָס קלעמעניש, ווען אין דער לופט פלעגט אָנהייבן צו קוויטשען, ווי אַ פלוצים פאַרברעמזטע ראָד, אַן אַוויאַ־באָמבע. בלויז מיט איין בליק צום הימל פלעגט ער געניוי פעסטשטעלן ווו עס וועט אַראָפּפאַלן די לאָדונג פון דער אויסגעליידיקטער פײַנטלעכער קאַסעטקע און איז ווײַטער אָנגעגאַנגען רויִק מיט זײַן אַרבעט.

דער קנופּ איז געוואָרן פאַרהאַרטעוועט. און האַגאַם די הער־צער פלעגן קעגן אייגענעם ווילן נאָך אַלץ צאַפּלען באַם יאָמערן פון די סירענעס, דאָך האָבן אַף די רעלסן געפּישטשעט די מאַנעוור־„העכט", אַף די סאָרטיר־פּונקטן פלעגט מען איבערפאָרמירן די עשעלאָנען, דער דעזשורנער פלעגט זיך בייז אויסטײַנען מיטן עלטסטן פון אַן עשעלאָן, באַמיִענדיק זיך איבערצושרײַען דעם ווײַטן

און נאָענטן בילן פון די זעניט־האַרמאַטן, אין דעפּאָ האָבן געאַרבעט די מאַשינען, די עלעקטרישע שווײַסער האָבן ווי קיינמאָל גאָרניט געשפּריצט אין דעם האַלב־כּוישעך מיט הויפנס בלויע בליצן און געלייגט לאַטעס אַף די דורכגעשאָסענע זײַטן פון אַ לאָקאָמאָטיוו. און אויב באַ די אַלע פאַרשיידנאַרטיקע באַשעפטיקונגען פלעגט זיך באַ די קאָמיוגיסטן געפינען אַ פרײַע מינוט אַף אָפּרו, האָבן זיי דאָס אויסגענוצט אַף פאַרפּאַנצערן אַ צוג. דאָס איז געווען אַ מאַטאָנע, וועלכע די דעפּאָ־יוגנט האָט געגרייט פאַר דער סאָוועטישער אַרמיי. דעם פּאַנצער־צוג האָט מען באַשלאָסן אַ נאָמען צו געבן „דער קאָמיוגיסט“.

די צײַט איז געפלויגן אומבאַמערקט. ניקאָלײַ האָט שוין אַפּילע פאַרלוירן דעם כעזשבן פון די טעג. אין זייער לעבן האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווײַזן פריידיקע טעג אויך. אַזאַ מין פרייד איז געווען באַם איבערגעבן דער מיליטערישער אָנפירונג די מאַטאָנע פון דער יוגנט. עמעס אַז „דער קאָמיוגיסט“ איז ניט געווען ווער ווייס וואָס פאַר אַ מעכטיקער פּאַנצער־צוג, אָבער דאָך האָט אַן אַלטיטשקער „העכט“ מיט צוויי מעטאַלענע פּלאַטפאָרמעס, באַנײַט מיט דיקע אײַזן־בלעטער, געקענט צונוץ קומען אין דער גרויסער מילכאָמע־ווירטשאַפט. יעדנפאַלס באַם איבערנעמען די מאַטאָנע האָט דער גענעראַל זייער פעסט געדריקט די פאַרשוואַרצטע הענט פון די שעפער פון דעם „קאָמיוגיסט“.

נאָך דער געשעניש האָט ניקאָלײַ אין אַ געהויבענער שטימונג אַרומגעזוכט אין די וואַרשטאַטן רודאַקאָוון, קעדיי אים אָפּצוגעבן אַ באַריכט מיט אַלע איינצלהייטן וועגן דעם גענעראַלס לויב. זוכנדיק אים האָט ער זיך לעבן די לאָקאָמאָטיוו־שטאַלן אָנגעשטויסן אַף זײַנע עלטערן. דער פאָטער און זייער שאָכן, וולאַס קאַרפּאָוו, האָבן שטייענדיק באַ אַ וואַרשטאַט, געגעסן פון איין שיסל. לעבן זיי, אַף אַ שטיק פאַרזשאַוועטן גוס, איז געזעסן די מוטער און האָט שווײַגנדיק געקוקט אַף די צוויי אַלטע כאַווײרים פאַר וועלכע זי האָט, ווײַזט אויס, געבראַכט דעם פרישטיק. דערזעענדיק איר זון האָט זי אַרויסגעלאָזט אַ שטילן געשריי און האָט אויסגעשטרעקט צו אים אירע הענט. גרויסע טרערן האָבן גענומען זיך קײַקלען איבער אירע באַקן. באַ ניקאָלײַען איז די אויפגעבליצטע פרייד גיך איבערגעגאַנגען אין אַ שווערן געפיל פון שולד קעגן זײַנע עלטערן.

די אַלטע לײַט האָבן זיך זייער פֿאַרענדערט. דער פֿאָטער איז געשטאַנען אַן אויסגעמאָגערטער, אײַנגעהויקערטער מיט מיד־אַראָפּ־געלאָזענע אַקסלען. זײַנע געדיכטע שוואַרצע האָר, וועלכע האָבן שטענדיק געגלאַנצט ווי שטיינקויל, זײַנען מאַט געוואָרן און זיך געזילבערט בײַ די שלייפֿן. די מוטער, דעם קאָפּ איבערגעבונדן אַפֿן דאָרפֿישן שטייגער מיט אַ טונקעלן טוך, איז פֿון אַ לעבנס־לוסטיקער פֿרוי, פֿון אַ טיכטיקער אַקטיווער טוערן אין גאַס־קאָמיטעט, פֿלוצים פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ דאַרער זקנה. עפּעס גאָר זקנהיש זײַנען געלעגן אַף די קני אירע הינט דורכגעפֿלאָכטענע מיט אַ נעץ בלויע, אָנגעשוואָלענע אָדערן. איר פּנים האָט זיך באַדעקט מיט טיפֿע קנייטשן; אירע בלויע, שטענדיק ליבלעכע און פֿריילעכע אויגן, האָבן איצט געקוקט מיד און טרויעריק. לעבן איר, זיצנדיק אַפֿן פֿאַרשמאָלצענעם פּאָל, האָט זיך געשפּילט מיט גלאַנציקע בלויע סטרוזשקעס, וולאַס קאַרפּאָווס ייִנגסטע טעכטערל — יולאָטשקאַ.

— וואָס איז מיט דיר, ניקאָלושקאַ? ביסט עפּשער קראַנק?

— האָט שטיל געפֿרעגט די מוטער. זי האָט אָפּגעדעקט דאָס טעפּל, וועלכער איז געשטאַנען לעבן איר אַ פֿאַרוויקלטס אין אַ ריינער סערוועטקע און האָט עס מיט טרײַקייט צוגערוקט צום זון: — עס, ייִנגעלע, ביסט דאָך אַוודאי הונגעריק!

אַרויסשלעפּנדיק פֿונעם טעפּל געבאַקענע קאַרטאָפֿל מיט אייער, האָט ניקאָלײַ אַ דערשטוינטער געקוקט אַף זײַנע עלטערן. ער האָט געקוקט אַף זיי און געפֿילט, אַז אויך ער איז זייער שטאַרק מיד און איז, דורכױ זיך, פֿאַרעלטערט געוואָרן.

— מיר וווינען איצט בײַם מעכוטן, בײַ די רודאַקאָווס. קום צוגיין, ניקאָלושקאַ. זע נאָר, דײַן וועש איז דאָך אינגאַנצן שוואַרץ געוואָרן. קיין וועש אַף איבערצובײַטן איז איצט נישטאָ, וועסט קו־מען, וועל איך עס דיר וווייניקסטנס אויסוואַשן. — האָט אָנגעהויבן שנעל צו ריידן, ווי אַ זקנה, די מוטער, טאַפּנדיק דעם קאָלנער פֿון זײַן העמד. — קום צו, וועסטו זען ווי מען האָט עס אונדז צעבאָמבעט. צעבאָמבעט אינגאַנצן, עס זײַנען געבליבן בלויז הויל־ע גריבער. קום, איך בין דאָך איצט געבליבן עלנט. דער פֿאָטער באַווײַזט זיך אויך נישט דורך לאַנגע וואָכן, די גאַנצע צײַט אַף די באַנען, וואַנדערט אַרום די גאַנצע צײַט.

דער אַלטער זשעלעזנאָוו האָט איר איבערגעשלאָגן און האָט

אָנגעהויבן צו דערציילן דעם זון וועגן זײַן לעצטער רײַזע צום פראָנט. דאָ האָט זיך אָבער ניקאָלײַ דערמאָנט צוליב וואָס ער איז אַהער געקומען. ער איז אויפגעשפרונגען, געגעבן אַ קוש דער מוטער, אַ נייג געטאָן מיטן קאָפּ צו די אַלטע און איז אַוועקגעלאָפן זוכן רודאַקאָוו. ער האָט אַפילו ניט געפרעגט, פאַרוואָס עפּעס יולאָטשקאַ, די געקעכלטע טעכטערל פון די קאַרפּאָווס, וועלכע איז באַ זיי געבוירן געוואָרן שוין אַף דער עלטער און אַף וועלכער מען האָט ניט געלאָזט פאַלן אַ שפּרינקעלע, שפּילט זיך גאָר מיט אײַזן־שפּענדלעך אַפן שמוציקן, מיט מאזוט אָנגעזאַפּטן פּאָל פון דעם דעפּאָ. ערשט אַ סאַך שפּעטער איז ער געוואָר געוואָרן דורכן סעקרעטאַר פון דעם פּאַרטיי־קאָמיטעט, וועלכער איז שטענדיק באַהאַוונט געווען אין אַלץ וואָס פּאַסירט מיט די דעפּאָ־לײַט, אַז זייער שאָכנס ווײַב איז דערהאַרגעט געוואָרן פון אַ פאַשיסטישן אַוויאָן, וועלכער האָט באַשאָסן פון אַ קוילנוואַרפער אַ ריי פרויען, וועלכע זײַנען געשטאַנען באַם פּראָוויאַנט־סקלאַד.

רודאַקאָוו האָט צעשטרײַט אויסגעהערט ניקאָלײַס ראַפּאָרט וועגן דעם איבערגעבן פונעם פּאַנצער־צוג. ער האָט נאָר וואָס באַקומען אַ ידיעה פון מיִרעוו, אַז אַ פאַשיסטישער טאַנקען־אַרמיי איז געלונגען זיך דורכצורײַסן און פאַרכאַפּן אַ שכיינעסדיקן אײַזנבאַן־קנופּ. גלײַך נאָכדעם האָט זיך באַקומען נאָך אַ ידיעה, אַז עס זײַנען פאַרכאַפּט געוואָרן עטלעכע קלענערע סטאַנציעס. פון דער קרײַז איז אָנגעקומען אַ באַפעל צו עוואַקויִרן אַף גיך אַלע אינדוסטריעלע און אַדמיניסטראַטיווע אַנשטאַלטן און מען זאָל טייקעף צוטרעטן פונאַנדערצונעמען די אײַזנבאַן־ווירטשאַפט פון זייער קנופּ. און דאָס אַלץ מוז ווערן דורכגעפירט ניט פאַרקלענערנדיק די באַוועגונגען אַף די הויפּט־ליניעס.

עס זײַנען אָנגעקומען יענע שווערע טעג, ווען דאָס לעבן אַליין האָט פּינקטלעך פעסטגעשטעלט דעם ווירקלעכן ווערט פון דעם אָדער יענעם מענטש, מען האָט אָנגעהויבן פונאַנדערנעמען די מער ווערטפולע מאַשינען און אַפּאַראַטן, זיי אָנשמירן און אײַנפּאַקן אין קאַסטנס. די צעשעדיקטע לאָקאָמאָטיוון האָט מען שוין רעמאָנטירט אַפן הויף. דער וועג ביז צום פראָנט האָט זיך שוין געציילט אַף קורצע שאָען.

רודאַקאָוו האָט צונויפגערופן דעם פּאַרטיי־קאָלעקטיוו. ער

האָט פאַרעפנטלעכט די נעמען פון יענע קאָמוניסטן, וועלכע האָבן באַקומען אַ פאַראָרדענונג אַרויסצופאָרן מיטן דעפּאָ־עשעלאָן אין הינטערלאַנד. דערנאָך זײַנען צוזאַמענגערופן געוואָרן אין דעם שטאָטישן קאָמיטעט אַלע, וועלכע האָבן געזאָלט פאַרבלײַבן אַף דער סטאַנציע ביז צו דער לעצטער שאָ. נאָכן אָפּשיקן אַף מײַרעוו די לעצטע באַנען, איז זיי פאָרגעשטאַנען צו בילדן אַ פאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג.

די אַלטע זשעלעזנאָווס דאַרפן אָוועקפאָרן, ניקאָלײַ פאַרבלײַבט. מען האָט אים באַשטימט פאַר דעם פאַראַנטוואָרטלעכן פאַר דער זיכערקייט פון די באַן־ליניעס בעיס דער אַלגעמיינער עוואַקואַציע צוזאַמען מיט אים, פאַרן אָוועקגיין צו די פאַרטיזאַנער, האָבן געדאַרפט אויסהאַלטן דעם פרוו אויך זײַנע קאַמפּס־כאַוויירים.

די פאַשיסטישע אָנפירונג, וועלכע האָט ווײַזט אויס, רעזערווירט פאַר זיך דעם וויכטיקן באַן־קנופּ, און האָט זיך דעריבער ביז דאַן באַגנוגנט בלויז מיט באָמבאַרדירן און באַשיסן די עשעלאָנען, די שכיינעסדיקע שטעטלעך און קלענערע סטאַנציעס, דערוויסנדיק זיך וועגן דער דעמאָנטירונג און עוואַקואַציע, האָט אָנגעהויבן דורכצופירן מאַסן לופט־איבערפאַלן. זייערע באָמבאַרדיר־עראָפּלאַנען האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אַף דעם וויכטיקן קנופּ, ווי אַ כמאַרע בייזע פליגן אַף אַ פאַרמאַטערטן פערד. די שוץ פון די יאַגדלער און דער מעכטיקער פאַרהאַנג פון די זעניט־באַטאַרייעס זײַנען שוין ניט געווען אימשטאַנד זיי צו פאַריאָגן. און פונקט ווי אַף צעלאָכעס, האָט זיך דערנעבן צונויפגעזאַמלט אַן עשעלאָן מיט געווער און אויפרײַס־מאַטעריאַלן, אַ סאַניטאַרער באַן, וועלכער האָט געפירט פאַרוווּנדיקטע אין הינטערלאַנד און אויך אַ נאָרוואָס אָנגעקומענער צוג מיט אַוויאַציע־בענזין און שמיר־אויל. אַ באָמבע־שפליטער האָט געטראָפן אין אַ ציסטערנע מיט אַוויאַציע־אויל. די ציסטערנע האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ שײַטער. דער הייסער בוימל, צעגאָסן פון דעם אויפרײַס, האָט געברענט אַף די רעלסן און אַף די ווענטלעך פון אַ דערבײַיִקער ציסטערנע מיט בענזין.

ניקאָלײַס בריגאַדע, וועלכע האָט געהאַלטן וואַך נאָענט פון דעם אָרט פון אויפרײַס, איז צעשלײַדערט געוואָרן פון דער כוואַליע הייסער לופט, אָבער אין אַ רעגע אַרום איז שוין זייער קאָמאַנדיר געלאָפן צום רעוועדיקן שײַטער, מיטרײַסנדיק מיט זיך זײַנע כאַ־

ווײַרים. די יונגען האָבן מיט שרעק דערזען ווי ער איז פאַרשווונדן געוואָרן אונטער די רעדער פון דער שוינעטדיקער ציסטערנע און אונטן אַרום געפּויזעט איבער די שפּאַלן צום פײַער־קנויל. זיי האָבן פאַרשטאַנען — ער וויל אָפּטשעפּען די ברענענדיקע ציסטערנע און זי איזאָלירן פון די איבעריקע. אַזוי ווי שטענדיק האָט אויך איצט דער קאָמיוגישער אָרגאַניזאַטאָר אַגיטירט מיט זײַן פּערזענלעכן בײַשפּיל. און אַלע, באַכערים און מיידלעך, וועלכע זײַנען געשטאַנען דערבײַ, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן נאָך אים. ווען עס איז ענדלעך אַראָפּגעפאַלן דער שווערער האַקן, האָבן די קאָמיוגיסטן, פאַרשטעלנדיק זיך פון היץ מיט זייערע טליִענדיקע רעקלעך און מאַרינאַרקעס, אָפּבריִענדיק זיך די הענט אָן דעם צעגליטן אײַזן, אָנגעהויבן אַוועקצושטופּן די ציסטערנע. דער שרעקלעכער שײַטער האָט אָנגעהויבן לאַנגזאַם זיך צו דערווײַטערן פון דעם צוג, שפּעטער האָט די בריגאַדע אָפּגעצויגן אין אַ זײַט די ברענענדיקע ציסטערנע מיט בענזין. דער אויפרײַס, וועלכער האָט זי צעשמעטערט אַף פּיץ־פּיצלעך איז פאָרגעקומען אַף אַ זײַטיקער טעמפּער ליניע, ווו עס האָט שוין ניט געבראַכט קיין שאָדן.

אָבער פון הינטן האָבן אָנגעהויבן אָפּצוהילכן מאָדנע, דראָבנע אויפרײַסן, וועלכע זײַנען ניט געווען ענלעך ניט צו דער שיסערײַ פון די זעניט־קאַנאָנען און ניט צו באָמבע־אויפרײַסן. בישכיינעס האָט געפלאַקערט אַ וואַגאָן מיט סנאַריאַדן. די אויפרײַסן האָבן געהילכט אַלץ אָפטער און אָפטער. ווײַט אַרום און אַרום זײַנען זיך צעפלויגן הייסע באָמבע־גילדזן, שפּענער פון די ווענט פון די וואַגאָנען, שטיקער דאַך־אײַזן און צום סאָף איז אַרויפגעפלויגן צום הימל, אַרויפגעשלײַדערט דורך דעם קויעך פון דעם אויפרײַס, דער דאַך פון דעם וואַגאָן.

— פונאַנדערגעמען דעם עשעלאָן! — האָט באַפוילן ניקאָלײַ, באַמיִענדיק זיך איבערצושרײַען דעם טראַסק און בראַזג, און זײַנע פאַררויכערטע יאַטן אין די אָפּגעברענטע, טליִענדיקע קליידער האָבן שוין איצט אָן שום וואַקל זיך אַ וואָרף געטאָן נאָך זייער אָנפירער.

לויפנדיק פאַרבײַ דעם סאַניטאַרן צוג האָבן די יונגען געזען אין די פענצטער איבערגעשראָקענע פּנעמער פון פאַרווונדיקטע, פאַרשמאַיעטע פיגורן אין ווײַסע כאַלאַטן. עס האָט זיך געהערט

עמעצנס יאָמער־געשריי. מער האָט שוין ניקאָלײַ נישט באַוויזן צו באַמערקן. דאָס איבעריקע: דער געהילך, דער געדיכטער, וויכערדיקער פײַער, ברעטער וועלכע צעפּלי̇ען זיך אַף שפּענער, די צעגליטע לופט וועלכע האָט געשלאָגן שאַרף און שטאַרק ווי אַ וואַסערשטראָם פון אַ פײַערלעשער־קישקע — אַלץ האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן אין איין פײַנטלעכן, קעגנערישן קויעך, וועלכן מען האָט געמוזט בײַקומען. אין טשאַד און אין רויך האָט ער ווי דורך אַ נעפּל געזען, ווי זײַנע כאַווייריִם טשעפּען אָפּ און צעשלעפּן די וואַגאָנען. עמעצער איז אומגעפאַלן אַף די רעלסן און איז שוין מער ניט אויפגעשטאַנען. עס האָט ווער אַ געשריי געטאָן, פאַרקוועטשנדיק אַ ווונד. עס האָט זיך אים אײַנגעקריצט אין זיקאָרן, ווי נאָך אַ באַזונדערס הילכיקן אויפרײַס זײַנען פון דער בודקע פון אַ לאָקאָמאָטיוו, וועלכער האָט זיך שוין צוגעטשעפּעט צום סאַניטאַרן צוג, אַרויסגעשלײַדערט געוואָרן צוויי טונקעלע מענטשן־קערפּערס. אין אַ רעגע אַרום זײַנען צום פאַריאָסעמטן לאָקאָמאָטיוו שוין געלאָפן שפּרינגענדיק איבער די שוועלן און רעלסן, אָן היטלעך און אָן רעקלעך — דער אַלטער זשעלעזנאָוו און זײַן כאַווער קאַרפּאָוו. זיי זײַנען פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער בודקע, און דער צעמיימעסטער צוג, קלינגענדיק מיט די בופערס, האָט זיך אַ ריר געטאָן און האָט אָנגעהויבן אַוועקצוגיין. די באַן איז פאַרשוווּנדן געוואָרן אין רויך ווי אַ געשפּענסט. ניקאָלײַ האָט פאַרגעזעצט מיט דע ראַרבעט פונאַנדערצושלעפּן די וואַגאָנען מיט די גראַנאַטן און געוווּנדערט האָט אים נאָר דאָס, וואָס זײַן פאָטער און זייער שאָכן זײַנען צוגעלאָפן צום לאָקאָמאָטיוו ניט קיין אָנגעטאָנענע, פּונקט ווי זיי וואָלטן נאָרוואָס אַראָפּגעשפּרונגען פון די בעט.

ענדלעך האָט מען פונאַנדערגעשלעפּט דעם צוג מיט די גראַנאַטן. עס האָט אַ בלאָז געטאָן אַ פריש ווינטל און מיטאַמאָל האָט אָנגעהויבן ווייטיקלעך צו ברי̇ען דאָס פּנים און די הענט. לעבן ניקאָלײַען איז געשטאַנען רודאַקאָוו. דער סעקרעטאַר פון דעם פאַרטיי־ביוראָ איז געווען פאַרקאָפּטשעט פּונקט ווי אַלע איבעריקע. זײַנע האָר זײַנען געווען אָפּגעסמאַליעט, די לינקע האַלבע וואָנסע איז פאַרשוווּנדן געוואָרן און אַף איר אָרט איז געווען אַ בלוטיקע בראַנד־ווונד. איין האַנט געבויגן אין עלנבויגן איז געלעגן פאַררוקט אין זײַן העמדל. דער סעקרעטאַר האָט גערעדט צו די פאַרקאָפּטשע־

טע, פֿאַרסמאַליעטע, אויסגעמאַטערטע, פּונקט ווי ער אַליין, יוגנט־
לעכע, פּאָשעט וואָכעדיקע ווערטער, אַז איצט האָבן אַלע: די קאָ־
מוניסטן, קאָמיוגיסטן און אויך די אומפּאַרטייִשע באָלשעוויקעס
זשעלעזנאָוו און קאַרפּאָוו דורכגעפֿירט אַן איבערמענטשלעכע טאַט;
זיי האָבן אָפּגעראַטעוועט די פֿאַרווונדיקטע, דעם בענזין, דעם קריגס־
מאַטעריאַל. „אַזאַ פֿאָלק קען מען ניט באַזיגן", האָט ער געזאָגט
און האָט געוואָלט לויט זײַן געוווינהייט מאַכן אַ באַוועגונג מיט
זײַן רעכטער האַנט, ער האָט נאָר בלויז אַ קרעכץ געטאָן און איז
בלייך געוואָרן. די האַנט, וועלכע איז געלעגן פֿאַררוקט אין העמדל
האָט זיך ניט באַוועגט. די רעדע האָט ער פֿאַרענדיקט מיט אַ
זעלבע ווערטער מיט וועלכע ער פֿלעגט פֿאַרענדיקן זײַן געשפּרעך
מיט דער לאָקאָמאָטיוו־בריגאַדע, ווען ער, זײַענדיק נאָך אַ מאַשי־
ניסט, פֿלעגט זיך אומקערן פֿון אַ שווערער רײַזע:

— אַ דאַנק אײַך, כעוורע, איר האָט ניט פֿאַרשעמט דעם
אײַזנבאַנער־שטאַם!

שפּעט באַנאַכט האָט זיך ניקאָלײַען אײַנגעגעבן צוצושפּאַרן
אַף אַ שטויס אַלטע צײַטונגען אין צימער פֿון קאָמיוגיסטישן קאָ־
מיטעט. זײַנע כאַווײרים האָבן שוין באַשמירט מיט זאַלב און אי־
בערגעבונדן זייערע ווונדן, זיך אַרומגעוואַשן, איבערגעביסן און האָבן
איצט געדרייט נאָכאַנאַנד דעם גראַמאָפֿאָן, שפּילנדיק איינע און
די זעלבע פּליטקע — אַ טענאָר האָט געזונגען: „אַף אַ רוישיקן
באַל האָבן מיר זיך באַגעגנט...". עס איז געווען אַזוי מאָדנע און
אַזוי אומגעהייער אָנגענעם צו הערן דעם מעלאַנכאָלישן ניגן, אונ־
טער דעם דונערן פֿון אַ ווײַטער קאַנאָנאַדע, אונטערן כראָפּען פֿון
זײַנע מידע כאַווײרים און אונטער די געשרייען פֿון די אַרבעטער,
וועלכע האָבן אונטן אין צעך, געשלעפּט אַף דער פּלאַטפֿאָרמע
שווערע קאַסטנס.

ניקאָלײַ איז אײַנגעשלאָפֿן פֿאַרוויגט פֿון דעם ניגן און האָט
זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון עפּעס אַ מאָדנעם קלאַנג. עס האָט זיך אים
אויסגעוויזן אַז ער האָט ערשט נאָרוואָס צוגעמאַכט זײַנע אויגן.
די ווערטער פֿונעם ליד האָבן נאָך געקלונגען אין זײַנע אויערן...
אָבער ניין! עס איז שוין, ווײַזט אויס, פֿאַרבײַגעלאָפֿן אַ היפּש
שטיקל צײַט. זײַנע כאַווײרים זײַנען געשלאָפֿן און דער גראַמאָפֿאָן
האָט איינעם פֿון זיי געדינט פֿאַר אַ צוקאָפּנס. וואָס־זשע איז גע־

שען אַזוינס ? די לעצטע טעג איז ניקאָלײַ שוין געוווינט געווען פון שלאָף גלײַך אַריבערצוגיין צו דערווירקלעכקייט. ער איז אויפגעשפרונגען און האָט זיך אומגעקוקט. פון זײַנע קליידער האָבן זיך אַ שאָט געטאָן גלאָז־ברעקלעך. „דער טעלעפאָן ?" דער טעלעפאָן האָט געשוויגן. אין צימער איז געווען שטיל. ערגעץ אין אַ ווינקל האָט געמיטלעך געבויערט אַ גריל, אונטן האָט מען געשריִען : „אָנגענומען, איינס, צוויי, נאָך אַמאָל". פּלוצים האָט עפּעס אומרויִק אַ זשומע געטאָן איבער זײַן קאָפּ, און באַלד האָט זיך גאָר נאָענט דערהערט אַן אויפרײַס. פון דעם דעפּאָ־קופּאָל האָט אַ שפּריץ געטאָן מיט צעבראָכענעם גלאָז. עס איז קלאָר : דער סוינע געפינט זיך הינטער דער שטאָט און באַשיסט פון די האַרמאַטן דעם אײַזנבאַן־קנופּ.

ניקאָלײַ האָט אַ כאַפּ געטאָן די ביקס, וועלכע איז געלעגן לעבן אים, אויפגעוועקט זײַן געהילף און אים געהייסן אויפהייבן די איבעריקע יאַטן.

— איר הערט ? — ער האָט אָנגעוויזן אַהין, ווו עס האָבן געדונערט די האַרמאַטן. — פיר אַרויס די מענטשן און קוק איבער דאָס געווער !

ער איז אַוועקגעלאָפן זוכן דעם סעקרעטאַר פון פּאַרטיי־ביוראָ. דער גרויסער דעפּאָ־זאַל, שוואַך באַלויכטן פון די פּאַרטונקלטע לאָמפּן איז געווען מוירעדיק פּוסט. דאָרט, ווו זײַנע אויגן זײַנען צוגעוווינט געווען צו זען פון קינדהייט אָן לעבעדיקע שורעס אַרבעטנדיקע וואַרשטאַטן, האָבן איצט געשוואַרצט בעטאָן־פונדאַמענטן און עס האָבן אַרויסגעשטאַרצט די פאַרמויערטע אין דעם פּאָל שרויפן. די אַרבעטער האָבן אַרויסגעשלעפּט גרויסע קאַסטנס. דער אַלטער זשעלעזנאָוו, אָנגעטאָן צוליב עפּעס אין ווינטערדיקע מאַלבושים, אין זײַן יאָנטעוודיקן טכוירענעם מאַנטל און אין אַ פאַרטערנער קוטשמע, האָט מיט זיי אָנגעפירט. גאָר נאָענט האָבן אויפגעריסן נאָך עטלעכע גראַנאַטן. פון דעם סופיט האָבן זיך געשאָטן צעבראָכענע שויבן.

דער פאָטער האָט פונדערווײַטנס נאָך דערזען דעם זון. ווען די אַרבעטער מיטן קאַסטן זײַנען אַרויסגעגאַנגען, האָט ער אַרומגענומען ניקאָלײַען און איז געבליבן מיד הענגען אַף זײַן אַקסל.

— דו הערסט ? ער יאָגט אונדז אַרויס פון אונדזער היים ?...

מיר פאָרן דאָך אַוועק... דו, זונעלע, זאָלסט ניט קריכן, ווו עס איז ניט נייטיק. דו הערסט ? איין לעבן איז דאָך דעם מענטשן געשאָנקען געוואָרן... און דיַין מוטער האַלט אין איין וויינען... אין איין קלאָגן...

ניקאָלײַ האָט געשפּירט אַף זײַן פּאָנעם דעם פאָטערס ניט אָפּגעראַזירטע נאַסע באַק און האָט דערפילט אַ ראַכמאָנעס צו דעם ערנסטן, שווײַגנדיקן מענטשן, וועלכער האָט קיינמאָל ניט געוויינט און האָט זיך קיינמאָל אַף קיין זאַך ניט באַקלאָגט.

— איך וועל זיך אָפּהיטן, פאָטער — האָט ער געענטפערט און מיט גרויס שווערקייט אָראָפּגעשלונגען דעם וואַרעמען קנויל, וועלכער האָט זיך צוגעקײַקלט צו זײַן גאָרגל.

— היט זיך אָפּ מײַן זון, אָבער זאָלסט זיך אַזוי היטן, אַז די זשעלעזנאָווס זאָלן זיך מיט דיר ניט דאַרפן שעמען, דו הערסט ? אונדז, די זשעלעזנאָווס, קען דאָך די גאַנצע ליניע, — האָט אַ שעפּטשע געטאָן דער אַלטער און, דערהערנדיק די טריט פון די אַרבעטער, לײַכט אָפּגעשטויסן פון זיך דעם זון. — נו, גיי שוין, גיי, איך האָב קיין צײַט ניט, ניטאָ קיין צײַט מיט אײַך זיך צו פאַרנעמען... איר רירט זיך שוין דאָרט, וואָס זענט איר אָנטשלאָפן געוואָרן, אַזוי ווי צעקראָכענע...

די כעוורע קאָמיוגיסטן מיט ביקסן און גראַנאַטן, פאַרקנעפּעלענדיק אָפן וועג זייערע רעקלעך, פאַרציִענדיק די רימענס, זײַנען געלאָפן פון די טרעפּ און זיך אויסגעשטעלט באַם אַרײַנגאַנג.

ניקאָלײַ האָט אָפּגעווישט דעם פאָטערס טרערן פון זײַן באַק און איז אַרײַנגעלאָפן אין פּאַרטיי־קאָמיטעט. רודאַקאָוו איז דאָרטן ניט געווען, ער האָט אים אויך ניט געטראָפן באַם עשעלאָן, וועלכן מען האָט געלאָדן באַם דעפּאָ מיט די לעצטע קאָסטנס געצײַג און מאַשינען. דער סעקרעטאַר איז אויך ניט געווען אַף דער באַן־סטאַנציע, ווו הינטער אַ צעשמעטערטער פון אַ באָמבע וואַנט האָט זיך געפונען אַ מיידל, אַ טעלעפאָניסטקע, וועלכע האָט עפּעס געשריִען אין אַ טרײַבל, וואָס איז פאַרפּעסטיקט געוואָרן אַף אַ צענומענעם קראַנשטיין. אויך ניט אַף די רעלסן, ווו עס האָבן קעסיידער אויפגעריסן גראַנאַטן, וועלכע האָבן שוין ניט אויסגעזען אַזוי שרעקלעך נאָכן גרויל פון די מאַסן־איבערפאַלן. קימאַט אַלע האָבן פאַרזי־

כערט אַז אָט נאָר וואָס האָבן זיי געזען רודאַקאָוון, אָבער קיינער האָט ניט געקענט גענוי אָנווײַזן, ווו ער געפינט זיך איצט.

ניקאָלײַ האָט דערזען דעם סעקרעטאַר פון פּאַרטיי־ביוראָ ערשטט ווען ער האָט דורכגעקרײַצט די כורוועס פון דעם וואָקזאַל. דער סעקרעטאַר האָט געטאָן עפּעס מיסטעריעזעס באַם דריי־ראָד צוזאַמען מיטן רעלסן־איבערשטעלער פון דעפּאָ, וואַסילי קוזמיטש קולאַקאָוו. דאָס איז געווען אַ קליינער איינאויגיקער אַלטיטשקער, וועלכער איז באַרימט געווען אין דער אָרטיקער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע מיט זײַן אומבאַזיגבאַרער שוואַרכקייט אַרויסצוטרעטן אַף אַלע פאַרזאַמלונגען וועגן יעדן איניען. וועגן אים פלעגט מען זיך אויסדריקן, אַז ער „לײַדט פון אַן אומגעלומפּערטער אַקטיוויטעט“. דערנאָך זײַנען זיי ביידע אַוועקגעלאָפן צום דעפּאָ, און ניקאָלײַ האָט דערזען, ווי אַף יענעם אָרט ווו זיי האָבן זיך נאָרוואָס געפּאָרעט, הט אַ שמיץ געטאָן צום הימל מיט פײַער און רויך. פּונקט אַזאַ זײַל האָט טייקעף אַ שפּריץ געטאָן מיט אַ דונער אַף די ליניעס באַ די הויפּט־וועקסל־קנופּן. אין דער לופטן זײַנען געפלויגן שטיקער באַן־שוועלן און רעלסן צונויפגעדרייטע ווי אַ קאָרקן־ציִער. מיט אַ טויבן דונער האָט אָפּגעהילכט דער אויפגעריסענער וואַסער־רעזערוואַר, וועלכער איז אײַנגעפאַלן צווישן קנוילן רויך. אַ שווערער דונער האָט זיך אויך דערטראָגן פון דער זײַט פון אַרײַנגאַנג צו דער באַן־סטאַנציע.

ניקאָלײַ האָט פאַרשטאַנען: אַלץ איז שוין געענדיקט. שפּרינגענדיק איבער די רעלסן איז ער געלאָפן צום דעפּאָ נאָך דעם סעקרעטאַר פון פּאַרטיי־ביוראָ. אָבער אים האָט איבערגעשניטן דעם וועג אַ באַן מיט דעפּאָ־אײַנריכטונגען. דאָס איז געווען דער לעצטער צוג, וועלכער איז געגאַנגען אַף מיזרעך. אַף די קאַסטנס, וועלכע האָבן פאַרפולט די פּלאַטפאָרמעס זײַנען געזעסן באַקאַנטע מענטשן פון זייער שטעטל: מענער מיט ערנסטע, פאַרשטיינערטע פּנימער, פרויען וועלכע האָבן געטוליעט צו זיך זייערע פאַרשטומטע פון שרעק קינדער. דער לאָקאָמאָטיוו האָט טרויעריק געפּײַפט, ווי ער וואָלט זיך געזעגנט מיט דער טײַערער היימישער געגנט. די פאַרבליבענע האָבן זיך פאַרזאַמלט פון יענער זײַט באַן, אַף די צעשטערטע, צעקאַליעטשעטע רעלסן. קיינער האָט ניט געפאָכעט מיט די הענט, קיינער האָט ניט געשריִען קיין געזעגענונגס־

ווערטער. צווישן די, וואָס בלײַבן איבער האָט ניקאָלײַ צו זײַן גרויסן ווונדער דערזען זייער שאָכן קאַרפּאָוון מיט זײַן טעכטערל יולאַטשקאַ, וועלכע איז געזעסן באַ אים אַף די אַקסל. נאָר זי אַליין, פּאָכנדיק מיט איר הענטעלע, האָט עפּעס פריילעך געשריִען צום באַן, וועלכער האָט אָנגעהויבן פאַרשנעלערן זײַן גאַנג.

ווי אין כאָלעם איז פאַרבײַ ניקאָלײַס אויגן דורכגעפאָרן, צעשווימענדיק זיך אין דעם גרויען רויך, אַ פּלאַטפאָרמע, ווו צווישן אַנדערע דעפּאָ־לײַט זײַנען געזעסן אַף אַ קאַסטן זײַן פאָטער און די מוטער. די מוטער איז געזעסן אײַנגעהויקערט און האָט געקוקט פאַר זיך מיט גאָרניט זעענדיקע אויגן. דער פאָטער, אָן אַ היטל, אָבער אין אַ פּעלץ, האָט זי געדריקט צו זיך, ווי ער וואָלט וועלן מיט זײַן קערפּער זי באַשיצן פון געפאַר. איבער זײַן ניט געגאָלטן פאַרוואַקסענעם פּאָנעם זײַנען גערונען גרויסע טרערן. ער האָט אַלץ געקוקט אין אוילעם אַרײַן, זוכנדיק ווײַזט אויס צווישן זיי דעם זון, אָבער ניקאָלײַ איז געשטאַנען פון דער צווייטער זײַט באַן, געזען דאָס אַלץ און האָט מוירע געהאַט זיך אָנצורופן, ער זאָל זיך אַליין אויך ניט צעווייגען. אַגעוו וואָלט עס אַפילע קיינער ניט באַמערקט. באַ די אָפּפאָרנדיקע און באַ די איבערגעבליבענע זײַנען געווען די זעלבע פאַרשטיינערטע פּענעמער און די זעלבע, אויסגעליידיקטע פון צאַר, אויגן.

ווען די לעצטע וואַגאָנען, פאַרשנעלערנדיק דעם גאַנג, האָבן לעבהאַפטיק געקנאַקט איבער די רעלסן, איז פון דעם שוואַרצן טויער פון דעפּאָ אַרויסגעשפּרונגען דער רעלסן־איבערשטעלער קולאַקאָוו. שפּרינגענדיק איבער די שפּאַלן האָט ער אָנגעיאָגט די לעצטע ברעמזע־פּלאַטפאָרמע און אַרויפגעשלײַדערט אַהין עפּעס אַ טונקעלע זאַך — וואָס אַזוינס האָט קיינער ניט באַוויזן צו באַמערקן.

— נעמט אויך מיט דעם בעזעם! וואָס־זשע, עפּשער אים איבערלאָזן פאַר היטלערן? — האָט ער אַ געשריי געטאָן מיט זײַן ציקעלדיקן טענאָרל, וועלכער פלעגט שטענדיק אָנוואַרפן אַן אומעט בעייס די פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען.

און האַגאַם אין יענער רעגע האָט ערגעץ נאָענט אַ רעווע געטאָן אַ גראַנאַט, האָט די אָנגעשטרענגטקייט פון די באַגלייטער

נאָכגעלאָזן, די פּענעמער זײַנען געוואָרן ווייכער, און אַף אייניקע פֿון זיי איז דורכגעלאָפֿן אַ שאָטן פֿון אַ שמייכל.

— אויך מיר אַ פֿאַרזאָרגער פֿון פֿאָלקס אייגנטום!

— וואָס עפּעס ניט קיין פֿאַרזאָרגער? אַלץ האָט מען מיט־גענומען, פֿאַרוואָס עפּעס איבערלאָזן אַ בעזעם? אַ בעזעם טאָר אויך ניט איבערגעלאָזט ווערן אין איצטיקן קאָנקרעטן מאָמענט פֿאַר די פֿאַרשאָלטענע פֿאַשיסטישע אָקופּאַנטן. — קולאַקאָוו האָט אַ וווּנק געטאָן מיט זײַן אײנציקן אויג און האָט ווױליוונגעריש אַראָפּגערוקט אַפֿן אויער זײַן אוניפֿאָרעם־היטל.

אַ שמייכל איז דורכגעלאָפֿן איבערן אוילעם, די אויגן האָבן שוין ניט געקוקט אַזוי מאָרעשכוירעדיק, ווען הינטערן אויסבייג איז פֿאַרשווונדן געוואָרן די ברעמזע־פּלאַטפֿאָרמע פֿון דעם לעצטן וואַגאָן.

— כאָוער קאָמאַנדיר פֿון דעם פּאַרטיזאַנען אָטריאַד, די קאָמיוגישע ראָטע . . . — האָט אָנגעהויבן ניקאָלײַ, אויסצײַענדיק זיך פֿאַר רודאַקאָוון.

— די טאַנקען זײַנען שוין הינטער דער שטאָט, אָט וואָס . . .

— האָט יענער געענטפֿערט אָנווײַזנדיק מיטן עלנבויגן פֿון זײַן פֿאַרווונדעטער האַנט אין דער זײַט, פֿון וועלכער עס האָט זיך דערטראָגן דער גערויש פֿון אַ נאָענטער שלאַכט. — דײַנע קאָמ־יוגיסטן וועל איך אָוועקפֿירן צוזאַמען מיט די איבעריקע. דיר גיב איך אַן אויפֿגאַבע: לויף צו דער סטאַנציע, צו די טעלעפֿאַנען, דאָרט געפֿינט זיך זאָיאַ כלעבניקאָוואַ אַליין. וואָס עס זאָל ניט פּאַסירן, מוזט איר באַגלייטן דעם צוג ביז צו דער נעכסטער סטאַנ־ציע. פֿאַרשטאַנען? וועסט אויפֿנעמען דעם לעצטן באַפֿעל, וועסט איבערגעבן דורכן טעלעפֿאָן וועגן דער עוואַקואַציע און דאַן זאָלסטו אויפֿרײַסן דעם קאָמוטאַטאָר. אונדז זאָלסטו זוכן אין דעם קליינעם וואַלד, באַ דעם אײנטאָגיקן אָפּרו־הויז.

ניקאָלײַ האָט גאָרניט געענטפֿערט און זיך געלאָזט לויפֿן צו־ריק צום וואָקזאַל, געטריבן דורך דער שיסערײַ, וואָס האָט זיך דערנענטערט. אַרויפֿלויפֿנדיק אַף די צעבראָכענע, צעשעדיקטע פֿון באָמבע־שפּליטערס הילצערנע פּלאַטפֿאָרמע איז ער שיר ניט אומ־געפֿאַלן פֿון אַ שטאַרקער לופֿט־כוואַליע. די ערד איז געגאַנגען אונטער זײַנע פֿיס, ער האָט זיך אומגעקוקט און אַ געשריי האָט

זיך אַרויסגעריסן פֿון זײַן האַלדז: דאָרט, ווו זײַנע אויגן זײַנען פֿון קינדהייט אָן צוגעוווינט געווען צו זען דעם הויכן דעפּאָ־קופּאָל, וועלכער פֿלעגט גלאַנצן מיט דער אויסטערלישער מאָזאַיִק פֿון נײַע און פֿאַרקאָפּטשעטע שויבן, איז איצט געהאנגען אַ ברוינער וואָלקן. דער וואָלקן האָט זיך שנעל געזעצט און אַפֿן פּלאַץ, ווו עס איז געשטאַנען די געבײַדע איז געווען אַ טיפֿע גרוב.

צווישן די כורוועס פֿון וואָקזאַל, ווי צווישן טעאַטער־דעקאָראַציעס איז נאָך אַלץ געזעסן אַ קליינע שאַרף־פּענעמדיקע מיידעלע, די טעלעפֿאָניסטקע. זי איז געווען בלאַס, און אַלץ אַרום איר: דער זאַמד פֿון דעם אָפּגעשאָטענעם טינק, די איבערגעבליבענע שטיק וואַנט מיט דעם סיידער פֿון דער באַן־באַוועגונג, דאָס פּאָלירטע ווענטל פֿון אַפּאַראַט — אַלץ איז געווען באַשפּריצט מיט בלוט. דאָס מיידל איז געזעסן אין אַ ניט קיין נאַטירלעכער פּאָזע, אָנגעשפּאַרט מיטן שטערן אַף די רעשטלעך פֿון דער וואַנט.

— ער איז נאָך ניט אָנגעקומען צו דער בודקע — האָט זי קוים קוים אַרויסגעשעפּטשעט מיט אירע גרויע ליפּן. — דער מאַמען זאָלסטו ניט דערציילן ... צעברעך דעם אַפּאַראַט ...

ערשט איצט האָט ניקאָלײַ באַמערקט, אַז דער טעלעפֿאָניסטקעס קאָפּטל איז באַדעקט מיט טונקעלע נאַסע פּלעקן.

— מער קען איך ... שוין ניט ... נעם דאָס טרײַבל ... די מאַמע, מײַן מאַמע זאָלסטו ניט באַומרויִקן ... מאַמעלע ... מאַ ...

דאָס מיידל האָט צוזאַמענגעבראָכן. ניקאָלײַ האָט זי אונטערגעכאַפּט. דער זייער לײַכטער קערפּער איז געבליבן אומבאַוועגלעך הענגען אַף דעם באָכערס הענט און ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז די קליינע, שטילע טעלעפֿאָניסטקע, וועמענס שטימע מען האָט קיינמאָל ניט געהערט אַף די פֿאַרזאַמלונגען, וועמען מען האָט ניט באַמערקט אַף די טאַנץ־אָוונטן, האָט שוין פֿאַרענדיקט איר וואַך. ניקאָלײַ האָט פֿאָרזיכטיק אַוועקגעלייגט דעם קערפּער אין אַ זײַט, ער האָט צאַרט צעפּלאָכטן אירע האָר, אַראָפּגענומען פֿון איר קאָפּ דאָס הער־טרײַבל און עס אָנגעטאָן.

אײַנהערנדיק זיך צום לעבעדיקן קנאַקן, וועלכער האָט זיך דערטראָגן פֿון דאָרטן, ווו עס איז נאָך ניט געווען קיין פֿראָנט, האָט ער ניט ווילנדיק באַטראַכט, וואָס קומט פֿאָר אַפֿן אויסגעליידיקטן שעטעך פֿון די צעקאַליעטשעטע באַן־ליניעס. דער גע־

הילך פון קאַמף האָט זיך איבערגערוקט אַף רעכטס, צו דער פאַ־בריק־געגנט. מען האָט געקענט זען, ווי שיסנדיק לויפן אַריבער דעם איבערפאָר רויטאַרמייער. שפּעטער האָט זיך פון דער ווײַטן באַוויזן עפּעס אַ מאָדנע באַשעפעניש, ענלעך צו אַ צײַטונגס־קיאָסק, וואָס איז אומגעפאַלן אַף אַ זײַט, שפּעטער נאָך און נאָך. טאַנקען! בייזע, רויטע פונקען זײַנען געפלויגן פון זייערע לאַנגע פּיסקעס. באַ־שיצט פון די פּאַנצערס זײַנען געלאָפן פרעמדע זעלנערס. די טאַנ־קען זײַנען געגאַנגען צום וואָקזאַל, שיסנדיק אין גאַנג, רעווענדיק מיט זייערע מאָטאָרן און קריצנדיק מיט די קייטן. קליינע גראַנאַטן האָבן זיך אָפּטער אויפגעריסן אַף די ליניעס. קוילן און גראַ־נאַטן־שפּליטערס האָבן געשוימט די ערד און עס האָט זיך געדוכט אַז אַ געדיכטער רעגן פאַלט אַף די אײַזנבאַן־וועגן. אין דער אומ־באַוועגלעכער לופט האָט זיך געהויבן אַ שוואַרצער רויך. פון ווײַטן האָט מען געזען, ווי עס ברענען עטלעכע מאַשינען.

נאָך דעם אַלעמען, וואָס איז שוין איבערגעלעבט געוואָרן, האָט ניקאָלײַ ניט געפילט קיין מורא. עס האָט אים נאָר געפּײַ־ניקט אַ הייסער פאַרדרוס, אַז דאָס אַלץ האָט זיך שוין באַוויזן דאָ, ווו עס זײַנען אויסגעוואַקסן און האָבן געאַרבעט זײַן זיידע, זײַן פאָטער, זײַנע ברידער און ער אַליין. ער האָט פאַרפעסטיקט אַפן קאָפּ דאָס הער־טרײַבל, אַרויסגעצויגן זײַן רעוואָלווער, אויפ־געהויבן דעם פאַרהיטער און זיך געזעצט נידעריקער, היגטער דער צעשטערטער וואַנט, לעבן דעם מיידלס קערפּער.

און דאָס טרײַבל האָט נאָך אַלץ געקלונגען באַ זײַן אויער. סאָלדאַטן אין טיפּע הערנערדיקע קאַסקעס, אין קורטקעס מיט פאַר־קאַטשעטע אַרבל זײַנען איבערגעלאָפן גרופּעסווײַז, שיסנדיק די גאַנצע צײַט, און זיך דערנעענטערט צום דעפּאָ. פון היגטערן אַנשיט האָט מען זיי אָפּגעענטפערט מיט אַ שיסערײַ. אַף די וועגן זײַנען געבליבן ליגן אַלץ מער און מער גרויע פיגורן. אָבער די גאַנץ־געבליבענע זײַנען געקראָכן און געקראָכן. די פאָדערשטע האָבן זיך שוין באַוויזן לעבן דעפּאָ. ניקאָלײַ האָט שוין דײַטלעך געזען זייערע פאַרשוויצטע פּענעמער. און דאָ האָט זיך פּלוצים דערהערט אין טרײַבל אַ געווײנלעכע מיידלשע שטימע, וועלכע האָט פּאַשעט איבערראַשט מיט איר לעבנס־לוסטיקייט, די שטימע האָט גערעדט אין טרײַבל:

— זאָיקאַ, דו העו־סט ? דער צווייי און זעכציקסטער איז שוין פֿאַרבייגעגאַנגען. און ווי איז בײַ אײַך ?

— זאָיאַ כלעבניקאָוואַ איז אומגעקומען אַף איר פּאָסטן מיט אַ העלדישן טויט. — האָט געשעפּטשעט ניקאָלײַ. — עס רעדט דער סעקרעטאַר פון דעם קאָמיוגישן קאָמיטעט זשעלעזנאָוו. גיב איבער : רודאַקאָוו האַנדלט לויטן פּלאַן. בײַ אונדז זײַנען שוין דאָ די פֿאַשיסטן. איך רײַס אויף דעם קאָמוטאַטאָר.

ניקאָלײַ האָט אָנגעצונדן דעם קנויט און נאָכפֿאָלגנדיק ווי שײַ־פענדיק און פינקלענדיק עס לויפֿט איבער אים דאָס פֿײַערל, האָט ער אַרײַנגערעדט אין טרײַבל :

— מיידל, גיב איבער, אַז די קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן פון דער „אוזלאָוואַיאַ״ וועלן קעמפן ביז צום לעצטן. גיב אויך איבער: אַ טויט די פֿאַשיסטישע אויסוווּרפֿן ! זאָל לעבן דער כאַ־ווער סטאַלין !

ער האָט זיך אינגאַנצן פֿאַרגעסן און געשרי:ען אַפן הויכן קאָל. די זעלנער, וועלכע זײַנען שוין דערקראָכן ביז צו דער פּלאַטפֿאָרמע האָבן אַף זײַן קאָל געעפֿנט מיט אַ געדיכטער שיסערײַ. זייערע שווערע טריט האָבן שוין אָפּגעהילכט איבערן הילצערנעם בריק. אָבער אין דעם מאָמענט האָט זיך דערהערט אַן אויפֿרײַס און אַ פֿאָנטאַן פון ציגל, קאַלך און ליים האָט זיך אַ שלײַדער געטאָן צום הימל און באַדעקט די כורוועס פון דער באַן־סטאַנציע מיט אַ וואָלקן שטויב און רויך.

## II

ניקאָלײַ זשעלעזנאָוו, וועמען עס איז פון קינדהייט אָן באַקאַנט געוועזן אַף דער „אוזלאָוואַיאַ״ יעדער שפּאַל, יעדעס ווינקעלע, איז געלונגען אונטער דעם סוינעס נאָז אַרויסצוקלײַבן זיך פון די כּורוועס פון וואָקזאַל, אַריבערצולויפן אַף דער מיזרעכדיקער פּלאַטפאָרמע און פאַרשווינדן אַף די גאַסן פון דעם אײַזנבאַן־שטעטל. אַגעוו האָבן די איבערגעשראָקענע, פון דעם אויפרײַס, זעלנער ניט געפּרוּווט אים נאָכצויאָגן. די שלאַכט בײַ דער סטאַנציע האָט זיך צעפלאַקערט.

אין אָוונט האָט ניקאָלײַ אָנגעיאָגט רודאַקאָווס אָטריאַד, וועלכער האָט געמאַכט זײַן ערשטן אָפּשטעל אין דעם אַזוי גערופענעם „קליינעם וואַלד״.

אַמאָל איז דער וואַלד געוועזן דאָס באַליבטסטע אָרט פאַר די קאָמיוגיסטישע מאַיאָווקעס. שפּעטער האָבן די אײַזנבאַן־אָרגאַניזאַציעס אויסגעבויט דאָ אַן איינטאָגיקע אָפּרו־הויז. מאַשיניסטן, דעפּאָ־מײַסטערס, שלאָסער און אַנדערע פלעגן אַרויספאָרן אַהער צוזאַמען מיט זייערע מישפּאָכעס אַף שאַבעס, אָנטרינקען זיך מיט טיי אַף דער פרישער לופט אין דער וואַלדיקער שטילקייט, באַם שטילן געזאַנג פון די פריילעך קאָכעדיקע סאַמאָוואַרן, וועלכע מען פלעגט אויסבאָרגן אין בופעט. מען האָט געשפּילט אין דאָמינאָ, אין דאַמקעס. איבערגעקערט פאַרן שלאָפן גיין אַ קעלישעק, אָדער צוויי אין אַ געמיטלעכער קאָמפּאַניע. מען פלעגט זיך דורכשמועסן וועגן די דעפּאָ־איניאָנים, זיך דערמאָנען וועגן די פאַרגאַנגענע יאָרן, און די יוגנט האָט בעיס מײַסע געטאַנצט און געזונגען.

אַהער, צו דעם וואַלד, וועלכער איז געלעגן אָפּן מיזרעכדיקן ברעג פון אַן אָזיערע, האָבן זיך די פּאַשיסטן נאָך ניט דורכגעריסן. און דאָ צווישן די דורכזיכטיקע אַלטאַנקעס, צווישן טישלעך, וועלכע זײַנען געשטאַנען אונטערן שאָטן פון לײַוונטענע דעכער אין אַ יונגן קליינוואוקסיקן סאָסנע־וועלדל, באַ די געשניצטע וועראַנדעס פון די לייען־זאַלן, אַף די אײַנגעטראָטענע לאָנקעס, האָט זיך דער אָטריאַד אײַנגעאָרדנט אַף נאַכטלעגער.

דער שטילער אָוונט, אַן אָנגעפולטער מיטן פאַרזאָרגטן פּי־שטשען פון די סטריזשעס, וועלכע האָבן זיך ווי געגליטשט אין דער גרין געוואָרענער לופט, האָט אַזוי ווי אונטערגעשטראָכן די טראַגישקייט פון דעם לאַגער. די מענטשן האָבן זיך אײַנגעאָרדנט ניט אַף די וועראַנדעס, ניט אַף די בענק, נאָר פּאָשעט אַף דער הוילער ערד און זיי זײַנען געלעגן שווײַגנדיקע, פאַרטיפטע אין זייערע טרויעריקע געדאַנקען. נאָר די בלאָנדהאָריקע יולאָטשקאַ, וועלכע איז אַהער געקומען רײַטנדיק אַף איר פּאָטערס פּלייצע, איז געווען צופרידן פון דער פּלוצימדיקער עקסקורסיע. זי האָט עפּעס פריילעך געפּליסטערט, פרייענדיק זיך מיט דער וואַרעמקייט, מיטן וואַלד און מיט דער זון. דער סטרעלאָטשניק קולאַקאָוו, וועלכער האָט שוין איבערגענומען דעם אַמט פון אַ פאַרווײַלער אין דעם אָטריאַד, האָט מיט זײַן ציקלדיקן טענאָרל דערציילט פאַרשיידענע קאָמישע מײַסעס, וועלכע ער האָט קלוימערשט אַליין איבערגעלעבט און זיך אַליין באַשאָנקען מיט אַ דריבנעם געלעכטערל, פון וועלכן עס פלעגט באַ אַלעמען ווערן נאָך קאַלעמוטנער אַף דער נעשאָמע.

ער האָט אָבער גאָר אינגיכן פאַרשטאַנען, אַז הײַנט וועט מען שוין די מענטשן מיט קיין זאַך ניט פריילעך מאַכן. ער האָט עס פאַרשטאַנען און איז אַנטשוויגן געוואָרן, זיך אײַנגעדרייט ווי אַ יאָזשיק אונטער אַ יאָדלע־בוים.

אין אַזאַ מאָמענט איז אָנגעקומען ניקאָלײַ זשעלעזנאָוו. אַלע האָבן אים אַרומגערינגלט און פאַרשאָטן מיט פראַגעס.

— דעם באַן־קנופּ האָט מען שוין פאַרכאַפּט, מען קעמפּט איצט פאַרן פאַבריק־ראַיאָן — האָט ער געענטפערט און האָט דער־לאַנגט רודאַקאָוון דעם קאָמיוגישן בילעט פון דער טעלעפאָניסטקע, וועלכער איז געווען דורכגעזאַפּט מיט בלוט.

מער האָט ער קיין וואָרט ניט צוגעגעבן, און די הענט פון

די פּאַרטיזאַנער האָבן פון זיך אַליין זיך אַ צי געטאָן צו די היטלעך און קעפּקעס.

אַזוי האָט זיך פאַר ניקאַלײַען אָנגעהויבן זײַן נײַער וואַלד־לעבן.

דער פּאַרטיזאַנישער אינדערוואַכן איז געווען אַ סאַך ווייני־קער ראָמאַנטיש און פיל שווערער, ווי ער האָט זיך דאָס פאַרגע־שטעלט. נאָך עטלעכע לאַנגע פוס־מאַרשן, האָט רודאַקאָוו אָפּגע־פירט זײַן אָטריאַד אין אַ וואַלד און דאָרט, אומדערוואַרטעט פאַר דער מערהייט פון די פּאַרטיזאַנען, איז שוין פון פריִער געווען אײַנגעאָרדנט אַ באַזע, און בעיס מען האָט געגראָבן ערד־שטיבלעך, זיי אײַנגעאָרדנט און צוגעפּאַסט צום באַוווינען, האָט רודאַקאָוו זיך צוגעקוקט צו די מענטשן און איז צוגעטראָטן צו דער אָרגאַ־ניזירונג פון דער פּאַרטיזאַנישער אַרבעט. ער האָט זיך טאַקע בע־פײַרעש אַזוי אויסגעדריקט „אַרבעט״, ווײַל נאָך פון זײַנע יונגע יאָרן אָן, ווען ער האָט נאָך געפירט פּאַסאַזשיר־צוגן, איז ער גע־ווּוינט געווען, אַז דאָס וויכטיקסטע איז — אָרגאַניזירן די אַרבעט. זײַן אָטריאַד האָט ער פאַרטיילט אין עטלעכע גרופּעס, און האָט דערבײַ געזאָרגט, אַז יעדע פון די גרופּעס זאָל באַשטיין פון מענטשן מיט צוגעפּאַסטע כאַראַקטערס, נייגונגען און אַפילו לויטן עלטער. עס זאָל זיך פילן אין יעדער גרופּע אַ געזונטע און פעסטע פּאַרטייִשע און קאָמיוניסטישע ווירקונג. פאַר מינירער, וועמענס אויפגאַבע וועט זײַן מערסטנס צו פירן אַ רעלסן־מילכאָמע, האָט ער אויסגעטיילט דורכויס אײַזנבאַנער. ווער דען אויב ניט זיי זאָלן קענען די אַלע שוואַכע ערטער פון זייער אייגענער באַלעבאַטיש־קייט ? ! אָנצופירן מיט זיי האָט ער באַשטימט וולאַס קאַרפּאָוון, וועלכער האָט זײַן מיליטערדינסט דורכגעמאַכט אין די סאַפּיאָרן־אָפּטיילונגען און איז באַוואוּנט געווען אין אויפרײַס־אַרבעט. די „לײַכטע קאַוואַלעריע״, וועלכע האָט געזאָלט דורכפירן שנעלע די־ווערסיעס אויף די אויטאָמאָביל־שאָסייען און שליאַכן, איבערפאַלן סקלאַדן און קאָמענדאַנטורן, איז באַשטאַנען פון ניקאַלײַ זשעלעז־באָוס שילער — אַ דינאַמישע און אַ דיסציפּלינירטע יוגנט. פאַר פאַרבינדלער זײַנען אויסגעטיילט געוואָרן עלטערע אויסגעפּרוּווטע קאָמוניסטן, וועלכע האָבן אויסערלעך געהאַט אַ בעקאָוועדיקן און אומשולדיקן אויסזען. פאַרשטעלט פאַר פּלייטים האָבן זיי געדאַרפט אַרומוואַנדערן איבער די וועגן, אַרײַנדרינגען אין דערפער, וועלכע

זײַנען שוין באַזעצט געווען פון דעם סוינע, אײַנשטעלן אַ פאַרבינדונג מיט דער באַפעלקערונג, מיט די שכײנעסדיקע אָטריאַדן און מיט דער שטאָטישער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע. פון די גאָר עלטערע איז געשאַפן געוואָרן אַ ווירטשאַפטלעכע וווינונגס־אָפּטיילונג. פרויען און מיידלעך, וועלכע זײַנען געווען ניט קיין סאַך, האָט מען צוגעטיילט צו דער „מעדיצין".

ניקאָלײַ איז צוערשט באַשטימט געוואָרן אָנצופירן מיט דער „לײַכטער קאַוואַלעריע", אָבער באַלד האָט מען אים אַריבערגעפירט אַף דער געפערלעכסטער אַרבעט — אויסשפּירונג. אַלס געהילף איז צוגעטיילט געוואָרן צו אים וואַסילי קוזמיטש קולאַקאָוו, פון וועלכן עס האָבן זיך אָפּגעטרייסלט איינער נאָכן אַנדערן אַלע איבעריקע קאָמאַנדירן. זשעלעזנאָוו האָט אויך צוערשט שטאַרק פּראָטעסטירט, אָבער רודאַקאָוו, וועלכער האָט פון טאָמיד אָן געשעמט פאַר אַ קענער פון דער מענטשלעכער נעשאָמע, האָט אויך דאָס מאָל איבערצײַגט אַלעמען אין זײַן באַהאַוונטקייט זיך פונאַנדערצוקלײַבן אין מענטשן. פאַר אַזאַ קאָמפּליצירטער אַרבעט, ווי דאָס איז אויסשפּיר, וווּ עס פאָדערט זיך די כיטרעקייט פון אַ פוקס, בייגעוודיקייט, פעיִקייט צו קענען באַ אַ געלעגנהייט דערציילן בילדערישע און איבערצײַגנדיקע ליגנס, זיך פאַרשטעלן — איז דער איינאויגיקער סטרעלאָטשניק געווען פּאָשעט אַ ניט־באַצאָלבאַרער מענטש. גאָר אינגיכן איז ער געוואָרן ניט נאָר אַ פליִנקער געהילף, נאָר אויך אַ פרײַנט פון זײַן שוין צו הויכוווקסיקן און צו אויפריכטיקן און צו אוממיטלבאַרן קאָמאַנדיר.

דער יונגער אײַזנבאַנער האָט זיך ניט גיך אַרײַנגעפּאַסט אין דעם שטרענגן פּאַרטיזאַנישן לעבנס־שטייגער. פון אָנהייב פלעגט זיך אים אויסדוכטן, אַז באַם באַזעצן אַ טעריטאָריע פאַרנעמען די פּאַשיסטן אַלע שטעט, שטעטלעך, דערפער, אַלע הײַזער, אַז זיי קאָנטראָלירן אַלע וועגן און באַהאַלטן זיך אויס הינטער יעדן קוסט.

אָבער דאָס אַלץ האָט ניקאָלײַ גאָר שנעל איבערגעקרענקט און פאַרשטאַנען, אַז די אָקופּירטע טעריטאָריע איז פאַרבליבן אַ סאָוועטישע. ער האָט זיך איבערצײַגט, אַז פאַר אַ פאַרזיכטיקן פאַרטיזאַן איז דער סוינע גאָר ניט שרעקלעך. און איבערהויפּט איז געווען זייער נוצלעך דאָס, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט אויסצוגעפינען אין יעדן דאָרף, אַפילו דאָרט, ווו עס זײַנען געשטאַנען

פּאַשיסטישע גאַרניזאָנען, אַ דרייסטן מענטשן, וועלכער איז גרייט געווען מיטצוהעלפן לויט זײַנע קויכעס, צושטעלן נייטיקע אינפאָרמאַציעס, ווײַזן אַ וועג, אָדער אַמאָל אויך געבן אַ פּצועסן.

רודאַקאָוס אַטריאַד האָט זייער שנעל באַהערשט די קונסט פון אַ וואַלד־מילכאָמע. צו דעם האָט צוגעהאָלפן יענע טאָג־טעגלעכע, זיכערע זאַכלעכקייט, וועלכע זייער קאָמאַנדיר האָט באַוויזן אײַנצופירן אין דער קאָמפּליצירטער און גאָר נײַער פאַר אים פאַרטיזאַנישער טעטיקייט. טאַקע בעפיידעש דאָס טאָג־טעגלעכע צוגעווױנטע, וועלכע האָט זיך אויסגעדריקט אַפילע אין דעם, וואָס די מײַסטערס האָבן גערופן די פּאַרטיזאַנען־אָפּטיילונגען — „צעכן", די קריגס־אויפגאַבן — „באַשטעלונגען" און די מיליטערישע אײַבונגען, וועלכע רודאַקאָוו האָט אײַנגעפירט פון די ערשטע טעג — „טעכנישער מינימום".

אין די „צעכן" זײַנען פאָרגעלייענט געוואָרן די זייער זאָרגפעליק אויסגעאַרבעטע פון רודאַקאָוון „רעגלאַמענטן פאַר דער אײַנערלעכער אָרדענונג", אין וועלכע עס איז געווען פעסטגעשטעלט ביז צו די מינדסטע דעטאַלן דער פּאַרטיזאַנישער אַרט לעבן און קאַמף.

דער אַטריאַד פון דעם כאַווער „ר.", ווי עס האָט אים גערופן די סאָוואינפאָרמביוראָ, האָט זיך געפעסטיקט, געוואַקסן, אײַנשליסנדיק אין זײַנע רייען נאָך אַ זייער שטרענגן אָפּקלײַב, דאָרפישע און שטאָטישע אַקטיוויסטן און אויך מיליטערלײַט, וועלכע זײַנען פאַרבליבן אין דער אַרומרינגלונג. נאָכדעם, ווי די פײַנטלעכע אָפּטיילונגען האָבן זיך אַרויסגערוקט פאָרויס, זײַנען רודאַקאָוו און זײַנע שכיינים געוואָרן די פאַקטישע באַלעבאַטים אַף אַלע וועגן. די באַומרויקטע פּאַשיסטישע אויבערקאָמאַנדע האָט צעשיקט איבער אַלע אַרומיקע קאָמענדאַנטורן, אײַזנבאַן־אָפּטיילונגען און הינטערלאַנדגאַרניזאָנען, וואָרענענדיקע אינסטרוקציעס מיט פאַרשריפטן אָנצוהאַלטן די העכסטע פאַרזיכטיקייט באַם באַוועגן זיך און פאַרשטאַרקן די וואַך באַ די סקלאַדן און סטראַטעגישע פּונקטן. אַלע קאָמפּס־גרופּעס פון דעם אַטריאַד זײַנען שוין געווען טעטיק און נאָר דער איינציקער „דער מינירער־צעך" איז דערווײַל געווען אין צוגרייטונגס־סטאַדיע, ווי עס האָט זיך געוויצלט קאַרפּאָוו. קאָלזמאַן די פּאַשיסטן האָבן איבערגעשטעלט די אײַזנבאַן־ליניעס,

פלעגן די מינירער מאַכן קליינע אויספלוגן אַף די שליאַכן און אַזוי
אַרום דורכגיין זייער „טעכנישן מינימום”.

די אַלע קאַמפּס־אָפּעראַציעס, וועלכע רודאַקאָוו און זײַנע
שכיינים האָבן אַנטוויקלט אין די וואַלד־געגנטן, די געשריבענע און
געדרוקטע אַף שרײַב־מאַשינקעס פלוגבלעטלעך און אַפישן, וועלכע
פלעגן זיך באַווײַזן אַף די פלויטן אין די שטעט און דערפער, אין
וועלכע די באַפעלקערונג איז אויפגעפאָדערט געוואָרן צום קאַמף
מיט די אָקופּאַנטן, האָבן אָנגעהויבן פאַראורזאַכן דעם סוינע אַזעל־
כע שווערע פאַרלוסטן, אַז די פאַשיסטישע הויפּט־קאָמאַנדע האָט
פאַראָרדנט אויסצוהאַקן ברייטע וואַלד־פּאַסן באַ די וועגן, בילדן
טויטע זאָנעס, אַרויסיאָגן און אויסראָטן אַלץ וואָס לעבט. צו דעם
צוועק זײַנען אַרויסגעפאָדערט געוואָרן פון פּוילן ספּעציעלע ס.ס.־
אָפּטיילונגען, וועלכע האָבן זיך קוינע שעם געמאַכט מיט זייערע
גרויל־טאָטן אין וואַרשע. גלײַכצײַטיק האָט די געשטאַפּאָ אָנגע־
הויבן אַרײַנצושיקן שפּיאָנען און פאַררעטער אין די פּאַרטיזאַנער־
אָטריאַדן, ווען ס׳איז גענעבן אויפגאַבע ס׳איז געווען אַרויפצופירן די שטראָף־
עקספּעדיציעס אַף די שפּורן פון די אומדערגרייכבאַרע וואַלד־קעמ־
פער.

דער פּאַרטיזאַנען־שטאַב האָט איבערגעגעבן רודאַקאָוון אַ באַ־
פעל צו זײַן זייער פאָרזיכטיק באַם אַרײַננעמען פרישע מענטשן
און זיך צו באַמיִען פאַנגען כאָטש איינעם פון אַזעלכע שפּיאָנען.

אָט דאַן האָט דער קאָמאַנדיר אַרויסגערופן צו זיך ניקאָלײַען
מיט קולאַקאָוון און זיי באַאויפטראָגט אַרײַנצודרינגען אין דער
געגנט פון דער טויטער זאָנע, באַקענען זיך מיט דער טאַקטיק פון
די נײַ־אָנגעקומענע שטראָף־אָפּטיילונגען און גלײַכצײַטיק, אויב עס
וועט זיך אײַנגעבן, פּרוּוון צו געפינען אַ שפּור פון די היטלעריס־
טישע מעשאָרסים, וועלכע ווערן געשיקט אַף אונטערצוגראָבן די
פּאַרטיזאַנער באַוועגונג.

ניקאָלײַ האָט אָנגעטאָן אַן אוניפאָרעם פון אַ דײַטשישן זעל־
נער, זיך באַוואָפנט מיט אַ טראָפיי־אויטאָמאַט, שפּילנדיק די ראָל
פון אַ דײַטשישן קאָנוואָיער, וועלכער פירט צו דער קאָמענדאַנטור
דעם אַרעסטירטן קוזמיטש. דאָס איז געווען גאָרניט שלעכט צוגע־
טראַכט פאַר אַ געגנט, ווו עס איז שוין ניט געווען קיין באַפעל־

קערונג און ווו עס האָבן שוין געבאַלעבאַטעוועט די ס.ס.־אָפטיילונגען.

צוויי מעסלעס האָבן די אויסשפירער געוואַנדערט איבער דעם פאַרוויסטן שטעטך פון דער טויטער זאָנע. זיי האָבן זיך שוין דערוווסט, אַז דאָ זײַנען שוין טעטיק די ספעציעלע שטראָף־אָפטיילונגען. דורך הינטער־הויפן האָבן זיי זיך פאַרקליבן אין איינעם פון די פאַרמישפעטע צום אומקום דערפער און זיך פאַרבאַהאַלטן אין די כורוועס פון אַ גלאָקן־טורעם. זיי האָבן געזען ווי אויטאָמאָבילן מיט אונטערצינדער, באַגלייט פון מאָטאָציקליסטן־עסקאָרט, האָבן זיך אַרײַנגעריסן אַף דער הויפט־גאַס ; די מאָטאָציקליסטן האָבן אָפגעשלאָסן דעם אַרײַן און אַרויספאָר און די זעלנער זײַנען אַרויסגעשפרונגען פון די מאַשינען און אָנגעהויבן אונטערצוצינדן די הײַזער איינס נאָכן אַנדערן. די אַרבעט איז שוין געווען באַ זיי מעכאַניזירט און פאַכמענעריש אָרגאַניזירט. בעת איין טייל פון די שטראָפלער האָט פאַרניכטעט די הײַזער, האָט אַ צווייטע טייל זיך פאַרנומען מיט כאַפן די אײַנוווינער, זיי צונויפיאָגן אין אַ קאָלאָנע און ערגעץ אָפפירן אונטער אַ וואַך.

„וווהין ? שיסן ? אַף אַרבעט ? אין דער פאַשיסטישער קנעכטשאַפט ?" — ניקאָלײַ האָט פאַרשטאַנען, ווי וויכטיק עס וואָלט געווען צו דערגיין דעם גוירל פון דער פאַרשוווּנדענער באַפעלקערונג פון די טויטע זאָנעס. אַגעוו, עפשער טאַקע צווישן דעם האַמוין מענטשן, וועלכע האָבן די צאָרעס זייערע קעפ פאַרלוירן, ווערן אין דעם טומל אַרײַנגעשיקט פון דער געשטאַפאָ זייערע שפיאָנען ? דערוויסן זיך גענוי וועגן דעם האָט מען געקענט נאָר אַרײַנקומענדיק אין איינער פון אַזעלכע קאָלאָנעס.

נאָך אַ קורצער באַראַטונג האָבן די אויסשפירער באַשלאָסן צו ריזיקירן. אָבער דאָ האָט דער שטענדיק נאָכגיביקער קוזמיטש זיך קאַטעגאָריש קעגנגעשטעלט, אַז ניקאָלײַ זאָל זיך באַטייליקן אין דער אַרבעט. און טאַקע בעעמעס איז ער געווען אַ צו אָנזעעוודיקער. די דײַטשן — און דאָ האָט מען דאָך צו טאָן ניט מיט קיין געוויינלעכע זעלנערס, נאָר מיט ס.ס.־לײַט — וואָלטן בעשום אויפן ניט געגלויבט, אַז אַזאַ געזונטער, ריזיקער באָכער זאָל זיך אומדרייען פוסט און פאַס אין הינטערלאַנד. דערצו איז ער געווען אויך ניט פאַסיק געקליידעט. אויסטוישן דעם דײַטשישן אוניפאָרעם

אַף ציווילע קליידער איז געווען אוממעגלעך אין אַ געגנט אָן באַפעלקערונג.

מיט איין וואָרט מען האָט אָפּגעמאַכט אַזוי: קוזמיטש וועט מיט אַ קיוון אַרײַנפאַלן אין אַן אָבלאַווע און וועט זיך לאָזן כאַפּן. ניקאָלײַ וועט זײַן די גאַנצע צײַט אין דער נאָענט, קעדיי אין אַ נויט־פאַל אים קומען צו הילף מיט זײַן אויטאָמאַט און גראַנאַטן.

ניקאָלײַ האָט זיך פאַרמאַסקירט אין די קוסטעס באַם וועג און געזען פון דאָרטן, ווי קוזמיטש שפּילנדיק אַ ראָל פון האַלב־מעשוגענעם, האָט זיך אָנגעשטויסן אַף דער וואַך אַפן וועג; ווי דערזעענדיק די זעלנער, האָט ער זיך נאַטירלעך איבערגעשראָקן, זיך אָנגעהויבן צו ציילעמען, יאָמערן און זיך צעשרײַען אַפן גאַנצן פעלד, ווען מען האָט אים דערלאַנגט אַ קלאַפּ. שפּעטער קריכנדיק פון קוסט צו קוסט, האָט ניקאָלײַ נאָכגעשפּירט נאָך זײַן פאַרהאַלטענעם געהילף ביז די וועכטער האָבן אים אַרײַנגעשטויסן צווישן אַ מאַכנע פרויען, וועלכע זײַנען געווען פאַרזאַמלט באַם ראַנד פון וואַלד. איצט איז געבליבן בלויז צו וואַרטן. דאָס פּאַרטיזאַנישע לעבן האָט אויסגעלערנט ניקאָלײַען אַ סאַך זאַכן, אָבער געדולדיק וואַרטן איז ער נאָך אַלץ ניט געווען בעקויעך. און דאָ האָט אָנגעהויבן צו שאָרכלען צווישן די בלעטער אַ דינער רעגנדל. דער דערפרוירענער אויסשפּירער האָט אָנגעהויבן קאָנוווּלסיוו צו גענעצן. קעדיי צו באַקעמפן דעם דרימל האָט ער אויסגעטאָן זײַן פּילאָטקע און שטעלנדיק זײַן פּאָנעם קעגן דעם ווינט, אָנגענומען פאַרשיידענע ניט קיין באַקוועמע פּאָזעס און אַפילע אונטערגעלייגט אונטער זיך אַ פּאָר שפּיציקע, שטעכיקע סאָסנע־שישקעס. אָבער דאָס אַלץ האָט ניט געהאָלפן. דער גערויש פון דעם רעגן, די הילכיקע קלעפּ פון די טראָפּנס האָבן אים פאַרשלעפּערט און אַלץ אַרום אים: די קוסטעס, דיביימער, דאָס נאַסע גראָז, אָנגעזאַפּט מיט פײַכטקייט, דער אויפגעשוואָלענער מאָך — אַלץ האָט אָנגעהויבן אַוועקצושווימען אין אַ זײַט און פאַרלירן זייער פאָרעם...

„ניט שלאָפן! ניט שלאָפן!" — האָט זיך אַליין באַפוילן ניקאָלײַ.

פלוצים האָט זיך צו אים דערטראָגן אַ גוואַלד, אַ קוויטשעדיקער ווײַבערישער קאָל, טויבע קלעפּ. מען האָט עמעצן געשלאָגן.

דער אויסשפּירער האָט נאָך ניט באַוויזן צו פאַרשטיין, וואָס אַזוינס עס קומט פאָר, ווי ער האָט דערזען אַז פאַרביי אים, צום וואַלד, זיינען דורכגעלאָפן עטלעכע פרויען. פון צווישן די קוסטעס איז אַרויסגעקראָכן זיין געהילף. זיין איינציק אייגל האָט געשטראַלט פון אויפרעגונג. ער האָט געשלעפּט פאַר אַ האַנט אַ מאַסיווע פרוי, אַנגעטאָן אין אַן אייזנבאַנער אוניפאָרעם.

— אָט דאָ איז זי אַליין, קאַטערינע די צווייטע, זי האָט דעם דייטש געמיימעסט און באַפרייט די גאַנצע סטאַדע! — האָט געשריִען קוזמיטש, ווען זיי זיינען אין אַ ווילע אַרום אַלע צוזאַ־מען אַריין אין דער געדיכטעניש פון וואַלד. — אַ קייסערינע — אַ פרוי. אַן אויסערגעוויינלעכע נאַטור־דערשיינונג!

די אויפפירונג פון דער אומבאַקאַנטער האָט איר געדינט פאַר דער בעסטער רעקאָמענדאַציע. ביידע אויסשפּירער האָבן פאַר־שטאַנען, אַז פאַר איר איז ניט נייטיק זיך צו באַהאַלטן, און זיי האָבן איר גלייך דערקלערט ווער זיי זיינען. דערוויסנדיק זיך אַז עס עקזיסטירט אַן אָטריאַד פון אייזנבאַנער, האָט די פרוי נאָר אַ פליעסקע געטאָן מיט אירע גרויסע רויטע הענט.

— ליבינקע מיינע, און איך ברעך מיר אַלץ דעם קאָפּ, וווהין זאָל איך, אַ יעסוימע, זיך אַהינטאָן. פרויען נעמט מען אַריין צו די פאַרטיזאַנער, איך בין דאָך אויך אַ אייזנבאַנערן בין איך, אַ וועג־וועכטערן פון דעם הונדערט צוויי און דרייסיקסטן קילאָמעטער. איך האָב זיך דאָך שוין פון מיין בודקע אַרויסגעצויגן און ווױן איצט אין וואַלד אין אַ ביידל. איך טראַכט די גאַנצע צייט, וואָס טוט מען? ניין, טאָקע אַן אַ שפּאַס, איר זייט אונ־דזערע, פון דער „אוזלאָוואַיאַ״. עפּשער געפינט זיך צווישן אייך אַן אונדזעריקער פון דער דיסטאַנץ.

— אויצער מיינער, ביסט דאָך גאָר ניט קאַטערינע די צוויי־טע, דו ביסט דאָך פּיאָטר דער גרויסער. — האָט זיך אַנטציקט קוזמיטש, אַרומשפּאַנענדיק אַרום דער פרוי און קוקנדיק אַף איר מילד מיט זיין איינציקן אויג. — ביסט דאָך, מיט איין וואָרט, אַן אייזנבאַן־ביינדל! מיר שטאַמען דאָך מיט דיר פון איין מיש־פּאָכע, פון דעם זעלבן שייוועס.

און וואָס טוט מען מיט מיין זונדעלע? איך בין דאָך ניט אַליין, מיין יינגסטער איז דאָך מיט מיר צוזאַמען. ער וואָלט ערשט

באַדאַרפֿט אין דריטן קלאַס גיין אַף וועמען זאָל איך אים איבער־לאָזן? — האָט מיט פֿאַרצייפֿלונג געפֿרעגט די וועג־וועכטערן, וועלכע האָט, ווי עס האָט זיך אויסגעלאָזט, טאַקע געהייסן קאַ־טערינע.

— פּיצעלע מײַנס, דאָס שטערט ניט צום איניען. אַלץ איז אין דער בעסטער אָרדענונג. פֿאַראַן באַ אונדז איינער אַ קאָמאַנ־דיר, דער כאַווער „ק.", יענער איז געקומען אין אָטריאַד מיט אַ 3יאָריק מיידעלע.

קאַטערינע האָט זיך דערפֿרייט.

אָבער ניקאָלײַ, געדענקענדיק רודאַקאָווס אָנווײַזונגען, האָט באַשלאָסן גאָר עפּעס אַנדערש. איצט, ווען די פֿאַשיסטן האָבן שוין איבערגעבויט די באַן־ליניע און געלאָזט אין גאַנג די באַנען, איז געוואָרן אַ סאַך וויכטיקער צו האָבן אָפֿן אָרט זיכערע פּרײַנט. ער האָט געאייצעט קאַטערינען, זי זאָל זיך אומקערן צוריק אין איר בודקע און זאָל זיך צושטעלן אַף אַרבעט צו די אָקופּאַנטן. ער האָט איר דערקלערט, אַז ער אַליין וועט איר ברענגען פֿון דעם קאָמאַנ־דיר אַ באַפֿעל וועגן דעם, וואָס זי האָט צו טאָן. די פֿרוי האָט דערלאַנגט דעם פּאַרטיזאַן אַזאַ שטויס, אַז יענער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. פּונקט ווי זי וואָלט פּלוצים זעעוודיק געוואָרן, האָט זי באַטראַכט זײַן דײַטשישן אוניפֿאָרעם און אָנכאַפּנדיק אים פֿאַר די לאַצן פֿון זײַן קורטקע האָט זי אַ שיפּע געטאָן אים גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן:

— דו אומפֿאַרשעמטער, וואָס לערנסטו מיך צו טאָן? עפּ־שער בין איך גאָר אַ קאַנדידאַט אין פּאַרטיי? עפּשער איז מײַן עלטסטער זון גאָר אַ קאָמאַנדיר אין דער רויטער אַרמיי? — זי האָט זיך בייז אויסגעדרייט צו קוזמיטשן — צו וואָס פֿאַראַ פּאַר־טיזאַן האָסטו דאָס מיך געבראַכט, דו בלינדער טײַוול?

זי האָט אָפּגעשטופּט פֿון זיך ניקאָלײַען און ניט אומקוקנדיק זיך געלאָזט גיין. עס איז אויסגעקומען איר נאָכצולויפֿן און אַפֿן וועג איר געבן צו פֿאַרשטיין, אַז אַ פּאַרטיזאַן איז ניט נאָר יענער, וועלכער שלאָגט דעם אָקופּאַנט אין אַן אָפֿענער שלאַכט, אַז עס איז פֿיל וויכטיקער נאָכצושפּירן דעם סוינע אין געהיים, שעדיקן אים און בישטיקע דערלאַנגען קלעפּ אין דעם ווייטיקלעכסטן אָרט.

קאַטערינע איז געבליבן שטיין און האָט זיך פֿאַרטראַכט.

— און מיט וואָס קענט איר מיר דערווײַזן, אַז איר אַרבעט ניט פאַרן פּאַשיסט? — זי האָט מיט דראָונג אַ קוק געטאָן אַף זיי ביידע — איר זאָגט, אַז איר זײַט אײַזנבאַנער... און ווער זײַט איר?

ניקאָלײַ האָט געזאָגט זײַן נאָמען. קאַטערינע האָט אַ פּליעסקע געטאָן מיט די הענט.

— איוואַן זאַכאַריטש זשעלעזנאָווס זונדל? איך בין דאָך מיט אײַער פֿאָטער צוזאַמען צוויי מאָל געפֿאָרן אַף אָפּרו אין דער זעל־בער סאַנאַטאָריע. אָבער ס'איז עפּעס ניט ענלעך. יענער איז דאָך שוואַרץ ווי קויל. סײַדן איר זײַט זײַן יינגסטער. און ווי געפֿינט זיך אײַער פֿאָטער?

ערשט נאָך דעם אַלעמען האָט קאַטערינע אײַנגעשטימט זיך אומצוקערן אין איר בודקע אַפֿן פֿיר הונדערט צוויי און דרײַסיקסטן קילאָמעטער און ווערן דאָרט, ווי מען האָט עס אַ נאָמען געגעבן אין אָטריאַד: „אַ פּאַרטיזאַניש אויג". זי איז אַוועקגעגאַנגען אָנ־זאָגנדיק מען זאָל ניט פֿאַרהאַלטן דעם באַפֿעל, ווײַל זי וויל ניט אַפֿילע מאַכן אַן אָנשטעל אַז זי אַרבעט מיט מיטן פֿאַשיסט, אויב עס ברענגט ניט קיין נוצן פֿאַר די פּאַרטיזאַנער. זי האַלט עס פֿאַר ניט דערלאָזבאַר און פֿאַר אַ שאַנדע.

— פֿו, ענדלעך פֿאָטער געוואָרן פֿון איר. — האָט מיט פֿאַר־לײַכטערונג אָפּגעזיפֿצט קוזמיטש, ווען עס האָבן אויפֿגעהערט קנאַקן די צווײַגן אונטער די שווערע טריט פֿון דער אַוועקגעגאַנגענער קאַטערינע. — ס'איז ניט קיין פֿרוי, נאָר אַ לאָקאָמאָטיוו „פּע־דע". אַזאַ איינע קען דיר נאָך אַמאָל ניט געדאַכט זאָל ווערן, אַזאַ זעץ געבן, ווי יענעם פֿאַשיסט, אַז דעם ווירטשאַפֿטס־פֿאַרוואַלטער זאָל שוין אויסקומען דיך אויסצומעקן פֿון דעם רעגיסטער פֿון פּראַ־דוקטן־אָפּנעמער. — קוזמיטש האָט זיך צוגעבויגן צו ניקאָלײַס אויער און, האַגאַם אין יענער שאָ איז אין וואַלד געווען אַזוי שטיל, אַז מען האָט אַפֿילע ניט געהערט קיין פֿויגל, אים סוידעספּול אַ שעפּטשע געטאָן: — די איז גאָרניט, כאַפּט זי דער וואַטנמאַכער, גלאָט אַזוי זיך אַ פֿײַערלעשער טורעם... איך אָבער, ברודער ני־קאָלײַ, האָב אויסגעשמעקט אַ פּאָר דײַטשישע פּאָליציי־הינט — פּאַשעט צו שטוינען. עכט ראַסאָווע.

רײַבנדיק זיך די הענט האָט דער אַלטער דערציילט מיט גרויס

געדולע, אַז צווישן די פאַרהאַלטענע פרויען האָבן זיך אים דאָרט אַף דער לאַנקע געוואָרפן אין די אויגן צוויי זייער פאַרדעכטיקע ווײַבעלעך. לויט דער אויסשפּראַך איז לײַכט צו דערקענען, אַז זיי זײַנען ניט פון די מעקוימעס. די גאַנצע צײַט האָבן זיי זיך געשאַדכנט צו אים מיט פאַרשיידענע פראַגעס: וואָס און ווו און וויאַזוי. און איינע פון זיי, די וועלכע איז עלטער, זייער אַ כיינעוודיקע, אַ גלאַטע אַזאַ, אַ שוואַרצברעמיקע, האָט זיך פּאָשעט צוגעזעצט צו קוזמיטשן און אים אַלץ אויסגעפרעגט: ווו געפינען זיך די פאַרטיזאַנער, זײַנען זיי אַ סאַך, וויאַזוי קען מען צוקומען צו זיי. די אַנדערע, אַ קלענערע האָט גאָרניט גערעדט, ווײַזט אויס, אַז זי אַרבעט מיט אַזוי זיך. אוןביידע האָבן די גאַנצע צײַט אָפּגעהיט אַ זאַק. קוזמיטש האָט עס גלײַך באַמערקט. אַ שמוציקער זאַק אַזאַ, אײַנגעפּאַנצן מיט לאַטעס. און צוליב דעם זאַק האָבן זיי זיך איינע דער צווייטער אין די האָר פאַרקראָכן. — ניט געקענט זיך צעטיילן אָדער וואָס?

— איך, ברודערל ניקאָלײַ, בין אַ זעעוודיקער. מיט איין אויג זע איך בעסער, ווי דו מיט ביידע. פון מיר וועסטו זיך ניט אויסבאַהאַלטן. האָב איך דאָך גלײַך פאַרשטאַנען: „גיב אַכטונג, קוזמיטש, דאָס זײַנען טאַקע די, וועגן וועלכע עס האָט אונדז אָנגעזאָגט דער כאַווער קאָמאַנדיר רודאַקאָוו". וואָס זאָגסטו צו איר, גיי דערצייל איר ווו די פאַרטיזאַנער געפינען זיך. מיט אַ פלינקן מאַנעווער וויל זי אַרויסגיין אַף אונדזערע הויפּט־וועגן.

ניקאָלײַ האָט זיך פאַרטראַכט. עס האָט זיך געלאָזט גלייבן, אַז דאָס זײַנען די געדונגענע פון געשטאַפּאָ אַגענטן פון די מײַרעוו־געגנטן, קעגן וועלכע עס האָט געוואָרנט די אינסטרוקציע פון דער פאַרטיזאַנישער אָנפירונג.

— ווו זײַנען זיי?

— דו פאַרלאָז זיך אַף קוזמיטשן. קוזמיטש, גוטער ברודער, איז אַזאַ דורכגעטריבענער, ער באַמערקט אַלץ. ווען מען האָט דעם פּאַשיסט געפּאַטערט, האָב איך זיי נאָכגעקוקט, ווּהין וועלן זיי לויפן. און איך זע, אַלע לויפן באַם ראַנד פון וואַלד און יענע צוויי אין סאַמע וואַלד אַרײַן... דו, ליבער מײַנער, זאָלסט פאָלגן, וואָס קוזמיטש וועט דיר זאָגן, מיט קוזמיטשן וועסטו ניט פאַרלוירן גיין. גיב נאָר אָפּ, גוטער ברודער, מײַן ליולקע און די טאַבאַקערקע. אָן

טאַבאַק פֿייגער איך פֿאַשעט אַוועק, אין קאָפּ איז מיר אַזש פֿינצ־טער געוואָרן.

די אויסשפּירער האָבן באַשלאָסן אָנצוזאָגן די צוויי פֿאַרדעכ־טיקע פּרויען, איידער עס ווערט פֿינצטער. גייענדיק אין יענער ריכטונג, וועלכע קוזמיטש האָט אָנגעוויזן, האָבן זיי אָן שום מי אויסגעפֿונען די שפּורן פֿון צוויי פּאָר פֿיס, וועלכע האָבן זיך דײַט־לעך אָפּגעצייכנט אויף דעם פֿײַכטן, גרינעם, אָנגעזאַפּטן מיט טוי מאָך. איין פּאָר איז געווען גרעסער און טיפֿער, אין פֿאָרעם פֿון אַן אָוואַל; די צווייטע — קלענערע מיט אַ בוילעטן אָפּדרוק פֿון זוילן און אָפּצאָסן.

— דאָס זײַנען זיי! — האָט מיט פֿרייד אויסגעשריִען דער סטרעלאָטשניק. — זעסט, די שוואַרצבערעמיקע איז שווערער און טראָגט לאַפּטיעס, און די קליינע — שיך. זיכער און פּינקטלעך. מיר גייען, ברודערקע, לויטן אָנגעמערקטן מאַרשרוט.

די שפּורן האָבן געפֿירט אויף מיזרעך, אין די טיפֿעניש פֿון וואַלד. פֿון אָנהייב זײַנען זיי געווען זייער בוילעטע, מיט אַ טיף אַרײַנגעקוועטשטער פֿאָדערשטער טייל. ניקאָלײַ האָט פֿאַרשטאַנען: מען איז געלאָפֿן. שפּעטער האָבן זיך שוין די שפּורן געלייגט גלײַך מיט עטוואָס צעשפּרייטע שפּיצן. דאָ האָבן שוין די פּרויען אָנ־געהויבן צו גיין, זיי האָבן זיך שוין אָפּגעגעבן אין זיך. עס איז געווען זייער לײַכט זיי נאָכצוזאָגן, ווײַל פֿון הימל האָט אַלץ שטיל געשפּריצט מיט אַ דינעם וואַסער־שטויב. ער האָט באַדעקט דעם מאָך, דאָס גראָז און די צווײַגן מיט אַ גרויען הײַטל אַזוי, אַז די פֿוס־טריט האָבן זיך דײַטלעך געשוואַרצט אויף דעם גלאַטן גרויען פֿאָן. די אויסשפּירער זײַנען געוואָרן שטאַרק מיד, אָבער זיי האָט זיך ניט אײַנגעגעבן אָנצוזאָגן די פּרויען אין יענעם טאָג. עס איז צוגעפֿאַלן דער אָוונט. די שפּורן האָבן אָנגעהויבן זיך צו פֿאַרלירן. זיי האָבן אײַנגעבראָכן פּאָר אַ סימען אַ קליין סאָסנעלע, כּדי ניט צו פֿאַרלירן די ריכטונג, און אַליין האָבן זיי זיך אײַנגעאָרדנט אויף נאַכטלעגער.

דער אומרויִקער קוזמיטש האָט אויפֿגעוועקט זײַן כאַווער, ווען עס האָט קוים געטומען שאַריִען אויף טאָג. ניקאָלײַ האָט געמאַכט עטלעכע שאַרפֿע גימנאַסטישע איבונגען און פֿאַרטריבן זײַן פֿאַר־

גליווערטקייט. אין דער זעלבער צײַט האָט זײַן באַגלייטער כאַוועריש צעטיילט דעם שטיקל זויערן פּרטיזאַנישן ברויט מיט קנאַקנדיקע אונטער די ציין שטיקלעך קויל, וועלכע זײַנען געווען אײַנגעבאַקן אין דער אונטערשטער קאָרע — דאָס איז שוין געווען דאָס לעצטע, וואָס איז זיי פאַרבליבן פונעם שפּײַז.

די זון האָט זיך שוין אויפגעהויבן, אָבער אין וואַלד איז נאָך אַלץ געווען פינצטער. עס האָט גערוישט דער רעגן. די פּאַרטיזאַנער האָבן זאָרגזאַם צונויפגעזאַמלט די ברעקלעך ברויט, זיי אײַנגעשלונגען און האָבן זיך אויפגעשטעלט. זייער שנעל האָבן זיי אויסגעפונען די אָנגעמערקטע סאָסנעלע, וועלכע האָט שוין אָנגעהויבן צו טריפן אַפן אָרט פון דעם ברוך מיט דורכזיכטיקע דופּטיקע סמאָלע־טראָפּנס. אַפן יונגן גרינעם מאָך האָבן זיך נאָך געמערקט די שפּורן פון די טריט. די כאַווירים האָבן זיך איבערגעקוקט און זײַנען שנעל אַוועק פאָרויס נאָך די שפּורן, צופרידן וואָס זיי פירן אַף מיזרעך און דערנענטערן זיי צום פּאַרטיזאַנישן לאַגער.

עס האָט געשמעקט מיט צוויל, מיט שוואָמען און מיט נאָך עפּעס אַ שווערן, טרויעריקן רייעך, וועלכן עס לאָזט פון זיך אַרויס דער וואַלד אָנהייב האַרבסט אין אַזעלכע רעגנדיקע פרימאָרגנס.

דאָ און דאָרט האָבן אַף די לאָנקעס געגלאַנצט מיט זייערע פּאָלירטע היטעלעך רויז־שוועמלעך, עס האָבן זיך געצויגן צו דער זון, דורכרײַסנדיק דעם פײַכטן מאָך, ווײַסע טעלערלעך פון די ווייס־שוועמלעך; מיט ווײַסלעכע פרענדזלעך באַם ראַנד האָבן געשײַנט מיט גאָלד אַרום די פניאָקעס פריילעכע מאַכנעס ליסיטשקעס, און אַף די בערגלעך, דאָרט ווו עס איז געווען טרוקענער האָט זיך פון צײַט צו צײַט געמערקט דאָס זאַמשענע קעפּל פון אַ באַראַוויק.

קוזמיטש האָט נאָר געקרעכצט, קוקנדיק אַף דער מאַסע שוואָמען, וואָס גייט אין ניוועץ. צום סאָף האָט ער זיך מער ניט געקענט אײַנהאַלטן, אַראָפּגעשלעפּט זײַן אָפּגעבליאַקעוועטן אוניפאַרעם־קאַרטוזל און האָט אָנגעהויבן זאַמלען אין אים באַראָוויקלעך, פון די וועלכע זײַנען געווען קלענער און האַרטער.

— זע נאָר, קוק נאָר, ביקאָלײַ, וויפל גוטס עס גייט פאַרלוירן! ערשטקלאַסיקע, ווילדוואַקסיקע. אַזאַ ווויילטאָג, און עס איז

ניטאָ ווער עס זאָל נעמען! די הענט פאַרנעמען זיך מיט עפּעס אַנדערש, ווערט עס אָנקומען פאַר די ווערים... דעם היטלערן וואָלט מען באַדאַרפט פאַרגראָבן אין אַ מוראַשניק. זאָלן די מע־רעשקעס אים פרעסן אַ לעבעדיקן שטיקערווייז, דעם אויסוואורף.

פּונקט ווי אַ קאָוואַל איז שוין געווינט ניט צו הערן דאָס קלאַפּן פון דעם האַמער, און אַ מאַשיניסט דעם רעדער־גערויש פון זײַן לאָקאָמאָטיוו, אַזוי האָט זיך אויסגעלערנט ניקאָלײַ פאַר די טעג פון זײַן אַרומוואַנדערן מיט קוזמיטשען, ניט צו הערן יע־נעמס פּלוידערײַען. ער איז געגאַנגען פאַרטיפט אין זײַנע ראַיוינעס. נאָר איין געדאַנק, איין טרוים האָט אָנגעפּולט זײַן וועזן: דער פאַ־שיסט שפּאַצירט איבער אונדזער ערד, מען מוז ווי אַמשנעלסטן צעקלאַפּן און פאַריאָגן דעם פרעמדן פון אונדזער לאַנד.

און דאָך, עס איז אַזוי גוט אין וואַלד... ווי גרויסאַרטיק איז די רוסישע נאַטור, וויפל באַשיידענע שיינקייט פאַרמאָגט זי אין זיך, וויפל כּאַכמעדיקע, באַרויִקנדיקע פּאָעזיע...

אָבער וואָס איז דאָס? ערגעץ פון פאַרנט, אין דער טיפענּיש פונעם וואַלד האָט אַ ריינע, קלינגענדיקע שטימע אָנגעהויבן שטיל צו זינגען „דער געוויטער”... די פאַרטיזאַנער זײַנען געבליבן שטיין. ניקאָלײַס האַרץ האָט אָנגעהויבן צו קלאַפּן שטאַרקער. דאָס זעלבע ליד פלעגט ליב האָבן צו זינגען זײַן מוטער זיצנדיק באַם נייען, אָדער אַרומפאַרענדיק זיך אין קיך. דאָ, אין דעם ווילדן וואַלד, האָט די מעלאָדיע, עטוואָס אַ געדעמפּטע צוליבן שעטעך, געקלונגען איבערנאַטירלעך שיין. און דאָ האָט אויך די זון, ווי זי וואָלט אויך געוואָלט הערן דאָס געזאַנג, זיך דורכגעריסן פון צווישן די שיטערע וואָלקנס און אַ יאַם ליכט־שטראָמען האָט זיך אַ גאָס גע־טאָן אָפן וואַלד, וועלכער איז מיטאַמאָל לעבעדיק און יונג געוואָרן.

— דאָס זײַנען זיי! — האָט פריילעך אַרויסגעשעפּטשעט קוז־מיטש. — ניקאָלײַ, פאַרליר זיך נאָר ניט! מיר וועלן זיי אומבאַ־מערקט אַריבעריאָגן, מיר וועלן זיי פאַרגיין אין פלאַנג און דאַן אַטאַקירן מיט אַלע אונדזערע קאַמפּס־קויכעס!

— וואַרט, לאָמיר הערן! — האָט אים אָפּגעהאַלטן ניקאָלײַ.

— וואָס טויג דאָס וואַרטן? צוליב וואָס? — האָט זיך אויפ־גערעגט קוזמיטש. — זינגען זינגט זי שיין, אָבער ווו ווע̇ט זי

זיך זעצן? איך בין, ברודערקע, אַ ווײַטזעעוודיקער. קום, לאָ־מיר גיין. עפּשער גיבן זיי גאָר מיטן ליד עמעצן אַ צייכן.

די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך פאַרנומען אַף רעכטס. איבערגע־יאָגט די פּרויען און זײַנען אַרויס איבערשנײַדנדיק זיי דעם וועג.

דאָס ליד האָט זיך איבערגעריסן. די אומבאַקאַנטע פּרויען האָבן זיך איבערגעשראָקן און, ניט פאַרפירנדיק קיין שמועס, גע־פּרוווט זיך צו דערווײַטערן. דאָס איז געווען גלײַכצײַטיק אי נאַ־טירלעך אי פאַרדעכטיק. אין אַזאַ צײַט, דערצו נאָך אין מיטן ווילדן וואַלד, ווער וועט זיך דאָס ניט איבערשרעקן, דערהערנדיק אַז מען יאָגט זיך נאָך אים. און זיי זײַנען דאָך פּרויען.

מען מוז דאָך אָבער פעסטשטעלן, ווער זיי זײַנען. ניקאָלײַ האָט אָפּגעשטעלט די צוויי אומבאַקאַנטע. זייער אויסזען האָט פון דעם ערשטן בליק געמאַכט אַף אים אַ גוטן אײַנדרוק. די עלטערע האָט אַזאַ שיין פּאָנעם! אַפילע באַ אַזעלכע אומשטענדן האָט עס ניט פאַרלוירן די זיכערקייט און ווירדיקייט. אַף דער קלענערער האָט ניקאָלײַ פון אָנהייב אינגאַנצן ניט געלייגט קיין אַכט — עפּעס אַ כוצפּעדיק מיידל מיט אַ בלויען צייכן אונטערן אויג און מיט אַ קליין פּרישטשל אַף איר פאַרריסענעם נעזל, אָבער די אויגן זײַ־נען שיינע — גרויסע, גרויע, ריינע. און זיי קוקן אַזוי בייז פון אונטער די לאַנגע אויסגעבויגענע ווינעס, וועלכע זײַנען אינגאַנצן אָפּגעבליאַקעוועט געוואָרן פון דער זון. דאָס האָט זי, ווײַזט אויס, געזוכט. דער פּאַרטיזאַן האָט מיט מער אויפמערקזאַמקייט באַ־טראַכט דאָס מיידל. האָר האָט זי אויך שיינע, אַ גאַנצער באַרג... פאַרוואָס האָט זי עפּעס אַזוי אָנגעשטעלט אַף אים אירע אויגן?

ניקאָלײַ האָט איצט דערפילט, אַז ער פאַרלירט זײַן שטענדיקע קאַלטבלוטיקייט. עס ווערט אים ניט אנגענעם צו שטיין פאַר די אומבאַקאַנטע פּרויען אָנגעטאָן אין דעם סוינעס אוניפאָרעם. עס האָט זיך אים שטאַרק פאַרוואָלט, אַז זיי ביידע, און איבערהויפּט יענע, דאָס גרויסאויגיקע כוצפּעדיקע מיידל, זאָלן גאָר זײַן פײַנע, אָנשטענדיקע מענטשן און דאָס אַלץ אין וואָס קוזמיטש איז זיי כוישעד — זאָל זיך גאָר אויסלאָזן פאַר אַ שטוסערײַ.

אָבער דער אַלטער האָט זיך נאָך מיט אַ גרעסערן פאַרדאַכט אײַנגעגעסן אין די געווזענע געפאַנגענע. עפּעס אַ מאָדנע זאַך,

אין מעשעך פון דער נאַכט זײַנען זיי ביידע ייִנגער געוואָרן. נעכטן אין לאַגער זײַנען דאָס געווען צוויי זקיינעס, און הײַנט...

ווען די קלענערע האָט אָנגעהויבן, אײַלנדיק זיך און אויפגע־רעגט, דערציילן איר טרויעריקע, רירנדיקע געשיכטע, פאַררופנדיק זיך אָן שום נויטווענדיקייט אַף דער דערלויבעניש פון דעם „הער קאָמענדאַנט" און אַף דער באַגעגעניש מיטן „הער אָפיציר", האָט ניקאָלײַ אָנגעהויבן צו וואַרפן אַף זײַן כאַווער קרומע כויזעק־בליקן. „עך דו, וואַכזאַמער כאַווער, ניט אומזיסט האָט מען וועגן דיר גע־שמועסט אין דעפּאָ, אַז דו לײַדסט פון אַן אומגעלומפּערטער אַק־טיוויטעט! דאָס זײַנען דען פאַשיסטישע מעשאָרסים? קענען דען באַ פאַררעטער זײַן אַזעלכע אויפריכטיקע אויגן?" דאָס אַלץ האָט אויסגעדריקט ניקאָלײַס בליק און קוזמיטש האָט זיך אָנגעכמורעט.

פלוצים האָט די קלענערע אָנגערופן זייער שטאָט. ניקאָלײַ האָט זיך אינערלעך געגעבן אַ באַפעל: „אַכטונג! ווו שטייסטו פּאַרטיזאַן!" איצט האָט ער פאַרשטאַנען, אַז די אומבאַקאַנטע זאָגט ליגנס. און זי זאָגט זיי אַפן אויפריכטיקסטן אויפן. און דער זאַך?! ווי ביידע האָבן זיך דאָס איבערגעשראָקן, ווען ער האָט געפּרוווט אַ ריר טאָן דעם זאַק, וועלכער איז געהאַנגען באַ דער עלטערער אַפן רוקן. זאָלן דאָס טאַקע זײַן פאַשיסטישע שפּיאָנען? איצט האָט שוין טרײַומפירט קוזמיטש. זײַן גרין אייגל האָט זיך געזשמור־רעט מיט כויזעק: „עך דו, פאַרטיזאַן, אויסגעוואַקסן ווי אַ טעלע־גראַפן־סלופּ, און סייכל קיין ברעקל ניט. דוכט זיך קויעך פאַרמאָגט עס, ווי אַ פראַכט־לאָקאָמאָטיוו, און פון איין בליק פון אַ כיינעוו־דיק מיידל איז ער צעגאַנגען געוואָרן ווי שמאַלץ אַף אַ סקאָווראָדע. און דאָס איז אַן אויסשפּירער!"

פילנדיק, אַז קוזמיטש איז גערעכט, האָט ניקאָלײַ זיך באַמיט צו ריידן וואָס שטרענגער און האָט אויפגעפּאָדערט באַ די אומ־באַקאַנטע, זיי זאָלן טייקעף באַווײַזן וואָס עס געפינט זיך אין זייערע זעק. אָבער די עלטערע האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אַף אים מיט אַזאַ אויפריכטיקן צאָרן, אין אירע אויגן האָט זיך באַוויזן אַזאַ ביטל־אויסדרוק, ווען זי האָט אַרויסגערעדט דאָס וואָרט „פאַשיסטן" און ווען זי האָט דערקלערט, אַז זייער אייגענע ערד וועט זיי ניט צונעמען, אַז ניקאָלײַ האָט זיך ווידער אָנגעהויבן צו וואַקלען.

אין מעשעך פון זײַן טעטיקייט אַלס פאַרטיזאַנישער אויס־

שפירער האָט ניקאָלײַ זיך אָנגעשטויסן אַף פאַרשיידענע זאַכן און איז דעריבער ניט געווען קיין לײַכטגלויביקער. ער האָט געזען פאַרביטערטע סאָנים פון דער סאָוועטן־מאַכט, וועלכע זײַנען אַרויסגעקראָכן פון זייערע נאָרעס און אַראָפגעשלײַדערט פון זיך די מאַסקעס. געזען האָט ער אויך באַנדיטן און גאַנאָווים באַפרײַטע פון טפיסעס, וועלכע האָבן זיך געשטעלט צו דינסט די אָקופאַנטן, ביכדיי צו פאַרדינען אַ לײַכטן גראָשן; ער האָט זיך באַגעגנט מיט נישטיקע, פאַכדאָנישע מענטשעלעך, וועלכע האָבן זיך איבערגעגעבן צום סוינע, קעדיי אָפצוראַטעווען זייערע לעבנס. אָבער קיימאַט יעדער פון אַזעלכע פאַרשוינען האָט געהאַט הינטער זיך אַ טונקעלע פאַרגאַנגענהייט און האָט געטראָגן אַף זיך קאַינס צייכן. באַם באַגעגענען זיך מיט אַזאַ איינעם פלעגט דער פאַרטיזאַן פילן דאָס זעלבע, וואָס עס פילט א יעגער, וועלכער געפינט אויס אַ שפור פון אַ געפערלעכער ווילדער כאַיע. הײַנט, אָבער, האָט זיך ניקאָלײַ צום ערשטן מאָל פאַר דער גאַנצער צײַט פון זײַן אויסשפיר־טעטיקייט, געפונען אין אַ סאָפעק: דער סייכל האָט אים געוואָרנט, אָבער דאָס האַרץ האָט זיך אָפגעזאָגט צו גלייבן דעם סייכל. ווען דער ייִנגערערס בליק האָט זיך קרום אַ וואָרף געטאָן אַף אים פון אונטער די גאָלדענע וויִעס און האָט זיך אַ גליטש געטאָן איבער זײַן פאָנעם, האָט דער פאַרטיזאַן דערפילט, ווי אַ הייסע כוואַליע האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין קאָפ. און עס האָט זיך געגלוסט אָן אויפהער צו קוקן אַף דעם קעפל מיטן אָפגעברענטן טשוב, וואָס איז אַזוי שטאָלץ און דרײַסט געווען פאַרוואָרפן אַף הינטן.

— ווער זײַט איר? איר זאָלט דעם עמעס זאָגן, איר הערט?

— האָט ער אַרויסגערעדט קוקנדיק אַפן זאַק, וועלכער איז געהאַנגען באַ דער עלטערער אַפן רוקן.

— אָרנטלעכע, סאָוועטישע מענטשן, אָט ווער מיר זײַנען! — האָט געענטפערט יענע און זיך אויסגעדרייט אַזוי, מען זאָל דעם זאַק ניט קענען זען. — ניט דאָס וואָס איר, — און זי האָט מיט פאַראַכטונג אַרויסגערעדט — באַנדיטן!

— העי, דו דאָרט, פאַר אַזעלכע ווערטער... — קוזמיטש האָט אָנגעשטעלט אַף איר דעם אויטאָמאַט. די הענט האָבן זיך אים געטרייסלט און די ווינקלען פון זײַנע דינע ליפן האָבן געציטערט.

— פּילנדיק, אַז דער באַליידיקטער אַלטער קען אַ צי טאָן דאָס צינגל, האָט ניקאָלײַ פאַרשטעלט מיט זײַן קערפּער די אומ־באַקאַנטע פרויען.

— מיר זײַנען פּאַרטיזאַנער — אָט ווער מיר זײַנען! — האָט ער געזאָגט, צעציִענדיק די ווערטער און קוקנדיק דער ייִנגערער גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן, קעדיי צו באַמערקן, וואָס פאַר אַן אײַנ־דרוק עס וועלן אַף איר מאַכן זײַנע ווערטער.

אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַזביידע פרויען האָבן זיך איבער־געקוקט מיט פרייד, אָבער די עלטערע האָט טייקעף אויפגעהויבן אירע ברעמען וואָרענענדיק:

— וואָס באַשמוצסטו די פּאַרטיזאַנער? די פּאַרטיזאַנער קעמפן מיט די פאַשיסטן און דו גאַזלסט אָפן ברייטן וועג און נעמסט צו בײַ אומבאַשיצטע פרויען זייערע לעצטע בעבעכעס. אויב דו אַליין האָסט שוין איינגעאַנצן די בושע פאַרלוירן, זאָלסטו כאָטש ניט באַ־שמוצן מיט דײַנע ליגנס די פּאַרטיזאַנער.

— ווײַז, וואָס האָסטו אין זאַק? באַווײַז, דו גיפטיקע שלאַנג! — האָט געקוויטשעט קוזמיטש פּאָכענדיק מיטן אויטאָמאַט און שיר ניט וויינענדיק פאַר פאַרדרוס.

— אויב איר זײַט בעעמעס פּאַרטיזאַנער, פירט אונדז אָפּ צו אײַער קאָמאַנדיר. אײַער קאָמאַנדיר וועלן מיר ווײַזן. — האָט פעסט אַרויסגערעדט די הויכע און אין אירע ווערטער האָט אָפּגעג־קלונגען אַזאַ זיכערקייט, פּונקט ווי ניט נאָר דער עמעס, נאָר אויך דער קויער איז געווען אַף איר זײַט און זי האָט אַפּילע רעכט צו באַפעלן.

אָט דאָס איז טאַקע אַן אויסוועג. סײַ ווי סײַ באַ אַלע אומ־שטענדן האָט מען דאָך זיי געמוזט אָפּפירן אין אָטריאַד.

ניקאָלײַ האָט מיט אַן אויסערסט שאַרפן טאָן באַפוילן די צוויי פאַרהאַלטענע פרויען גיין פאָרויס, און האָט הויך, אַז ביידע זאָלן הערן, אָנגעזאָגט קוזמיטשן אין וועמען פון זיי ער זאָל שיסן, אין פאַל ווען די אומבאַקאַנטע וועט זיך פאַרגלוסטן צו אַנטלויפן. אַ האַרץ איז טאַקע אַ האַרץ, אָבער מילכאָמע בלײַבט מילכאָמע: און אין מילכאָמע מוז מען האַנדלען ניט ווי דעם האַרץ גלוסט זיך, נאָר ווי דער מויעך באַפעלט.

אַזוי זײַנען זיי געגאַנגען אַ שאָ, און צוויי און דרײַ, ביז די

זון האָט זיך אויפגעהויבן אַפן זעניט. קוזמיטש פלעגט זיך פון צײַט צו צײַט אײַנבויגן קעדיי אַרויסצוכאַפּן אַ גאָר רייצנדיקן באָראָוויקל. ניקאָלײַ איז געגאַנגען און די גאַנצע צײַט געקוקט אַפן קורץ אונטערגעשוירענעם קאָפּ פון דער קלענערער. ווײַזט אויס אַז זי איז שוין לאַנג ניט געווען באַם פריזירער; אירע בלאָנדע האָר זײַנען אונטערגעוואַקסן און האָבן זיך געקרײַזלט אין געדיכטע לאָקן אַף דעם דינעם שטאַרק אָפּגעברענטן מיידלשן האַלדז. „ווי לײַכט זי גייט. פּונקט ווי ניט איבערן וואַלד, נאָר אַפן פּאַרקעט".

ווען די סטעזשקע האָט זיך פאַרקירעוועט לעבן אַ באַשאָטעטנעם מיט וועלפּישע יאַגדעס קוסט, האָט זיך דאָס מיידל פּלוצים אויסגעדרייט. ניקאָלײַ האָט ניט באַוויזן אָפּצווענדן זײַן בליק, און זייערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט. ניקאָלײַ האָט דערפילט, ווי באַ אים אין ברוסט האָט זיך דאָס האַרץ אומרויִק אַ ריר געטאָן. דער פּאַרטיזאַן האָט זיך מאַמעש פאַרלוירן. ער זאָל זיך רויטלען פון אַ קוק פון עפּעס אַ צעפּאַטלטער מיידל — ניין, דאָס איז שוין צופיל, אַזוינס איז נאָך מיט אים קיינמאָל ניט געשען. און דערבײַ האָט ער דערפילט אַז עס איז אים שווער אָפּצורײַסן זײַנע אויגן פון דער מיידלשער פיגורל. ער האָט זיך באַמיט אַליין צו געבן צו פאַרשטיין זײַן מאָדנעם צושטאַנד און אַפּעלירט צו דער לאָגיק.

„נו, זאָגט אַליין, איך פרעג אײַך, וואָס אַזוינס פאַרמאָגט זי? די עלטערע, זעט איר, איז טאַקע יאָ, יענע איז אַן עמעסע שיינקייט, אַ הויכע, אַ שלאַנקע. גייט זי פאַרבײַ, איז ווי די זון וואָלט געשײַנט; וואַרפט זי אַ בליק — אַ מאַטאָנע זי שענקט". און די, גלאַט עפּעס אַ הינדעלע. און די סקי־הויזן... די זוילן אַף אירע שיך פאַרבונדן מיט דראָט... און פיס!... אַזאַ קליינע און אַזעלכע גרויסע שיך! אָבער גיין גייט זי לײַכט, עלאַסטיש. אָט האָט זי, פּונקט ווי אַ זומער־פייגעלע, אַריבערגעפלאַטערט פון איין בערגל אַפן צווייטן. און אויגן... מאַמעש ווונדערבאַרע אויגן. און איר שטימע...

„און איר שטימע ווי אַ דודעלע קלינגט, ווי אַ כוואַליע צעבושעוועט פון ווינט..." פו, צום טײַוול, פון וואַנען איז דאָס? אַך יאָ, פון יענער גראַמאָפאָן־פּליטע, וועלכע די יאַטן האָבן געדרייט די לעצטע נאַכט אין דעפּאָ. אַ שיינע מעלאָדיע און די ווערטער אויך גוטע. ווּעמענס איז דאָס? דוכט זיך אַלעקסיי טאָלסטאָיס. ווי גייט עס דאָרט ווײַטער? „מיר געפעלט דײַן פיגור, די שלאַנקע און דײַן

פּאַנעם אין טרויער פאַרהילט, און דײַן שטימע דאָ אומעטיק, דאָ פרײלעך... און פון דאַן..." „פון דאַן"... ווי גייט עס דאָרט דײַן שטימע אָדער דײַן געלעכטער? פאַרגעסן. מיט איין וואָרט עפּעס דאָרט געקלונגען. און זאָל זיך קלינגען. קיין שום גוטס זע איך ניט אין איר. אַזוי זיך אַ צעבאַלעוועט מיידל מיט כוצפּעדיקע אויגן. נאַרישקייטן! עס לוינט זיך ניט צו טראַכטן וועגן איר. עפּשער קלײַבט אויס די געשטאַפּאָ ספּעציעל אַזעלכע שיינע, קע־דיי... וואָס האָט זי זיך דאָרט אײַנגעבויגן פּלוצים?"

— העי, גייט גלײַך! ניט אָפּנויגן זיך פון וועג! — האָט ניקאָלײַ אַ געשריי געטאָן ווי מעגלעך שטרענגער.

די עלטערע האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— ווי מיינט איר, כעוורע, עפּשער זאָל מען זיך אָפּרוען? שוין צײַט... און עס איז הייס.

זי האָט עס אַרויסגערעדט אַזוי פּאַשעט, אַז אַפילע קוזמיטש, וועלכער האָט אַכטונג געגעבן אַף יעדער באַוועגונג פון די פאַר־האַלטענע, איז אויך מאַסקים געווען, אַז איצט איז טאַקע די עכטע צײַט זיך צוצוזעצן אַף אָפּרו אין אַ קיל ווינקעלע.

זיי האָבן זיך אײַנגעאָרדנט אַפן גראָז, אין שאָטן פון אַ שוין געל־געוואָרענעם נוס־בוים. ניקאָלײַ האָט באַמערקט, אַז די עלטערע האָט קלוימערשט ניט ווילנדיק, אָבער מיט אַ קיוון, זיך געזעצט אַף איר זאַק. פון דער יינגערערס זאַק האָט זי אַרויסגעשלעפּט עט־לעכע געבאַקענע קאַרטאָפל, פאַרוויקלטע אין אַ האַנטעך און זיי צעטיילט אַף פיר גלײַכע פאַרציעס. אין דער מיט האָט זי אַוועק־געשטעלט אַ סלאָיִקל מיט זאַלץ.

— נו, איך פאַרבעט צום טיש, — האָט זי היימיש אײַנגע־לאַדן. זי האָט זיי צוגערופן און דערבײַ צוגעגעבן: — איך האָב אַלץ פאַרטיילט, מער איז קיין קאַרטאָפל ניט געבליבן. ווען מיר צו אַוונטברויט אָנקומען צו אײַך אין אָטריאַד?

— ווען מען וועט דאַרפן, וועט מען אָנקומען! — האָט אַ ברום געטאָן קוזמיטש.

— זע נאָר, סאַראַ שטרענגער, — האָט אַ שמייכל געטאָן די פרוי, און האָט אַ זיפץ געטאָן — מיילע, נו, עסט שוין.

די פרוי האָט זיך איצט געהאַלטן מיט אַזאַ רויִקייט און צו־טרוי, אַז קוזמיטש אַפילע האָט שוין מיט איר געשלאָסן שאָלעם.

דער אַלטער האָט באַמערקט אַז די פּרויען האָבן אַ קעסעלע, האָט ער זיך פאַרגעשלאָגן אָפּצוקאָכן די שוועמלעך. ער איז אַליין אַוועקגעלאָפן נאָך וואַסער און האָט שנעל צעלייגט אַ פײַער. די עלטערע האָט דערווײַל געשיקט און פלינק גערייניקט און געברעקלט די באַראָוויקעס.

ניקאָלײַ איז געלעגן קעגנאיבער אַ בערגל אַ באַדעקטן מיט מאָך און האָט באַטראַכט קליינע בינטלעך פון שיינעם, צאַרטן גראָז. דאָס גראָז האָט בוייט צעוואָרפן אַף אַלע זײַטן קײַלעכדיקע פוכלע בלעטלעך. ער האָט מיט אַ פאַרטרוקנטן צווײַגל געמישט די דורכזיכטיקע טראָפנס, וועלכע האָבן געפינקלט אין דער מיט פון יעדן בלעטל. פאַרטיפט אין זײַן באַשעפטיקונג, האָט ער פלוצים דערפילט אַז עמעצער שפּירט אים נאָך. עס האָט אַ קנאַק געטאָן אַ צווײַגל. זײַן האַנט האָט זיך אַ צי געטאָן צום רעוואָלווער. הינטער אים איז געשטאַנען דאָס גרוי־אויגיקע מיידל און געקוקט איבער זײַן אַקסל.

— וואָס באַטראַכט איר דאָ ? דאָס שיינע גרעזעלע ? יאָ ?

— דאָס שיינע גרעזעלע.

ניקאָלײַ האָט אַ שמייכל געטאָן, געכאַפּט אַ קאָמאַר, וועלכער האָט געזשומעט אין דער לופט און האָט אים פאָרזיכטיק אַרײַנגעלייגט אין דעם דורכזיכטיקן, ווײַזט אויס, קלעפּיקן טראָפּן, אין צענטער פון בלעטל. די הערעלעך האָבן זיך גלײַך אַ צאַפּל געטאָן, זיך אָנגעהויבן רירן און זיך צונויפוויקלען. דער קאָמאַר האָט זיך נאָך געוואָרפן מיט זײַנע פיסלעך אין דער קלעפּיקער מאַסע. אָבער די הערעלעך פון דעם בלעטל האָבן אים געהאַלטן פעסט, דאָס בלעטל האָט זיך געבײַלט ווי אַ פויסט און אַלץ האָט זיך געענדיקט.

— ווי אינטערעסאַנט ! וואָס איז דאָס אַזוינס ? — האָט געפרעגט דאָס מיידל צוזעצנדיק זיך לעבן ניקאָלײַען אַזוי נאָענט, אַז זייערע קני האָבן זיך אָנגערירט.

דער פאַרטיזאַן האָט זיך אָנגעכמורעט און האָט זיך אָפּגערוקט.

— אַ שיין גרעזעלע — האָט ער אַ שמייכל געטאָן, און האָט פאָרשנדיק געקוקט אַפן מיידל. — דאָס גיט אונדז די נאַטור אַ לעקציע פון פאָרזיכטיקייט. מען זאָל ניט גלייבן קיין שיינע... גרעזעלעך.

ניין, דאָס מיידל האָט ניט אַראָפּגעלאָזט אירע אויגן. אין אי־

רע ריינע, ברייט־צעעפנטע שטראַלנדיקע אויגן, האָט ער באַמערקט
נאָר אַ לעבעדיקע נײַגעריקייט און ניט מער.

— דאָס גראָז כאַפּט קאַמאַרן?

— דאָס איז ראָסיאַנקאַ. אַזאַ רויב־געוויקס. דאָס כאַפּט צו־
טרוילעכע נאַראָנים פון דער אינזעקטן־וועלט און שפּײַזט זיך מיט
זייער זאַפט, — האָט דערקלערט ניקאָלײַ, באַמיִענדיק זיך, אָבער
אָן דערפאָלג, אַרויסצורופן בײַ זיך אַ פרײַנטלעכע שטימונג צום
מיידל.

„וואָס קריכט זי? וואָס דאַרף זי? וואָס קוקט זי אַזוי אַף
מיר מיט אירע אויגאַנעס?"

ער האָט זיך געזעצט אַפן בערגל און באַמערקט, אַז די ענגע,
ניט לויט זײַן מאָס קורטקע, איז פונאַנדערגעשפּילעט און עס זעט
זיך אַרויס זײַן נאַקעטע ברוסט. פילנדיק, אַז ער ווערט רויט, האָט
דער פּאַרטיזאַן צוגעדעקט זײַן ברוסט מיט דער האַנט און געוואָלט
זיך צוקנעפּלען. אָבער עס איז ניט געווען קיין איין קנעפּל. זיי זײַ־
נען ווײַזט אויס אָפּגעשפּרונגען, דער רוער זאָל זיי נעמען.

שמייכלענדיק בלויז מיט די אויגן, איז דאָס מיידל אויפגע־
שפּרונגען, אַנגעהויבן צו נישטערן אין איר זאַק און איז באַלד צו־
ריקגעקומען מיט אַ פולן הויפן קנעפּלעך און מיט אַ נאָדל־פאָדעם.

— טוט אויס! — האָט זי באַפוילן.

ניקאָלײַ איז נאָך מער רויט געוואָרן. דער ווירטשאַפטס־פאַר־
וואַלטער האָט ניט געקענט געפינען קיין דײַטשישן אוניפאָרעם
לויט זײַן מאָס. ווילנדיק ניט ווילנדיק איז אים אויסגעקומען אַרויפ־
צוציִען די קורטקע אַפן הוילן לײַב, קעדיי זי זאָל זיך קענען פאַר־
קנעפּלען.

— דאָרט, פון אונטן, טראָג איך גאָרניט — האָט קוים קוים
אויסגעשטאַמלט דער פּאַרטיזאַן.

— מיילע, מע וועט קענען אַזוי אויך...

דאָס מיידל האָט זיך אײַנגעבויגן און האָט אָנגעהויבן פלינק
צונייען אַ קנעפּל נאָך אַ קנעפּל. די פינגער פון איר פלינקער האַנט
פלעגן פון צײַט צו צײַט אָנרירן זײַן האַלדז און פון דער לײַכטער
באַרירונג פלעגט ניקאָלײַ אויפציטערן, פונקט ווי פון אירע פינ־
גער וואָלטן געפלויגן עלעקטרישע פונקען.

צוגענייט דאָס לעצטע קנעפּל, האָט זיך דאָס מיידל צוגעבויגן

איבערצובײַסן דעם פּאָדעם. איר אָטעם האָט באַרירט־ניקאָלײַס פּאָנעם. ער איז געבליבן זיצן אַן אָנגעשטרענגטער, אַ פֿאַרגליווער־טער, מוירע האָבנדיק זיך אַ ריר צו טאָן. דאָס מיידל האָט אָפּגע־ביסן דעם פֿאָדעם, האָט זיך אָפּגערוקט און מיט צוניפֿגעצויגענע, אָפּגעבליאַקעווטע ברעמען באַטראַכט מיט צופֿרידנקייט איר אַר־בעט.

— מוסיאַ, זאָלסט אים אָקאָרשט נישט צונייען דאָס האַרץ, — האָט געזאָגט די הויכע אויפֿשטייענדיק פֿון דעם שטײַער.

— ווי קומט אַהער אַ האַרץ, מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ, ער פֿאַרמאָגט דאָך גאָר קיין האַרץ נישט! — האָט זיך אָפּגערופֿן מיט אַזעס דאָס מיידל.

פֿון דעם שטײַער האָט זיך שוין געטראָגן אַ געשמאַקער רייעך פֿון ווײַסע שוואָמען, וועלכע האָבן געבליופּעט אין דעם קעסל.

— עד אַ שאָד, נישטאָ קיין ברעקל פּוטער! איך וואָלט אײַך דאָ אַזאַ געפּרעגלעכץ אײַנגעאָרדנט! — האָט אַ זיפֿץ געטאָן קוזמיטש, שיטנדיק זאַלץ אין קעסל.

— און באַ אונדז אין דער היים פֿלעגט מען זיי פּרעגלען אין סמעטענע. מען פֿאַרגיסט זיי מיט סמעטענע, און זיי בלאָזן זיך און בלאָזן זיך, בולקען זיך און בולקען זיך, און באַקומען זיך אַזעלכע געשמאַקע! — האָט זיך דערמאָנט פֿאַרכאָלעמט דאָס מיידל, וויקלענדיק באַלעבאַטיש דאָס רעשט פֿאָדים אַפֿן נאָדל, וועלכע זי האָט פֿאַרשטעקט אין לאַץ פֿון איר רעקל.

— און ווי ווײַט איז דאָס — באַ אײַך? ווו באַהאַנדלט מען עס אַף אַזאַ אופֿן באַראַוויקעס? — האָט מיט אַ געמאַכטער גלײַכגילטיקייט אַ פֿרעג געטאָן קוזמיטש, פֿאַרטיפֿט פֿאַרענדיק זיך באַם פֿײַער.

און דאָ האָט די קלענערע אָנגערופֿן אַ שטאָט, וואָס געפֿינט זיך ווײַט אַף מײַרעוו און ווו, ווי ניקאָלײַען איז געווען באַקאַנט, רעדט מען טאַקע מיט אַזאַ סעפּעליאַווער אויסשפּראַך. קוזמיטש איז אויפֿגעשפּרונגען און פֿאָכענדיק מיט זײַנע דאַרע פֿויסטן פֿאַרן מיידלס נאָז האָט ער אויסגעשריִען מיט אַ ניצאָכן:

— אַהאַ, ביסט אַרײַנגעפֿאַלן. און וואָס האָסטו אונדז דער־ציילט הײַנט אינדערפֿרי? נו? ווען האָסטו געזאָגט אַ ליגן —

איצט אָדער דאַן? פאַרוואָס זאָגסטו ליגנס? באַ וועמען ביסטו אַף דינסט? באַ די פאַשיסטן? ענטפער דאָך דו, פּאַסקודע!

ניקאָלײַ האָט געפּרוווט אים אײַנשטילן, נאָר קוזמיטש האָט זיך נישט געלאָזט און בייז געענטפערט:

— טרעט אָפּ, הייליקער ניקאָלאַ! ביסט צעקראָכן געוואָרן ווי אַ שוועמל אַ שלאַפּאַק. נו, ווער איז גערעכט? דו זאָלסט שטענדיק פאָלגן וואָס קוזמיטש זאָגט. קוזמיטש וועט דיך נישט אונטערפירן. און דו, וואָס קערסטו אָפּ דעם קאָפּ? וואָס האָסטו דעם פאַשיסט פאַרקויפט? דו קוק אַף מיר, דו אומפאַרשעמטע, און ענטפער. האָסט פאַרקויפט דײַן היימלאַנד, אָט וואָס. איך וועל דיר באַלד אַראָפּלאָזן אַזאַ כמאַל איבער דײַנע אומפאַרשעמטע אויגן, דו דײַטשע צויג!

אָבער דאָ האָט זיך צווישן אַלטן און דעם מיידל אַוועקגעשטעלט די עלטערע. מיט אַ רויִקער באַוועגונג האָט זי אַראָפּגעמרייסלט פון איר ספּאָדניצע דעם אָפּפאַל פון די שוועמלעך און קוקנדיק אָפּן אַלטן פון אויבן אַראָפּ האָט זי געזאָגט מיט יענער רויִקער און זיכערער שטימע, וועלכע עס באַנוצן פרויען מיט אַ פעסטן כאַראַקטער, ווען זיי באַרויִקן זייערע היציקע מענער:

— וואָס האָסטו זיך צעליאַרעמט? מיינסט אַפּאַנים אַז דו רעדסט צו דײַן שנור? ווער האָט עס דיר געגעבן דאָס רעכט צו פירן דאָ אויספאָרשונגען? ווער ביסטו דאָס? ס'איז דיר געזאָגט געוואָרן זאָלסט אונדז פירן צום קאָמאַנדיר. אויב מיר וועלן פּרווון אַנטלויפן — דאַן שיס! זע נאָר ווי ער האָט עס זיך צעפּאָלאָשעט.

די שוואָמען האָט מען געגעסן שווײַגנדיק, באַמיִענדיק זיך נישט צו קוקן איינער אָפּן צווייטן.

די עלטערע האָט באַלעבאַטיש צונויפגענומען דאָס געפּעס, אַרויפגעשלײַדערט איר שווערן זאַק אָפּן רוקן און האָט רויִק געזאָגט:

— גייען מיר ווײַטער? ווײַל דער אַ וועט זיך אין גיכן נעמען וואַרפן אַף מענטשן. ער איז אינגאַנצן פאַרטשאַדעט געוואָרן פון זײַן טאַבאַק.

און זיי זײַנען געגאַנגען ווײַטער מיטן שטילן וואַלד. די זון,

װעלכע האָט זיך דורכגעזיפּט דורך די געדיכטע קרױנען פֿון די בײמער האָט שױן געשיקט אירע גאָלדענע שטראַלן זײ אין רוקן. דאָס װאָס דאָס מײדל האָט זיך װידער אַרױסגעכאַפּט מיט אַ װאָרט, האָט צעשטערט די פּאָשעטע און פֿרײַנטלעכע באַציִונג, װעלכע האָט זיך שױן געהאַט אײַנגעשטעלט צװישן זײ באַם מיטאָג. פֿאַרװאָס זאָגן זײ ליגנס ? פֿאַרװאָס פֿלאָנטערן זײ ? זײַנען זײ טאַקע דײַטשע שפּיאָנקעס ? ניקאָלײַ האָט זיך פֿאַרװערט צו קוקן אַף דער דינינקער מײדלשער פֿיגורל, װעלכע האָט געשעמערירט פֿאַר זײַנע אױגן און אַף קאָלערלײ אױפֿאַנים געטריבן פֿון זיך די װערטער פֿון יענעם אַלטן ראָמאַנס, װעלכע האָבן אַקשאַנעסדיק געקלונגען אין זײַנע אױערן. ער האָט זײ געיאָגט, און זײ, פּונקט װי די האַרבסט־פֿליגן, װאָס מער ער האָט זײ געטריבן פֿון זיך, אַלץ האַרטנעקיקער האָבן זײ געקלונגען אין זײַנע אױערן. „אַף אַ הילכיקן באַל, דורך אַ צופֿאַל, װוּ דאָס לעבן האָט גערױשט און געשאַלט, האָב איך דיך דערזען, נאָר אַ סאָד אַ געהײמניס, פֿאַרשלײערט האָט דײַן יונגע געשטאַלט״... אַ גאַנץ נישקאָשעדיקער באַל ! און דער סאָד אױך זײער אַ מיִעסער. די הױפּט זאַך איז דאָך אָבער, אַז זי זאָגט ליגנס מיט אַזאַ אױפֿריכטיקײט... און צוליב װאָס ? פֿאַרװאָס ? און לאָמיר אָננעמען פֿאַרקערט, ער אַלײן, װען ער באַגעגנט אין װאַלד אומבאַקאַנטע באַװאָפֿנטע לײַט, דערצו נאָך געקלײדט אין דײַטשע אוניפֿאָרמען, װאָלט ער דען געזאָגט דעם עמעס ? אָבער דער פֿאַרשאָלטענער זאַק !

קעדײ זיך צו צעשטרײַען און פֿאַרטרײַבן די געדאַנקען האָט ניקאָלײַ אָנגעפֿאַנגען שטיל אונטערצוזינגען. אַ קלינגענדיק מײדלש געלעכטער האָט זיך פּלוצלונג דערהערט אין דער שטילקײט פֿון װאַלד. דאָס לאַכט אַװאַדע זי. „אין דײַן געלעכטער, דאָ טרױעריק און דאָ גאָר פֿרײלעך״... זאָל דאָס גײן צום טײַװל, אַ שײנער „טרױעריקער געלעכטער״. אָבער פֿון װעמען לאַכט זי דאָס ?

— איר פֿאַרמאָגט נישט קײן געהער, אַפֿילע אַף אַזױ פֿיל נישט — זאָגט דאָס מײדל און װײַזט ניקאָלײַען דעם שפּיץ פֿון איר קלײנעם פֿינגער. װײַזט און שטיקט זיך פֿאַר געלעכטער. — װײַזט אױס, אַז אין דער קינדהײט האָט אײַך אַ בער אָנגעטראָטן אַפֿן אױער ? עמעס ?

— איך בין נישט קאָזלאָווסקי *) פאַר מיר איז נישט אָב־ליגאַטאָריש אַ מוזיקאַלישער געהער — האָט נישט גאַנץ געלונגען אָפּגעענטפערט פאַרלעגן דער פאַרטיזאַן.

— עס איז נישט נייטיק צו האָבן אַ מוזיקאַלישן געהער אַף צו שלאָגן די פאַשיסטישע פּאַסקודעס, און אַף דעם איז בײַ אונדז ניקאָלײַ דער ערשטער ספּעציאַליסט — איז אים צו הילף געקומען קוזמיטש — ווען ער דערטאַפּט עמעצן פון אײַערס גלײַכן, פאַ־שיסטן...

אין דעם מאָמענט האָט פּאַסירט גאָר עפּעס אַן אומדערוואַרטע זאַך. דאָס מיידל האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום אַלטן, זיך אײַנ־געקלאַמערט אין די לאַצן פון זײַן רעקל און אים נגעהויבן צו טרייסלען, אַז דאָס געוואַנט האָט אָנגעפאַנגען פּלאַצן און דעם אַלטנס קאָפּ האָט זיך אָנגעהויבן צו וואַרפן הין און צוריק, ווי בײַ אַ ליאַלקע פון שמאַטעס.

— וואָס האָסטו געזאָגט? וואָס האָסטו גערזאָגט? ווי וואַגסטו! וואָס הייסט עס. דאָס לערנט מען אײַך אַזוי אין אײַער אַטריאַד צו באַליידיקן אָרנטלעכע מענטשן. יאָ? וואָס פאַר אַ פּאַרטיזאַנער זײַט איר עס... אויב אַזוי ווייסטו, ווער דו ביסט?...

— טשעפּע זיך אָפּ, פּיאַווקע פאַרשאָלטענע! — האָט זיך געוווערט פון איר קוזמיטש.

— מאַשאַ, לאָז אים אָפּ, די אַלטע קאַלעקאַטקע! לאָמיר גיין. דער קאָמאַנדיר וועט אים שוין פאַרשרײַבן אַרבעטס־טעג... ער וועט שוין האָבן זײַן פאַרדינסט.

ניקאָלײַ האָט שוין אָפן געקוקט מיט אַנטציקונג אָפן מיידל. ווי בייז זי איז דאָס געוואָרן! ניין, אַזוי פאַרשטעלן זיך איז נישט מעגלעך. אָט אַ היץ־קאָפּ, פאַר קיין זאַך האָט עס קיין מוירע נישט!

— געגאַנגען, געגאַנגען. דער וועג איז נישט קיין נאָנטער — האָט ער אונטערגעיאָגט מאַכנדיק שאָלעם...

און זיי זײַנען ווײַטער געגאַנגען איבער דעם אוראַלטן וואַלד, מיט די קוים באַמערקבאַרע יעגער־סטעזשקעס. דער וואַלד פלעגט פּלוצלונג שיטער ווערן, זיך פאַרוואַנדלען אין אַ זומפּ און מיטאַמאָל ווידער אויסוואַקסן ווי אַ געדיכטע וואַנט, אַ מעכטיקער,

---

*) ערשטער טענאָר פון מאָסקווער אָפּערע. (דער איבערז.)

אַ פֿאַרוואָרפֿענער מיט אײַנגעפֿאַלענע פֿון געוויטערס ביימער. בלויז דאָס טרעשטשען פֿון די צווײַגן אונטער די פֿיס, אָדער אַ גײַציקער געשריי פֿון וואַלד־מײַז, וועלכע האָבן זיך געריסן אונטער אַ דעמב צוליב אַן אַראָפּגעפֿאַלענעם דעמבנוס, אָדער אַ סקריפּעדיקע גראַ־גערײַ פֿון אַ מאַכנע סאַראָקעס, וועלכע האָבן דאָ אָנגעיאָגט די פֿוסגייער און דאָ אָפּגעשטאַנען פֿון זיי, האָט פֿון צײַט צו צײַט געשטערט די שטילקייט פֿון דעם וואַלד.

דער וועג האָט זיי אַרויסגעפֿירט צו אַ פֿאַרלאָזטן טאַרטאַק. ערשט גאָרנישט לאַנג איז דאָ, מינאַסטאַם, די לופֿט געווען אָנגע־פּילט מיט אַ קלאַפּערײַ פֿון העק, מיט אַן אָנגעשטרענגטן קלינגען פֿון עלעקטרישע זעגן, מענטשלעכע שטימעס און שיפּענדיקן פֿײַפֿן פֿון פֿאַלנדיקע סאָסנעס. דאָס איז געווען אַ גרויסע מעכאַניזירטע באַלעבאַטישקייט. לענגויס די מיט קלעצער באַדעקטע וועגן האָבן זיך אויסגעשטעלט הויכע שטאַבעלן, אָפּגערייניקטע בוים־שטאַמען, געלע פּיראַמידן פֿון טרוקענעם האָלץ. אַרום און אַרום האָבן זיך געוואַלגערט אומגעוואָרפֿענע און נאָך נישט באַאַרבעטע סאָסנעס מיט געל געוואָרענעם, אָפּגעשאָטענעם סכאַך. צווישן דעם געדיכט צעוואַקסענעם ווילדגראָז האָט אַרויסגעשטעקט, אַ רויט־געוואָרענער פֿון רעגנס, גוף פֿון אַן איבערגעלאָזטן לאָקאָמאָביל און לעבן אים שוין אײַנגאַנצן אַ פֿאַרוואַקסענער מיט גראָז, אַן עלעקטרישער מאָ־טאָר. עס האָבן זיך געוואַלגערט פֿאַרזשאַווערטע, צונויפֿגעדרייטע אָפּגעריסענע דראָטן. אין דער ווײַטן איז געשטאַנען צווישן די קוסטעס, ווי אַן אַנטשלאָפֿן געוואָרענער העלפֿאַנט, אַ גרויסער, הויכער לאַסט־טראַקטאָר, אָנגעלאָדן מיט פֿון קאָרע אָפּגערייניקטע קלעצער, וועלכע זײַנען פֿון די רעגנס גרוי געוואָרן. דער וואַלד, פּונקט ווי ער וואָלט נעקאָמע גענומען פֿאַר די אויסגעהאַקטע ביימער, האָט זיך געאײַלט צו פֿאַרווישן די שפּורן פֿון מענטשן און זיי פֿאַר־צויגן מיט ווילד צעוואַקסענעם גראָז, קוסטעס און סאַמעטענעם מאָך.

די וואַנדערער האָבן זיך באַמיט נישט צו קוקן אין די זײַטן. די מענטשלאָזיקייט איז דאָ געווען אומגעהויער פֿײַנלעך. אַ קליינע, פֿריילעכע וועווערקע האָט זיך דרייסט אַ וואָרף געטאָן פֿון אַ בוים אַפֿן צודעק פֿונעם טראַקטאָר און האָט מיט פֿאַרוווּנדערונג געקוקט מיט אירע שוואַרצע פּערלדיקע אייגעלעך אַף די אָנקומענדיקע

מענטשן: ווי איינער רעדט, פון וואַנען האָט איר זיך עפּעס גע־נומען? זי האָט זיך אַ קראַץ געטאָן מיט דער לאַפּקעלע הינטערן אויער, לאַנגזאַם צעלאָזן דעם עק און אַ טאַנץ געגעבן אַף די קלעצער, פון די קלעצער אַף אַ צווײַג. אומעטום האָבן זיך געזען העל־לילעווע פעדערן פון „איוואַן־טיי״, באַדעקטע פון אונטן מיט אַ לאַנגן זײַדענעם פוך. זיי האָבן זיך ווילד צעוואַקסן און באַדעקט דעם פאַרזשאַווערטן אײַזן פון די איבערגעלאָזטע מאַשינען, די געל־געוואָרענע רעלסן פון קליין־באַן און די הילצערנע סטעזשקעס.

— עך, פאַרלאָזט אונדזער ערדעלע! — האָט אַ זיפץ געטאָן קוזמיטש, אָראָפּגעהאַקט מיט אַ שטעקן דעם ווילדן בוריאַן, וועלכער האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג. — און פון וואַנען נעמט זיך דאָס פּאַסקודנע גראָז! ווען מענטשן זײַנען דאָ, זעט מען עס אינגאַנצן נישט, גייט אַוועק דער מענטש — צעוואַקסט עס זיך אין דער הויך. קוק נאָר אָן ווי עס האָט זיך אויסגעצויגן.

דער אַלטער האָט פילדײַטיק געוואָרפן אַ קרומען בליק אַף די אומבאַקאַנטע, אָבער יענע האָבן אים אַפילו נישט געהערט. פון קאָס האָט קוזמיטש אַ האַק געטאָן מיטן שטעקן איבער אַ כוצפּעדיקן טאָטער־קוסט. דער שטעקן האָט זיך איבערגעבראָכן און דער אָפּ־געבראָכענער שטיק האָט, ווי אַ בומעראַנג, אָנגעצייכנט אַ בויגן אין דער לופטן און אַ כמאַליע געגעבן דעם אַלטן איבערן קאָפּ. קוזמיטש האָט אויסגעשפּיגן און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. ער האָט זיך פון שטענדיק אָן געהאַלטן פאַר אַ שלימאַזל אין לעבן און איז שוין געוווינט געוועזן צו אַזעלכע געשעענישן.

ערשט צום אָוונט צו, ווען דער ביינהאַשמאָשעס האָט אָנגע־הויבן אומבאַמערקט צו פאַרציִען דאָס וועלדל, האָבן זיך אַפּן מאָך אָנגעפאַנגען דײַטלעך צו באַווײַזן אויסגעטראָטענע סטעזשקעס, וועלכע האָבן געפירט אין פאַרשיידענע ריכטונגען.

— שוין אָנגעקומען, ווײַזט אויס? — האָט געפרעגט די על־טערע, אונטערהייבנדיק מיטן אַקסל די ליאַמקע פון איר זאַק און אָפּווישנדיק מיט דער האַנט דעם שווייס פון איר שטערן.

די פּאַרטיזאַנער האָבן נישט געענטפערט. די סטעזשקעס זײַנען געוואָרן ברייטער, זיי פלעגן זיך צונויפקומען און זיך ווידער פונאַנדערגיין, אָנדײַטנדיק בוילעט אַף דער נאָענטקייט פון אַ גרויסן וואַלד־לאַגער. די אומבאַקאַנטע פרויען זײַנען געגענאַגען רויק, און

ביקאָלײַען האָט זיך אַויסגעוויזן, אַז נישט קוקנדיק אַף זייער מיד־
קייט האָבן זיי אַפילע פאַרשנעלערט די טריט. עס איז נישט קאָנ־
טיק געווען אַף זיי נישט קיין מוירע, אָדער פאַרלאָרנקייט, וועלכע
עס וואָלטן זיכער אַרויסגעוויזן מענטשן מיט נישט קיין ריינעם
געוויסן. אַפילע קוזמיטש האָט עס אויך באַמערקט און האָט גע־
פרווט פאַרפירן אַ פריַינטלעכן שמועס מיט דער עלטערער.

עפשער זײַנען דאָס סאָוועטישע דיווערסאַנטן, האָט געטראַכט
ביקאָלײַ, וועלכע מען האָט אַראָפּגעלאָזט אין הינטערלאַנד מיט אַ
ספּעציעלער מיסיע, וועגן וועלכער זיי האָבן נישט געוואָלטריידן
מיטן ערשטן בעסטן, וואָס איז זיי אַנטקעגן געקומען ? עפשער
זײַנען דאָס פאַרבינדלער פון די אָטריאַדן, וואָס אָפּע־
רירן אַפּן מײַוער ? עפשער זײַנען דאָס שעליכים פון אַן אונטער־
ערדישן מײַרעווודיקן קרײַז־קאָמיטעט ? שיין וועלן אויסזען דאַן ער
מיט קוזמיטישן מיט זייער סופערפאָרזיכטיקייט ! און דער אַלטער
האָט עס אַ צונג ! טאַקע בעעמעס אַ קאַלאַקאַטקע ! אַ קאַלאַקאַטקע,
וואָס בדײַט דאָס וואָרט ? אַזוי הייסט, שײַנט מיר, אַזאַ גראַגער.
און, ווי טרעפלעך זי האָט עס באַמערקט. טאַקע אַן אַלטע קאַלאַ־
קאַטקע. און ווי האָט ער דאָס געקענט נישט אָנפרעגנדיק זיך באַ
קיינעם, נישט וויסנדיק גאָרנישט וועגן מענטשן, זיי שטעמפלען
מיטן נאָמען „פאַשיסטישע שפּיאָנען”. קען דען אַ דײַטשער מע־
שאָרעס פאַרמאָגן אַזעלכע ריינע, אויפריכטיקע אויגן ? וואָלט דען
אַ שפּיזנקע געוואַגט אַף אַזאַ כאַוועריש אויפן צונייען אַ פאַרטי־
זאַן אַ קנעפּל ? אַ וווּנדערבאַר מיידל. מען איז דאָך אַזוי פיל דורכ־
געגאַנגען פאַרן טאָג. באַ אים, אַ מאַנצביל, זײַנען די פיס געוואָרן
ווי טשוהונענע, עס ציִען די קריזשעס און עס ברענט די פּלייצע ;
ער וואָלט זיך אַ וואָרף געטאָן אַף דער ערד און געבליבן ליגן. און
זי שפּאַנט פאָרויס, ווי קיינמאָל גאָרנישט. און אַזאַ לײַכטער גאַנג
באַ איר ! און אַליין איז זי אַזאַ דינינקע, אַזאַ בייגעוודיקע. ווי
זינגט מען עס דאָרט : „ס׳געפעלט דײַן פיגור מיר די שלאַנקע, גע־
פעלט מיר דײַן טרויעריקער בליק”. יאָ, יאָ אַ טרויעריקער, אַ פאַר־
טראַכטער, אָבער איר פּאָנים איז אַזוי ליבלעך. עס שטערט נישט
אַפילע דער בלויער צייכן אונטערן אויג און די צעדראַפּעטע נאָז.

— האַלט ! ווער גייט ?

פון הינטער די קוסטעס האָט זיך באַוויזן אַ הויכע פיגור. אַ

מאַן אין אַ לאַנגן געוואַטעטענעם מאַנטל מיט אַן אײַזנבאַנער־היטל, מיט אַ דאַרן זייער פרידלעכן פּאָנעם, האָט אָנשטעלנדיק דעם אויטאָמאַט, פאַרשטעלט דעם וועג. ער האָט דערבײַ אויסגעזען, ווי איינער וואָס קאָנטראָלירט אײַנטריטס־בילעטן.

דער וואַכמאַן האָט דערקענט די אויסשפּירער און האָט אַראָפּגעלאָזט זײַן ביקס, אָבער נאָך אַלץ פאַרשטעלט דעם וועג.

— און די, קומען מיט אײַך? — האָט ער אָנגעוויזן אַף די פּרויען, וועלכע זײַנען געשטאַנען רויק און זיך אַרומגעקוקט מיט אַ נישט קיין פאַרבאָרגענער נייגעריקייט.

— פּינקטלעך, אַלץ אין בעסטן אָרדענונג — האָט פּילדײַטיק געענטפערט קוזמיטש. — און דאָ אַן אונדז איז אַלץ ווי עס באַדאַרף צו זײַן?

— מיר האָבן זיך נישט געלאַנגווײַליקט — האָט געענטפערט דער וואַכמאַן קוקנדיק שאַרף אין די פּענעמער פון די פרויען.

— אייגענע, אייגענע... לאָז דורך. — האָט באַשטעטיקט ניקאָלײַ.

איצט האָט ער שוין גאָר'נישט געצווייפלט, אַז די אומבאַקאַנטע פרויען זײַנען אָרנטלעכע סאָוועטישע מענטשן, און האָט געפײַערט אַ ניצאָכן איבער דעם שטענדיק צווייפלדיקן קוזמיטשן. דאָס איז געווען דער ניצאָכן פון זײַן אַרט מישפּעטן מענטשן, וועגן וועלכן ער פלעגט שטענדיק האָבן מאַכלויקעס מיט זײַן געהילף בעייס זייער אַרומוואַנדערן איבער די וועלדער. קוזמיטש האָט געהאַלטן, אַז וועגן אַ מענטשן מוז מען שטענדיק קוידעם קאָל טראַכטן דאָס ערגסטע, ביז יענער וועט נישט איבערצײַגן אַז ער איז אַ פײַנער מענטש. ניקאָלײַס מיינונג איז אָבער געווען פונקט פאַרקערט: קוידעם קאָל מוז מען אין דעם מענטשן זען דאָס גוטע, ביז מען וועט זיך נישט איבערצײַגן אַז ער איז שלעכט. הײַנט איז קוזמיטש ווידער געלייגט געוואָרן אַף ביידע לאָפּעטקעס. אָבער נישט דאָס איז געווען דאָס וויכטיקסטע. סאָף קאָל סאָף איז דאָך קיין איינע פון די ביידע סיסטעמען נישט אַן אַבסאָלוטע. כאַפּט אים דער וואַטנמאַכער, דעם גאַנצן קוזמיטש! אַ הויקער קען אַפילע דער קייווער נישט אויסגלײַכן. וויכטיק איז דאָס, וואָס ער, ניקאָלײַ זשעלעזנאָוו, האָט זיך נישט אָפּגענאַרט מיט זײַן מיינונג וועגן דער גרוי־אויגיקער מיידל, און נישט אומזיסט איז אים זי אים גלײַך געפעלן.

און ערגעץ אין די טיפענישן פון זײַן נעשאָמע האָט אָנגעהויבן שוואַך צו פינקלען אַ פריידיקע האָפענונג: עפשער וועט זי פאַר־בלײַבן אין זייער אָטריאַד.

די קוסטעס האָבן זיך ווידער אָנגעפאַנגען צו באַוועגן. פון צווישן זיי זײַנען אַרויסגעטראָטן צוויי פעסטע, ווי דעמבענע גיס, יונגע באָכערימלעך אין אוניפאָרם פון האַנטווערקער שולע. איי־נער פון זיי — מיט אַ דײַטשן ביקס אין די הענט, באָם צווייטן האָט אַרויסגעסטאַרטשעט פון אַ קעשענע אַ הילצערן הענטל פון אַ טראָפיי־גראַנאַט.

— שטיין! — האָט אַנטשלאָסן אַרויסגערעדט דער באָכער מיטן ביקס.

— אייגענע — האָט געענטפערט ניקאָלײַ.

— און די פרויען?

— מיט אונדז זײַנען זיי געקומען, לאָז שוין דורך, דו שימשן האָגיבער — האָט געוואָרטשעט קוזמיטש און האָט שוין געוואָלט דורכגיין, אָבער דער באָכער האָט אָנגעצילט אַף אים דעם ביקס.

— מען טאָר נישט — האָט ער געענטפערט און באַפוילן זײַן כאַווער — פעטקאָ, דעם וואַך־קאָמאַנדיר אַהער, איינס און צוויי!

אין אַ מינוט אַרום איז דער באָכער געקומען צוריק צוזאַ־מען מיט אַ שלאַנקן, מאָגערן מאַנצביל. דאָס פּאָנים פון דעם וואַך־קאָמאַנדיר איז ביז צו די אויגן פאַרוואָקסן געוועזן מיט אַ קורצער שוואַרצער געקרײַזלטער בערדל. אַף זײַן שלאַנקן קערפּער איז גע־לעגן ווי אויסגעגאָסן אַן אײַזנבאַנער קורטקע, פעסט איבערגעצויגן מיט אַ רימען.

נאָכן דורכטויטשן זיך מיטן פאַראָל מיט נאָקאָלײַען און אַ קורצן דורכשמועסן זיך אין דער שטיל, האָט ער געזאָגט:

— דורכלאָזן!

אָבער ווען די פרויען, וועלכע זײַנען געגאַנגען פאָרויס, האָבן שוין אויסגעמיטן דעם וואַך־פּאָסטן, האָט ניקאָלײַ באַמערקט, אַז דער וואַך־קאָמאַנדיר קוקט זייער אויפמערקזאָם נאָך דאָס מיידל, ווי ער וואָלט זיך עפּעס דערמאָנט, און די צוויי יאָטלעך קוקן אויך אַף איר און סוידען זיך דערבײַ אויפגערעגטע.

אַ גאַנצע נעץ סטעזשקעס האָבן זיך איצט געפלאָכטן צווישן די גרויסע ברייטצווײַגיקע יאָדלע־ביימער. די סטעזשקעס פלעגן

זיך צונויפגיסן און ווידער זיך פונאַנדערגיין, אַרומדרייענדיק זיך אַרום די מעכטיקעביימער. עס האָט זיך דערטראָגן אַ זויערער רייעך פון נאַר וואָס אָפּגעבאַקטן ברויט. צווישן די ביימער האָבן זיך אין דער ווײַטן געזען רייען נישט קיין הויכע ערדענע בערגלעך.

אַף אַ לאַנקע האָט געטליִעט אַ גרויסער שוין אויסגעלאָשענער שייטער. נישט ווײַט פון אים, אַרום אַ נישט קיין יונגן ליסן מאַן מיט אַ הויכן שטערן, אין ברילן, אָנגעטאָן אין אַ דײַטשן פעלד־אוניפאָרם, האָבן זיך פאַרזאַמלט פאַרשיידן געקליידטע מענטשן. זיי האָבן באַטראַכט אַ צענומענעם מינען־וואַרפער. דער מאַן אין דעם פרעמדן אוניפאָרם האָט זיי עפּעס אויפגעקלערט, ווײַזנדיק אַ מאָל אַף באַשמירטע טייל פון אַ מינען־וואַרפער, זײַן פּילאָטקע האָט ער געהאַלטן פאַרשטעקט אונטערן עפּאָלעט. דערנעבן, אַפן גראָז, איז געזעסן אַ קליין מיידעלע מיט אַ קורצן, פעסט פאַרפלאָכטענעם צעפּל, פאַריסן אין דער הייך, און האָט זיך געשפּילט מיט אַ גרויסן הונט. דאָס מיידעלע פלעגט אַרויסשלעפּן פון איר נאָז־טיכעלע צײַטיקע ברוסניצע יאַגדעס און זיי וואַרפן אין דער הייך. דער הונט, קנאַקנדיק מיט די ציין האָט זיי געכאַפּט אין דער לופט און מיט אַן איבערגעטריבענער גיריקייט זיי געקייט, קרימענדיק די מאָרדע. מען האָט געמערקט, אַז די יאַגדעס געפעלן דעם הונט בעפּיירעש נישט, נאָר ער עסט זיי, ווײַזט אויס, בלויז צוליב העפלעכקייט.

— איר זעצט אײַך דאָ, זײַט מוחל — האָט געזאָגט ניקאָלײַ און האָט אָנגעוויזן אַף אַ גראָב צונויפגעקלאַפּטן קײַלעכדיקן באַנק, וועלכער האָט אַרומגענומען אויך אַזאַ אַף שנעל און אומגעלומפּערט צונויפגעשלאָגענעם טיש. — איר בלײַבט זיצן דאָ מיט קוזמיטשן, רוט זיך אויס, איך וועל באַלד קומען נאָך אײַך.

שלעפּנדיק די פיס האָט ער זיך געלאָזט גיין צווישן דער־רייע ערד־שטיבלעך און, אָפּציִענדיק אַף זיך די קורטקע און אָפּווישנדיק די שטיוול מיט אַ בינטל גראָז, איז ער פאַרשוווּנדן געוואָרן אין איינעם פון זיי — אין יענעם, וואָס איז געשטאַנען אין צענטער פון דעם אונטערערדישן שטעטל.

די פרויען האָבן זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אַפן באַנק. די עלטערע האָט מיט אַ זיפץ אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם זאַק און מיט אַ פאַרקנייטשטן פאַנעם אָנגעהויבן אויסגלײַכן איר אָנגעמאַטערטן

רוקן. די ייִנגערע האָט זיך צוגעטוליעט צו איר, און ביידע, נישט קוקנדיק אַף זייער מידקייט, האָבן מיט נײַגעריקייט, אָבער אָן אַ בּרעקל מוירע באַטראַכט דעם לאַגער און די מענטשן ביים שײַטער. יענע האָבן איצט אויך געקוקט אַף זיי. דער מאַן אין די דײַטשע קליידער האָט אויפגעהערט צו דערקלערן, אויסגעווישט זײַנע הענט און אָנגעטאָן די פּילאָטקע. אַף דער פּילאָטקע האָט זיך גערויטלט אַ סטענגע, צוגענייט אַף סקאָס. נאָר דאָס מיידעלע האָט נישט געלייגט קיין שום אַכט אַף די אומבאַקאַנטע פרויען, און האָט זיך ווײַטער געשפּילט מיטן הונט.

— ווי קומט צו אײַך אַזאַ קליינינטשקע? אַ יעסוימעלע ווײַזט אויס? — האָט אָנגעפרעגט די עלטערע פרוי באַם אינגאַנצן פאַראומערטן קוזמיטש.

— וואָס עפּעס אַ יעסוימעלע? ס'איז אונדזער קאָמאַנדירס טעכטערל, יולאָטשקאַ — האָט געענטפערט דער אַלטער און האָט זיך אָנגעהויבן צו בעטן מיט טרערן אין זײַן שטימע — זאָגט שוין איינמאָל פאַר אַלע מאָל ווער זײַט איר? דער רועך זאָל אײַך נעמען!

די פרויען האָבן זיך איבערגעקוקט און געשוויגן. דערנאָך האָט די ייִנגערע אָנגעוויזן דער עלטערער דעם דײַטש מיט דער רויטער סטענגע אַף דער פּילאָטקע. זיי האָבן זיך דורכגעשעפּטשעט און די עלטערע האָט זיך אומרוּיִק פאַראינטערעסירט:

— און דער ווער איז, אויך אײַערער, אַ פּאַרטיזאַן?

פון דעם ערדשטיבל אין וועלכן ניקאָלײַ איז פאַרשוווּנדן געוואָרן האָט זיך באַוויזן אַ פלינקער, טונקעלער באָכערל אין אַ שוואַרץ העמדל פון אַ האַנטוועבקער שילער, ענג אַרומגעכאַפּט מיט אַ רימען. ער איז צוגעלאָפן צום טיש, פלינק אַ וואָרף געטאָן זײַן האַנט צום דאַשיק פון אַ דײַטשישער אָפיצירן־היטל, וועלכע איז געווען ווילינגעריש פאַרוקט אַף אַן אויער און האָט מיט אַ בויטעלטן פאַרגעניגן אַרויסגערעדט, קײַקלענדיק די ווערטער:

— אַ נו, כאַווערטעס פרויען, געגאַנגען צום קאָמאַנדיר! איינס, צוויי, און דיר* קוזמיטש אַ באַפעל: דאָ וואַרטן!

די פרויען האָבן אָנגעהויבן צונויפצוזאַמלען זייער געפּעק. דער קליינער פּאַרטיזאַן האָט געוואָלט מיט עפּעס העלפן דער קלענערער, און דאָ האָבן זיך זײַנע אויגן באַגעגנט מיט אירע, דאָס

באַכערל איז געוואָרן בלאַס, אַ קוק געטאָן אַף איר נאָך אויפ־מערקזאַמער און פּלוצלונג האָט ער אויפגעשײַנט:

— איר?

דאָס מיידל האָט אים ווײַזט אויס אויך דערקענט.

— איר זײַט דורכגעגאַנגען? — האָט זי זיך צעשמייכלט באַטראַכטנדיק פריילעך זײַן קליין פלינק פיגורל.

— אַ דאַנק אײַך! — האָט געענטפערט דער האַנטווערקער — איך האָב דאָך דאַמאָלסט נישט באַוויזן אַפילו אײַך אָפּצודאַנ־קען... איר זײַט דאָך אַזאַ, יאָלקי־פּאַלקי...

זיי האָבן שוין געשפּאַנט איבער די טרעפּלעך, וועלכע פירן אין דעם קאָמאַנדירס ערד־שטיבל.

בלײַבנדיק אַליין האָט קוזמיטש אַרויסגעלאָזט אַ פאַרביטערטן זיפץ. וואָס טוט זיך דאָ. און דאָס יאָטל קען זי אויך פון ערגעץ! ניסים! ער האָט זיך צוגעזעצט לעבן מיידעלע און האָט אַ פרווו געטאָן זיך אויך צו שפּילן מיטן הונט, אָבער זײַן בליק איז געווען אַ צעשטרייטער, אַן אומרויִקער: „אַ באַפעל דאָ וואַרטן. דער קאָמאַנדיר האָט אים אַפילו נישט געפונען פאַר נייטיק אײַנצולאַדן צו זיך אין ערד־שטיבל. אַפּאַנים, ניקאָלײַ האָט שוין דאָרט אונ־טערגעלייגט אַ קנייטל, און דאָס הייסט אַ פרײַנט!“

— פּעטערל קוזמיטש, פּעטערל קוזמיטש! — האָט אים גע־טרייסלט פאַרן אַקסל דאָס מיידעלע — פּעטערל קוזמיטש, דערצייל יולאָטשקען, דאַמקאָ האָט קינדערלעך?

— געווען, מיידעלע, געווען!

— און ווו זײַנען זיי איצט, פּעטערל קוזמיטש? דו הערסט, יולאָטשקאָ פרעגט דאָך דיך, ווו זײַנען דאַמקעס קינדערלעך... פּעטערל...

— איך ווייס נישט, יולאָטשקאָ, איך ווייס נישט. האָלעמײַ זאָל איך דיר זאָגן, דאָס וואָס איך ווייס נישט, ווייס איך נישט!

— די פאַשיסטן האָבן זיי דערהאַרגעט? עמעס? פאַרוואָס שווײַגסטו?

אַ פאַרטיפטער אין זײַנע גאָר נישט קיין פריילעכע ראַיונעס האָט קוזמיטש נישט באַמערקט, ווי צו אים איז צוגעלאָפן דער וואַך־קאָמאַנדיר, דער זעלבער שלאַנקער פראַנטעוואַטער פאַרטיזאַן מיט דעם גערדיכטן געקרײַזלטן בערדל, וועלכער האָט זיי פאַרהאַלטן

באַם אינערלעכן וואַך־פּאָסטן. דאָס איז געווען מירקאָ טשאַרני, אַן אייגענער יאָט, פֿון זייער דעפּאָ, קוזמיטשס אַן אַלטער באַקאַנטער. ער האָט שווער געאָטעמט, די ברוינלעכע ווײַסלעך פֿון זײַנע אויגן האָבן אויפֿגערעגט געגלאַנצט, די נאָזלעכער פֿון זײַן דינער עטוואָס האַרבאָטער נאָז האָבן געציטערט.

— ווו געפֿינען זיך די פּרויען, וועלכע איר האָט געבראַכט צו פֿירן? — האָט ער געפֿרעגט קוים אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם.

— באַם קאָמאַנדיר אַף פֿאַרהער. — האָט מאַרעשכווירעדיק זיך אָפּגערופֿן קוזמיטש.

— ווער זײַנען זיי? און די קליינע ווער איז?

— פֿון וואַנען זאָל איך וויסן? מיר האָבן זיי פֿאַרהאַלטן אין וואַלד, זיי האָבן זיך אונדז אויסגעוויזן פֿאַרדעכטיק. און וואָס ווייסטו וועגן זיי?

אָבער דער פּאַרטיזאַן האָט נישט געענטפֿערט. ער איז שוין ווי אַ וויכער געלאָפֿן צום קאָמאַנדירס ערד־שטיבל. קוזמיטש האָט געזען, ווי ער האָט שאַרף זשעסטיקולירט, און ווײַזט אויס זיך געקריגט באַם אַרײַנגאַנג מיטן וואַכמאַן, וועלכער האָט אים נישט אַרײַנגעלאָזט. „און דער איז אויך מעשוגע געוואָרן", האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ דער אַלטער. ענדלעך האָט זיך באַוויזן ניקאָלײַ. זעענדיק נאָך פֿון ווײַטן זײַן ברייטן שמייכל, וואָס האָט פֿאַרגאָסן זײַן פּנים, האָט דער אַלטער פֿאַרשטאַנען, אַז קיין גוטס קען ער שוין נישט דערוואַרטן.

— דו ווייסט ווער זיי זײַנען? — האָט פֿײַערלעך געפֿרעגט ניקאָלײַ.

— מיר גייט נישט אָן, ווער זיי זאָלן דאָרט נישט זײַן. זאָל זיך די נאַטשאַלסטווע דאָרט פֿאַנאַנדערקלײַבן. — האָט געענטפֿערט דער אַלטער מיט אַ געמאַכטער גלײַכגילטיקייט, שפּילנדיק זיך מיטן הונט. מײַן אַרבעט איז אַ פּאַשעטע, ווי אַ האָן — אָפּגעקרייעט און פֿאַרטיק, און שפּעטער מעג אַפֿילע פֿונמײַנעטוועגן נישט טאָגן.

— זיי זײַנען דאָך העלדנס!

קוזמיטש האָט פֿאַרשטאַנען, אַז ער איז אַרײַנגעפֿאַלן און פֿילנדיק, אַז ער קען נאָך דאָ שלעכט אָפּשנײַדן, האָט ער מיט האָפֿענונג געוואָרפֿן אַ קרומען בליק מיט זײַן איינציקן אויג אַף

זײַן כאָווער, וועלכער האָט אין דער מינוט, ווי אים האָט זיך אויס־געוויזן, אײַנגעאָנצן אויפגעשײַנט.

— און וועגן מיר האָבן זיי... ווי הייסט עס... דעם קאָ־מאַנדיר גאָרנישט געזאָגט?

— ווי דען? קוידעם קאָל וועגן דיר — ווי דו האָסט זיי דאָרט געזידלט, ווי דו ביסט אַף זיי געשפּרונגען מיטן אויטאָמאַט, אַלץ דערציילט... אָבער דאָס איז נאַרישקייטן, זיי לאַכן נאָר. די הויפּטזאַך איז, ווייסטו ווער, עס לאָזט זיך אויס, זײַנען זיי?

ניקאָלײַ האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם אַלטן און האָט זיך אָנגע־הויבן מיט אים צו דרייען איבער דער לאָנקע, און נאָך זיי אויך יולאָטשקאַ מיט דאַמקען, וועלכע האָט זיך אַזש פאַרקײַכט פון פריילעכן בילן.

— לאָז אָפּ, ביסט אײַנגעאָנצן פון זינען אַראָפּ — האָט זיך געווערט פון אים קוזמיטש.

און ווען ניקאָלײַ האָט אים ענלעך אַראָפּגעלאָזט אַפן גראָז, האָט ער בייז אויסגעשפּיגן.

— „נאַרישקייטן", באַ אײַך איז אַלץ נאַרישקייטן און קוז־מיטש בלײַבט אייביק דער שולדיקער. עס איז קלאָר און פאַר־שטענדלעך, איך האָב שוין אַזאַ פּראָפעסיע — אַ סטרעלאַטשניק. אין אַלעמען איז טאָמיד שולדיק דער סטרעלאַטשניק.

## III

די ערשטע באַקאַנטשאַפט מיטן פּאַרטיזאַנער־לאַגער האָט פון אָנהייב פאַרווּנדערט און אַפּילע אַ ביסל אַנטוישט מוסיאַ וואָל־קאָוואַן. פון קינדוויַיז אָן איז דאָס וואָרט אַליין „פּאַרטיזאַן" געווען פאַר איר אַרומגערינגלט מיט אַ ראָמאַנטישן גלאַנץ. באַוועגנדיק זיך איבער דער באַזעצטער ערד, הערנדיק קעסיידער פון זייערע צופּע־ליקע מיטגייער דערציילונגען וועגן די פּאַרטיזאַנישע מייַסים, וועלכע האָבן שוין געהאַט אַ בייַטאַם פון לעגענדעס, אָנשטויסנדיק זיך אַף שריט און טריט אַף די רעאַלע שפּורן פון דער קריגס־טעטיקייט פון די וואַלד־קעמפערס, האָט דאָס מיידל געשאַפן אין איר פאָר־שטעלונג אַ געשטאַלט פון אַ פּאַרטיזאַן פון דער פּאַטערלענדישער מילכאָמע, אין וועלכן אומבאַמערקט פאַר איר אַליין, האָבן זיך צונויפגעגאָסן די הוזאַרן־דרייַסטקייט פון דעניס דאַווידאָווס יעגער, די העלדישקייט פון פאַדייעווס „מעטעליצאַ" מיט דער מאָרע־שכוירעדיקער טייַגע־גוורע פון דעם פּאַרטיזאַן וסעוואָלאָד איוואַ־נאָוו.

אַפּילע נאָך דעם ווי ניקאָלייַ האָט איר געזאָגט, ווער זיי זייַנען, האָט דאָס מיידל נאָך אַלץ ניט געגלויבט, אַז די וועלכע זיי האָבן באַגעגנט — זייַנען בעעמעס פּאַרטיזאַנער.

אָבער מער פון אַלץ איז דאָס מיידל דערשטוינט געוואָרן פון דעם פּאַרטיזאַנישן קאָמאַנדיר, צו וועלכן מען האָט זיי צוגעשטעלט. זי האָט דערוואַרט צו דערזעז פאַר זיך אַ באָבערדלטן, מיט געווער באַהאָנגענעם מאַן, הערן פון אים נישט קיין געוויינלעכע ווערטער, און גייענדיק נאָכן שעליעך צום קאָמאַנדירס ערד־שטיבל, האָט זיך מוסיאַ געגרייט אָפּצוענטפערן אים אַפן זעלבן שטייגער. אָבער אנשטאָט דעם, פון די אַף שנעל צונויפגעלאָגענע נאָרעס, באַדעק־

טע מיט אַ גרינעם ברעזענט, וועלכע האָבן ווײַזט אויס גלײַכצײַ־
טיק געדינט אי פאַר אַ געלעגער אי פאַר אַ באַנק, איז זיי אַנט־
קעגן שנעל אויפגעשטאַנען אַ קליינוווקסיקער רויטלעכער מאַן מיט
אַ בלאַסן, קרענקלעכן פּאָנעם, מיט האַרטע רויטע וואָנצעלעך, אונ־
טערגעשוירענע אין פאָרעם פון אַ קליין בערשטעלע. אָנגעטאָן איז
ער געווען אין אַ האַלב מיליטערישן בלויען שעוויאָטענעם אָנצוג.
אַף זײַן בויך איז עפּעס גאָר ציוויל־מעסיק געהאָנגען אַ רעוואָלווער
אין אַ שיידל. אָן אַלטע וואַטאָווע קורטקע מיט אײַזנבאַנער שלי־
פעס, וועלכע איז געווען אַרויפגעוואָרפן אַף זײַנע אַקסלען, האָט
דערגענצט זײַן וואָכעדיקן אויסזען.

בלויז די ברוינע אויגן, וועלכע האָבן געקוקט אָפן, גלײַך און
שטרענג, די צוויי טיפע קנייטשן, וועלכע האָבן איבערגעשניטן זײַנע
דאַרע באַקן, און די פעסט צונויפגעפּרעסטע דינע, בלאַסע ליפּן
האָבן אַנטפּלעקט אין דעם מענטשן אַ פעסטן ווילן, און דער דע־
רעכערעץ מיט וועלכן עס האָבן זיך באַצויגן צו אים די אַרומיקע,
האָט איידעס געזאָגט, אַז דאָס איז אַן עמעסער קאָמאַנדיר, אַז מען
פאָלגט אים, און, ווײַזט אויס, מען האָט פאַר אים אויך אַ ביסל
מוירע.

—אַלזאָ, בירגערנס, זעצט אײַך און דערציילט, ווער און וואָס
איר זײַט. מיר האָט מען איבערגעגעבן, אַז איר האָט געוואָלט ריידן
מיטן קאָמאַנדיר פון די פּאַרטיזאַנער. אָט אַזעלכער בין איך טאַקע.
— האָט ער געזאָגט מיט אַ שאַרפן טענאָר, און האָט אָנגעוויזן די
כאָווערטעס אַף אַ גראָב צונויפגעשלאָגענע באַנק, וועלכע איז גע־
ווען אײַנגעגראָבן אין דער ערד באַם טיש.

ער האָט דאָס אַרויסגערעדט גאָר אַף אַ היימישן אויפן, אונ־
טערהוסטנדיק אין פויסט, און די אַלע שיינע, הויכע ווערטער,
וועלכע מוסיאַ האָט צוגעגרייט פאַר דעם געשפּרעך, זײַנען מיט
איין מאָל אַרויסגעפלויגן פון איר קאָפּ.

דער קאָמאַנדיר האָט רויק, נישט אָן נייגעריקייט, אָבער
שטרענג געשטודירט די כאָווערטעס. מוסיאַן האָט עס נישט צע־
טומלט. זי האָט זיך געזעצט באַקוועם און האָט אַרויפגעלייגט אָפן
טיש אירע עלנבויגנס. פונקט ווי דאָן אין דעם קאָלווירטישן לאַגער,
אין „קעלבערנעם גראָבן” האָט זי דערפילט מיט איר גאַנצן וועזן,
אַז זי איז ווידער אַריבערגעטראָטן די ניט אומזיכטבאַרע גרענעץ

פון דער פרעמדער, בייזער, נישט פאַרשטענדלעכער וועלט און געפינט זיך אין איר אייגענער געוווינטער סוויווע.

— וואָס אַזוינס זאָלן מיר אײַך וועגן זיך דערציילן? מיר געפינען זיך איצט אין אַזעלכע מעקוימעס, ווו מען טאָר נישט גלייבן נישט קיין ווערטער און נישט קיין דאָקומענטן, — האָט מיד געענטפערט מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ, — דאָ גלויבט מען נאָר מײַסים. דערלאַנג מיר, מאַשאַ, מײַן טאָרבע.

אין אײַלעניש האָט זי אויפגעבונדן איר גרויסן פּראָסטן זאַק מיט קאָרן, אַרויסגעשלעפּט פון אים דעם קלענערן, אַ לײַוונטענעם, אינגאַנצן אַ באַקלעפּטן מיט פּײַכטע קערנדלעך, אים אויפגעבונדן און אַנידערגעשטעלט פאַרן קאָמאַנדיר. יענער האָט אַרײַנגעקוקט אין זעקל, אַרײַנגעשטעקט זײַן האַנט, אַרויסגעשלעפּט אַ הויפן מיט צירונג, ער האָט עס אַ ווײַלע באַטראַכט אַף זײַן האַנט־פלך, דער־נאָך האָט ער אויסגעפּרוווט די וואָג פון דעם זעקל. אַף זײַן פּאָנעם האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דערשטוינונג.

— רײַך! — האָט ער געזאָגט, ווישנדיק מיטן פינגער זײַנע טרוקענע, שטעכיקע וואָנצעס. — וועמענס איז דאָס? ווו־הין טראָגט איר דאָס?

— זי וועט אײַך דערציילן. דערצייל זיי, מאַשענקאַ!

מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ האָט געגעבן אַ גענעץ און זיך אַ צי געטאָן. מיט איר איז געשען עפּעס אומפאַרשטענדלעכס. זי איז צעקראָכן געוואָרן, האָט זיך מיד אײַנגעהויקערט און שאָקלענדיק זיך האָט זי מיט אַלע אירע קויכעס געקעמפט מיטן שלאָף. דאָס מיידל האָט נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס אַזוינס איז געשען מיט איר כאַווערטע, וועלכע איז אין מעשעך פון דעם גאַנצן וועג געווען פאַר איר אַ מוסטער פון אומדערמידלעכקייט.

נערוועז און פלאָנטערנדיק די ווערטער האָט מוסיאַ אָנגעהויבן צו דערציילן איר געשיכטע פון יענעם מאָמענט אָן, ווען זי איז צופעליק איבערגעבליבן אין דער אָקופּירטער שטאָט. אויס מוירע, אַז דער שטרענגער קאָמאַנדיר וועט נישט פאַרשטיין, אָדער נאָך ערגער, נישט גלייבן איר, האָט זיך דאָס מיידל אַרײַנגעלאָזט אין איינצלהייטן און האָט בעשום אויפן נישט געקאָנט זיך דערנענ־טערן צום עצעם איניען. דער קאָמאַנדיר האָט געהערט געדולדיק, איבעריקלײַבנדיק צעשטרייט די ווערטפולע זאַכן. פון צײַט צו צײַט

פלעגט ער זיך איבערקוקן מיט די מענטשן וועלכע האָבן זיך פאַר־
זאַמלט אין דעם ערד־שטיבל. פלוצלונג האָט ער זיך ווי דערמאָנט
אָן עפּעס.

— וואַרט נאָר. ווי אַזוי הייסט די שטאָט, פון וואַנען איר זײַט
געגאַנגען ? מוסיאַ האָט געענטפערט. דער קאָמאַנדיר האָט זיך
כיטרע פאַרזשמורעט. איצט האָבן שוין זײַנע אויגן געלויכטן מיט
אַ נישט קיין פאַרבאָרגענער ליבלעכקייט.

— אַדיוטאַנט ! — האָט ער באַפוילן שטיל — געפינט אויס
און שיקט אַהער טשאָרנען.

איינער פון די פּאַרטיזאַנער, סקריפּענדיק מיט זײַנע נײַע
שטיוול איז טייקעף אַרויסגעשפּרונגען פון דעם ערד־שטיבל. דעם
קאָמאַנדירס פאַרזשמורעטע אויגן האָבן זיך דערנענטערט צו מו־
סיאַס פּאָנעם.

— און ווו איז דער אַלטער קאַסיר, וועלכער האָט צוזאַמען
מיט אײַך באַקומען די ווערטזאַכן פון די אײַזנבאַנער ?

דאָס מיידל האָט אַ ציטער געטאָן. פון וואַנען קען וויסן דער
רויטלעכער מאַן, וועלכן זי זעט צום ערשטן מאָל אין איר לעבן,
וועגן מיטראָפאַן איליטשן און וועגן די אײַזנבאַנער ? זי איז דאָך
אין איר דערציילונג נאָך נישט צוגעקומען צום מאָמענט, ווען די
אײַזנבאַנער האָבן זיך באַוויזן אין באַנק.

— דער קאַסיר איז געשטאָרבן — האָט שטיל געענטפערט
דאָס מיידל אַראָפּלאָזנדיק אירע אויגן אונטער רודאַקאָווס שאַרפן
בליק. — און פון וואַנען ווייסט איר וועגן אים ?

דער יונגער רויטבאַקיקער אַדיוטאַנט מיט די סקריפּענדיקע
שטיוול, מיט שפּיציקע באַקנבערד, וועלכע האָבן אויסגעזען ווי
צוגעקלעפּטע צו זײַנע באַקן, איז צוריקגעקומען. הינטער אים איז
געגאַנגען יענער פּאַרטיזאַן מיט דער געקרײַזלטער, קאַראַקולענער
בערדל, וועלכער האָט אַזוי אויפמערקזאַם און פאַרוואונדערט באַ־
טראַכט מוסיען, ווען ביידע כאַווערטעס זײַנען פאַרבײַגעגאַנגען
דעם אינערלעכן סעקרעט־פּאָסטן. דאָס פּאָנעם מיט די ברייטע
קינבאַקן פון דעם פעסט־געבויטן פלינקן פאַרשוין האָט זיך אויסגע־
וויזן דעם מיידל צו זײַן באַקאַנט. נו, געוויס, נו, געוויס, זי האָט
שוין אַמאָל געזען דאָס פּאָנעם ערגעץ באַ נישט קיין געוויינלעכע
אומשטענדן. דער אַרײַנגעקומענער האָט פּונקט מיט דער זעלבער

פאַרוואונדערונג געקוקט אַפן מיידל און אַפן שוואַרצן זאַק אין וועלכן עס האָט געגלאַנצט דאָס גאָלד. די איידל־שטיינער האָבן שאַרף געפינקלט אין דעם ראָזעווען אָוונט שײַן, וואָס האָט זיך דורכגעשלאָגן דורכן קליינעם פענצטערל אין סופיט.

— איר דערקענט איינער דעם צווייטן? — האָט געפרעגט רודאַקאָוו און האָט זיך פלוצלונג צעלאַכט אַזוי הילכיק און אָב־שטעקנדיק, אַז קוקנדיק אַף אים, האָבן זיך אַלע אַרומיקע צע־שמייכלט.

אַפן פאַרוואָקסענעם פּאָנעם פון דעם אַרײַנגעקומענעם האָט זיך אויך באַוויזן אַ ווײַסצייניקער שמייכל און אַ דאַנק דעם האָט זיך מוסיאַ גלײַך דערמאָנט, ווי גלאַנצנדיק פונקט ווי איצט מיט די ציין, האָט דערזעלבער טונקלהויטיקער באָכער אויסגעשאָטן פון זאַק דאָס גאָלד אַפן אַלטן געוואַנט פון דעם קאַנצעלאַריע טיש, דאָרט אין באַנק.

ביידע האָבן קימאַט ווי גלײַכצײַטיק אויסגעשריִען:

— איר האָט דאָס געבראַכט צו שלעפּן אַף זיך אַזש אַהער?

— איר האָט עס דאָס אונדז דאָן איבערגעגעבן?

— כאַווער קאָמאַנדיר, דערלויבט אײַך צו מעלדן! אַט פאַר די פאַרשאָלטענע פאַטשקערס האָבן מיר מיט אינאַקענטיעוון אַרײַנ־כאַפּט אַ פאַרוווּרף דאָן אין פאַרטיי־ביוראָ... אַז פאַרכאַפּט זאָלן זיי ווערן. — האָט אַרויסגערעדט דער פאַרטיזאַן אויסציִענדיק זיך בראַוו און אַ קנאַק געבנדיק מיט די אָפּצאַסן.

— און זיי זײַנען דאָווקע נישט פאַרכאַפּט געוואָרן, — האָט געענטפערט רודאַקאָוו פאַרטיפנדיק זיך אין לייענען אַ פּאַפּיר, וועלכן ער האָט געפונען אין זאַק.

ער האָט געלייענט, שאָקלענדיק אַ דערשטוינטער מיטן קאָפּ. אַף זײַנע באַקן האָט זיך פלעקנווײַז צעגאָסן אַ בונטע רויטקייט, וועלכע באַווײַזט זיך בײַ געלע מענטשן.

— אָט דאָס זײַנען מענטשן! — האָט ער אויסגעשריִען ענד־לעך, און הילכיק אַ פּאַטש געטאָן איבער די פּאַפּירן, וועלכע האָבן זיך ווידער צונויפגעדרייט אין אַ ראָלקע.

ער האָט אַפן קאָל איבערגעלייענט דעם טיטל פון דער אינ־ווענטאַר־ליסטע, וועלכע איז צוזאַמענגעשטעלט געוועזן פון מיטראָ־פאַן איליטשן אַף דער לינקער זײַט פון די ערן־דיפּלאָמען. ער האָט

עס דורכגעלייענט און זיך שאַרף אויסגעדרייט צום פענצטער, גריב־לענדיק זיך אַ לענגערע צײַט אין דעם אָנגעשריבענעם, ווען ער האָט זיך ענדלעך ווידער אומגעקערט האָבן בײַ אים געציטערט די ווינקלען פון זײַנע דינע ליפּן און די אויגן זײַנען געווען פײַכט.

— הערט שוין אויף צו רויכערן דאָ! עס איז דאָך פּאַשעט נישטאָ מיט וואָס צו אָטעמען! — האָט געוואָרטשעט דער קאָמאַנ־דיר קוקנדיק פאַרשטאַרט אָף די צונויפגעדרייטע בויגנס פּאַפּיר. — צוליב אָט די רויכערער וועל איך אינגיכן אינגאַנצן בלינד ווערן, מײַן קאָפּ ווערט צעפּלאַצט... ענדיקט מיטן רויכערן!

אָבער אינעם ערד־שטיבל האָט קיינער נישט גערויכערט. עס האָט געשמעקט מיט פרישער סמאָלעדיקער סאָסנע, מיט פײַכטן לעדער פון די שטיוול, מיט אַ שוואָמען־פײַכטקייט און מיט יענעם, באַזונדערן שאַרפן רייעך, וועלכער פילט זיך שטענדיק אין אַ מילי־טערישער פעלד־וווינונג.

מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ האָט אַראָפּגעלאָזט איר קאָפּ אָף די צונויפגעלייגטע הענט אַפן טיש און איז צוטרוילעך געשלאָפן. אַ כוץ איר, האָבן אַלע די וועלכע זײַנען געווען אין דעם ערד־שטיבל: דער קאָמאַנדיר, די פּאַרטיזאַנער, מוסיאַ, דער אַדיוטאַנט מיט די שפּיציקע באַקנבערד, און דער דאַרער ברווינהויטיקער האַנטוואַר־קער, וועלכער איז אויך, ווער ווייס צוליב וואָס, געווען דאָ, אַלע האָבן געקוקט נישט אַפן זאַק, אין וועלכן עס האָט געפינקלט דאָס גאָלד און די איידל־שטיינער, נאָר אָף דער אינווענטאַר־ליסטע, וואָס איז געלעגן אַפן אַנדערן עק פון דעם גרויסן, גראָב צונויפ־געשלאָגענעם טיש.

— און איך, כאַווער קאָמאַנדיר, בין שוין געווען זיכער, אַז די ווערטזאַכן זײַנען שוין פאַרברענט געוואָרן. דער פאַשיסט האָט זיך דאָך דאַן גלײַך נאָך אונדז דורכגעריסן צום צענטער פון דער שטאָט. מיר האָבן דאָך קוים קוים באַוויזן אַרויסצופירן אונדזער עשעלאָן. מיר האָבן אים געפירט אונטערן פײַער פון קוילנוואַר־פערס — האָט ענדלעך געזאָגט טשאַרני — אַזוי פיל קילאָמעטער האָט מען אַזאַ שווערע מאַסע געשלעפּט! אָט האָסטו דיר באַבעס... אַנטשולדיקט, כאַווער קאָמאַנדיר, פּרויען.

דער קאָמאַנדיר האָט ווידער צונויפגעדרייט די אינווענטאַר־

ליסטעס און זיי איבערגעבונדן מיטן שוך־בענדל. זײַן פּנים איז געוואָרן האַרט, פֿאַרשלאָסן און זאַכלעך.

— נו, אַ דאַנק אײַך! אַ דאַנק פֿון דער סאָוועטן־מאַכט, אַ דאַנק אײַך פֿון דער רויטער אַרמיי — האָט ער געזאָגט און האָט שטאַרק אַ טרייסל געטאָן מוסיאַס האַנט מיט זײַן קלענער, דאַרער, מיט זומערשפּרינקעלעך באַדעקטער האַנט. — גייט, רוט זיך אויס. מיר וועלן שוין אַ טראַכט טאָן וואָס מיט אײַך צו טאָן. — ער האָט באַטראַכט די שלאָפֿנדיקע מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ, וועלכע האָט זיך אײַנגעטוליעט באַם עק טיש, באַקוקט איר אַראָפּגערוקט קאָפּ־טיכל, און איר — פֿון דעם פֿעסטן שלאָף — צערויטלט פּנים און האָט זיך צעשמייכלט: — ניין, וואַרט! וועקט זי נישט. איר בלײַבט דאָ בײַ מיר, באַלעבאָטעוועט, שלאָפֿט זיך אויס און איך וועל זיך אַריבערפֿעקלען צום נאַטששטאַב (נאַטשאַלניק פֿון שטאַב) אין זײַן פּאַלאַטקע, אַף פֿרישער לופֿט. אַלע מאַרש, אַרויס פֿון דאַנען!

דער קאָמאַנדיר האָט אַראָפּגענומען פֿון די נאַרעס זײַן וואַטאָווען רעקל, אײַנגעצויגן דעם רימען, אַ שלעפּ געטאָן פֿאַר די אויערלעך די הויכע כאָלעוועס פֿון זײַנע שטיוול, צוגענומען דאָס געווער, דאָס רענצל מיט די פּאַפּירן און האָט זיך געלאָזט גיין צום אַרויסגאַנג. שוין פֿון דרויסן האָט זיך צו מוסיאַן דערטראָגן זײַן שאַרפֿע שטימע, וועלכע האָט פֿאַראָרדנט עמעצן אַרויסצושטעלן לעבן בלינדאַזש אַ פֿערמאַנענטן פֿיר־און־צוואַנציק שאָעדיקן פֿאַרדאָפּלטן וואַך־פּאָסטן, און אויפֿפּאַדערן יעדן דורכגייער נישט צו טומלען. שפּעטער איז אַלץ אײַנגעשטעלט געוואָרן עס האָבן זיך געהערט נאָר די טריט פֿון דעם וועכטער און מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַס רויִק אָטעמען. נישט דערוועקנדיק זי האָט מוסיאַ אָפּגעפֿירט איר שלאָפֿנדיקע כאַווערטע צום געלעגער, וועלכער איז באַדעקט געווען מיט אַ ברעזענט און זיך דערנאָך אַליין אויך צוגעשפּאַרט לעבן איר נישט אויסטועענדיק די קליידער און אַפֿילו נישט אַראָפּנעמענדיק פֿון זיך די שיך. פֿון צײַט צו צײַט האָט זי דורכן שלאָף געהערט עמעצנס טריט, אַ ווײַטן טופּען פֿון פֿערדישע קאָפּיטעס, פֿאַרטויבטע שטימעס. עס האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז אַ שטימע פֿון אַן אַלטיטשקער, זייער ענלעך צו דער שטימע פֿון איר שוין לאַנג געשטאָרבענער הינקענדיקער באָבען, בעט זיך בײַ איר זי־

זאָל זיך אויסטאָן; עס האָט זיך איר געכאָלעמט אַז איר באָבע איז טאַקע בעעמעס צוגעגאַנגען צו איר קינדיש בעטל, זי אַגידער־געלייגט, פאַריכט די קישן איר צוקאָפּנס, פאַרשטעקט די קאָלדרע אונטער אירע פיס און זי פילט זיך אַזוי געמיטלעך, אַזוי אָנגענעם, אַז עס ווילט זיך אײַנציִען די קני ביז צום קין און שלאָפן נאָך און נאָך.

דער כאָלעם האָט אָוועקגעפירט מוסיאַן צו איר קינדהייט און ווען זי האָט זיך שוין אַפילע אויפגעכאַפּט, איז זי אויך נישט גלײַך צוריקגעקומען פון דער רויִקער נעסיִע. עס האָט זיך איר אויסגע־וויזן, אַז קוים עפנט זי אירע אויגן, וועט זי דורך דער געפלאָכטענער נעץ פון איר קינדער בעטל דערזען דאָס באַקאַנטע צימער, די שפּיל־צײַג, די ביכער, אָדער די מוטער. עס האָט זיך איר פאַרגלוסט, פונקט ווי אין יענע זאָרגלאָזע יאָרן, זיך צו פּיעשטשען אַריבער־ציִענדיק די קאָלדרע איבערן קאָפּ. אָבער אנשטאָט אַ קאָלדרע האָט איר האַנט אָנגעטאַפּט עפּעס אַ קילע, לעדערנע זאַך. מוסיאַ האָט געעפנט די אויגן און האָט אַ געשריי געטאָן פון אומגעריכטקייט. זי איז געלעגן אַף אַ קישן, אַף אַ ריינעם לײַלעך אין אַ נידעריקער, ענגער קאַמער מיט קלעצערנע ווענט, וווהין די שײַן איז אַרײַנגע־דרונגען דורך אַ שמאָלער קרום־באַגלאָזטער עפענונג אין דער סטעליע. באַ אַ לענגלעכן טיש איז געזעסן מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ מיט אַן אַלומינענעם טעפּל אין דער האַנט און האָט מיט אַ קענטיקן פאַרגעניגן געטרונקען טיי. אַנטקעגן איר איז געזעסן אַ לאַנגנאַ־זיקע, רויִקע זקיינע, אין אַ וואַטוווקע און וואַטאָווע הויזן, איבער־געבונדן דעם קאָפּ מיט אַ מארלע־טיכל. זי האָט געגאָסן געזאָטענע וואַסער פון אַ פלאַכן פאַרויכערט טעפּל אין אַן אַנדער קענדל.

דערהערנדיק, אַז דאָס מיידל האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָבן זיי זיך ביידע אויסגעדרייט צו איר.

— ווייסט איר, ווי לאַנג איר זײַט געשלאָפן? קנאַפּע צוויי מעסלעס. איר האָט זיך אַפילע נישט אויפגעכאַפּט, ווען איך מיט מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַן האָבן געטוישט אַף אײַך די אונטערוועש — האָט געזאָגט די זקיינע. — זייער אַ זעלטענער פאַל... אַ צושטאַנד, מען קען זאָגן, ענלעך צו אַ לעטאַרגיע.

ערשט איצט האָט מוסיאַ באַמערקט, אַז אַנשטאָט איר אייגן העמדל טראָגט זי אַ פרישע, אַן אומגעהויער גרויס מענער העמד.

און אַפן געלעגער אַנשטאָט אַ ברעזענט ליגט שוין בעט־געוואַנט. עס איז דאָ אַ קישן אין אַ ציכל און אַפילע אַ בײַקענער צודעק, ענלעך צו אַ שפּיטאָל־קאָלדרע, און פון אויבן, אַף דער קלאָדרע ליגט אַרויפגעוואָרפן אַ לעדערנער מאַנטל מיט אַ פּוטערנעם אונ־טערשלאַק.

— און איך האָב שוין געמיינט, מאַשענקאַ, אַז דו וועסט שוין אויך פאַרשלאָפן אונדזער געזעגענען זיך. איך קלײַב זיך דאָך שוין ווידער אין וועג אַרײַן. שוין צײַט אַהיימפאָרן. גיסט מיר אָן, אַנאַ מיכעיעוונאַ, נאָך אַ קענדעלע. איך האָב עפּעס באַקומען אַ גרויסן כיישעק צו טיי. ווײַזט אויס, זיך פאַרבענקט.

מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ האָט שוין ווייזט אויס באַוויזן צו זײַן אין באָד. די טונקעלע הויט פון איר פּאָנעם האָט באַקומען אַ זײַדענעם אָפּגלאַנץ, די ברעמען האָבן זיך באַ איר אויסגעטיילט איצט מיט גלאַנציקע האַלבע קרײַזן פּונקט ווי אָנגעצייכנטע מיט סמאָלע. אירע האָר, ווידער אײַנגעלייגטע אין אַ ברייטער קרוין, זײַנען געוואָרן פּוכיקער.

— ווידער צוריק אין יענעם גרויל ? נאָך וואָס ? פאַרבלײַבט דאָ !

— וואָס זאָל מען מאַכן, מאַשענקאַ. די מענטשן, דאָס באַלע־באַטישקייט, זיי וואַרטן דאָך. איך מיטן שווער מײַנעם זײַנען דאָך די איינציקע קאָמוניסטן אין דעם גאַנצן „קעלבערישן גראָבן".

— זיי וועלן זיך דאָרט באַגיין ... בלײַבט דאָ, טײַערע, נו, וואָס אַרט אײַך ...

— עך דו, נאַרעלע, וואָס טויג מיר דאָ איבערצובלײַבן. איך האָב דאָך שוין מײַנס אָפּגעטאָן, דיך צוגעשטעלט, און אָט דאָס — זי האָט אַ מאַך געטאָן מיט איר האַנט אין דער ריכטונג פון דעם זאַק, וועלכער איז געלעגן אַפן פריזערדיקן אָרט אַפן טיש — דאָס אויך אָפּגעגעבן אין זיכערע הענט. איצט איז באַ מיר מײַן געוויסן ריין, און איצט צו די קינדערלעך, צו מײַנע פּיצעלעך ... זיי קענען דאָך שוין אַוואַדע זיך נישט דערוואַרטן, בענקען נאָך מיר, מײַנע טײַערע. זיי כאַלעמען זיך דאָך מיר יעדע נאַכט, מאַשענקאַ, זיי רופן מיך, ציִען אויס צו מיר זייערע הענטעלעך ... איך האָב דאָס דיר קיינמאָל נישט דערציילט. —

— אויב אַזוי, איז איך אויך, איך אויך מיט אײַך. מיר זײַנען צוזאַמען אַהער געגאַנגען, וועלן מיר אויך צוזאַמען צוריק גיין.

מוסיאַ איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דעם געלעגער. זי איז איצט געווען פעסט און אַנטשלאָסן.

— אַליין צו גיין איז אומעטיק און געפערלעך, צוזאַמען, זאָל־בענאַנד איז בעסער, און מיר זײַנען דאָך שוין איצט געניטע? עמעס? ס'איז דאָך אַזוי?

מוסיאַ האָט זיך אַנידערגעזעצט אַפן באַנק לעבן מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַן, און אײַנגעציִענדיק אירע באָרוועסע פיס האָט זי זיך צוגעטוליעט צו איר. די אַלטיטשקע מיטן לאַנגן נאָז, פון וועלכן עס האָט זיך געפילט אַ רייעך פון רעפּועס, האָט נאָר אַ זיפץ געטאָן, קוקנדיק אַפן מיידל, און מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ האָט אָנגעהויבן צו גלעטן, ווי אַ קינד, אירע שאָרסטקע אָפּגעבליאַקעוועטע קודלעס.

— סטעפּאַן טיטיש, דער כאַוועך רודאַקאָוו, האָט אַזוי באַ־שלאָסן: איך זאָל זיך צוריקקערן צו די מײַניקע. מיך וועלן באַ־גלייטן זײַנע מענטשן, זיי וועלן דאָרט אויסקוקן, זען, עפּשער וועט מען קאָנען ווינטער מיטן ערשטן שניי אַרויספירן פאַרן אָטריאַד קעז און פּוטער, און אויך עטלעכע בעהיימעס פון דער פּראָסטער ראַסע אַהערברענגען. און די פּרוי — זי האָט אָנגעוויזן אַף דער אַלטיטשקער — דאָס איז די דאָקטאָרשע פון דאַנען, אַנאַ מיכע־יעוונאַ, וועסט מיט איר צוזאַמען אין דער מעדיצינישער זעמליאַנקע וווינען. וועסט איר צוהעלפן אין איר מעדיצינישער טעטיקייט.

— איר האָט שטודירט אַף די ראַקאָוער קורסן? — האָט זיך געפרעגט די אַלטיטשקע, אָנפּילנדיק ווידער דאָס קענדל. — אָנגיסן פאַר אײַך טיי?

— איך וויל נישט וויסן פון קיין שום מעדיצין, איך וועל גיין מיט אײַך! — האָט אַנטשלאָסן געמאָלדן מוסיאַ.

— אָט, ווען עס וועט זיך ענדיקן די מילכאָמע, דאַן וועט יעדער פון אונדז גיין מיט זײַן וועג. דו — זינגען; איך וועל אָנ־קומען אין אַ זאָאָטעכניקום, אויב מען וועט מיך אָננעמען, און אַנאַ מיכעיעוונאַ כאָלעמט ווידער צו ווערן אַ דאָקטער אַף אַ קוראָרט. דער־ווײַל אָבער מוז יעדער פון אונדז שטיין דאָרט, ווו מען הייסט אים, געפינען זיך דאָרט, ווו ער קען מער נוצן ברענגען פאַר דער מיל־כאָמע. — מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ האָט עפּ אַרויסגערעדט זייער

פעסט, אָבער דערזעענדיק, אַז דאָס מיידל האָט זיך אָנגעברויגעזט און האָט זיך פאַרשלאָסן אין זיך, האָט זי פּלוצלונג אָנגעהויבן טומלדיק שמאַיען. — ווס־זשע זיצסטו אַ באַרוועסע, נישט קיין אָנגעטוענע אין אַ בלויז העמד. און טאָמער קומט אַרײַן עמעצער פון די מענער? טו זיך אָן און גיי אין באָד אַרײַן. האַגאַם מען וווינט אין וואַלד, האָט מען דאָ אַזאַ באָד אײַנגעאָרדנט, אָפּילע באַ אונדז אין קאָלווירט האָבן מיר אַזאַ באָד נישט געהאַט... אוי מאַשענקאַ, הער, וואָס איך וועל דיר דערציילן... — און מיט אַ הילכיק געלעכטער האָט זי אויפגעהויבן פון ווינקל צוויי געקרײַזלטע דעמבענע בעזימער און האָט זיי געוויזן מוסיאַן: דער קרומער, דער איינאויגיקער קוזמיטש, יענער, וואָס איז אַף אונדז געשפרונגען מיטן אויטאָמאַט, זע נאָר וואָס פאַר אַ בוקעטן ער האָט אונדז אונ־טערגעטראָגן. איך מיט אַנאַ מיכעיעוונאַ זײַנען געגאַנגען אין באָד און ער איז אונדז אין מיטן ווענן אויסגעוואַקסן, אַרויסגעקראָכן פון ערגעץ און הייבט אָן: נעמט עס, זאָגט ער, פונעם טיפסטן האַרצן, נעמט זיי און זײַט מיר מויכל פאַר אונדזערע וועג־מאַכלוי־קעס. אַזאַ אַלטער באָק, געפונען מיט וואָס זיך אונטערצוכאַנפענען! אָבער די בעזימער, צווישן אונדז גערעדט, זײַנען זייער גוטע. שמײַסן אַזוי, אַז עס פאַרכאַפּט אַזש דעם אָטעם.

— און יענער... דער הויכער, פלעגט נישט אַרײַנקומען?

— האָט געפרעגט מוסיאַ מיט אַן אָנשטעל, ווי זי וואָלט געפרעגט עס גלאַט אַזוי, פּאַשעט קעדיי אָנצוהאַלטן דעם שמועס.

— ווער? ניקאָלײַ? — מאַטריאָנאַ האָט זיך פילדײַטיק איבערגעקוקט מיט דער דאָקטאָרשע, — דער אומגעלומפּערטער בער?

— פאַרוואָס עפּעס אַ „בער”? אַ באָכער, ווי אַלע באָכערים, וואָס לאָכט איר?

מוסיאַ האָט זיך באַמיט מיט אַלע אירע קויכעס אַרויסצוווײַזן אַ פולשטענדיקע גלײַכגילטיקייט, דעריבער האָט זי זיך נאָך מער דענערווירט, און דאָ ווי אַף לעהאַכעס האָבן זיך באַ איר אָנגעצונדן די אויערן פונקט ווי עמעצער וואָלט זיי אָנגעריסן.

מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ האָט אַרומגענומען דאָס מיידל באַ די אַקסלען און זי פעסט צוגעדריקט צו זיך.

— וואָס זשע רויטלסטו זיך? קוק זי נאָר אָן, אָנגעצונדן זיך

ווי אַ פייערל... ער איז געווען, געווען דאָ דיין הויכגעשעצטער ניקאָליי. ער האָט אונדז געגעבן אַ שטיק טראָפּיי־זייף, אויך געשאָנקען אַ פלעשל אדעקאָלאָן און וועש. דו אַליין זיצסט אין זיין אין זיין העמד.

מוסיאַ האָט באַטראַכט דאָס העמד פון פּראָסטן סאָלדאַטסקן געלן ליינוונט, וואָס איז אַף איר געהאָנגען ווי אַ זאַק און איר איז געווען אָנגענעם און גלייכצייטיק האָט זי געפילט אַ בושע, וואָס דעם מאַלבוש האָט געטראָגן אַף זיך יענער גרויסער שעמעוודיקער באָכער מיט אויגן פון הימל־בלויען קאָליר. אָבער מוירע האָבנדיק פאַר די ליבלעכע כויזעק־שמייכעלעך, וואָס האָבן געפינקלט אין איר כאָווערטעס אויגן, האָט דאָס מיידל אָרויסגערעדט מיט דער העכסטער גלייכגילטיקייט:

— נייטיק דאַרף איך האָב זיין העמד. און ווו איז דען מיינע?

— און אייער העמדעלע, מיין טייערע, איז אַף סטענגעס צעפּאַלן געוואָרן, ווען איך מיט מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאָן האָבן אייך, אַ שלאָפנדיקע, איבערגעטאָן — האָט געזאָגט די דאָקטערשע און האָט באַלעבאַטיש אָנגעגאָסן טיי פאַר זיך און פאַר די איבעריקע פרויען.

דערווירטשאַפט־פּאַרוואַלטער, אַ פּירקאַנטיקער מענטש מיט אַ שיינער געכאַליעטער באָרד, וועלכער האָט געשעמט אין אַטריאַד מיט זיין אומהיילבאַרער „פּאַרמאַכטער האַנט", האָט זייער פּריינטלעך באַגעגנט מוסיאַן באַם טיר פון זיין סקלאַד, און אַן איבעריקע טיינעס, פאַר וועלכע מען האָט אים נישט ליב געהאַט, אַרויסגעגעבן איר אַ גאַנצן קאָמפּלעט וועש, דורכגעזאַפּט מיטן רייעך פון וואַלדפייכטקייט. ער האָט זייער לאַנג געגישטערט אין די קאַסטנס ביז ער האָט פאַר איר אויסגעזוכט הויזן פון דער קלענסטער מאָס, אַ וואַטוווקע און שטיוול. די אַלע זאַכן האָט ער איינגעלייגט אין אַ זגראַבנעם פּעקל, דערלאַנגט דעם מיידל און נאָכן אָנווינטשן איר האַנאָע צו האָבן פון דער באָד האָט ער פאַרזיכערט, אַז ער האָט איר אָפּגעגעבן דאָס בעסטע פון דעם גאַנצן זאַפּאַס זיינעם, וואָס ער האָט פאַרמאָגט.

נאָכן אָפּוואַשן זיך ווי עס באַדאַרף צו זיין אין דער פּאַרטיזאַנישער באָד וועלכע איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין אַ גרויסער גערוימער זעמליאַנקע, באַשלאָגן פון אינעווייניק מיט פרישע קלע־

צער, מיט אַ הויפן אָנגעגליטע שטיינער און אַ הויכער פאַל צונויפגעשלאָגן פון ברעטער, האָט זיך מוסיאַ אַפילע נישט צוגערירט צו די פאַרטיזאַנישע בעגאָדים, וועלכע זי האָט באַקומען. זי האָט גאָר אָנגעטאָן איר איינציק־איבערגעבליבן געבלימט זײַדן קלייד, זײַדענע זאָקן און לאַקירטע לאַטשן, וועלכע זי האָט מיטגעבראַכט מיט זיך נאָך אַזויפיל נאַ־וועגאַד זײַן. און דאָס מיידל האָט זיך ווידער געכידעשט, וואָס דאָס קלייד און די שיך זײַנען איר ענג געוואָרן, פונקט ווי זי וואָלט פאַר דער צײַט פון איר אַרומוואַנדערן איבער די וועלדער געהאַלטן אין איין וואַקסן אין דער הייך און אין דער ברייט.

שפיגלענדיק זיך אין דעם טונקעלן וואַסער פון דער דאַשקע האָט מוסיאַ זאָרגעוודיק צעקעמט און אײַנגעלייגט אירע האָר, אויסגעטריקנט זיי באַ די גליענדיקע שטיינער פון אויוון און מיט אַ צופלוס פון פריידיקע קויכעס און אַן אומגעהויערע לײַכטקייט אַף דער נעשאָמע האָט זי פאַרלאָזט דאָס באָד.

דער לאַגער איז געווען פאַרגאָסן מיט שטראַלן פון דער קאַרגער האַרבסט־זון. מוסיאַ האָט זיך געלאָזט גיין אַהין ווו אין דער ווײַטנס האָט זיך געמערקט אַ גרויסער לײַוונט מיט אַ רויטן קרײַץ אין דערמיט, וואָס איז אומבאַוועגלעך געהאנגען.

אַף דער לאָנקע, וואָס איז איר שוין באַקאַנט געווען פון דעם ערשטן טאָג פון זייער אָנקומען אין לאַגער, האָבן זיך ווידער געפאָרעט פאַרטיזאַנער מיטן טראָפיי־געווער. אַנדערע זײַנען געזעסן אַף קלעצער באַם אַרײַנגאַנג אין די ערד־שטיבלעך, גערייניקט זייערע ביקסן, אָדער געשפילט אין דאָמינאָ, אויסשטעלנדיק די זעלבס־אויסגעאַרבעטע ביינדלעך גלײַך אַפן וועג. אַ היפשער האַמוין איז געשטאַנען באַ אַ מעלדונג פון סאָוואינפאָרמביוראָ, וועלכע איז געווען אויסגעהאָנגען אַף אַ סאָסנע, לעבן אַ טעלער פון אַ וואַגאָן בופער, וועלכער האָט זיך געוויגט אַף אַ צווײַג. די פאַרטיזאַנער זײַנען געווען פאַרשיידנאַרטיק געקליידט. מען האָט דאָ געקאָנט זען אײַזנבאַן־אוניפאָרמען, מיליטערישע גימנאַסטיארקעס, בלויע שאָפערסקע קאָמבינעזאָנען, פאַרוואַשענע העמדלעך, קורצע טראָפיי־רעקלעך און קורטקעס מיט אַראָפגעטרענטע שליפעס און אָפצייכענונגען. אייניקע האָבן געטראָגן דײַטשע, שוואַרצע גומענע רעגן־פעלערינעס מיט סאָמעטענע קאָלנערס.

און צווישן אָט דעם אַזוי פֿאַרשיידנאַרטיק־געקליידעטן, באַוואָפֿנטן אוילעם האָט געשפּאַנט אַ דין מיידל אָנגעטאָן אין אַן עלעגאַנט זײַדן קלייד, אין לאַקירטע לאַטשן מיט זײַדענע זאָקן. זי האָט געשפּאַנט איבערן וואַלד־לאַגער, ווי אַ וויזיע פֿון יענער ווײַטער שוין קימאַט פֿאַרגעסענער, און דערפֿאַר טאַקע אַזאַ ליבע און טײַערע, פֿאַרמילכאָמע־וועלט. און די פּאַרטיזאַנער האָבן געקוקט אַף איר פֿאַרוווּנדערט, מיט היסלאַוועס און גלײַכצײַטיק פֿאַרטראַכט און מיט אַ ביסל טרויער. אַזוי קוקט מען אין שפּעטן האַרבסט אַף אַ סנאָפּ זונען־שטראַלן, וואָס באַווײַזט זיך אַף אַ רעגע דורך געדיכטע בלײַענע וואָלקנס.

פֿון דער ווײַטנס האָט מוסיאַ דערזען ניקאָלײַען, וועלכער איז געדולדיק געגאַנגען הין און צוריק פֿאַרבײַ דעם סאַניטאַרן ערד־שטיבל. אין אַ געהאָפּטעטענעם רעקל און וואַטאָווע הויזן האָט ער אויסגעזען נאָך גרעסער און מאַסיווער. דאָס מיידל, מאַכנדיק אַן אָנשטעל, אַז זי באַמערקט אים אַפֿילע נישט, איז געבליבן שטיין בײַ די יעדיִעס פֿון סאָוואינפֿאָרמביוראָ, זיך אַ שפּיל געטאָן מיטן הונט. דאָך האָט זי באַוויזן צו באַמערקן, אַז דער פּאַרטיזאַן איז גלאַטיק אויסגעראַזירט, אונטערגעשוירן און זײַנע העלע קודלעס זײַנען צוגעקעמט און זאָרגעוודיק באַשמירט און פֿאַרגלעט. אָבער אַפֿילע די אַלע גרויזאַמע פֿאַריקמאַכערישע מאַניפּולאַציעס, וועלכע האָבן שטאַרק געשעדיקט זײַן אויסערלעכקייט, זײַנען דאָך נישט געווען בעקויעך צו פֿאַרניכטן זײַן באַכערישן כיין.

מוסיאַ איז געגאַנגען אונטערזינגענדיק, און געקוקט מיט אַ געמאַכטער גלײַכגילטיקייט אַף אַלע זײַטן.

— אָ, דאָס זײַט איר? — האָט זי געזאָגט שיר נישט אָנשטויסנדיק זיך אַף אים.

דער פּאַרטיזאַן האָט געקוקט אַף איר, ווי עס קוקן מענטשן, וועלכע זײַנען פּלוצלונג אַרויס פֿון אַ געדיכטן כוישעך אַף דער העלער שײַן.

— נו, גוט מאָרגן, וואָס שטייט איר? גיט מיר ווייניקסטנס אײַער האַנט... מיט וואָס האָט איר דאָס באַשמירט אײַערע האָר?
— האָט זיך פֿאַראינטערעסירט, קוים אײַנהאַלטנדיק דאָס געלעכטער, מוסיאַ — מיט בוימל? מיט ריצנייל?

— אוי, ווי איר זעט אויס! — האָט ענדלעך אַרויסגערעדט ניקאָלײַ.

— וואָס האָט איר געזאָגט? — האָט שעלמיש איבערגעפרעגט דאָס מיידל.

אָבער ניקאָלײַ האָט שוין נישט באַוויזן צו ענטפערן. עס האָט זיך דערהערט אַ ווײַטער טופּען פון פערדישע פּאָדקאָוועס, צווישן די ביימער האָט אַ שווינדל געטאָן אַ פערד אינגאַנצן באַדעקט מיט שוים און אַ רײַטער, וועלכער האָט זיך געטראָגן צוגעבויגן צום פערדס האַלדז. אין פולן גאַנג האָט ער אײַנגעהאַלטן דאָס פערד באַם אַרײַנגאַנג אין סאַניטאַרן ערד־שטיבל און ווי אַן אַרויסגעוואָרפענער מיטן אימפּעט פון דעם זאָטל, איז ער אַראָפּגעשפּרונגען אויף דער ערד. נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף דער כעוורע און עפּשער אינגאַנצן נישט באַמערקנדיק זיי איז ער הילכיק אַראָפּגעלאָפן איבער די הילצערנע טרעפּלעך און גלײַך האָט זיך פון דער טיפעניש פון דעם ערד־שטיבל דערטראָגן זײַן אויפגערעגטע שטימע:

— באַם אַריבערפאָר האָבן זיך אונדזערע יאַטן אָנגעשטויסן אויף אַ מאַרש־קאָלאָנע. עס קומט פאָר אַ שלאַכט. פאַראַן פאַרווונדעטע. דעם קאָמאַנדירס באַפעל — די מעדיצין אין פעלד אַרויס.

דער פּאַרטיזאַן איז אַרויסגעפלויגן פונעם שטיבל און מיט אַלע קויכעס אַוועקגעלאָפן צום ערד־שטיל, וווּ עס געפינט זיך דער שטאָב. דאָס פאַרשוימטע פערד, שלעפּנדיק נאָך זיך די לייצעס, איז אַוועק נאָך אים.

מוסיאַ האָט געוואָלט געוויזער ווערן באַ ניקאָלײַען, וואָס אַזוינס איז פאָרגעקומען באַם אַריבערפאָר, אָבער יענער איז פאַרשווונדן געוואָרן. עמעצער האָט אַן אויפהער געהאַמערט איבערן בופער־טעלער. צווישן די ביימער האָבן געשווינדלט מענטשן, אײַלנדיק זיך יעדער איינער צו זיין, ווײַזט אויס, שוין פון פאָרויס באַשטימטן פּלאַץ אָפּן זאַמל־פּונקט.

דאָס וויברירנדיקע קלינגען פון דעם שטאָלענעם טעלער האָט אָנגעפילט דעם וואַלד מיט אַלאַרעם.

מוסיאַ האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו דעם שפּיטאָל־שטיבל און זיך צוזאַמענגעשטויסן אין דורכגאַנג מיט דער דאָקטערשע. יענע איז געגאַנגען אַרויפשלעפּנדיק אין גאַנג אויף זיך איבער דער וואַטוווקע אַן אַלטן כאַלאַט. מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ האָט געאײַלט

נאָך איר פאַרקנעפּלענדיק אין גאַנג דעם ברעזענטענעם רימען פון אַ בײַכיקן סאַניטאַר־רענצל.

— איך גיי מיט אײַך! — האָט אויסגעשריִען דאָס מיידל.

— אין דעם הוילעך? — די אַלטע האָט מיט פאַרדרוס באַטראַכט מוסיעס פריזור, איר קלייד און לאַטשן.

— איך גיי מיט אײַך. איך האָב פאַרענדיקט ראַקאָווס קורסן מיט אַן אויסצייכענונג.

— טוט זיך איבער! געפונען אַ צײַט ווען צו פראַנטעווען.

דער דאָקטערשע איז נישט געווען צו דערקענען. אין איר איז נישט פאַרבליבן אַפילע קיין שפור פון דער גוטמוטיקער טײ־טרינקערן. איר פּאָנעם מיטן גרויסן נאָז איז געוואָרן ערנסט. עס האָט זיך באַוויזן אַף איר דער אויסדרוק פון אַ רויב־פויגל, און איר שטימע האָבן געקלונגען אַזעלכע טענער,, אַז מוסיאַן מיט איר נישט־נאָכגיביקן כאַראַקטער איז אַפילע נישט אײַנגעפאַלן זיך קעגנצושטעלן.

אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז שוין מוסיאַ געלאָפן, פאַרקנעפּלענדיק אַפן וועג איר וואַטוווקע, און פאַרשטעקנדיק אירע קודלעס אונטער דער פּילאָטקע, אָנהאַלטנדיק זיך פאַרן ראַנד פון אַ שווערער מיט אײַזן באַשלאָגענער פור, וועלכע האָט זיך געהוידעט אַף גראָבע אָנגעבלאָזענע שינעס. אַ ברוין פערד מיט אַ קורץ־געשוירעגעם וויידל, זיכער פאַרכאַפּט באַם סוינע, האָט מיט אַ געוויינטן טראָט געשלעפּט די פור איבער דער וואַלדיקער וועגלאָזיקייט, איבעריאָגנדיק קורצע קייטלעך פון פאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן זיך מיט אײַלעניש געדרוקט פאָרויס צווישן די ביימער.

שפּעטער, ביז עס איז געוואָרן פינצטער און דערנאָך נאָך אַ קורצן איבערײַס אין מעשעך פון דער גאַנצער נאַכט האָבן מוסיאַ מיט מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַן אונטער דער אָנפירונג פון אַנאַ מיכײַעוונאַ געהאָלפן וואַשן און באַנדאַזשירן די ווונדן, איבערקאָכן די כירורגישע אינסטרומענטן, און פאַרפעסטיקן ברעטלעך אַף צעבראָכענע גלידער.

דער לאַגער איז נישט געשלאָפן די גאַנצע נאַכט. פון צײַט צו צײַט פלעגט דער ווינט דערטראָגן דעם געקנאַל פון אַ ווײַטער איבערשיסונג, וועלכע איז מיטאַמאָל אײַנגעשטילט געוואָרן און פלוצלונג זיך ווידער צעפלאַקערט. דער סאַניטאַרער „אויטאָמאָביל

מיטן ווײדל״, ווי עס האָט זיך געוויצלט אַפֿן כעשבן פֿון דער שפּיטאָל־פֿור אײנער פֿון די פֿאַרוווּנדעטע, איז אַוועק אין אַ צווייטער רײַזע. דערווײַל האָט מען זיך אין דעם ערד־שטיבל פֿאַרנומען מיט די נײַ אָנגעקומענע. צוויי פֿון די שווער־פֿאַרוווּנדעטע — אַ גרויער זאַרער מאַן און אַ קלײנער בלאָנדער באָכער אין אַ העמדל פֿון האַנטווערקער־שול, וועלכער האָט, פֿאַרלירנדיק דעם באַוווּסטזײַן, נאָכאַנאַנד גערופֿן זײַן מוטער — זײַנען געשטאָרבן.

פֿאַלנדיק פֿון מידקייט פֿון די פֿיס, איז מוסיאַ אַנטשלאָפֿן געוואָרן באַגינען, אײַנגעקורטשעט אין פֿאָדער־הויז פֿון דעם שפּיטאָל־שטיבל.

איר האָט אויפֿגעוועקט רודאַקאָווס אַדיוטאַנט, וועלכער איז געשטאַנען אין דורכגאַנג צוזאַמען מיט מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ.

— אַנטשולדיקט, דער קאָמאַנדיר האָט באַפֿוילן אײַך טייקעף קומען צו אים — האָט ער געזאָגט קנאַקנדיק מיט די אָפּצאַסן פֿון זײַנע ביז גלאַנץ אויסגעפּוצטע שטיוול, וועלכע האָבן בײַ יעדן טריט אַרויסגעלאָזט אַ שאַרפֿן סקריפּ.

דורכלאָזנדיק פֿאָרויס בײדע כאַווערטעס איז ער געגאַנגען נאָך זיי. באַם אַרויסגאַנג פֿון דעם ערד־שטיבל אַף דער ליכטיקער שײַן האָט מוסיאַ באַמערקט, אַז אין מעשעך פֿון דער נאַכט איז אויך דער פֿראָנטעוואַטער באָכער אײַנגעפֿאַלן און אויסגעבלייכט געוואָרן.

קיין שיסערײַ האָט מען שוין מער נישט געהערט, אָבער אַלע פּאַרטיזאַנער וועלכע זיי האָבן אָנגעטראָפֿן אַפֿן וועג זײַנען געווען באַוואָפֿנט און האָבן אויסגעזען פֿאַרמאַטערט און באַזאָרגט.

רודאַקאָוו איז געזעסן באַם טיש, מיטן קאָפּ אַף די הענט. עס האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט געווען פֿאַרטיפֿט אין ראַיוינעס. אָבער לויט דעם, וואָס ער האָט נישט אויפֿגעהויבן אַזוי שנעל זײַן קאָפּ, און שפּעטער, אויפֿכאַפּנדיק זיך האָט ער עטלעכע רעגעס געקוקט אַף די פֿרויען מיט גאָרנישט פֿאַרשטייענדיקע אַנטצונדענע אויגן און האָט לאַנג געהוסט אײדער ער האָט אָנגעהויבן דעם געשפּרעך, האָבן די כאַווערסטעס פֿאַרשטאַנען, אַז דער קאָמאַנדיר איז פּשוט אַנטשלאָפֿן געוואָרן איבער דער אַלטער מאַפּע מיט אויסגעריבענע ברעגעס, וועלכע איז געווען אין דער לענג און אין דער ברייט באַדעקט מיט קייקעלעך און פֿײַלן.

אויסגעהוסט, האָט זיך רודאַקאָוו מיטאַמאָל אונטערגעצויגן. זײַנע שאַרפֿע אויגן האָבן איצט געקוקט גלײַך און שטרענג. עס האָט זיך שוין נישט געמערקט אין אים קיין שפּור פֿון שלעפּעריקייט. פֿירנדיק איבער דער מאַפּע אַ רויטן בלײַפֿעדער האָט ער געזאָגט פֿאַרטראַכטערהייט:

— די לאַגע איז געוואָרן קאָמפּליצירט. פֿריִער האָבן די פֿאַשיסטן, קעדיי צו פֿאַרהיטן פֿון אונדז זייער קאָמוניקאַציע, אויסגעברענט אַלץ אַרום און אַרום, האָב איך דאַן פֿאַראָרדנט די מיני־ [illegible] זאָלן אָפּעררן דאַווקע אין דער טויטער זאָנע. מיר האָבן געוויזן דעם סוינע, אַז מיט זײַן איזדיעקעווען זיך איבער דער באַפֿעלקערונג וועט ער נישט פֿאַרהיטן זײַנע קאָמוניקאַציע־וועגן. די פֿאַשיסטן האָבן דאָס פֿאַרשטאַנען און האָבן געענדערט זייער טאַקטיק. — רודאַקאָווס אַקסלען האָבן אַ ציטער געטאָן — זיי האָבן אונדז אויסגעשפּירט. אויף וואָס פֿאַר אַן אופֿן — ווייס איך נישט. אָבער אויסגעשפּירט דאָס איז זיכער. נעכטן האָבן זיי פֿאַרהאַלטן אַ מאַרש באַטאַליאָן און אים אַרויסגעשיקט קעגן אונדז. וואָס עס איז פֿאַרגעקומען, ווייסט איר?

מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ און מוסיאַ האָבן באַשטעטיקט מיט אַ נויג פֿון זייערע קעפּ. דעם קאָמאַנדירס ווערטער, פֿאַרשוואַלענע און רויטע פֿון נישט דערשלאָפֿן, זײַנען ווי פֿריִער געווען האַרט און טרוקן. באַטראַכטנדיק איינציקווײַז יעדע פֿרוי באַזונדער האָט ער געוואָלט אַרײַנדרינגען אין זייערע נעשאָמעס און דערגיין, וואָס זיי טראַכטן.

— קורץ גערעדט, איר ביידע מוזט פֿאַרשווינדן פֿון דאַנען. איר — ער האָט אָנגעוויזן אויף מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַן — הײַנט! און דו — זײַן דאַרער פֿינגער האָט אָנגעוויזן אויף מוסיאַן — דו וועסט בײַ דער ערשטער געלעגנהייט אַרויספֿליִען אין הינטערלאַנד. וועסט אָוועקפֿירן די ווערט־זאַכן.

רודאַקאָוו איז אויפֿגעשטאַנען, און פּונקט ווי ער וואָלט פֿאַרגעסן אַז ער איז נישט אַליין, האָט ער לאַנג באַטראַכט די מאַפּע.

— וואַרט, — האָט ער פּלוצלונג געזאָגט — כאָווערטע רובצאָוואַ, אין אײַער קאָלכאָז זײַנען פֿאַראַן פֿורן און פֿערד.

— פֿאַראַן פֿופֿצן פֿורן, אַ טאַראַטײַקע און צוואַנציק פֿערד. —

האָט געענטפערט מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ, וועלכע האָט ליב געהאָט די פּינקטלעכקייט אין אַלע ווירטשאַפטלעכע איניאָנים.

— אַזוי, אַזוי, אַזוי... — דער בלייַפעדער האָט זיך לאַנגזאַם געקייַקלט איבערן פּאַפּיר — אָט וואָס: גיט איבער אייַער פּאָרזיצער ער זאָל דערווייַל אונדז קיין פּראָוויאַנט נישט שיקן. זאָל ער דאָס אָפּהיטן. עס וועט נאָך צונוץ קומען. גיט אָקאָרשט אַ קוק, אויב איך האָב ריכטיק באַצייכנט אַף דער מאַפּע דאָס אָרט, ווו עס געפינען זיך אייַערע סטאַדעס? און אייַער אַריבערפאָר? אויסגעצייכנט! איר קענט גיין. גריסט דאָרט אַלעמען און זאָגט זיי, זיי זאָלן באַ זיך נישט פאַלן. מען מיימעסט דעם פאַשיסט נישט נאָר אַפן פראָנט, נאָר אויך אין אַלע וועלדער. וועלן מיר זיך הייסט עס געזעגענען. — ער האָט שטאַרק אַ דריק געטאָן מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַס האַנט און איז געגאַנגען אַרויסבאַגלייטן די כאַווערטעס ביזן אַרויסגאַנג. — ווי זאָגט מען עס, האָט מיר אַ גליקלעכן שליטוועגס. איך זאָג אייַך גאָרנישט וועגן דעם, אַז אויב עפּעס וואָס, זאָלט איר וועגן אָטריאַד אַפּילע קיין פּיפּס נישט טאָן — דאָס פאַרשטייט איר דאָך אַליין.

דעם זעלבן פאַרנאַכט האָט זיך מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ געזעגנט מיט מוסיאַן באַ דער ליניע פון די געהיימע פּאַרטיזאַנער פּאָרפּאָסטנס. איר האָבן באַגלייט צוויי פּאַרטיזאַנער פון אַן אומשולדיקן אויסזען און עס איז אויך מיטגעגאַנגען ניקאָלייַ וועלכער האָט זיך אַליין פאָרגעשלאָגן צו באַגלייטן מוסיאַן. די אַלע דרייַ מענער זייַנען אָפּגעטראָטן דעליקאַט אין אַ זייַט און זיך אויסגעזעצט צו פאַרויכערן באַם ראַנד פון וועג.

דאָס מיידל האָט אַרייַנגעשטופּט איר פּאָנעם אין מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַס אַקסל, זיך צוגעטוליעט פעסט צו איר מיטן קערפּער און איז געבליבן שטיין אַ פאַרגליווערטע מיט צונויפגעפרעסטע ציין. די פרוי האָט געגלעט אירע לאָקן. אויך איר איז שווער געווען זיך שיידן, האַגאַם איצט, ווען זי האָט שוין אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם אָל פון דער ווערטפולער מאַסע, זייַנען אַלע אירע געדאַנקען געווען ווייַט פון דאַנען, מיט אירע קינדער.

— נו, וואָס איז דאָס אַזוינס, וואָס טוט זיך מיט דיר! — האָט זי גערעדט גיך, אָפּרייַסנדיק ווייך פון זיך דאָס מיידל. — וואַרט נאָר, די מילכאָמע וועט זיך ענדיקן, וועסט ווערן אַ זינגערן

און וועסט קומען צו אונדז צו גאַסט. וועלן מיר דאָן, מאַשענקאַ, דיך אויפנעמען, אַזאַ קאַבאַלעס־פּאַנעם פאַר דיר אײַנאָרדנען, ווי מע מאַכט אַפילע נישט פאַר די פּאַרדינסטפולע... וועסט זיך באַקענען מיט מײַן מאַן, די קינדערלעך וועלן שוין צו יענער צײַט אונטערוואַקסן... — און פּלוצלונג זײַנען אירע רייד אַריבערגע־גאַנגען אין אַ שעפּטשען, הייס אָטעמענדיק אין דעם מיידלס אויער:

— ווען איך גיב נאָר אַ טראַכט ווי פיין מיר האָבן דאָס געלעבט, אַזוי גוט געלעבט. איך אַליין, מאַשענקאַ, האָב דאָך אין מײַן לעבן קיינמאָל קיין הון נישט געקוילעט, עס כאַפּט מיר אָן אַ פּאַכעד, ווען איך דערזע בלוט. אַפילע אַ שערעץ, אַ שלאַנג איז מיר אַ ראַכמאָנעס צו טויטן. און איצט, ווען איך זאָל נאָר קענען צוקומען צו די אַלע היטלערס, וואָלט איך דאָך זייערע גאָרגלס מיט די ציין איבערגעביסן, איך וואָלט דאָך באַ זיי מיט מײַנע אייגענע הענט אָדער נאָך אָדער פון זייערע קערפּערס אויסגעצופּט.

— איך אויך, אויך איך! — האָט געשעפּטשעט מוסיאַ.

פון דעם בענהאַשמאַשעסדיקן האַלבכוישעך האָט זיך דערהערט אַ העפלעך אונטערהוסטן. די פּאַרטיזאַנער האָבן פּאַרלאַשן זייערע ציגאַרקעס און אַרײַנגעשאָטן דעם רעשט טאַבאַק אין זייערע טאַ־באַק זעקלעך.

— זיך אָנגעקושט שוין? דאַכט זיך, אַז עס וואָלט שוין גע־קלעקט. — האָט זיך אָפּגערופן איינער פון זיי, אַן אויסגעטריקנטער מיט אַ באָרד, אָנגעטאָן אין אַן אויסגענייטער סאַטינענער העמדל און אַ רעקל — וועלכער האָט אויסגעזען ווי אַ פּענסיאָניסט און נישט מער.

פריִער איז ער געווען אַן אָנגעשטעלטער באַם אָפּוועגן דעה באַגאַזש אַף דער פראַכט־סטאַנציע און איז געוואוינט געווען צו פּאַר־קערן מיט פאַרשיידענע מענטשן, איז דעריבער, דער אַלטער, אַ דאַנק זײַן אומשולדיקן און גוטמוטיקן אויסזען און זײַן אויסערגע־וויינלעכער פּיפּיקייט געווען פאַרעכנט אין אָטריאַד, אַלס איינער פון די פלינקסטע פאַרבינדלער.

— פאַרבלײַב געזונט! — האָט שאַרף געזאָגט מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ און אָפּשטופּנדיק פון זיך מוסיאַן האָט זי זיך אַ לאָז געטאָן שנעל צו די פּאַרטיזאַנער, וועמענס סילועטן האָבן גע־

שוואַרצט אָפּן וועג און האָבן זיך בוילעט געזען אָפּן גרונט פון דעם ענגן אָראַנזש פּאַסיקל פון דער אונטערגייענדיקער זון.

מוסיאַ האָט זיך אַ ריס געטאָן נאָך מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַן, אָבער דערזעענדיק, אַז ניקאָלײַ קומט איר אַנטקעגן, איז זי געבליבן שטיין, שטאָלץ אַ שאָקל געטאָן מיט אירע לאָקן און נישט אומ־קוקנדיק זיך איז זי מיט פעסטע טריט אַוועק אין דער ריכטונג פון דעם לאַגער. עס איז איר געווען טרויעריק אַף דער נעשאָמע, עס האָט זיך געגלוסט וויינען, אָבער עס זײַנען נישט געווען קיין טרערן. אײַנהערנדיק זיך צו די שווערע טריט פון דעם פּאַרטיזאַן, וועלכער האָט זיך איידל געשלעפּט הינטער איר, האָט זי זיך גע־טראַכט: פאַרוואָס דערנענטערט זיך נישט צו איר דער קאָמישער באָכער, פאַרוואָס נעמט ער זי נישט אָן בײַ דער האַנט, פאַרוואָס טרייסט ער זי נישט מיט אַ ליבלעך וואָרט! געטראַכט האָט זי אויך אין דער זעלבער צײַט: פאַרוואָס עפּעס, אין אַ שווערער צײַט, בינדט זיך צו אַזוי לײַכט אַ מענטש צו די אַרומיקע.

איינמאָל אין אַ פרימאָרגן ווען מוסיאַ, וועלכע האָט זיך שוין אינגאַנצן אײַנגעלעבט אָפּן נײַעם אָרט, איז געשטאַנען אין פּאָדער־הויז פון דעם שפּיטאָל ערד־שטיבל און האָט געוואַשן אין אָן אי־בערגעשניטענער אַף צוויי העלפטן בענזין־פּאַס, באַנדאַזשן און פאַרבלוטיקטע מאַרלע, האָט זיך דערהערט אַ טופּען פון פערדישע פּאָדקאָוועס, שפּעטער האָט אַ סקריפּע געטאָן אַ זאָטל און עס איז עלאַסטיש אַראָפּגעשפּרונגען פון פערד אַ רײַטער.

זי האָט נישט באַוויזן אַראָפּצוטייסלען פון אירע צעפּאַרעטע הענט די שטיקער זייפן־שוים, ווי עס האָט זיך אויפגעעפנט דער ברעזענטענער פאָרהאַנג און אין דער העלער שײַן פון דער נאָכמי־טאָג־זון האָט זיך באַוויזן דער קאָמאַנדיר. ער האָט אַ דריק געטאָן דעם מיידלס נאַסע האַנט באַם עלנבויגן און האָט פאַרשווערעריש אַ שעפּטשע געטאָן:

— אַף דער גרויסער ערד ווייס מען שוין וועגן דײַן גאָלד. דער פּאַרטיזאַנען־שטאָב האָט באַפוילן צוצוגרייטן אָן אַראָפּשטײַג־פּלאַץ. מען וועט אַרויסשיקן אָן עראָפּלאַן נאָכן צירונג. דו וועסט מיט אים אַרויספליען. דאָרט וואַרט מען שוין.

דער אויסגעשלאָפענער און אויפגעפרישטער רודאַקאָוו האָט פריילעך געקוקט אָפּן מיידל. מוסיאַ איז געשטאַנען, ווי אַ פּאַרלוי־

רענע. פון אירע הענט האָט אַראָפּגעקאַפּעט דאָס זייפן־וואַסער אין דעם פּרימיטיוון מולטער אַרײַן און דאָרטן האָט דער פּוכיקער געשוים געשיפּעט פּונקט ווי אַ לעבעדיקס.

— וואָס נאָך ? — האָט קלוימערשט זיך אַליין איבערגעפרעגט רודאַקאָוו — אָך, יאָ, אָט וואָס. דער סעקרעטאַר פון דעם קרײַז־קאָמיטעט האָט באַפוילן דיר איבערצוגעבן, אַז דו ביסט אַ כוואַטסקע מיידל און האָט געהייסן דיר געבן אַ קוש אין נאָמען פון דער פּאַר־טיי־אָרגאַניזאַציע פון דעם גאַנצן קרײַז. — דער קאָמאַנדיר האָט זיך מיט אַן ערנסט צוגעבויגן צו מוסיאַן און ווען זי איז אָפּגע־שפּרונגען פון איר, האָט ער זיך צעלאַכט : — אין באַק וועל איך קושן, אין באַק !

מוסיאַס פּאָנעם האָט אויפגעפלאַמט, דערפילנדיק אַף איר באַק די באַרירונג פון שטעכיקע וואָנצעס. אָבער רודאַקאָוו איז שוין פאַרשוווּנדן. ער איז שנעל אַריבער הינטערן פּאַרהאַנג און עס האָט זיך דערהערט זײַן פריילעכער באַגריסן די פאַרוווּנדעטע. מען האָט אים אָפּגעענטפערט אין אַ מוטיקן כאָר און לויטן טאָן פון די ענטפערס האָט זיך געפילט, אַז מען האָט ליב דעם קאָמאַנדיר, מען שעצט אים און מען איז צופרידן פון זײַן באַזוך. פאַר יעדן איינעם פון זיי האָט זיך בײַ רודאַקאָוון געפונען אַ שפּאַס, אַן אָנגענעמע יעדיע, אַ גוט וואָרט. מוסיאַ האָט זיך אָבער נישט צוגעהערט צום אינהאַלט פון זייער שמועס. צו איר האָט זיך דערטראָגן דער נישט דײַטלעכער קלאַנג פון דעם קאָמאַנדירס טענאָר־שטימע און זי האָט געשמייכלט. פּלוצלונג האָט זי אַליין אויך דערפילט אַ פרייד. קען מעגלעך זײַן אַז צוליב דעם, וואָס דער קאָמאַנדיר האָט איר געבראַכט די יעדיע, אַז דאָרטן, הינטער דער פראָנט־ליניע וויים מען שוין וועגן דעם אָפּגעראַטעוועטן אויצער, און עפּשער אויך דערפאַר, וואָס דאַווקע זי האָט עס אָפּגעראַטעוועט, אָדער גאָר עפּשער דער־פאַר, וואָס דעם קאָמאַנדירס קוש האָט איר דערמאָנט, ווי אין אירע קינדער־יאָרן, פלעגט איר פאָטער איידער ער איז אינדעפרי געגאַנ־גען צו דער דינסט אין פאָלק, געקושט די שלאָפנדיקע מוסיאַ.

ווּ געפינט זיך איצט דער פאָטער ? און די מוטער ? ווי גוט עס וואָלט געווען, אַז זיי זאָלן זיך אויך דערוויסן, אַז זייער צעבאַ־לעוועטע מוסקאַ לעבט און טוט אויף אַפילו אַזעלכע מעשׂים. און עפּשער האָט זי גאָר געפילט אַ פרייד דערפאַר, וואָס אין גיכן וועט

נאָך איר קומען צו פליִען פון דער גרויסער ערד אַן עאָפּלאַן און זי וועט אָפּעסן נאַכט־עסן אין דעם פּאַרטיזאַנער לאַגער און פּריש־טיקן וועט זי שוין דאָרטן, הינטער דער פראָנט־ליניע ?

ניין, נישט דאָס איז די סיבע, זיכער נישט. איר ווילט זיך דען אָוועקפליִען פון דאַנען ? דאָ אין דעם ערד־שטיבל איז זי זיכער נוצלעכער, ווי ערגעץ דאָרט באַ דער שרײַב־מאַשינקע, אָדער — עס איז פּאַשעט צום לאַכן — באַ אַ פּאָרטעפּיאַן אין אַ מוזיק־שול. ווי איז דאָס מעגלעך זיך גאָרגלען מיט פאַרשיידענע אַדאַזשיאָס און סאָלפּעדזשיאָס, שרײַבן מוזיקאַלישע דיקטאַטן אין דער צײַט ווען דאָ הינטערן פאָרהאַנג הערט מען אָן אויפהער וויי־געשרייען און קרעכצן!

זאָל דאָס טאַקע בלויז דער באַוווסטזײַן פון איר נוצלעכקייט איר אָפּהאַלטן פון נישט וועלן פאַרלאָזן דעם פּאַרטיזאַנער לאַגער ? אויך דאָרט, הינטער דער פראָנט־ליניע, וועלן אין די שפּיטאָלן ניט זײַן איבעריק נאָך אַ פּאָר זאָרגעוודיקע פרויען־הענט. „זײַ זיך מוידע מוסקאַ, אָבער אָרנטלעך. וואָס אַזוינס האַלט דיך דאָ ?״

דאָס מיידל האָט אויסגעגלײַכט איר רוקן. דער זייפן־שוים האָט געשיפּעט און געפּלאַצט אַף אירע הענט. הייסט עס, אַז דאָ איז פאַראַן נאָך עפּעס ? „פּינקטלעך״, ווי עס זאָגן די פּאַרטיזאַנער. מוסיאַ האָט שעלמיש אַ ווונק געטאָן צו זיך אַליין און אײַנבייגנ־דיק זיך איבערן מולטער האָט זי זיך מיט פרישער ענערגיע גע־נומען רײַבן די באַנדאַזשן. זי האָט זיך אַזוי פאַרטיפט אין אירע אָנגענעמע ראַיוינעס, אַז זי האָט אַפילע נישט באַמערקט, ווי דער קאָמאַנדיר איז פאַרבײַגעגאַנגען. דאָס מיידל האָט זיך אומגעקוקט ערשט דאַן, ווען פאַרשווינדנדיק הינטער דעם אַרײַנגאַנגס־פאָר־האַנג, האָט רודאַקאָוו אַרײַנגעלאָזט אין דעם האַלבכוישעך אַ הויפן בונטע זונען־שטראַלן.

ניין, זי וועט פון דאַנען אין ערגעץ נישט פליִען. מיטראָפאַן איליטשס אָנזאָג פאַר זײַן טויט, האָט זי אויסגעפירט. דאָס צירונג איז איבערגעגעבן געוואָרן אין זיכערע הענט. זאָל זיך איצט רודאַ־קאָוו זאָרגן וועגן דעם, דעררויף איז ער דאָך אַ קאָמאַנדיר. און זי, מוסקאַ וואָלקאָוואַ, וועט בלײַבן דאָ. זי וועט גיין אַף אויספיר־אַרבעט, וועט זיך אויסלערנען אונטערלייגן מינעס, וועט אויפרײַסן באַנען, וועט זיך באַטייליקן אין די איבערפאַלן אַף דײַטשע גאַר־

ביזאָגנען, פּונקט ווי דאָס טוען אַלע אַנדערע פּאַרטיזאַנער. און ווען עס וועט זיך מאַכן אַ פֿרײַע מינוט, וועט זי מיט ניקאָלײַען שפּאַצירן אין וואַלד און זיי וועלן ריידן וועגן יענע צײַטן, ווען פֿון די פֿאַשיסטן וועט אַפֿילו קיין זייכער נישט פֿאַרבלײַבן.

דעם מיידלס פֿלינקע הענט וואַשן, קוועטשן פּעסט אויס די בינדעס, די מאַרלע, זיי טוישן דאָס וואַסער, שלאָגן אויף דעם זייפֿן־שוים און צום טאַקט צו אירע באַוועגונגען פֿאַנגט מוסיאַ אָן שטיל אונטערצוזינגען. און בעעמעס טאַקע, פֿאַרוואָס גאָר אַוועקפֿלי̇ען פֿון דאַנען ווען אַרום איר געפֿינען זיך אַזעלכע וווּנדערבאַרע מענטשן, און זי אַליין פֿירט אויס אַן עכטע, נייטיקע פֿאַרן פֿאָטערלאַנד אַרבעט!

דעם מיידלס ליד קלינגט שטאַרקער. אָבער מוסיאַ, פֿאַרנומען מיטן וואַשן און פֿאַרטיפֿט אין די געדאַנקען וועגן אירע נײַע פֿרײַנט, פֿילט גאָרנישט אַז זי זינגט אַף אַ קאָל, און ווערט שטאַרק פֿאַרווונדערט, ווען פֿון הינטערן פֿאַרהאַנג באַווײַזט זיך אַ פֿאַרבאַנדאַזשירטער קאָפּ פֿון אַן אַלטן פּאַרטיזאַן — פֿון דעם פֿעטער אָסיפּ.

— שוועסטערל, דערלאַנג אַ ביסל העכער, ווײַל די הינטערשטע באַקלאָגן זיך — זיי הערן נישט.

און פֿון דאָרטן, פֿון הינטערן פֿאָרהאַנג בעטן זיך באַקאַנטע שטימעס:

— דערלאַנג, דערלאַנג! זינג, שוועסטערל! הייב אָן פֿון אָנהייב, זינג אָבער מיט דער פֿולער שטימע, אַלע זאָלן הערן!

— עך, אַ שיין ליד, באַ מיר האָט אַ דאַנק דעם ליד אַפֿילע מײַן ווּנד אויפֿגעהערט ווײ צו טאָן... אַך, דערלאַנג נאָכאַמאָל...

— קרעכצט אין אַ ווינקל איינער אַ שווער פֿאַרווונדעטער.

מוסיאַ גייט אַרײַן אין ערד־שטיבל. אין איר נעשאָמע פֿילט זי אַזאַ העלע ליכטיקע פֿרייד, וועלכע עס פֿילט ווײַזט אויס אַ טרילערל, ווען עס שווימט אַרויף אין די בלויע הייכן איבערן פֿעלד. אירע הענט זײַנען צעפֿאַרעט פֿון דעם וואַשן, די שפּיץ פֿינגער זײַנען ווײַס און געראונצלט, זי פֿאַרוקט אונטער דעם מאַרלע־טיכל אירע צעשאָטענע לאָקן און הייבט דאַן אָן צו זינגען. אין דער דושנער קאַמער ווערט אַזוי מענוכעדיק שטיל און אין דער שטילקייט קלינגט די יונגע, ריינע שטימע זיגעריש און מיט אַ רוף צום לעבן.

אַף אַזאַ אויפֿן לויפֿן אומבאַמערקט פֿאַרבײַ טעג און וואָכן אין

פּאַרשיידענע שפּיטאָל־זאַרגן, אין נאַכט־וואַכן, אין אַרומפּאַרען זיך מיטן וואַשן באַנדאַזשן און מאַרליע. די פאַרשטענדיקע און פעיִקע מוסיאַ האָט שוין באַוויזן עפּעס אויסצולערנען זיך בײַ אַנאַ מיכע־יעוונאַ און די אַלטע האָט זי שוין אָנערקענט פאַר איר ערשטן גע־הילף. דאָס מיידל האָט זיך שוין צוגעוווינט צו דער שווערער אַט־מאָספערע פון די שפּיטאָל שטיבלעך, צווישן מענטשלעכע יעסורים, זי האָט זיך אײַנגעלעבט מיט די פאַרווונדעטע אין יענע האָבן זיך אַזוי שטאַרק צוגעבונדן צו איר, אַז זי פלעגט נישט האָבן קיין מוט זיי צו פאַרלאָזן אַף אַ לענגערע צײַט.

בלויז איין מאָל האָט זי געמאַכט אַ פּרוּוו זיך איבערצוּוואַרפן צו די מינירער. איצטער, ווען די שטראָף־אָפּטיילונגען האָבן דאָס אַ טאָג אַלץ שטאַרקער געדריקט אַף די פּאַרטיזאַנער און קימאַט יעדן טאָג פלעגן פאָרקומען צוזאַמענשטויסן, האָט דער ווייניק באַריידעוודיקער וולאָס קאַרפּאָוו, וועלכער פלעגט אָפּט מוזן פאַר־לאָזן דעם לאָגער און אָנטייל נעמען אין די אָפּעראַציעס, אײַנגע־אָרדנט יולאָטשקען בײַ אַנאַ מיכעיעוונאַ. דאָס מיידעלע פלעגט אַ גאַנצן טאָג זיך שפּילן לעבן די ערד־שטיבלעך מיט דער סאַניטאַרער פּאָן, זי פלעגט באַהענגען איר געטרײַען כאַווער דאָמקען מיט מע־דאַלן און צלאָמים, וואָס די פאַרווונדעטע האָבן איר געשאָנקען, גראָבן אין זאַמד טראַנשייען, פעסטונגען און איבערשטעלנדיק רייען אויסגעליידיקטע גילדזן פון סאָוועטישע ביקסן האָט זי פונאַנדערגע־וויקלט אַן אָפּענסיווע אַף די דײַטשע אויטאָמאַט־פּאַטראָנען, וועל־כע האָבן זיך „פאַרפּעסטיקט" אין די אָקאָפּעס. איבערן גאַנצן לאַ־גער האָט זיך געהערט איר קלינגענדיקער געשריי „בו, בו, בו" און דאָמקעס אויפגערעגטער בילן, ווײַל דער הונט האָט צוזאַמען מיט זײַן כאַווערטע אויך אַריבערגעוואַנדערט אין דעם שפּיטאָל־געגנט.

אַנאַ מיכעיעוונאַ האָט גאַנץ ערנסט גערעדט אַז דאָס קליינע מענטשעלע מיטן ווײַדל־צעפּעלע, ווירקט אַף די פאַרווונדעטע אַ סאַך בעסער ווי די אַלע באַרוּיִקונגס־ און אײַנשטיל־מיטלען, וועלכע האָבן, אַגעוו, שוין לאַנג היפּש אויסגעפּעלט. אַלס אַ יויצע מין האַקלאַל, וועלכער איז געווען אײַנגעפירט אין דער אונטערערדי־שער „פּאָליקליניק", ווי די פּאַרטיזאַנער האָבן עס אַ נאָמען געגעבן, ווו עס איז געווען שטרענג פאַרבאָטן, אַז זײַטיקע פערזאָנען זאָלן זיך דערנענטערן צו די פאַרווונדעטע, האָט דאָס מיידעלע געהאַט

רעכט אַרײַנצוגיין אַהין נישט געשטערט. מוסיאַ האָט אַפּילע אויפֿגענייט פֿאַר איר אַ כאַלאַט פֿון מאַרליע און אַ קאָפּ־טיכל מיט אַ רויטן קרײַץ, און דרײַ מאָל אין טאָג: אינדערפֿרי, באַטאָג און אין אָוונט, פֿלעגט יולאָטשקאַ שטאָלץ אַרומשפּאַצירן צווישן די בעטלעך, פֿאַרטיילנדיק די פֿאַרוואָנדעטע טערמאָמעטערס.

און זיי, די אַלע דעפּאָ שלאָסערס, טאָקערס, עלעקטריקער, קאָלווירטניקעס און סאָלדאַטן פֿון די אַרומגערינגלטע אָפּטיילונגען, פֿאַרהאַרטעוועטע וואַלד־קעמפֿער, וועלכע האָבן שוין פֿאַרגעסן ווי מע שמייכלט, פֿלעגן פֿאַרגעסן זייערע ווייטיקן און יעסורים, ווען אין דער האַלב־טונקלקייט פֿון דעם שפּיטאָל־שטיבל פֿלעגט זיך באַווײַזן די שטראַלנדיקע, זאָרגלאָזע קליינע מיידעלע.

וולאַס קאַרפּאָוו פֿלעגט זייער זעלטן באַזוכן זײַן טעכטערל. עס איז געווען מאָדנע צו זען, ווי דער עלטערער, אײַנגעשלאָסענער אין זיך, שוויַיגנדיקער מאַן האָט זיך געשפּילט מיטן קינד. ער האָט געקענט אָפּזיצן שאָענלאַנג אומבאַוועגלעך, ווי אַ סטאַטוע, אויב זײַן טעכטערל פֿלעגט ווערן אַנטשלאָפֿן אָף זײַנע הענט. און ווען אין דער נאָענט איז קיינער נישט געווען, איז ער שפּילנדיק זיך אין פֿערד, אַרומגעשפּרונגען אַרום דעם סאַניטאַר־שטיבל, מיט יולאָטשקאַן אָף די פּלייצעס. אין איינע פֿון אַזעלכע מינוטן האָט מוסיאַ געבעטן באַ קאַרפּאָוון ער זאָל זי אויסלערנען די אויפֿרײַסמעלאָכע. דער פּאַרטיזאַן האָט מיט אַ פֿאַרוואונדערונג אַ קוק געטאָן אָף דער יונגער „שוועסטער", פֿאַרטראַכט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געהייסן דעם מיידל צוקומען אין אָוונט „צום סיגנאַל". דאָרט פֿלעגט זיך פֿאַרזאַמלען דער „קרײַזל פֿון טעכמינימום פֿון די מינירער". לויט זײַן אויסדרוק.

צו דער באַשטימטער שאָ האָט זיך מוסיאַ צוגעשטעלט צום אָרט, וווּ אָף אַן אַלטער, אָף צוויי טיילן צעשפּאָלטענער סאָסנע איז געהאָנגען אַ בופֿער־טעלער.

דער באַרימטער מינירער איז געקומען צו דער לעקציע מיט אַ טונקעלן בלאַט בלעך־אײַזן אונטערן אָרעם און מיט אַ זאַק. דעם בלעך האָט ער פֿאַרפֿעסטיקט צום שפּאַלט פֿון דער סאָסנע, ווי אַ שול־ברעט, און פֿון דעם זאַק אַרויסגעשלעפּט אַ הילצערן זייער אַקוראַט צונויפֿגעשלאָגן קעסטל און פֿאַרשיידענע מעטאַלענע — מעשענע און אַלומיניענע — טיילן, וועלכע ער האָט אַלץ מיט אַן

אָרדענונג צעלייגט אַפן גראָז. שפּעטער האָט ער אַרויסגעשלעפּט פון זײַן קעשענע אַ שמאַטע און אַ שטיקל קרײַד. אין יענעם אויגנבליק האָט ער אין מוסיאַס אויגן אויסגעזען נישט ווי אַ פּאַרטיזאַנישער אויפרײַסער, וועגן וועלכן זי האָט זיך אַזוי פיל אָנגעהערט בײַ די פאַרוווּנדעטע, נאָר ווי אַ לערער, וועלכער גרייט זיך אָנצופּאַנגען זײַן לעקציע. אַ שוואַרץ שיידל מיטן שווערן טראָפּיי־פּאַראַבעלום, וועלכער איז געהאָנגען אַף אַ רימען האָט אויסגעזען אַף אים ווי אַן אומנוצלעכע און איבעריקע זאַך.

די ענלעכקייט צו אַ לערער, אָדער ריכטיקער געזאָגט, צו אַן אַלטן מײַסטער וואָס פירט אָן מיט די לימודים אַף סטאַכאַנאָווּשע קורסן איז געוואָרן נאָך בוילעטער, ווען קאַרפּאָוו איז צוגעטראָטן צו דער לעקציע. ער האָט גערעדט לאַנגזאַם, וואָרטשעדיק און דערבײַ פלינק אָנגעוואָרפן מיטן קרײַד אַף דעם בלעך סכעמען פון אײַזנבאַנליניעס אין אַ קווער שניט, אויסגעמאָלן דעטאַלן פון מינעס און געצייכנט דעם מעכאַניזם פון די אויפרײַסער. ווען אים פלעגט זיך נישט אײַנגעבן עפּעס אַ שטריך אַף דער צייכענונג, פלעגט ער עס אָפּווישן מיט דער שמאַטקע און אָפּלעקן די פלעקן פון קרײַד פון זײַנע שפּיץ פינגער.

פון אָנפאַנג האָט מוסיאַ געהערט צעשטרײַט, זי האָט זיך אומגעקוקט, באַטראַכט די אָפּגעבריענטע פּענעמער פון די צוהערער, זייערע אויפמערקזאַמע אויגן, די פאַרקנייטשטע שטערנס, אָבער ביסלעכווײַז האָט איר אַף אַזוי פיל פאַרכאַפּט דאָס, וועגן וואָס ירלאָטשקעס פאָטער האָט דערציילט, אַז זי האָט פאַרגעסן וועגן אַלעמען און האָט זיך פאַרטיפט אין די איינצלהייטן פון דער מינירער־אַרבעט.

זי איז געוואויר געוואָרן, אַז אַן אוואַריע פון פראַכט־צוגן איז בעסער דורכצופירן אַף מעשופּעדיקע אויסבייגן, דאָרט ווו די געלאָדענע וואַגאָנען פליִען נישט אַראָפּ לײַכט פון דעם אָנשיט, נאָר זיי קריכן אַרויף איינער אַפן צווייטן און קלאַמערן זיך אײַן פעסט צווישן זיך מיט די מעטאַלענע קאַרקאַס באַלקעס און צעשטערן אַזוי אַרום און פאַרשטאָפּן דעם וועג אַף אַ לאַנגע צײַט. דערפאַר אָבער איז פונקט פאַרקערט, די מיליטערישע עשאַלאָנען בעסער אַראָפּצושלײַדערן פון די הויכע אָנשיטן. זי איז איבעראַשט געוואָרן פון דעם, וואָס פאַר אַן אויסערגעווייגלעכע פּינקטלעכקייט עס פאָדערט

זיך פון אַ מינירער, ווען ער שטעלט איַין אַ מינע אונטער אַ שפּאַלע. מען מוז זי איַינשטעלן אַזוי, אַז זי זאָל פריַי דורכלאָזן די פּאַרזי־כערונגס־פּלאַטפאָרמעס מיט זאַמד, וועלכע די פאַשיסטן פלעגן איצט לאָזן פאָרויס אין יעדן באַן, און אויפריַיסן זאָל זיך די מינע נאָר באַם שטויס, וואָס זי וועט באַקומען פון דעם לאָקאָמאָטיווס טריַיב־ראָד.

פּאַר מוסיאַן האָט זיך אַנטפּלעקט אַ גאַנצע וויסנשאַפט און דערצו נאָך אַ וויסנשאַפט אַ קאָמפּליצירטע, אַ שטרענגע און אַ געפערלעכע קאַרפּאָוו פלעגט עס נישט אויסבאַהאַלטן. מוסיאַן זיַינען גוט באַקאַנט געווען זיַינע ווערטער, אַז אַ מינירער איז זיך טויע בלויז איין מאָל אין זיַין לעבן.

ווען עמעצער האָט זיך פאַרגעשלאָגן אַריַינצוטרעטן אין זיַין אָפּטיילונג, פלעגט ער שטענדיק אוועקשיקן דעם מענטש ער זאָל קוידעם קאָל גוט איבערטראַכטן זיַין שריט און פלעגט אים אויפ־נעמען נאָך דער צווייטער באַקאָשע. מענטשן האָבן דערציילט אַז קאַרפּאָוו דערגייט פּאַשעט די יאָרן זיַינע ליַיט מיטן קעסיידערדיקן שטודירן. אין דער ציַיט, ווען אין אַנדערע אָפּטיילונגען האָט מען געקענט אין אַ פריַיער מינוט זיך אויסבאָדן, אַ וואַרעם טאָן זיך אַף דער זון, אַ זינג טאָן, פלעגט מען באַ די מינירער שטענדיק זיך אַרומפּאָרען מיטן געווער. און נישט קוקנדיק דערויף איז מען דאָך געגאַנגען צו אים.

— נו, האָט איר, אַלזאָ, אַלץ פאַרשטאַנען ? — האָט גע־פרעגט קאַרפּאָוו, אַראָפּווישנדיק פון דעם בלעך זיַינע ציַיכענונגען.

— פאַרשטאַנען . . . מיר ווייסן שוין . . . אַלץ איז קלאָר, כאַווער קאָמאַנדיר, — האָבן טומלדיק געענטפערט די פּאַרטיזאַנער.

— אַ קנאַפּע כאָכמע ! — האָט געענטפערט גענעצנדיק און אויסציִענדיק זיך, איינער פון זיי, אַ הויכער סוטעלעוואַטער באַ־כער אין אַ שינעל אַרויפגעוואָרפן אַף די אַקסלען.

קאַרפּאָוו האָט זיך אַנגעכמורעט און מיט כויזעק באַטראַכט דעם פּאַרטיזאַן, וועלכער האָט זיך איַינגעהילט אין זיַין שינעל:

— הייסט עס, אַ קנאַפּע כאָכמע ? ווען קענען אַוועק־שטעלן ?

— אַזוי איז, כאַווער קאָמאַנדיר ! — האָט אַף אַ מיליטערישן

שטייגער אָפּגעענטפערט דער פּאַרטיזאַן, אויפהייבנדיק זיך און אויסגלײַכנדיק.

— גוט! דאָ האָסטו אַ מינע! — קאַרפּאָוו האָט אים דערלאַנגט דאָס הילצערנע קעסטל. — אָט שטעלן מיר אַרײַן דעם אויפרײַסער אָף זײַן אָרט. די מינע איז געלאָדן. באַקומסט אַ באַפעל צו מינירן די אײַזנבאַן־ליניע. נעם און ווײַז, וויאַזוי וועסטו די מינע שטעלן. זײַ אָבער פאָרזיכטיק. די מינע איז געלאָדן.

דער פּאַרטיזאַן האָט גענומען דאָס קעסטל און האַלטנדיק עס אין זײַנע אויסגעצויגענע הענט, פּונקט ווי ניט קיין דערפאַרענע פאָטערס האַלטן זייער ערשט־געבוירענע קינדער, האָט ער פּליסיק און סייכלדיק אָנגעהויבן צו דערקלערן. קאַרפּאָוו האָט זיך צוגעהערט דרייענדיק אין האַנט עפּעס אַ דעטאַל, צושאָקלענדיק פאַרטראַכט מיטן קאָפּ. פּלוצים האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ:

— שטיי! און ווו וועסטו אַהינטאָן דעם שאָבער, ווען דו וועסט גראָבן אַ לאָך פאַר דער מינע אונטער דער שפּאָלע?

דער הויכער פּאַרטיזאַן איז געבליבן שטיין און האָט זיך אומגעקוקט אָף זײַנע אַנטשוויגן געוואָרענע כאַווירים. די צוהערער האָבן זיך אָנגעשפּיצט און זיך איבערגעקוקט. מוסיאַ, וועלכע האָט די גאַנצע צײַט געקוקט קרום און מיט שרעק אָף דער הילצערנער מינע, האָט אינגאַנצן פאַרגעסן וועגן זיך און האָט זיך צוגערוקט נענטער צו קאַרפּאָוון. דער מאָרעשכוירעדיקער און שטענדיק שווײַגנדיקער מאַן האָט געקענט פאַרכאַפּן זײַנע צוהערער.

— אַלזאָ, וויאַזוי וועט עס זײַן מיטן שאָבער? — האָט ער אונטערגעיאָגט שמייכלענדיק בלויז מיט די אויגן.

— דעם שאָבער, ווי געוויינלעך, אין אַ זײַט.

— און דערנאָך?

—וואָס דערנאָך? כ'וועל אָנשטעלן די מינע, פאַרשיטן מיט זאַמד, און דעם שאָבער צוריק אָפן אָרט.

— ער זאָגט ריכטיק? — האָט געפרעגט קאַרפּאָוו.

דאָס מאָל האָט ער אַלס ענטפער דערהערט אַ ניט קיין דרײַסטן מורמלען. בלויז איינער פון זיי האָט ניט זיכער געזאָגט:

— יאָ, אָט אַפאַנעם, אַז אַזוי...

— און דער סאָף איז, אַז אײַער מינע איז פאַרלוירן געגאַנגען. אָנגעהאָרעוועט זיך אָן אַ נוצן, און אָן שום נוצן אײַנגעשטעלט

איבער קאָפּ, — האָט געברומט קאַרפּאָוו, — ווײַל באַם ערשטן דורכגאַנג וועט דער וועכטער געפינען איבער מינע. דער שאָבער אָף די וועגן איז דאָך שטענדיק שוואַרץ, אויסגעשמירט מיט מאזוט. עמעס? דרייסט איבער בלויז איין שטיינדל באַ די רעלסן — זעט מען דאָס פאַר אַ מײַל. און דער דײַטש איז אויך ניט קיין נאַר — ער איז כיטרע. וויאַזוי זשע דאַרף מען האַנדלען? — קאַרפּאָוו איז ווידער צוגעטראָטן צו דער ברעט און אָנגעהויבן אָנצוואַרפן אַ פּראָפיל פון אַן אײַזנבאַן־ליניע. — ערשטנס, ווען דו קריכסט באַנאַכט צום וועג מיט אַ מינע, זאָלסטו מיטנעמען מיט זיך אַ ברעזענט־פּאַלאַטקע און זי צעשפּרייטן אָט דאָ, לעבן זיך, קעדיי דו זאָלסט ניט פאַרשיטן דעם וועג מיטן ריינעם זאַמד; צווייטנס, זאָלסטו אַראָפּנעמען דעם שאָבער פון וועג און אים איבערלייגן אָף דער פּאַלאַטקע אַפן זעלביקן אויפן ווי ער איז געלעגן אַפן וועג; דריטנס, ווען די אַרבעט איז אָפּגעטאָן, לייג צוריק דעם שאָבער אַפן זעלביקן אויפן, אַז קיין איינציק שטיינדל זאָלסטו ניט איבער־דרייען. פאַרשטאַנען?

אַ פּאַרכאַפּטע פון קאַרפּאָווס דערקלערונג, האָט זיך מוסיאַ גאַנץ לעבעדיק פאָרגעשטעלט אין אירע געדאַנקען, ווי זי קריכט באַנאַכט צו דער אײַזנבאַן־ליניע מיט אַזאַ הילצערן קעסטל, אין וועלכן עס איז קאָנצענטרירט אַזאַ גיגאַנטישע פאַרניכטונגס־קראַפט, ווי מיט אַ פּאַרכאַפּטן אָטעם לייגט זי איבער פון דעם וועג אָף דער ברעזענט־פּאַלאַטקע די שוואַרצע, קלעפּיקע פון מאזוט, שטיינד־לעך, זי גראָבט דעם סקריפּענדיקן זאַמד, שטעלט אַוועק דאָס קעסטל אונטער אַ שפּאַל און...

עמעצער האָט אַ טאָרע געטאָן דאָס מיידל באַם אַקסל:

— מאַשאַ, מאַשאַ, אַנאַ מיכעיעווגאַ בייזערט זיך. מען האָט געבראַכט פאַרוווּנדעטע. איינער זייער אַ שווער־פאַרוווּנדעטער, גאַ־לע שטיקער — שעפּטשעט איר אין אויער אַרײַן דער פעטער אָסיפּ — אַן אַלטער פּאַרטיזאַן פון די וואָס ווערן שוין געזונט, וועלכער פירט פרײַוויליק אויס די פליכטן פון אַ שעלײַעך באַם שפּיטאָל.

מוסיאַ וואַרפט אַ בעטנדיקן בליק אָף וולאָס קאַרפּאָוון.

— גיי, גיי, יעדער האָט זײַן פליכט — זאָגט דער מינירער.

און דאָס מיידל לויפט אַוועק מיט אַלע אירע קויכעס צום באַניטאַר־שטיבל.

מוסיאַ האָט אָנגעטאָן דעם כאַלאַט, פאַרנומען אירע האָר אונ־טערן טיכל און איז אַרײַנגעלאָפן אין דעם אָפּגעצוימטן מיט לײַ־לעכער ווינקל פון שטיבל, ווו לעבן צוויי פרימיטיווע, אַליין גע־מאַכטע טראָג־בעטלעך האָט זיך שוין געפּאַרעט אַנאַ מיכעיעווגאַ. ניט אַרויסרײדנדיק קיין וואָרט, האָט זי געוואָרפן אַפן מיידל אַ בייזן בליק.

— באַלד, באַלד, איך וועל נאָר אָפּשווענקען די הענט... — האָט פאַרשולדיקט געזאָגט מוסיאַ.

דער פעטער אָסיפּ, וועלכער האָט מוסיאַן אויפגעגאָסן וואַסער אַף די הענט, האָט דערציילט, אַז די נײַ־געבראַכטע זײַנען קוילנ־וואַרפער־שיסערס. ליגנדיק אין אַ פאַרפּאַסטן זײַנען זיי אַטאַקירט געוואָרן פון אַ פײַנטלעכער רײַטער־אָפּטיילונג. זיי האָבן זאַלבע־צווייט אַ לאַנגע צײַט זיך אָפּגעשאָסן פון די אָנגרײַפער.

ווען דער סוינע איז זיי באַפאַלן פון הינטן איז איינעם פון זיי געלונגען אַ וואָרף צו טאָן די דײַטשן אַ גראַנאַט אונטער די פיס. די שפּליטערס האָבן אומגעבראַכט די איבערפאַלער, אָבער אויך די פאַרטיזאַנער זײַנען פאַרוווּנדעט געוואָרן. ווען עס איז אָנ־געקומען די הילף האָט מען פאַשעט געמוזט זיי אַרויסשלעפּן פון אונטער די טויטע קערפּערס פון דעם סוינעס זעלנער.

— זיי האָבן דאָס העלדיש אָפּגעאַרבעט! — האָט פאַרענ־דיקט דער אַלטער, גיסנדיק אַף מוסיאַס הענט דאָס איבערגעבלי־בענע וואַסער פון קעסל.

איינער פון די ערשט־געבראַכטע איז געווען לײַכט פאַרווונ־דעט אין אַן אַקסל, דער צווייטער איז געלעגן אַן באַוווסטזײַן. אין דעם לײַכט־פאַרווונדעטן האָט דאָס מיידל מיט דערשטוינונג דער־קענט יענעם עלטערן דײַטש מיטן ברייטן שטערן, וועלכן זי האָט באַמערקט גלײַך בײַ איר אָנקומען אין לאַגער. דער דײַטש האָט געפאָדערט מען זאָל קוידעמקאָל העלפן זײַן שווער־פאַרווונדעטן כאַווער. ער האָט אַפילע געהאָלפן אַנאַ מיכעיעוונאַן און מוסיאַן אַראָפּצורײַסן פון יענעם די פאַרבלוטיקטע, צעריסענע קליידער.

דער שווער־פאַרווונדעטער איז גאָר אַ לאַנגע צײַט ניט געקו־מען צו זיך. ווען מוסיאַ האָט אַרומגעוואַשן דאָס בלוט פון זײַן געדיכט־באַוואַקסענעם פּאַנעם, האָט זי אַזש אַ געשריי געטאָן. דאָס איז געווען מירקאַ. פון דעם קאַלטן וואַסער איז דער פאַרטיזאַן

געקומען צו זיך. דערזעענדיק זיך אַף די הענט פון אַ פרוי, האָט ער זיך אַ ריס געטאָן, אַ כאַפּ געגעבן דעם לײַלעך און צוגעדעקט זײַן צעשמעטערטן פון גראַנאַט־שפּליטערס קערפּער. אָבער גלײַך איז ער אָפּגעשוואַכט געוואָרן און אָנגעהויבן לאַנגזאַם פאַלן. איבערן לײַלעך האָבן זיך שנעל צעשוואומען טונקעלע פלעקן.

מען האָט אים אַנידערגעלייגט אַף אַ בעטל. דער אונטערשטער טייל פון זײַן קערפּער און איבערהויפּט די פיס זײַנען געווען באַדעקט מיט קליינע ריס־וווּנדן. אין יעדער ווונד איז געזעסן אַ שפּליטער. מען האָט זיי געמוזט אַרויסשלעפּן אָן אַ נאַרקאָטיק. ווען ער פלעגט פאַרלירן דעם באַוווסטזײַן, פלעגט ער זיך שלײַדערן, קרעכצן און קריצן מיט די ציין, אָבער קומענדיק צו זיך, פלעגט ער אַנטשוויגן ווערן און מאָרעשכוירעדיק קוקן אַף מוסיאַן מיט זײַנע טונקעלע, פאַרכווישעכטע אויגן.

— בין איך שוין הייסט עס בײַ אײַך, ווועט מען שוין ניט דאַרפן גיין אַף אַ ראַנדעוווּ, — האָט ער אַרויסגערעדט צווישן די ציין צו מוסיאַן און עפּעס ענלעכס צו אַ שמייכל האָט ווי אַ בליץ געטאָן אין זײַן געדיכט געקרײַזלט בערדל.

זײַן כאַוועך, וועלכער איז טאַקע געווען אַ ריכטיקער דײַטש, איז ניט אָפּגעטראָטן פון זײַן בעטל. ער האָט זיך פאַרגעשלאָגן צו האַלטן וואַך באַנאַכט לעבן טשאַרניק און האָט אָרנטלעך געדרימלט זיצנדיק בײַ אים צופוסנס, קרימענדיק זיך אַליין פון ווייטיק פון זײַן אייגענער ווונד.

יענעם גאַנצן טאָג און אויך דעם אַנדערן, איז מוסיאַ געווען אַף אַזויפיל פאַרנומען און באַשעפטיקט, אַז עס האָט איר פאַרפעלט צײַט ניט נאָר פאַר דער לעקציע מיט די מינירער, נאָר אַפילע אַף אָנצוהאָדעווען יולאָטשקען. דאָס מיידעלע, וועלכע איז געווען געוווינט צו אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט, איז איר נאָכגעגאַנגען צופנדיק פאַר די פאָלעס פון דעם כאַלאַט און געטײַנעט מיט פאַרדרוס:

— מומע מוסיאַ, מומע מוסיאַ, יולאָטשקע האָט דאָך נאָך ניט געפרישטיקט, יולאָטשקע איז הונגעריק.

אַנאַ מיכעיעוונאַ האָט פון אָנהייב געקוקט מיט אומצופרידנקייט אַף איר געהילפס כיינעוודיקן פּענעמל מיטן פאַרריסענעם נעזל. אָבער גאָר אומדערוואַרטעט האָט מוסיאַ אַרויסגעוויזן אַזויפיל גע־

דולדיקייט, זי האָט מיט אַזאַ שנעלקייט באַנומען אַלץ וואָס עס האָט זיך געפאָדערט פון איר באַ דעו' נײַער אַרבעט, אַז די שטרענגע אַלטע האָט שוין איצט אָן שום מוירע איבערגעלאָזט אונטער איר אויפזיכט די פּאַרוווּנדעטע און פלעגט זיך אַליין מוידע זײַן, אַז זי איז אַביסל אייפערזיכטיק אַף איר געהילף.

מוסיאַ איז געוואָרן דער ליבלינג פון דעם פּאַרטיזאַנער־שפּיטאַל. קוים פלעגט זי בלויז אַף אַ רעגע אַרויסגיין, ווי עס האָבן זיך שוין געהערט קוילעס:

— מאַשאַ, מאַניאַ, שוועסטערל, שוועסטערקע.

און דעריקער איז ניט געווען בלויז דאָס, וואָס זי האָט זיך אויסגעלערנט פלינק איבירצובײַטן די באַנדאַזשן, אָדער דרײַסט און אָן ווייטיק דורכצוואַשן און איבערבינדן די ווונדן. עס האָט זיך געפילט א מין פרישקייט, אַ פרילינג, פון איר דינער פיגור, פון איר אָפענעם פּאָנעם, פון אירע העלע האַרטנעקיקע לאָקן. די עלטערע פּאַרטיזאַנער קוקנדיק ווי זי באַוועגט זיך אָן געריוש צווישן די בעטלעך, פלעגן זיך דערמאָנען אָן זייער יוגנט, זייערע טעכטער. די מיטליאָריקע, קוקנדיק אַף איר, האָבן געטראַכט וועגן זייערע פרויען און קינדער; די יוגנט האָט געקוקט אַף איר מיט אַנטציקונג.

אַלע זײַנען געווען אַביסל פאַרליבט אין איר מיט יענער שטילער, ריינער, זעלנערישער ליבע, וועלכע צעבליט זיך אָפטמאָל אין דעם ליים פון די אָקאָפּעס, באַם רויך פון פולווער, צווישן בלוט און מילכאָמע־פּלאָגן.

מוסיאַ האָט עס אינסטינקטיוו געפילט און האָט דעריבער זיך באַמיט צו האַלטן מיט אַלע גלײַך. זי האָט ניט געהאַט קיין ספּעציעלע ליבלינגען. מיטן זעלביקן אייפער פלעגט זי אונטערשערן די נעגל באַ די שווער־פּאַרוווּנדעטע, צורעכט געמאַכט די קישנס און אייניקע, די גאַר שוואַכע פלעגט זי אַפילע ראַזירן. שוועבנדיק קלאַנגלאָז צווישן די בעטלעך אין שטעקשיך, וועלכע זי אַליין האָט זיך אויפגענייט פון אַ פאַלע פון אַ שינעל, פלעגט זי שטענדיק עפּעס זינגען, ניט באַמערקנדיק, אַז די אוידיטאָריע הערט זיך אויפמערקזאַם צו צו איר געזאַנג. זי האָט אונטערגעזונגען פאַר זיך, פּונקט ווי זי וואָלט זיך געפונען דאָ אייגע אַלייך, און דאָס איז אַממייסטן געפעלן געווען די קראַנקע.

— ווען איך האָב אײַך דערזען צום ערשטן מאָל דאָרטן, אין

באַנק, זענט איר מיר ניט געפעלן געוואָרן. איך האָב דאַן אַ טראַכט געטאָן — עפּעס אַ פּוסטע קיילע... — האָט זיך איין מאָל מוידע געווען מירקאַ, ווען זי האָט אויף זײַן פאַרלאַנג אָנגעהויבן אָפּראַזירן זײַן שטעכיקע, האַרטע באָרד.

די שטײַפע האָר האָבן מאָמעש געקנאַקט אונטערן דינעם שאַרף פון שטאָל. פון אונטער דער ווײַסער זייפן־מאַסקע האָבן אויף מוסיאַן געקוקט אַ פּאָר גלײַענדיקע, פינצטערע אויגן. אָט דער טשאַרני איז געווען דער איינציקער צווישן אירע צאָלרײַכע קעסט־קינדער, מיט וועמען זי האָט זיך געפילט ניט דרײַסט און אַזוי ווי געפּענטעט.

— און איצט ווונדער איך זיך אַליין, ווי האָב איך עס געקענט וועגן אײַך אַזוינס טראַכטן.

— שווײַגט מירקאַ, איך וועל נאָך אײַך די נאָז אָפּשנײַדן — האָט געפּרוּווט מוסיאַ אָפּקומען מיט אַ שפּאַס, פילנדיק אַז דער שמועס נעמט אָן פאַר איר אַ שווערע ווענדונג.

— כ׳האָב געמיינט, אַזוי זיך אַ פּוסטע קיילע, און איר זײַט גאָר אַזאַ... — האָט אָקשאָנעסדיק פאַרגעזעצט מירקאַ. — יאָ, דורכגעפאַלן איז דאָן מירקאַ, אַ טאָעס געהאַט, מײַן ליבע פרײַלן.

— איך בין ניט קיין פרײַלן, און איר דרייט ניט מיטן קאָפּ!
— האָט אים מוסיאַ בייז אָפּגעענטפערט.

— דאָס האָט מען בא אונדז אין טאַבאָר אַזוי גערעדט, ליבע פרײַלן. איך בין דאָך אַ ציגײַנער, געבוירן געוואָרן אין אַ טאַבאָר. מיר האָבן דאָך עפּשער טויזנטער יאָרן אַרומגעוואַנדערט, אָן גרעניצן, אָן אַ דאָך. און שפּעטער איז זיך צעפאַלן אונדזער טאַבאָר. צו וואָס וואַנדערן, ווען קיינער טרײַבט דיך ניט! אָט האָב איך זיך אויסגעלערנט אויף אַ מאַשיניסט. אַרומגעפאָרן אַלס אַ געהילף. אַ וואַנדער־פּראָפעסיע: הײַנט דאָ, מאָרגן — דאָרט. זיך אָנגעזען אַ סאַך פון אײַער מין, ליבע פרײַלן, אָבער אַזאַ ווי איר, שוועסטערל, באַגעגן איך צום ערשטן מאָל. איר זײַט מיר אין מײַן האַרץ אַרײַן...

מירקאָס רייד זײַנען אַריבער אין אַ שעפּטשען. זײַן הייסער אָטעם האָט געבריט דעם מיידלס באַק, ווײַל קעגן איר ווילן איז זי געצווונגען געווען זיך צוצובייגן צו אים. די אַנטשטאַנענע שטיל־

קײט האָט נאָך מער אונטערגעשטראָכן דאָס קנאַקן פון די האַרטע האָר אונטערן שאַרף פון דעם ראַזיר־מעסער.

— עפשער מײנט איר, אַז איך רײד װעגן דעם גאָלד? װאָס איז גאָלד? עפשער װאָלט איך אַלײן אים אױך אַזױ װי איר געטראָגן. דאָס גאַנצע גאָלד, שװעסטערל, איז ניט װערט אײַער מינדסטן נאָגל... איך זע דאָך אײַך איצט אַפילע אין כאָלעם. און װײסט איר װי־אַזױ איך זע אײַך?

— אױ, און אָט האָב איך אײַך אײַנגעשניטן. אַז איר פלאַפּלט דאָרט אונטערן מעסער פאַרשײדענע נאַרישקײטן! — האָט אױסגעשריִען מוסיאַ.

זי האָט זיך אױסגעגלײַכט, און אירע גרױע אױגן זײַנען געװאָרן שמאָל און טונקל:

— נאָך אײן װאָרט און איך גײ אַװעק, איר הערט? — באַמערקנדיק אַז די גאַנצע פּאַלאַטע האָט אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם און הערט זיך אײַן צו דעם ניט געװײנלעכן שמועס, האָט זי זיך גלײַך באַמיט מיט אַ שפּאַס װײכער צו מאַכן די שאַרפקײט פון אירע װערטער: — איך װעל אױפהערן אײַך צו ראַזירן, װעט איר בלײַבן ליגן אַ ניט קײן פאַרענדיקטער מיט אַ האַלבער באָרד.

דאָס ערד־שטיבל האָט זיך גלײַך אָנגעפילט מיט אַ גוטמוטיקן טומל:

— אָט האָסטו דיר, דאָס שװעסטערל, פײַן אָפּגעגאָלט דעם ציגײַנער.

— װאָס זאָגסטו צו דעם גאַנדז!... ס׳װעט דיר ניט געלינגען. פאַרמאַכט דעם סעמאַפאָר, די סטאַנציע נעמט ניט אױף...

— נײטיק דאַרף זי אים! אַזעלכע גלאָקן־קלינגער קריגט מען אַף יעדער סטאַנציע אַ גאַנצן בינטל פאַר אַ פּיאַטאַק.

טשאָרני האָט אַרומגעװישט דעם זײף פון זײַן פּאָנעם, זיך אױסגעדרײט צו דער װאַנט, און ניט לאָזנדיק פאַרענדיקן דאָס ראַזירן, איז ער אַזױ אָפּגעלעגן ביזן אָװנט.

פון דעמאָלט אָן האָט מוסיאַ אָנגעהױבן זיך צו שרעקן פאַר טשאָרנין. באַם איבערבינדן זײַנע װוּנדן האָט זי זיך באַמיט צו קוקן אָן אַ זײַט און מיט אַ געמאַכט גלײַכגילטיקײט געשמועסט מיט אַנדערע. אָבער די קױלן־אױגן האָבן זי שטום פאַרפאָלגט

אָפּילע שטייענדיק צו אים מיט דער פּלייצע, האָט זי געפּילט אַף זיך זייער בליק.

פון צײַט צו צײַט פלעגט אין שפּיטאָל־שטיבל אַרײַנקומען ניקאָלײַ. ער פלעגט מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ער קומט אַף אַ באַזוך צו זײַן „שכיינע", צו דער קליינער יולאָטשקאַ. ער פלעגט אָוועקזעצן דאָס קינד צו זיך אַף דער דלאָניע און וויגנדיק זי לײַכט אַף דער אויסגעצויגענער האַנט, פלעגט ער אַרויסגיין מיט איר אין דרויסן. מוסיאַ האָט אָבער גוט געוווּסט צו וועמען ער קומט און געפינענדיק אַ פּאַסיקן טערעץ פלעגט זי זיך אויך אַרויסשלײַכן פון שפּיטאָל.

צוזאַמען זאַלבעדריט, און דאָס אויך ניט גייענדיק איינער לעבן דעם אַנדערן, נאָר האַלטנדיק צווישן זיך דאָס מיידעלע פאַר די הענטלעך, פלעגן זיי אַרומשפּאַצירן באַם ראַנד פון וואַלד, וועלכער האָט זיך געפונען נאָענט פון די שפּיטאָל־שטיבלעך. זיי האָבן אַזוי געשפּאַצירט אָדער שווײַגנדיק, אָדער ריידנדיק וועגן מינדערוויכטיקע זאַכן. זעלטן ווען פלעגט ניקאָלײַ, באַזיגנדיק זײַן שעמעוודיקייט, אָנהייבן צו דערציילן וועגן די קאַמפּס־נײַס אינעם אָטריאַד, וועגן אַן אויפרײַס פון אַן אײַזנבאַן־ליניע, וועגן אַ געלונגען דורכגעפירטן צוזאַמענשטויס פון צוויי מיליטערישע עשעלאָנען, וועלכן ס'האָט אָרגאַניזירט דער קינסטלער פון די זאַכן, וולאַס קאַרפּאָוו, וועגן אַ פּאַרטיזאַנער־געריכט איבער אַ פאַררעטער, וועלכן ס'האָבן דורכגעפירט די קאָמיוגיסטן פון דער „לײַכטער קאַוואַלעריע", אין אַ גרויסן דאָרף באַזעצט פון די פאַשיסטן. וועגן אַן אַנטיטאַנק־גראַנאַט, וועלכע מען האָט זייער פלינק און גענוי אַרײַנגעשלײַדערט אין דעם פּיאַנערן־הויז אַף דער „אוזלאָוואַיאַ". באַם דערציילן וועגן די פּאַרטיזאַנער וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט, פלעגט ניקאָלײַ ווערן אויפגעלעבט, אָבער ווי נאָר מוסיאַ פלעגט איבערפירן דעם שמועס אַף זײַנע אייגענע מעשׂים, פלעגט ניקאָלײַ ווערן מיטאַמאָל צוריקגעהאַלטן און אַנטשוויגן ווערן. ער האָט ניט געהאַט ליב צו ריידן וועגן זיך, דערצו האָט ער געהאַלטן אַז איבערהויפּט האָט ער ניט מיט וואָס זיך צו באַרימען.

די לעצטע טעג איז ניקאָלײַ געווען באַשעפטיקט מיט צוגרייטן אַ פּאַרטיזאַנער־עראָדראָם, וועלכן מען האָט אײַליק געבויט, לויט רודאַקאָווס באַפעל, אַף אַ לאַנגער לאָנקע, וועלכע האָט זיך אַרײַנ־

געשניטן אין אַ טאָרף־זומפּ. דער פּאַרטיזאַן האָט געוווסט, אַז דאָס איז זייער אַ וויכטיקער איניען און דאָך האָט ער געהאַט גרויס אַגמעס־נעפעש פון דעם, וואָס אין דער צײַט ווען אַלע זײַנע כאַווירים, אַפילע די אָנטרײַבער פון פערד און די זקיינים־פאַרבינדלער פירן העפּטיקע קאַמפן מיטן סוינע, פאַרנעמט ער זיך גאָר מיט אַרויסשלעפּן פּניאָקעס, פאַרשיטן גריבער און אויסגלײַכן בערגלעך. זײַן איצטיקע אַרבעט איז אים אויך ניט געווען צום האַרצן דערפאַר, ווײַל ער האָט געוווסט, אַז דער עראָדראָם וואָס ער בויט, וועט אים צעשיידן אַף אייביק מיט אַ מיידל, מיט וועלכער ער האָט, ווי אים האָט געשײַנט, געטרוימט אין מעשעך פון אַלע זײַנע יונגע יאָרן.

ניקאָלײַ האָט איצט געלעבט אין אַ צושטאַנד פון אַ פּערמאַנענטער צעשפּאָלטנקייט. ער האָט גוט פאַרשטאַנען, ווי וויכטיק עס איז ווי אַמשנעלסטן אויפצונעמען דעם עראָפּלאַן קעדיי צו עוואַקוירן די ווערטזאַכן און אַרויספירן די פאַרווונדעטע איבערן שמאָלן ערד־שטעג, איידער דער שניי וועט אויספאַלן און עס וועט קענטיק ווערן יעדער שפּור. דעריבער האָט ער מיט קאָלערליי מיטלען פאַרשנעלערט די בוי־אַרבעט. דורך די אויסשפּירער האָט ער זיך פאַרשטענדיקט מיט זיכערע מענטשן פון די אַרומיקע דערפער און פלעגט אין די אָוונטן שיקן אַהין באַוואָפנטע פאַרטיזאַנער. יענע פלעגן זיך אַרײַנרײַסן אין דאָרף, מיט אַ טומל און אַ שיסערײַ אין דער לופטן, דערנאָך מיט דראָונגען גיין פון כאַטע צו כאַטע און שפּעטער פלעגן קלוימערשט אונטער אַ באַוואָפנטן קאָנוואָי גאַנצע דערפער מיט וואָגנס, רידלען און העק אַוועקגיין אַף אַרבעט. די קאָלווירטניקעס האָבן געאַרבעט מיט כיישעק, מיט אימפּעט און געוויסנהאַפט. דעם אָנשטעל פון געצווונגענעם גיין אַף אַרבעט האָט מען געשאַפן פאַר די געשטאַפּאָ־שפּיאָנען, קעדיי צו פאַרהיטן די אַרבעטער פון דער פאַשיסטישער נעקאָמע.

די בוי־אַרבעט איז געגאַנגען שנעל. רודאַקאָוו, וועלכער איז בעטעווע געווען קאַרג אַף לויב, האָט שוין ניט איינמאָל געדאַנקט ניקאָלײַען פאַר דער גוטער אָרגאַניזאַציע פון דער אַרבעט. אָבער די אַלע דאַנקען און לויבן האָבן דעם פאַרטיזאַן ווייניק געפרייט. ווײַל ער אַליין מיט זײַן אייגענעם ווילן האָט צוגעזאָגט מוסיאַס אָפּפליִען. ער האָט זיך באַמיט ניט צו טראַכטן וועגן דעם און דאָך

געטראַכט אַפילע אין כאָלעם. ניקאָלײַ האָט פאַרשטאַנען אַז ער האָט זיך פאַרליבט. זיך פאַרליבט צום ערשטן מאָל אין זײַן לעבן, און זיך אַזוי פאַרליבט אַז ער האָט אַפילע ניט געוואַגט צו קוקן מוסיאַן אין די אויגן, מוירע געהאַט איבערצובלײַבן מיט איר אַליין, אויסגעמיטן אַפילע צופעליק אָנצורירן איר האַנט.

יענעם האַרבסט איז געווען אַ ניט־נאַטירלעכע טריקעניש. אין די אָוונטן איז אין וואַלד געווען אַזוי שטיל, אַז די ביימער האָבן אויסגעזען ווי שאָטנס. עס פלעגט ווערן שנעל פינצטער און קיל ווערן, אָבער ניקאָלײַ און מוסיאַ האָבן ניט געהאַט קיין כיישעק זיך צו צעשיידן. זיי האָבן אײַנגעוויקלט די אַנטדרימלט געוואָרענע מיידעלע אין אַ וואַטאָווקע און רייענווײַז זי געטראָגן אַף די הענט. זיי האָבן ביידע געשוויגן און בלויז פון צײַט צו צײַט ביגעניייווע געוואָרפן בליקן איינער אַפן צווייטן. ווען עס פלעגט שוין גאָר פינצטער ווערן און איבער דער גאַנצער ברייט פון דעם טיפן הימל פלעגן זיך צעשיטן ציטעריקע, אַזוי ווי לעבעדיקע, שטערן, פלעגט ניקאָלײַ מיט אַ זיפץ אַרויסבאַקומען פון אונטער אַ קוסט אַ שוין פון פריער באַהאַלטענעם פעקל מיט ברוסניצעס, אָדער האַרטע, קנאַקנדיקע אונטער די ציין קלוקווע, דערלאַנגען דאָס מוסיאַן און אַליין פאַרשווונדן ווערן. ער פלעגט ווי זיך צעגיין אין דעם כוישעך פונעם וואַלד.

דאָס מיידל פלעגט זיך דאָן אומקערן אין שטיבל ווו אַנאַ מי־כעיעווגאַ האָט געווינט, לייגן דאָס קינד שלאָפן אין אַ בעטל, וואָס איז געמאַכט געוואָרן פון צעשניטענעם אַף צוויי העלפטן געפלאָכ־טענעם שיידל פון אַ שווער־קאַליבערנער באָמבע און אַליין אַוועקגיין אין שפּיטאָל־שטיבל און צעטיילנדיק די יאַגדעס אַף גלייכע טיילן, לויט דער צאָל פון די פאַרוווּנדעטע, פונאַנדערטיילן זיי צווישן אַלע לויטן יוישערדיקן זעלנערישן אויפן: „וועמען — פאַר וועמען”.

יענעם טאָג, ווען מוסיאַ צוזאַמען מיט אַנדערע נײַ־אָנגעקו־מענע פאַרטיזאַנער האָט זיך געגרייט אָפּצוגעבן די שוווע, און זי איז דעריבער געווען פון פרימאָרגן אָן אַזוי פריידיק אויפגעברויזט, איז באַם פאַרטיילן די יאַגדעס פאָרגעקומען אַ געשעעניש, וועלכע האָט אינגאַנצן פאַרכוישעכט דער מיידלס ליכטיקע שטימונג. מיר־קאָ טשאָרני האָט בייז אַ פינקל געטאָן מיט די אויגן און האָט אָפּגעשטופּט די האַנט מיט זײַן כיילעק יאַגדעס. די ברוסניצעס האָ־

בן ווי אַ רויטער האָגל זיך צעשאָטן איבערן ערדענעם פּאָל. אין שטיבל איז בלויז אַף אַ רעגע שטיל געוואָרן, אָבער טייקעף זײַנען צוויי פאַרווונדעטע, פון יענע וואָס זײַנען שוין אַרומגעגאַנ־גען, זיך אַ ריס געטאָן פון זייערע בעטלעך און זיך געוואָרפן צום באַליידיקער:

— וואָס האָסטו אָנגעאַרבעט, דו אידיאָטישער קאָפּ ? !

— די שוועסטער איז אויפמערקזאַם צו דיר, זי איז דיך מע־כאַבעד, און דו...

— מויכל די אויפמערקזאַמקייט, זאָל זי אַליין עסן אירע יאַגדעס, פאַר איר האָט מען דאָך זיי אָנגעקליבן. פרעגט באַ איר, פון וואַנען האָט זי די יאַגדעס ! — טשאַרני האָט זיך אויפגעזעצט אַפן בעטל און זיך פאַרקרימט פאַר ווייטיק — פרעגט, ווי קומען צו איר די יאַגדעס. זאָל זי אײַך דערציילן.

דערפילנדיק אַף זיך אַלעמענס בליקן, האָט זיך דאָס מיידל פאַרשטעלט דאָס פּאָנעם מיט די הענט און איז אַרויסגעלאָפן פון שטיבל. זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיטן שטערן אָן דער קילער סאָסנע־קאָרע און איז שטיין געבליבן אַ פאַרשטאַרטע, טראַכטנדיק מיט יעסורים: „פאַרוואָס איז דאָס, ווי האָט ער געוואָגט. און אויך זיי אַלע ? איך האָב דאָך זיי אַלע אַזוי ליב". די קילקייט פון דער אָוונט לופט האָט זי ביסלעכווײַז באַרויִקט. פון אונטן האָבן זיך געהערט פאַרטויבטע אויפגערעגטע שטימעס. אין אַ ווײַלע אַרום זײַנען זיי אײַנגעשטילט געוואָרן און באַם אַרײַנגאַנג האָט זיך באַוויזן דער פאָטער אָסיפּ. ער איז צוגעגאַנגען צו מוסיאַן וועלכע איז נאָך אַלץ געשטאַנען באַם בוים און זיך אויסגעהוסט:

— זײַט מויכל, שוועסטערל ! אַ פאַרווונדעטער איז דאָך פונקט ווי אַ קליין קינד, מען קען פון אים קיין סאַך נישט פאָדערן. דער אוילעם בעט אײַך צוריק אין דער פּאַלאַטע. דער ווילדער שעד וועט באַ אײַך עפּנטלעך בעטן מעכילע.

— וואָס רעדט איר, לוינט זיך דען ? גייט בעסער צוריק אין בעט אַרײַן ס׳איז טויאיק, פאַר אײַך איז שעדלעך ! — האָט פויל זיך אָפּגערופן דאָס מיידל.

— ניין, אַליין, זײַט מויכל, וועל איך נישט גיין. דער גאַנצער אוילעם בעט אײַך — האָט מיט פעסטקייט געענטפערט דער אַלטער. דאָס מיידל איז אַראָפּ אין ערד־שטיבל. די שטילקייט איז

שוין נישט געווען אַ דראַענדיקע, ווי פריער, זי איז געווען אַ האַכנאַעדיקע, פּונקט ווי עס ווערט אין וואַלד נאָך אַ געוויטער. אַלע פּאַרוווּנדעטע האָבן שטרענג געקוקט אַף טשאַרנין. יעגער איז געלעגן אויסגעצויגן, זײַן בלייך געוואָרן פּאָנעם האָט זיך קוים גע־מערקט אַפן ווײַסן ציכל. עס האָט געשײַנט, אַז מיט גרויס מי האָט ער זיך לאַנגזאַם אויסגעדרייט צו מוסיאַן. — זײַט מיר מויכל, שוועסטערל, די נערוון — האָט ער טויב אַרויסגערעדט מיט אַ פרעמדער, קאַלטער שטימע. שפּעטער, פּונקט ווי ער וואָלט אין זיך עפּעס גויוּוער געוואָר, האָט ער זיך אַ קער געטאָן, זיך אונ־טערגעהויבן אַפן עלנבויגן און דערקלערט : די פאַרשאָלטענע וווּנדן, פּונקט ווי זאַמד אין אַקס פון די רעדער, דעריבער סקריפּעט עס. איר, שוועסטערל, זאָלט וועגן מיר עפּעס אַזעלכעס נישט טראַכטן. איך בין אַ כאַסענע געהאַטער. מײַן ווײַב זינאַ איז אַ שיינקייט, די גאַנצע צײַט ליגט זי באַ מיר אין זינען. און דאָס איז פּאַשעט, די ברעמזן האָבן אויפגעהערט צו דינען, האָט עס מיך אַוועקגע־טראָגן באַרג אַראָפּ. איך בעט באַ אײַך, זײַט מיר מויכל!

אַלע פּאַרוווּנדעטע האָבן געשוויגן, זײַענדיק ווײַזט אויס מאַס־קים מיט דעם אַרט פון אַנטשולדיקונג. נאָר דער דײַטש, רודאָלף איוואַנאָוויטש האָט מיט שטױנונג געקוקט אַף טשאַרנין און אַף מוסיאַן און אַף אַלע איבעריקע. ער האָט אַפּאָנים נישט גאַנץ קלאָר באַנומען, וואָס אַזוינס איז דאָ פּאַרגעקומען.

דאָס מיידל האָט זיך באַרויִקט און, דערמאָנענדיק זיך, אָנגע־הויבן זיך אײַלן צום „סיגנאַל", ווו די נײַ־אָנגעקומענע פּאַרטיזאַנער האָבן געדאַרפט ווערן. און האַגאַם זי איז אָנגעקומען אַפן פּלאַץ צו דער באַשטימטער צײַט, האַגאַם צווישן די אויסגעשטעלטע אין אַ ריי פרישע פּאַרטיזאַנער האָט זי דערזען איר אַלטן באַקאַנטן — טאַליען — צוזמען מיט די אַנדערע האַנטווערקער־שילער, האַגאַם מען האָט איר, ווי דער איינציקער מיידל צווישן די וואָס דאַרפן ווערן, צוגעטיילט דעם קאָוועד צו זײַן די ערשטע באַם כאַסמענען דעם דאָקומענט, דאָך האָט זי נישט געקענט פּאַרגעסן וועגן דער געשעענישן אין דער פּאַלאַטע, און דער פריידיקער געפיל, מיט וועלכן זי האָט אַפּגעוואָרט די שאַ, איז געווען פּאַרטונקלט.

באַם „סיגנאַל" האָט געפּלאַקערט אַ גרויסער שייטער. די, וואָס האָבן געדאַרפט ווערן, זײַנען געשטאַנען אין דרײַ גלײַכע רייען.

מוסיאַ איז געשטאַנען באַם עק. אַנטקעגן האָבן זיך אויסגעשטעלט אַלע פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין לאַגער. צוליב דער פּינקטלעכקייט איז שווער געווען צו טרעפן וויפל זיינען זיי געווען. פון ציט צו ציט פלעגט דער שיין פון שייטער, וועלכן דער ווינט האָט צעבלאָזן, אַרויסגעכאַפּט פון כוישעך עמעצנס אַ פאַרטראַכט פּנים, אַ האַנט אַף אַ קאָלבע פון אַן אויטאָמאַט, אַ לופע פון אַ ביקס. רודאַקאָוו איז צוגעגאַנגען צום שייטער און אַ קאָמאַנדע געטאָן „אַכטונג״. פון דער קעשענע פון זיין גימנאַסטיאָרקע האָט ער אַרויסגענומען אַ בויגן און האָט אָנגעפאַנגען צו לייענען די פייערלעכע ווערטער פון דער פּאַרטיזאַנער שוווּע, און אַלע ביידע פּאַרטיזאַנער האָבן אין איין קאָל אים נאָכגעזאָגט וואָר נאָך וואָרט: „איך, אַ בירגער פון דעם גרויסן ראַטנפאַרבאַנד, אַ געטרייער זון פון דעם העלדישן סאָוועטישן פאָלק, שווער, אַז איך וועל נישט אַרויסלאָזן דאָס געווער פון מיינע הענט ביז אַף אונדזער ערד וועט נישט פאַרניכטעט ווערן דער לעצטער פאַשיסטישער אויסוווּרף״ — האָט געלייענט רודאַקאָוו. — „פאַרניכטעט ווערן דער לעצטער פאַשיסטישער אויסוווּרף . . .״ — האָבן מונטער אויסגעשריען דעם סאָף פון דער פראַזע אויפגערעגטע יונגע שטימעס.

דער ווינט האָט אַ ריס געטאָן. דער צעפלאַקערטער שייטער האָט באַלויכטן די פייערלעכע פּנימער, די אויפגעבראַזטע, ברענענדיקע אויגן. און ביסלעכווייז איז פאַרשווונדן געוואָרן אַלץ וואָס האָט באַאומרויקט, אויפגערעגט און נישט געלאָזט זיך קאָנצענטרירן. דער קויעך פון די פאַשעטע ווערטער האָט פאַרכאַפּט מוסיאַן. די ווערטער האָט רודאַקאָוו געלייענט פון אַ פּאַפּיר, אָפּטמאָל פלעגט ער זיך אָפּילע צובייגן צום שייטער קעדיי בעסער צו זען דעם טעקסט, אָבער מוסיאַן האָט זיך געדוכט, אַז די ווערטער ווערן ערשט איצט געבוירן אין אירע נעשאָמע און פילנדיק ווי די אויפרעגונג פאַרפולט איר ברוסט האָט זי נאָכגעזאָגט מיט באַגייסטערונג:

„איך שווער מיט אַלע מיינע קויכעס מיטצוהעלפן דער רויטער אַרמיי אין דער פאַרניכטונג פון די ווילדע היטלעריסטישע הינט. איך שווער, אַז איך וועל בעסער שטאַרבן אין אַ פאַרביסענעם קאַמף מיטן סוינע, איידער איך זאָל איבערגעבן זיך, מיין מישפּאָכע און דאָס גאַנצע סאָוועטישע פאָלק אין פאַרשקלאַפונג צום בלוטיקן פאַשיזם . . .״

— „בלוטיקן פּאַשיזם...״ האָבן מיט באַגײַסטערונג געהאַ־מערט צענדליקער שטימעס.

אַ פּאַרכאַפּטע פון דעם קויעך פון די פּאַשעטע ווערטער, האָט דאָס מיידל אַן אויסגעצויגענע נאָכגערעדט מיט היסלאָוועס צוזאַ־מען מיט אַלע.

— „אויב אָבער, איך וועל צוליב מײַן שוואַכקייט, פּאַכדאַנעס אָדער בייזן ווילן ברעכן די שוווע און וועל פּאַרראַטן די אינטערעסן פון מײַן פּאָלק, זאָל איך שטאַרבן מיט אַ שענדלעכן טויט פון די הענט פון מײַנע כאַווײַרים. בלוט פאַר בלוט! טויט פאַר טויט!״

די לעצטע ווערטער האָט מוסיאַ אַרויסגעשריִען אָפן גאַנצן קאָל. זי איז געווען אַזוי צעטרייסלט, אַז באַם אונטערשרײַבן זיך אונטער דער שוווע, האָט זי געמאַכט אַ דריידל גאָרנישט דאָרט ווו מען דאַרף. דער קאָמאַנדיר האָט באַגריסט אַלע, וועלכע האָבן גע־שוואָרן און געדריקט די האַנט פון יעדן איינעם מיט זײַן קליינער, טרוקענער, אָבער זייער שטאַרקער האַנט.

די פּאַרטיזאַנער זײַנען געבליבן זיצן באַם שײַטער. און כאָטש מוסיאַ האָט שטאַרק ליב געהאַט יענע אָוונטן באַם שײַטער, ווען די פרײַע, פון קאַמפּס־אויפגאַבן, פּאַרטיזאַנער פלעגן זינגען סאָ־וועטישע לידער, וועלכע האָבן זיי אַזוי ווי צוריקגעבראַכט הינטער דער פראָנט־ליניע צו זייערע ליבע און קרוויווים, איז זי אָבער הײַנט נישט געווען אומשטאַנד צו זינגען.

זי איז אַוועק פון שײַטער און האָט זיך לאַנגזאַם געלאָזט גיין צו די שפּיטאָל־שטיבלעך. הינטער איר האָבן זיך דערהערט שנעלע טריט.

— כאָווערטע וואָלקאָוואַ! — האָט זי אַ רוף געטאָן אַ נישט קיין דרייסטע יִנגלשע שטימע.

דאָס מיידל איז געבליבן שטיין. אַזוי אָפיציעל האָט נאָך דאַ קיינער צו איר נישט גערעדט. אָפילו איר שעף, אַנאַ מיכעיעוונאַ, האָט מיסטאָם אויך נישט געדענקט איר פאַמיליען־נאָמען.

פון דער פינצטערניש האָט אַרויסגעטויכט טאָליאַ. ער האָט איר דערלאַנגט עפּעס אַ קליינע, שווערע זאַך. דאָס מיידל האָט דערזען אַ קליינעם אָפיצירן רעוואָלווער, סיסטעם „וואַלטער״.

— דאָס איז פאַר אײַך. איר זײַט שוין איצט אַ פּאַרטיזאַנקע. ע! יאָלקי־פּאַלקי, דאָס איז דאָך אַן אַנטיקל! איך אַליין האָב

עס אַראָפּגענומען פון אַ פּאַשיסטישן מאַיאָר. די כעוורע האָבן מיר פּאַר אים פאַרגעשלאָגן אַ דײַטשן אויטאָמאַט, אַ מויל־האַרמאָשקע, אַ צינדערל — און איך האָב נישט אָפּגעגעבן. און פּאַר אײַך איז מיר נישט קיין שאָד. נעמט עס !

— אַ דאַנק, יאָלאָטשקאַ ! — האָט געזאָגט מוסיאַ אַ גערירטע און האָט געוואָלט דריקן די האַנט פון דעם קליינעם פּאַרטיזאַן, אָבער יענער איז שוין פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער פינצטערניש.

פילנדיק, אַז הײַנט וועט זי נישט קענען אַנטשלאָפן ווערן, אויב זי וועט זיך נישט טיילן מיט עמעצן מיט דעם איבערפלוס פון איר פרייד, איז דאָס מיידל אַוועק מיט ניט קיין זיכערע טריט צום שפּיטאָל. עפּשער עמעצער פון די פאַרוווּנדעטע שלאָפט נאָך נישט ?

און ווירקלעך, פון הינטער דעם ברעזענטענעם פאָרהאַנג האָבן זיך געהערט שטימעס. אין פּאַלאַטע האָט מען זיך געאַמפּערט וועגן עפּעס, און שאַרפע ווערטלעך, זיכער נישט קיין אויסגערעכנטע, אַז אַ פרויען־אויער זאָל זיי הערן, האָבן פאַרהאַלטן מוסיאַן באַם שוועל.

— און איך וועל ניט קוקן דערויף, אַז רודאָלף איוואַנאָוויטש געפינט זיך דאָ. איך בין נישט געוווינט צו באַהאַלטן דעם עמעס : די דײַטשן זײַנען אַ שעדלעכע נאַציע — האָט געקלונגען דעם פעטער אָסיפּס אויפגערעגטע שטימע. — דײַן נאַציע, רודאָלף איוואַנאָוויטש, איז געגליכן צו אַ בער... ווי נאָר די בינען האָבן אָנגעזאַמלט האָניק אין בינשטאָק — איז ער שוין דאָ, אַ שאָס איבערן בינשטאָק מיט דער לאַפּע ! אַלצדינג וועט ער, דער אויסוואָרף, צעשטערן, צעטרעטן, צעברעכן, נאָר קעדיי אויפצופרעסן דעם פרעמדן האָניק. וואָס וועסטו זאָגן, נישט אַזוי ?

— איך וועל גאָרנישט זאָגן. איך האָב נישט מיט וואָס צו אָפּאָנירן. — האָט אָפּגעענטפערט אַ שטימע, וועלכע האָט שוין אַ ביסל צו פינקטלעך און מיזאַם אַרויסגערעדט די רוסישע ווערטער.

— שווײַגסט ? היטלער האָט אײַך אָפּגעוווינט פון אַרויסצוזאָגן דעם עמעס אָפן קאָל. איר האָט זיך אײַערע צינגער אָפּגעביסן ! — האָט זיך דערהערט טשאָרניס בייזער געשריי — וואָס ביסטו איצט, רודאָלף ? אַ פּאַרטיזאַן ! מיימעסט די פּאַשיסטן מיט אונדז צוזאַמען ? מיימעסט ! באַם זעלבן קוילנ־

וואָרפער האָסטו מיט מיר צוזאַמען בלוט פאַרגאָסן? פאַרגאָסן! האָסטו, הייסט עס, דאָס זעלבע רעכט ווי מיר צו לאָזן הערן דײַן וואָרט. וואָס זשע שווײַגסטו? רייד!

מוסיאַ איז געשטאַנען באַם שוועל פון ערד־שטיבל. עס האָט זי שטענדיק געווונדערט די גוטמוטיקע און אַפילו פרײַנטלעכע באַציִונג פון די פּאַרטיזאַנער צום דײַטש קונץ, וועלכער איז אַרײַבערגעגאַנגען צו זיי. פון אָנהייב האָט עס אַפילו געאיבלט. זאָל זײַן, אַז אַמאָל אין די יאָרן פון דעם ערשטן פינפיאָר־פּלאַן האָט ער טאַקע לויט אַן אָפּמאַך געאַרבעט אַף סאָוועטישע פאַבריקן און האָט זיך אויסגעלערנט גאַנץ נישקאָשעדיק ריידן רוסיש. זאָל טאַקע זײַן, אַז באַם אַריבערגיין צו די פּאַרטיזאַנער האָט ער, אַלס אַ מאַשקן און אַ סימען פון זײַן אָפנהאַרציקייט, געבראַכט מיט זיך צו שלעפּן אַ באַטויבטן און געבונדענעם עס־עס אָפיציר. זאָל זײַן אַז ער לערנט ערלעך און געוויסנהאַפט די פּאַרטיזאַנער, ווי אַזוי מען דאַרף זיך באַגיין מיטן פאַרכאַפּטן געווער. ער קעמפט, און קעמפט אַפילו העלדיש קעגן זײַנע מיטבירגער — זאָל זײַן, אַז דאָס אַלץ איז עמעס. וועגן דעם אַלעמען האָט מוסיאַ גוט געוווּסט. ער האָט געזאָגט, אַז ער איז אַ קאָמוניסט און מען האָט אים גע־מעגט גלויבן. און דאָך פלעגט מוסיאַ אין קעגנוואַרט פון דעם מענטשן, קעגן איר ווילן, שטענדיק זײַן אַף דער וואַך און אײַנגע־שלאָסן אין זיך. און אין דער זעלבער צײַט האָבן די פאַרוווּנדעטע פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן זיך פיל מער פון איר אָנגעליטן פון די אָקופּאַנטן, פאַרלוירן זייערע היימען, זייערע מישפּאָכעס, זייער שטענדיקע באַשעפטיקונג, פאַרוווּנדעטע פון דעם סוינעס קוילן, גע־טיטלט קונצן אָפן רוסישן שטייגער רודאָלף איוואַנאָוויטש, פלעגן אים מעכאַבעד זײַן מיט טאַבאַק, גוטמוטיק געכויזעקט איבער אים, און, דאָס האָט איבערהויפּט געווונדערט דאָס מיידל, מיט קיין שום זאַך נישט אויסגעטיילט אים פון זייער סוויווע.

און איצט, שטייענדיק אומבאַוועגלעך באַם פאָרהאַנג, וואָס האָט פאַרשטעלט דעם אַרײַנגאַנג אין דעם ערד־שטיבל, האָט זי זיך מיט אַ באַזונדערן אינטערעס צוגעהערט צום ווייקועך.

— ריכטיק, רודאָלף איוואַנאָוויטש. ענטפער דאַ, וואָס דו טראַכסט.

— שעם זיך נישט. דו געפינסט זיך נישט אין „היטלערלאַנד".

מיר זײַנען דאָ אַלע אייגענע. אין געשטאָפּאָ וועט מען דיך נישט אָוועקשלעפּן.

— כאַווײרים, מיר איז זייער שווער צו ברענגען אַן ענטפער אַף דעם פּעטער אָסיפּס ווערטער. — האָט ענדלעך אַרויסגערעדט דער דײַטש.

— וואָרט, איך וועל דיר העלפן — האָט זיך ווידער אַרײַנגע־ריסן אין דעם געשפּרעך טשאָרני. — דער פּעטער אָסיפּ האָט דײַן פאָלק באַליידיקט, עמעס? דאָס ווילסטו זאָגן? איז דאָס אַזוי זאָג עס אַרויס אָפן.

עס האָט זיך דערהערט אַ טויבער געשפּרעך. מוסיאַ האָט פאַרשטאַנען, אַז קיינער שלאָפט נישט. די גאַנצע „פּאַלאַטע" הערט זיך צו צום וויכוח.

— און דו, מיש זיך נישט אַרײַן אין שמועס. דיך פרעגט מען נישט, — האָט געזאָגט דער פּעטער אָסיפּ. זאָל רודאָלף איוואַנאָ־וויטש אַליין ענטפערן. פאַרוואָס פאַרטיידיקסטו זיי — זיי האָבן דאָך די גאַנצע וועלט אין בלוט פאַרטרונקען.

— און איך פאַרטיידיק דען זיי? — האָט אָנגעהויבן שנעל צו ריידן טשאָרני — איך האָב דאָך שוין אײַך געזאָגט: ווער עס זאָל נישט קומען צו אונדז מיט אַ מילכאָמע — אַ דײַטש, אַן אי־טאַליענער, אַ פינלענדער, אָדער ווער אַנדערש, וועל איך אים מיי־מעסן אַזוי לאַנג, ווי איך וועל האָבן קויעך אין מײַנע הענט. וועל איך די הענט פאַרלירן — מיט די פיס וועל איך בריקעווען; און אַז מען וועט מיר די פיס איבערהאַקן — וועל איך מיט די ציין זייער גאָרגל איבערבײַסן... אָבער וואָס האָט עס צו טאָן מיט רודאָלפן. מיר האָבן ביידע צוזאַמען געשאָסן אַף די פאַשיסטן. צוזאַמען אונ־דזער בלוט פאַרגאָסן. צוזאַמען וואַלגערן מיר זיך איצט דאָ אין שפּיטאָל. און כאָטש ער איז אַ דײַטש, דאָך זאָג איך אים: דאָ האָסטו מײַן האַנט — נעם, האַלט זיך אין איר, רודאָלף!

— נו יאָ, רודאָלף איוואַנאָוויטש איז אַ ספּעציעלער דײַטש... איך רייד דאָך וועגן דער פאַשיסטישער פּאַסקודסטווע, אָט וועגן וועמען איך רייד — האָט זיך פאַרענטפערט דער פּעטער אָסיפּ. — אַזאַ דײַטש ווי ער, וועל איך אויך אַ האַנט געבן — נאַ, רודאָלף איוואַנאָוויטש, לאָמיר זיך צוהאַלטן! ווייסטו גאָר וואָס, לאָמיר זיך טאַקע אויך צעקושן... אָט אַזוי...

איבערן שטיבל האָט זיך צעגאָסן אַ גוטמוטיקער געלעכטערל.
— אַנגעהויבן מיט אַ קאַדיש און פאַרענדיקט מיט אַ מי שע־ביירעך!
— און ס׳איז טאַקע ריכטיק: אַ דײַטש איז איינס — און אַ פאַשיסט איז עפּעס אַנדערש. פאַראַן פאַשיסטן פון פאַרשיידענע נאַציעס.
— עך, וואָלט איך נאָר געהאַט אַ דייע, וואָלט איך די אַלע עסעסן, מיט די געשטאַפּאָס פאַרגראָבן לעבעדיקערהייט אין מור־ראַשניקעס. ווי מיינסטו רודאָלף איוואַנאָוויטש, ביסט נישט דער־קעגן?
— איך וואָלט אײַך צוגעהאָלפן — האָט זיך אָפּגערופן דער דײַטש.
— אָט, ריכטיק, רודאָלף! איך רעכן, אַז ווען מיר וועלן היטלערן צעמיימעסן, וועט גאַנץ דײַטשלאַנד אונדז דאַנקבאַר זײַן דערפאַר. וואָס וועסטו דערויף זאָגן?
— איך קען נישט אַזאַ רוסיש וואָרט — האָט לאַנגזאַם און מיט אַ קענטיקער צערודערונג אָנגעהויבן דער דײַטש — איך ווייס נישט אַזאַ וואָרט איך זאָל אײַך קענען אויסדריקן, וואָס פאַר אַ מענטשן איר זײַט, וואָס פאַר אַ אומגעהויער גרויסע נעשאָמעס איר פאַרמאָגט.
מוסיאַ האָט אָפּגערוקט דעם פאָרהאַנג, זי איז געבליבן שטיין אין דורכגאַנג און אַרומפירנדיק איבער די פאַרוווּנדעטע איר פײַכטן בליק, האָט זי אַרויסגערעדט מיט אַ ציטערדיקער שטימע:
— טײַערע מײַנע, גיט מיר אָפּ מאַזל־טאָוו, איך בין שוין אויך אַ פאַרטיזאַנקע, פּונקט ווי איר.

## IV

די לאַגע איז מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלאַרמירנדיקער.

די צאָלרײַכע גוטע פרײַנט, וועלכע דער אָטריאַד האָט זיך אײַנגעשאַפט אין די קאָלווירטן האָבן געבראַכט יעדיעס, אַז די פאַשיסטישע אָנפירערשאַפט ציט צונויף אין די אַרומיקע דערפער שטראָף־עקספּעדיציעס. איינער אַ דײַטשער אינטענדענט־אָפיציר, וועלכן קוזמיטש האָט געפּאַקט בעיס יענער האָט זיך געבאָדן און וועמען ער האָט געבראַכט צו פירן אין אָטריאַד אינגאַנצן אַ נאַקעטן בלויז אין די שטיוול, קעדיי צו מאַכן אַ גרעסערן עפעקט, האָט דערקלערט, אַז פון הויפּט־שטאַב פון דער מיליטערישער גרופּע איז באַקומען געוואָרן אַ באַפעל מען זאָל איידער דער האַרבסט וועט אומדורכגאַנגבאַר מאַכן די וועגן, אומבאַדינגט ליקווידירן די פּאַרטיזאַנישע גרופּעס, וועלכע האָבן אינגאַנצן דעזאָרגאַניזירט אין דער געגנט דעם טראַנספּאָרט סײַ אַף די אײַזנבאַן־ליניעס, סײַ אַף די אויטאָמאָביל־שאָסייען. ציטערנדיק פון קעלט האָט דער אָפיציר אויסגעפּלאַפּלט, אַז דער פאַראייניקטער שטאַב פון די שטראָף־עקספּעדיציעס, וועלכער האָט זיך געשאַפן אַף דער „אוזלאָוואַיאַ", אַרבעט אויס קעגן די פּאַרטיזאַנער אַ פּלאַן פון עפּעס אַן „אַקציע", אין וואָס באַשטייט דאָס ווייס נישט דער אינטענדנט, אָבער מען לייגט אַף דעם גרויסע האָפענונגען.

דערנאָך איז אין שטאַב געקומען די וועג־וועכטערן פון דעם 32טן קילאָמעטער, טאָקע די זעלבע קאַטערינע וועלכע ניקאָלײַ האָט אײַנגעוואָרבירט. זי האָט דערציילט אַז אין דעם מיליטערישן עשעלאָן, וועלכן די פּאַרטיזאַנער האָבן אַראָפּגעשלײַדערט פון דעם

אָנשיט אין איר באַצירק, האָט זיך פּלוצלונג אָנגעהויבן עפּעס אַ מאָדנע סרייפּע. שוין נאָך דער באַן־אַוואַריע האָבן פּלוצלונג אָן אַ פּאַרוואָס אָנגעהויבן ברענען די ברוכשטיק פון די וואַגאָנען און אַז די דײַטשן פון אַן אָנגעקומענעם רעטונגס־צוג אַנשטאָט צו לעשן דאָס פײַער, זײַנען זיך גאָר צעלאָפן און שטייענדיק פון דער ווײַטנס באַטראַכט די צעפּלאַקערטע סרייפּע שאָקלענדיק מיט די קעפּ און צוקנאַקנדיק מיט די צינגער. קאַטערינע האָט מיטגעבראַכט אין אַ מעטאַלענער שיידל פון אַ דײַטשער אַנטיגאַז־מאַסקע צוויי אויסטערלישע קײַקלעך ווי אַ פויסט די גרויס, וועלכע זי האָט נאָך דער סרייפּע געפונען צווישן די ברוכשטיקער. די ווייכע, דורכזיכטיקע הייטל איז געווען אָנגעפילט מיט עפּעס אַ גרוי־גרינער לויכטנדיקער פליסיקייט.

די פּאַרטיזאַנישע קאָמאַנדירן האָבן לאַנג באַטראַכט די אומפאַרשטענדלעכע טראָפייען, ביז איינער פון די צוויי קייקעלעך איז אַראָפּגעפאַלן אַף דער ערד און איז צופעליק צעקוועטשט געוואָרן. די אַרויסגערונענע פליסיקייט האָט זיך גלײַך אָנגעצונדן מיט אַ רויטלעכן הייסן פלאַם. עס איז נישט מעגלעך געווען עס צו פאַרלעשן נישט מיט קיין וואַסער און נישט מיט זאַמד. דער פלאַם האָט זיך שנעל צעפלאַקערט אָנגעכאַפּט די אינעווייניקסטע קלעצער, מיט וועלכע דאָס ערד־שטיבל איז געווען באַלייגט. עס איז געלונגען די פּאַרטיזאַנער אַרויסצוראַטעווען בלויז דאָס וויכטיקסטע. די געפערלעכע קײַקעלעך האָט מען זאָרגעוודיק פאַרפּאַקט, קעדיי בײַ דער ערשטער געלעגנהייט זיי אַריבערצושיקן אַף דער גרויסער ערד צו אַנאַליזירן.

רודאַקאָוו פאַרלירנדיק זײַן ערד־שטיבל, וועלכעס האָט אָפּגעברענט איז אַריבער וווינען אין דעם שטאַב־בונקער און איז אָפּגעזעסן אַ גאַנצע נאַכט איבער אַ מאַפּע אַף וועלכער עס זײַנען געווען אַרומגעצייכנט מיט אַ בלויען בלײַפעדער די אַלע דערפער וואָס זײַנען באַזעצט פון די שטראָפלער. עס האָט זיך באַקומען אַ צייכענונג פון אַ ברייטער פאָדקאָווע. זי האָט אַרומגעכאַפּט דעם זומפּיקן שווער דורכגאַנגבאַרן וואַלד, אין צענטער פון וועלכן עס האָט זיך געפונען דער פּאַרטיזאַנען לאַגער. אָפן איז פאַרבליבן די צאָפנדיקע זײַט, וואָס האָט געפירט צו די טאָרף זומפּן. דער גרויסער שעטעך

פון די זומפּן איז געווען פאַררעכנט פאַר נישט קיין דורכגאַנגבאַרן סײַ אין האַרבסט און סײַ אין פרילינג.

וואָס אַזוינס האָבן זיי דאָרט פאַרטראַכט? וואָס קען באַדײַטן דאָס וואָס פאַר די לעצטע טעג זײַנען קימאַט ווי אָפּגעשטעלט געוואָרן די צוזאַמענשטויסן מיט די פאַרטיזאַנישע אַוואַנפּאָסטנס? עס איז שווער צו גלויבן אַז דעם סוינע זאָלן טאַקע בעעמעס אײַבערשרעקן די פאַרלוסטן, וועלכע ער האָט געליטן אין די קאַמפן באַ די צעאַקערטע און מיט ביימער פאַרוואָרפענע וואַלד־שליאַכן. אַלע געפאַנגענע האָבן ווי איינער דערקלערט, אַז עס איז פאַראַן אַ באַפעל ווי אַמשנעלסטן אויסצוראָטן די פאַרטיזאַנער און אָפּרייניקן די געגנט. פאַרוואָס־זשע האָט זיך אַרום זיי אײַנגעשטעלט אַזאַ שטילקייט. אָט די שטילקייט האָט געשראָקן אַ סאַך מער, ווי דער אומבעראַכמאָנעסדיקסטער שטורעם.

„וואָלט שוין וואָס שנעלער פאַרענדיקט געוואָרן דער עראָדראָם. אָפּשיקן די פאַרוואונדעטע, עוואַקויִרן די ווערטזאַכן, עקספּעדירן די קײַקעלעך, וועלכע פאַרבאָרגן אין זיך דעם געהענעם־פלאַם און אויפבינדן זיך די הענט. ווען מען איז פרײַ פון אַ לאַסט איז דאַן לײַכטער צו לייזן יעדע קאַמפּס־אויפגאַבע, וואָס זיי זאָלן דאָרט נישט צוטראַכטן. אַזוי, אַזוי, אַזוי... אָבער וואָס אַזוינס האָט ער פאָרט פאַרטראַכט? אַ בלאָקאַדע? אָבער די פאַרטיזאַנישע דיווערסאַנטן און די מינירער פילטרירן זיך דורך פאָרט וו ביז איצט דורך די וועלדער. די קאַמפס־טעטיקייט אַף דער אײַזנבאַן־ליניע און אַף די שאָסייען ווערט דאָך פאָרגעזעצט. ניין, דאָ מוז זײַן עפּעס אַנדערש. דערצו נאָך אָט דאָס קײַקעלע. און פאַרוואָס עפּעס אַ פּאָדקאָווע און נישט אַ פאַרשלאָסענער קרײַז? רודאַקאָוו האָט זיך געריבן דעם אַקשאָנעסדיקן שטערן, געצופּט די שטעכיקע וואָנצעלעך, — דאָ איז אַן אַנדער איניען, אָבער וואָס, וואָס? ווי אַזוי קען מען עס דערגיין?

ווען עס איז שוין געווען גאָר פינצטער איז געקומען ניקאָלײַ. פאַר די לעצטע טעג איז ער באַזונדערס אָפּגעברענט און באַוואַקסן געוואָרן. דער פאַרטיזאַן האָט געמאָלדן דעם קאָמאַנדיר, אַז דער עראָדראָם איז שוין קימאַט פאַרענדיקט. באַגינען וועט מען דורכפירן די לעצטע אַרבעטן און עס וועט שוין מעגלעך זײַן אויפצונעמען די פאַרבינדונגס און סאַניטאַרע עראָפּלאַנען. לויט דער אויפגאַבע

האָט געזאָלט פֿאַרענדיקט ווערן די אַרבעט באַם עראָדראָם ערשט אין אַ וואָך אַרום, דעריבער איז זשעלעזנאָוום מעלדונג געווען אַן אָנגענעמע איבעראַשונג. רודאַקאָוו, וועלכער האָט בעטעווע נישט ליב געהאַט אַרויסצוווײַזן זײַנע געפילן, האָט דאָס מאָל אַרומגע־כאַפּט דעם יונגן פּאַרטיזאַן און האָט אים שטאַרק צעקושט אין ביידע באַקן, אַפֿן רוסישן שטייגער. ער האָט באַפֿוילן זײַן אַדיוטאַנט ברענגען אַ פֿלאַש ספּירט פֿון זײַן אייגענעם נישט באַרירלעכן רעזערוו און האָט געהייסן צוגרייטן זאָפּאַרט דעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט פֿאַר אַ זייער וויכטיקער נאַכט־אַרבעט. די פֿלאַש האָט ער אַוועק־געשטעלט פֿאַר ניקאָלײַען און אַליין זיך געזעצט שרײַבן אַ באַריכט פֿאַר דער גרויסע רערד, אָבער דאָ האָט ער באַמערקט, אַז דער העלד פֿון טאָג רירט זיך ניט צו צום פֿלעשל און אַז דאָס פּאָנעם איז באַ אים עפּעס פֿאַרכווישעכט.

— וואָס האָסטו אַראָפּגעלאָזט די נאָז ?

— אַלץ אין בעסטן אָרדענונג, כאַוועך קאָמאַנדיר, דערלויבט אַוועקצוגיין — האָט געזאָגט ניקאָלײַ פּונקט ווי ער וואָלט נאָר וואָס זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף.

— און אַ שנאַפּס ? האָסט דאָך פֿאַרדינט.

— אַ דאַנק, אַ צווייטן מאָל.

— מיילע, גיי.

ניקאָלײַ האָט זיך אויסגעדרייט און איז לאַנגזאַם אַוועק צום אַרויסגאַנג.

רודאַקאָוו האָט אַ טרייסל געטאָן די פֿלאַש און זי אַוועקגע־שטעלט אין אַ זײַט. ער איז געווען אַ גרויסער מייוון אַף מענטשן און זשעלעזנאָוון האָט ער געקענט פֿון קינדווײַז אָן. ער האָט פֿאַר־שטאַנען אַז דעם באָכער פּײַניקט עפּעס אַ זאָרג און טאָקע עפּשער אַ צאַר. לויט דער אַלטער פּאַרטקאָם געוווינהייט האָט רודאַקאָוו זיך אָנגעמערקט אין געדאַנק, אַז באַ אַ געלעגנהייט, ווען מען מוזן „מיסוואָדע זײַן“ דעם יונגן פּאַרטיזאַן.

נאָכן איבערבײַסן אַף שנעל איז דער קאָמאַנדיר אַוועק צום בײַדל, וווּ עס האָט שוין געגרילצט דער ראַדיאָ־אַפּאַראַט. בעאייס מען האָט געזוכט אַ פֿאַרבינדונג מיט מאָסקווע, האָט רודאַקאָוו פֿאַראָרדנט דורך זײַן אַדיוטאַנט אַז מען זאָל צוגרייטן עטלעכע פֿורן מיט פֿאַרוווּנדעטע צום אַעראָדראָם. שפּעטער איז דער אַדיו־

טאַנט געשיקט געוואָרן נאָך דער קראַנקן־שוועסטער וואַלקאָווא. „וואָס נאָך פעלט ? דוכט זיך שוין אַלץ". רודאַקאָוו האָט זיך מיד געזעצט אַף אַ פּיען באַם בײַדל פון דער ראַדיאָ־סטאַנציע. ער האָט זיך אַ ציִ אויס געגעבן אַזוי, אַז די קנאַכן האָבן אַזש אַ קנאַק געטאָן און ער האָט מיט פאַרגעניגן פאַררויכערט. אין דער פאַר־מלכאָמע צײַט באַם אומקערן זיך אַהיים פון דעפּאָ נאָך אַן אָנגעשטרענגטן אַר־בעטס־טאָג, אָדער נאָך אַ פאַרצויגענער פאַרזאַמלונג האָט ער ליב געהאַט אַרײַנצוגיין אין גערטנדל פאַר זײַן הויז און אײַנזאַפּנדיק אין זיך די רייכעס פון די טאַבאַק פלאַנצן, רויזן און לעווקאָיען — אויסרייכערן אין דער איינזאַמקייט פון דער שטילער נאַכט אַ פּאַ־פּיראָס אָדער צוויי און אונטערציִען דעם כעזשבן פון דעם איבער־געלעבטן טאָג, באַטראַכטן די פּלענער אַפן קומענדיקן.

אָט די געוווינהייט האָט רודאַקאָוו מיטגעבראַכט אויך אין דעם פּאַרטיזאַנען וואַלד. און איצט, האַגאַם די פאַרגאַנגענע נאַכט איז אים נישט געלונגען אַפילע זיך צוצולייגן, האַגאַם אין מעשעך פון די לעצטע טעג האָט זײַן מויעך קעסיידער זיך געגריבלט, און צום באַדויערן אָן אַ דערפאָלג, קעדיי אויפצוקלערן די פאַרבאָרגע־נע פּלענער פון די פאַשיסטישע שטראָפלער, וועלכע זײַנען אַזוי פאַרדעכטיק אַנטשווויגן געוואָרן. האַגאַם דאָ נאָענט באַ זײַן זײַט האָט דער ראַדיסט געקנאַקט מיטן שליסל און געזוכט אין דעם נאַכט־עטער די אַרויסרוף סיגנאַלן פון דער גרויסער ערד, דאָך איז דער קאָמאַנדיר נישט געווען בעקויע בײַצושטיין דעם רייץ פון דער קילער נאַכט, געדיכט באַשאָטן מיט פינקלענדיקע שטערן. ערגעץ נאָענט האָבן פאַרשלאָפן געזיפצט די פערד איבערטרעטנדיק פון איין פוס אַפן אַנדערן. אין אַ ווײַטן עק פון לאַגער האָט גע־שפּילט אַ האַרמאָשקע און פון ערגעץ, ווײַזט אויס פון די קיכן האָבן זיך דערטראָגן געדעמפטע מענערישע שטימעס און צעשאָ־טענע ווײַבערשע געלעכטערלעך.

דאָס אַלץ האָט דערמאָנט וועגן אַ פרידלעכן לעבן, וואָס האָט זיך איצט אויסגעוויזן רודאַקאָוון אַזוי ווײַט, פּונקט ווי די יוגנט. ער האָט אײַנגעזאָטעמט אין זיך די נאַכט רייכעס פון דעם אײַנגע־שטילטן וואַלד מיט דער זעלבער פרייד, ווי אַמאָל אין די יוגנט־יאָרן ווען ער, זײַענדיק נאָך אַ הייצער, אַ צעפלאַמטער באַם אויוון

פלעגט אַרויפקריכן אַף אַ באַרג מיט קוילן און זיך אָפפרישן אונטער די פּײַכטע כוואַליעס פון די נאַכט־ווינטן.

רודאַקאָוו האָט נישט געהערט ווי מוסיאַ איז צוגעקומען. ווי זי האָט מיט אַן אונטערגעשטראָכענער הילכיקייט אַ קנאַק געטאָן מיט די אָפּצאַסן און אַ שלײַדער טוענדיק איר האַנט צום שלייף אַרויסגעזאָגט מיט אַ בוילעטער צופרידנקייט: „כאָווער קאָמאַנדיר, די פּאַרטיזאַנקע וואָלקאָוואַ איז געקומען לויט אײַער באַפעל...” ער האָט אַ ציטער געטאָן און זיך אַפילע נישט אויסגעדרייט גלײַך צו איר.

— זעץ זיך אַהער אַפן גראָז, פּאַרטיזאַנקע וואָלקאָוואַ, זעץ זיך אַה'עק און זײַ זיך מוידע: בענקסט נאָך דער גרויסער ערד?

מוסיאַ האָט נישט געענטפערט. זי איז געבליבן שטיין אַן אויסגעצויגענע און זיך אָנגעשטרענגט צו טרעפן, וואָס אַזוינס קען ברענגען פאַר איר דער אַרויסרוף אין מיטן דער נאַכט.

— נו, וואָס שווײַגסטו? אַף מאָרגן פאָדער איך אַרויס עראָ־פּלאַנען פון דער גרויסער ערד. הייבט אָן צוצוגרייטן די פאַרוווּנ־דעטע פאַר דער עוואַקואַציע. פירט זיי פאַרזיכטיק אַריבער אין דער געגנט פון דעם נײַעם עראָדראָם. אויב מען וועט צוזאָגן אַרויס־צושיקן די עראָפּלאַנען מוז ביז פאַרטאָג פאַרענדיקט ווערן דאָס אַריבערפירן. און פירן זאָלט איר זיי באַ מיר שטיל, אָן אַ טומל.

— איך הער. עוואַקויִרן די פאַרוווּנדעטע צום עראָדראָם! — האָט זיך אָפּגערופן מוסיאַ ווידער מיט אַן אייפערדיקן קנאַקן פון אירע אָפּצאַסן.

הייסט עס, אַז ס'איז נישטאָ קיין שום אויסערגעוויינלעכס. הייסט עס, אַז זי פאַרבלײַבט דאָ, און דאָס אַלץ וואָס עס האָט איר אַזוי געשראָקן די לעצטע טעג, בעיס מען האָט געבויט דעם עראָ־דראָם, איז געווען נאָר אַ פאַלשער אַליאַרעם.

— דערלויבט אָוועקצוגיין?

— וואַרט, ווו אײַלסטו זיך? די נעכט זײַנען איצט לאַנגע, איר וועט באַוויזן — האָט זי פאַרהאַלטן רודאַקאָוו. ער האָט ליב געהאַט צו פאַרשאַפן מענטשן פאַרגעניגן און פלעגט פאַרלענגערן דאָס אָנגענעמע שטענדיק איבערלאָזן די בעסטע יעדיעס צום שלוס פון געשפרעך. — און נאָך אַ זאַך: קלײַב צונויף דײַנע בעבעכעס,

וועסט אַרויספּליִען צוזאַמען מיט די פֿאַרווונדעטע. וועסט אַוועקפֿירן די וועטרזאַכן, פֿאַרשטאַנען ?

דאָס מיידל איז געבליבן שטיין, די נאַכט האָט פֿאַרהילט איר פּנים. אָבער רודאַקאָוו, וועלכער האָט זיך אויסגעלערנט אין פֿאַרלויף פֿון די יאָרן פֿון זײַן פּאַרטיי־טעטיקייט אויפֿצוכאַפּן די מינדסטע ענדערונג אין דער שטימונג פֿון זײַן מיטשמועסער, האָט גיכער דערפֿילט ווי באַמערקט, אַז אַנשטאָט צו פֿאַרשאַפֿן פֿרייד האָט גאָר די יעדיִע צעטומלט און אַפֿילע פֿאַראומערט די פּאַרטיזאַנקע.

— כאַווער קאָמאַנדיר, דערלויבט מיר איבערצובלײַבן אין אָטריאַד — האָט ענדלעך קוים אַרויסגעשעפּטשעט מוסיאַ.

אָט האָסטו דיר! וואָס זאָל דאָס באַדײַטן? אין מעשעך פֿון דער נאַכט ענטפֿערט אים שוין דער צווייטער מענטש אַזוי מאָדנע אויף לויב־ווערטער און אויף אָנגענעמע סיורפּריזן. רודאַקאָוו האָט צונויפֿגעפּאָרט דיביידע פֿאַלן און אַ בליץ שנעלע האַשאָרע האָט אויפֿגעבליצט אין זײַן מויעך. נאָר איידער ער האָט נאָך באַוויזן צו ציִען דעם געהעריקן שלוס האָט זיך פֿון דער טיפֿעניש פֿונעם בײַדל דערהערט אַ פֿריילעכער אויסרוף פֿון דעם ראַדיסט:

— די גרויסע ערד!

רודאַקאָוו האָט זיך שנעל אַ לאָז געטאָן צום ראַדיאָ אַפּאַראַט, באַווײַזנדיק נאָר ביז אַ ברום צו טאָן:

— פֿילט אויס דעם באַפֿעל, פּאַרטיזאַנקע וואָלקאָוואַ!

די ערשטע פֿון יענער נאַכט ביז באַגינען האָט מען עוואַקויִרט די פֿאַרווונדעטע. ניקאָלײַ האָט זיך אָנגעבאָטן צו זײַן אַ באַגלייטער, ווײַל ווי ער האָט דערקלערט, וועט אין דער פֿינצטער קיינער בעסער ניט קענען אַזוי גוט ווי ער געפֿינען דעם וועג צום עראָדראָם. און טאַקע ער האָט געפֿירט פֿאַרן צוים דעם פֿערד מיטן ערשטן וואַגאָן.

און טאַקע בעעמעס, דער וועג האָט זיך געצויגן איבער אַ געבערגלטן פֿאַרטריקנטן טאָרף זומפּ. ריכטיקער געזאָגט איז אײבערהויפּט ניט געווען קיין וועג, מען האָט זיך געשלעפּט איבערן פֿאַרוואַקסענעם פֿעלד. אַפֿילע דאָס געניטע שפּיטאָל־פֿערד, וואָס איז געווינט צו די שלעכטע פּאַרטיזאַנישע וועגן איז באַם לעצטן אָפּשנײַט אויך ניט געווען בעקויעך דורכצושלעפּן זײַן גרויסאַרטיקע פֿור אויף די גומענע רעדער דורך דער געדיכטעניש פֿון די קוסטעס. די לײַכט־פֿאַרווונדעטע איז אויסגעקומען צו פֿירן אונ־

טערן אָרעם און די שווערע האָט מען געטראָגן. בײַ דער געלעגנהייט איז טאַקע ניקאָלײַ צונויפֿ געקומען. ער פּלעגט נעמען דעם פֿאַרוווּנ־דעטן צו זיך אַף דער פּלייצע און נישט אָפּשטעלנדיק זיך אים דורכ־געטראָגן די גאַנצע נישט דורכפאָרבאַרע שטרעקע, גייענדיק מיט זײַן געמאָסטענעם ספּאָרט־גאַנג.

די פֿאַרוווּנדעטע האָט מען קאָנצענטרירט בײַם ראַנד פֿון וואַלד אין אַ געדיכטן סאָסנע־וועלדל נאָענט פֿון דעם עראָדראָם און זיי איבערגעלאָזט דאָרט אונטער דער אויפֿזיכט פֿון מוסיאַס אַלטן באַקאַנטן — די יונגע האַנטווערקער פֿון דער בוי־בריגאַדע, אונטער דער אָנפֿירערשאַפֿט פֿון דעם טונקלהויטיקן, שאַרף־פּאָנעמדיקן טאַליאַ.

— דאָס איז מײַן געהילף, דער גרויסער ספּעציאַליסט פֿון עראָדראָם־בוי, דער לעגענדאַרישער פּאַרטיזאַן „יאָלקאַ־פּאַלקאַ" — אַזוי האָט אים פֿאָרגעשטעלט ניקאָלײַ פֿאַר מוסיאַן.

— און איך בין דאָך מיט דער יאָלקעלע שוין לאַנג באַקאַנט — האָט געזאָגט דאָס מיידל זייער ליבלעך, ווײַל זי האָט באַמערקט אַז דאָס באַכערל, וועמענס אייגנליבן האָט שטאַרק געליטן, ווען מען האָט זיך צו אים באַצויגן ווי צו אַ יינגל, האָט זיך פֿאַרפֿלאַמט און אָנגעברויגעזט.

— ווען האָט איר דאָס באַוויזן זיך צו באַקענען ?

— שוין מיט אַ צײַט צוריק, אין וועג, ווײַט פֿון דאַנען.

— זי האָט מיר מײַן לעבן אָפּגעראַטעוועט, אָט ווען, — האָט מיט אַ געבראָכענעם יינגלשן בעסל אין וועלכן עס האָבן זיך גע־פֿילט הענערישע טענער, געענטפֿערט טאַליאַ, — איך האָב דאָך שוין אײַך, כאַווער זשעלעזנאָוו, דערציילט וועגן דעם, ווי אַ גיפֿטי־קע שלאַנג האָט מיך אַ ביס געטאָן אין פֿוס.

— הייסט עס אַז איר, מוסיאַ, האָט אויסגעזויגן דעם גיפֿט ?

— ווער זשע דען ? — האָט געענטפֿערט אָפֿן בײַס דאָס יינגל.

— ווען נישט זי וואָלט איך שוין לאַנג געווען קאַפּוט. — און אויסדרייענדיק זיך צו די יאַטן, וועלכע זײַנען געלעגן אין אַ קופּקע נישט ווײַט און געדרעמלט האָט ער אַ קאָמאַנדע געגעבן : — העי, אָדלערס, אַלע געגאַנגען נאָך היי. מען דאַרף אונטערבעטן די פֿאַר־וווּנדעטע. שנעלער !

— וואָס פֿאַראַ מיידל איר זײַט, מוסיאַ — האָט געזאָגט ני־

קאָלײַ אָננעמענדיק נישט דרייסט איר האַנט — און הײַנט פליט איר אַוועק פון דאַנען אַף אייביק.

— וואָס עפּעס „אַף אייביק״, גאָרנישט אַף אייביק. אָט, אַ שטייגער, האָב איך די יאָטן געזען צום ערשטן מאָל ווײַט פון דאַנען. זיי זײַנען ווי אַ מאַכנע געגאַנגען דורכן וואַלד געטראָגן אַף אַ טראָג־ברעטל אַ פאַרווונדעטן, געשלעפּט אַ קראַנקן, האָב איך דאַן אַ טראַכט געטאָן: אָט האָבן זיי אַ שווינדל געגעבן ווי אין אַ כאָלעם און זײַנען פאַרלוירן געוואָרן אין דער אומענדלעכער וועלט. און שפּעטער האָב איך זיך ווידער אָנגעשטויסן אַף זיי, ווען אַ שלאַנג האָט אַ ביס געטאָן יאַלאָטשקען. מיר זײַנען זיך ווידער צע־גאַנגען. ווײַטער איז שוין געווען די אויסגעברענטע ערד, אַ וויס־טעניש, אַן איימע און פּאַכעד. עס האָט זיך מיר געדוכט, אַז נאָר איך און רובאַצאָוואַ האָבן זיך דורכגעריסן. און דאָך זעט איר, זיי זײַנען אויך דאָ, מיר האָבן זיך ווידער באַגעגנט. איך וועל נאָר אָפּגעבן די ווערטזאַכן און קער זיך אום צוריק... איך מוז צוריק קומען.

פון גרויס אויפרעגונג האָט מוסיאַ צונויפגעקוועטשט ניקאָ־לײַס האַנט מיט אירע בײדע הענט און זי צוגעדריקט צו זיך. ער איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך, קוקנדיק אַפן מיידל מיט גליקלעכע אויגן.

פּילנדיק אַז נאָך אַ רעגע און פון אירע אויגן וועלן אָנהייבן צו פליסן טרערן, האָט מוסיאַ אָפּגעלאָזט זײַן האַנט.

— לאָמיר נישט ריידן וועגן דעם. איר זאָגט אַז די יאָטן האָבן גוט געאַרבעט?

— איר פרעגט נאָך? דער עראָדראָם איז דאָך זייער אויפ־טו... און הײַנט פליט איר אַוועק פון אים...

— מען דאַרף נישט, איך בעט אײַך! — האָט מיט אַ ציטער־דיקער שטימע געזאָגט מוסיאַ.

ני קאָלײַ האָט זיך באַהערשט און מיט אַ שטײַגנדיקער באַ־גײַסטערונג האָט ער אָנגעהויבן צו דערציילן, ווי אַזוי די קליינע פּאַר־טיזאַנער אָנגעפירט פון דעם אומאויסשעפּלעכן אַף קאָלערליי אײַנ־פאַלן טאָליאַ, זײַנען לויט זייער אייגענער איניציאַטיוו איבערגע־פאַלן אַ פאַשיסטישן סקלאַד, אַרויסבאַקומען דאָרט פאַרשיידענע בוי־מטעריאַל און דעם סקלאַד אונטערגעצונדן. ווי אַזוי טאָליאַ

האָט אין סאַמע ברעג פון דער אַרבעט פאַרגעשלאָגן אַ פּיפּיקן, פון אים אַליין אויסגעטראַכטן מיטל, ווי אַרום אַרויסצושלעפּן די טיף פאַרוואַרצלטע סאַסנע פּניאַקעס, און אַז איינער אַן אַלטער קאַל־ווירטניק, וועלכער האָט מיטגעאַרבעט באַם בוי האָט אַ נאָמען גע־געבן דעם קליינעם פּאַרטיזאַן „מיניסטערשע־קעפּל".

ווי שטענדיק, ווען ער פלעגט ריידן וועגן זיינע כאַווײרים האָט אויך איצט ניקאָלײַ באַקומען לאָשן אָבער מוסיאַ האָט צע־שטרייט צוגעבאַמקעט און אַליין האָט זי געטראַכט וועגן איר איי־גענעם איניען. ווי מערקווירדיק קרײַצן זיך אָפּטמאָל אין צײַט פון מילכאָמע מענטשלעכע גורלס. וויפל גוטע מענטשן זי האָט באַ־געגנט אָפן וועג פון איר געבורט־שטאָט ביז אַהער, אין דעם פאַר־טיזאַנער וואַלד.

באַגעגנט, באַקענט, זיך צוגעוווינט, צוגעבונדן צו זיי, קעדיי שוין אָף מאָרגן זיך צעשיידן אָף אייביק. איז דאָס טאַקע אָף איי־ביק? און עפּשער פאָרט נישט אָף אייביק. זי האָט דאָך טאַקע בעעמעס געטראָפן דעם טאָליאַן שוין דרײַ מאָל. אַגעוו מיט ווע־מען קריגט ער זיך איצט דאָרט. אָף וועמען שרײַט ער דאָס מיט זײַן קריגעריש גערבראָכענעם בעסל?

מוסיאַ און ניקאָלײַ האָבן זיך צוגעהערט. מען האָט זיך גע־אַמפּערט וועגן עפּעס ברעזענטן, וועלכע די יאָטן האָבן גענומען פון סקלאַד אָן אַ דערלויבעניש, פאַר די פאַרוווּנדעטע.

— כאָוועך זשעלעזנאָוו, כאָוועך זשעלעזנאָוו! טוט נאָר אַ קוק, וואָס אײַער הויכגעשעצטער יאָלקאַ פּאַלקאַ טוט אויף, — האָט זיך דערהערט פון כוישעך אַן אויפגערעגטע שטימע פון דעם ווירטשאַפטס פאַרוואַלטער.

— מיט אַלץ איז ער וויל, אָבער נישט אויסגעהאַלטן — האָט געזאָגט ניקאָלײַ, לויפנדיק אַרויסצוראַטעווען טאָליאַן וועמען עס האָט בעעמעס געדראָט אַ האַרבע שטראָף פאַר זײַן אייגנווילן.

איידער ער איז פאַרשוווּנדן געוואָרן האָט ניקאָלײַ באַוויזן אַ אַרײַנשושקען דער מיידל.

— פון דאַנען וועלן מיר גיין צוזאַמען, גוט? איך קען אַ גוטן וועג

מוסיאַ האָט זיך אַנידערגעזעצט אָף אַ ווייכן, שאַרסטקן בערגל און נישט אײַנהערנדיק זיך צום וויקועך, האָט זי אַלץ גע־

טראַכט וועגן אירס. ווי מאָדנע געשעט עס אין לעבן! לאַנג איז דאָס, ווי זי האָט זיך באַגעגנט מיט ניקאָלײַען, ווי לאַנג איז דאָס, אַז ער האָט געהאַט אין אירע אויגן אַן אויסזען פון אַ קאָמישן אומגעלומפערטן בער. און איצט קוקט זי ווי פון אונטער זײַנע פיס גלײַכט זיך אויס אַ יונגע סאָסנעלע אַף וועלכער ער האָט אַנגעטראָטן אין אײַלעניש, אָט הערט זי פון דער ווײַטן זײַן שטימע, פילט די באַרירונג פון זײַן האַנט, וועלכע גליט נאָך אַף אירע פינגער און דאָס האַרץ קלאַפט אין איר אַזוי אומרויִק, פריידיק און איר גייט גאָרנישט אָן, וואָס די שטראָף־עקספעדיציעס האָבן באַלאַגערט די פאַרטיזאַנער באַזע, אַז אָט אָט וועלן זיך ווידער אָנפאַנגען די שווערע שלאַכטן און אַז, עפשער, ווער קען וויסן — זי אַליין לעבט איצט איבער איר לעצטע שאָ. אָבער דאָס שרעקט זי נישט. זי איז גרייט ווידער און נאָכאַמאָל אַלץ איבערצוטראָגן, אַבי נאָר נישט אַוועקצופליִען פון דאַנען, אַבי זיך נאָר נישט שיידן פון דעם בלאָנדן גיבער מיט וועמען איר איז נישט אומעטיק, נישט שווער און נישט שרעקלעך, אין וועמענס אָנוועזנהייט עס גלוסט זיך איר שטענדיק אויפצוטאָן עפעס אַ דרייסטס, אויסערגעוויינלעכס, עס זאָל באַ אים אויסנעמען.

פאַרשטייט זיך, אַז זי וועט מיט קיין זאַך נישט אַרויסווײַזן, אַז ער געפעלט איר. „נייטיק דאַרף זי דאָס! די ייִנגלעך זײַנען שטענדיק גרויסהאַלטער און ווי נאָר עפעס פאַררײַסן זיי די נאָז און הייבן אָן צו טראַכטן וועגן זיך ווער ווייס וואָס. און איבערהויפט פילט דאָך זי אַליין אויך נישט צו אים עפעס אויסערגעוויינלעכס — גלאַט אַזוי אַ פאָשעטער מענטשלעכער אינטערעס. עס איז נאָר עפעס אַזוי פײַנלעך דער געדאַנק, אַז מאָרגן וועט איר אויסקומען מיט אים זיך געזעגענען. אוי, די ווערטזאַכן, נישט געדאַכט זאָלן זיי ווערן. איז דען נישט גענוג, אַז זי האָט זיי דורכגעטראָגן הונדערטער קילאָמעטער, דורך ערטער, וועלכע דערמאָנען איר דאַנטעס געהענעם מיט אַלע זײַנע גרוילן! איז דען אומבאַדינגט נייטיק, אַז זי זאָל אָפפערן מיט איר אייגענעם גליק?

גליק? איז דאָס טאַקע אַ גליק? יאָ, יאָ, וואָס טויג זיך צו פאַרשטעלן, צו וואָס אויסבאַהאַלטן פון זיך אַליין. זי האָט דאָך ליב ניקאָלײַען. נו יאָ, זי האָט ליב צום ערשטן, און, זיכער אויך צום לעצטן מאָל אין איר לעבן. איז עס טאַקע צום ערשטן מאָל?

געוויס, אַוואַדע! אויך פריִער האָט זי געהאַט באַקאַנטע יינגלעך זיי האָבן געזיפצט, נאָכגעלאָפן נאָך איר, זי באַגלייט ביז צו איר שטוב, שאָען לאַנג געשטאַנען בא איר גאַניק זייער אויפמערקזאַמ־קייט איז איר געווען זייער אַנגענעם. אָבער איז דען דאָס געווען ליבע? איז דען דאָס כאָטש מיט עפּעס ענלעך צו דעם פריידיקן ליכטיקן געפיל, וועלכער איז אין איר געבוירן געוואָרן דאָ אין דעם וואַלד, און וואָס לעבט אין איר די גאַנצע צייט, אַפילו אין כאָלעם. וואָס מונטערט זי אין די רעגעס פון מידקייט און צווינגט זי צו טראַכטן וועגן אַ העלדישן טאָט?

און אָט וועט מען זי אַרייַנזעצן אין אַן עראָפּלאַן, מען וועט זי צווינגען אַריבערצופירן הינטער דער פראָנט־ליניע דעם זאַק, וועלכן מען וואָלט געקענט צושטעלן גאַנץ באַקוועם אָן איר. און פליִען מוז מען מאָרגן, אַוועקפליִען און עפשער זיך אַפילו נישט דורכשמועסן מיט ניקאָלייַען וועגן דעם וויכטיקסטן... ווי טרויע־ריק דאָס איז. און ער, די שטומע לעלע, וועט ער זיך דען אָנשטויסן אַליין. ער באַציט זיך צו איר פּונקט ווי צו דער קליינער יולאָטשקאַ; ציטערט, זי זאָל נישט פאַרגעצן אירע פיס, קלייַבט פאַר איר יאַגדעס, און אויב אַמאָל שפּאַצירנדיק רירן זיך צופעליק אָן זייערע הענט ווערט ער רויט און קוקט דערנאָך אַף איר דעם גאַנצן אָוונט ווי אַ פאַרשולדיקטער, פּונקט ווי ער וואָלט אָפּגעטאָן ווער ווייס וואָס פאַר אַ כעט... מען זאָל נאָר אַ טראַכט טאָן: זיי איז דאָך איבערגעבליבן בלויז געציילטע שאָען אַף זייַן צוזאַמען.

דער הימל אַף מיזרעך האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו רויטלען. דער קלאָרער זונען אויפגאַנג האָט פאָרויסגעזאָגט ווידער אַ זוניקן און אָן־ווינטיקן טאָג. די לופט איז געוואָרן גרינלעך־דורכזיכטיק און אַלץ אַרום: דער וואַלד־ראַנד, דער אומעטיקער טאָרף־זומפּ, דער געפלעקטער ערד־שעטעך פון דעם אויסגערייניקטן עראָדראָם — האָט זיך שוין אויסגעשיילט קלאָר, אָבער פלאַך. עס האָט זיך דערהערט אַ טרעשטשען אין די קוסטעס און עס האָט זיך באַוויזן ניקאָלייַ.

— און איך האָב שוין געוואָלט אַוועקגיין אַליין — האָט קאָלט געזאָגט מוסיאַ, באַמיִענדיק זיך אַף ווי ווייַט מעגלעך אויס־צובאַהאַלטן די פרייד, וועלכע האָט אויפגעפלאַקערט אין איר בא

זײַן אָנקומען — איך געפֿין זיך דאָ בײַ אײַך דעם לעצטן טאָג, וואָלט מען געמעגט זײַן צו מיר אַ ביסל מער אויפֿמערקזאַם.

— מוסיאַ, ווען נישט איך, וואָלט דאָך דער קאַמצן זיכער פֿאַרפֿאַקט דעם יאַטל אין כאַדגאַדיע... דו ווייסט דאָך ווי שטרענג רודאַקאָוו איז אין אַזעלכע פֿאַלן... ער וועט נישט שאַנעווען.

— און ער וואָלט טאַקע געהאַנדלט ריכטיק... דער באַרימטער יאַלקאַ־פּאַלקאַ אײַערער, איז געוואָרן לעצטנס אַן עמעסער כוליגאַן — האָט קריגעריש זיך אָפּגערופֿן מוסיאַ און געבנדיק אַ צי מיטן אַקסל, זיך שנעל געלאָזט גיין איבערן זומפּ, צום וואַלד.

ניקאָלײַ האָט פֿאַרשולדיקט זיך געשלעפּט נאָך איר. זיי זײַנען געגאַנגען פּונקט, ווי בײַ זייער ערשטער באַגעגעניש, ווען ער האָט זי געפֿירט אַן אַרעסטירטע. פּונקט ווי דעמאָלט האָט ער געקוקט אויך איצט אָף איר דינער, בייגעוודיקער פֿיגור, וועמענס שלאַנקקייט און פֿלינקייט עס האָט נישט געקענט קאַליע מאַכן נישט די געשטעפּטע מענער־הויזן, נישט די פּאַרטיזאַנישע וואַטוווקע און נישט אַפֿילו די קלענסטע פֿון סקלאַד אָבער דאָך אומגעהויער גרויסע פּאָר אירע פֿיס יוכטענע שטיוול. און פּונקט ווי דאַן, בײַ זייער ערשטער באַגעגעניש האָבן געקלונגען אין דעם פּאַרטיזאַנס אויערן די ווערטער פֿונעם אַלטן ראָמאַנס. איצט אָבער האָבן זיי געקלונגען, ווי אַ ליד פֿון אַ יונגער ליבע, וואָס ברייטיקט זיך נישט אין דערקלערונגען, וואָס דאַרף נישט קיין שיינע ווערטער און נישט קיין פֿילדײַטיקע בליקן. ווי אַ ליבע, וועלכע פֿאַרכאַפּט, באַזיגט, דערהייבט דעם מענטשן און רעדט אַליין פֿאַר אים.

— מוסיאַ איר קענט טאָלסטאָיס ראָמאַנס?

— „אינמיטן פֿון רוישיקן באַל" יאָ? דאָס מיידל האָט זיך אָפּגעשטעלט און געקוקט מיט דערוואַרטונג אָף ניקאָלײַען.

— ווי אַזוי האָט איר דאָס געטראָפֿן? איר ווייסט אַז די מעלאָדיע פּלאָנטערט זיך בײַ מיר אין מויעך פֿון זינט מיר האָבן זיך באַגעגנט.

— אַזוי פּאָשעט געטראָפֿן...— זי האָט אַ זיפֿץ געטאָן — זאָל איך עס זינגען? אָבער אָן באַגלייטונג איז שווער, זייער אַ קאָמפּליצירטע מעלאָדיע.

און איבערן לײדיקן, רויטלעכן זומפּ, וועלכער איז געווען נאָך מיעסער דערפֿון וואָס אין דער פֿרימאָרגן־שאָ זײַנען אַלע בערגלעך

און די נידעריקע אויסגעקרומטעביימלעך געווען באַדעקט מיט אַ געדיכטן טוי; איבערן זומפּ, וווּ בײַ די ברעגן האָבן געפּראַנירן אין דער פײַכטער קילקייט פּאַרטיזאַנישע וואַך־פּאָסטנס, האָט שטיל, קוים צו הערן, אַ קלונג געטאָן אַ ליד.

מוסיאַ האָט געזונגען שטיל, מיט אַ האַלבער שטימע אַרײַנ־לייגנדיק אין די אַלטמאָדישע ווערטער אַלץ, וואָס האָט איבערגע־פילט איר נעשאָמע. זייער אַ רירנדיקע און קאָמישע אין איר וואָ־טאָווער געשטעפּטער קורטקע מיט אויסערגעוויינלעך לאַנגע פּאַר־קאַטשעטע אַרבל, אין ברייטע הויזן און מענער־שטיוול מיט הויכע כאַלעוועס. וועלכע זי האָט אויך געמוזט פּאַרקאַטשען, האָט זי איצט אויסגעזען אין ניקאָלײַס אויגן ווי די ליבסטע, די שענסטע פון אַלע מיידלעך, וועלכע ער האָט נאָר אַמאָל געקענט. דער באַ־כער איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך, פּונקט ווי ער וואָלט מוירע געהאַט, אַז מיט אַ נישט פּאַרזיכטיקער באַוועגונג קען ער פּאַר־יאָגן דאָס ליד. זײַנע ליפּן האָבן אָן אַ קלאַנג נאָכגעזאָגט די ווער־טער: „אין איינזאַמע שאָען פון נאַכט, כ׳האָב ליב בלײַבן ליגן אַ מידער, פון טרויעריקע אויגן איך טראַכט און הער דײַנע פריי־לעכע לידער”... ער האָט נאָכגעזאָגט די ווערטער און געטראַכט דערבײַ: וואָס פאַר אַ דורכדרינגלעכע און ווײַטזעעוודיקע זאַך איז די פּאָעזיע. מיט אַן ערעך הונדערט יאָר צוריק האָט דער דיכטער אַזוי סובטעל געטראָפן, פונקט ווי ער וואָלט זיך צוגעהערט צו דעם אַלעמען, וואָס עס פילט הײַנט דער פּאַרטיזאַן זשעלעזנאָוו, וועלכער קעמפט מיט די פאַשיסטישע אָקופּאַנטן.

מוסיאַ האָט געזונגען, אָבער דער דינער געהער פון דעם פּאַר־טיזאַנער און אויסשפּירער האָט אויפגעכאַפּט אַ ווײַטן געררויש פון טריט. שוין אַ געוווינטער צו אומדערוואַרטע געפאַרן האָט ער זיך אָנגעשפּיצט און זײַן האַנט האָט זיך אינסטינקטיוו אַ צי געטאָן צום רעוואָלווער.

— וואָס איז? איך זינג שלעכט? — האָט געפרעגט מוסיאַ אויפכאַפּנדיק זײַן אָנגעשטרענגטן בליק.

— מען גייט, עמעצער גייט... — האָט אַ שעפּטשע געטאָן ניקאָלײַ און האָט אַן צערעמאָניעס אַ שטופּ געטאָן דאָס מיידל אין די קוסטעס און זיי געצווונגען זיך אַנידערצוזעצן.

די טריט האָבן זיך דערנענטערט. איצט האָט שוין מוסיאַ זיי

אויך דערהערט. אַרויסקוקנדיק פון הינטער אַ בוים האָט דער פֿאַר־טיזאַן אַ קנאַק געטאָן מיטן פֿאַרזיכערער פון זײַן פֿאַראַבעלום. און פלוצלונג האָט זיך גאָר נאָנט, הינטער די קוסטעס, באַוויזן רודאַ־קאָווס קאָפּ. אַ דאַרער, אַן אויסגעטרוקנטער איז ער לײַכט גע־שפּרונגען פון איין בערגל אַפן צווייטן און אים איז נאָכגעלאָפן זײַן אַדיוטאַנט. דער זעלבער פּראַנגט מיט די קרומע באַקענבערד אין סקריפּענדיקע שטיוול, וועמען מוסיאַ האָט אַ נאָמען געגעבן, ווער ווייס פֿאַרוואָס, דאָן פּעדרוטשיאָ". אַף דאָן פּעדרוטשיאָס פּלייצע האָט זיך געבאָמבלט אַן אויטאָמאַט, באַם פּאַס־רימען זײַנען גע־האָנגען צוויי גראַנאַטן.

דאָס מיידל האָט אָפּגעשטופּט ניקאָלײַען און איז אַרויס פון הינטער דיביימער, אָבער רודאַקאָוו האָט זיי שוין געהאַט באַ־מערקט. ער האָט זיך דערנענטערט צו זיי און פֿאַרשווערעיש גע־שאָקלט מיטן קאָפּ.

— ווי קומט עס, כעוורע, וואָס אַזוי שפּעט, אָדער עפּשער גאָר אַזוי פרי, איך ווייס אַליין נישט ווי אַזוי זיך אויסצודריקן פּינקטלעכער, האָט איר זיך צעזונגען צווישן די זומפּן ? — האָט ער געפרעגט.

דערהערנדיק דעם אַדיוטאַנטס געלעכטערל האָט זיך רודאַקאָוו פֿאַרקרימט פון פֿאַרדרוס.

— נישטאָ פון וואָס צו לאַכן ! די זון איז דאָך נאָך נישט אויפגעגאַנגען. ווי אַזוי זאָל איך זיי זאָגן : פרי, אָדער שפּעט ! באַ אונדז איז שוין פרי, ווײַל מיר זײַנען שוין אויסגעשלאָפן.

ניקאָלײַ און מוסיאַ זײַנען געשטאַנען פֿאַרן קאָמאַנדיר נישט ווויסנדיק ווהין אויסצובאַהאַלטן זייערע בליקן. אין רודאַקאָווס ברוינע אויגן האָבן געשפּילט שעלמישע שמייכעלעך. הייסט עס אַז דאָס איז די סיבע, וואָס ניקאָלײַ האָט מיט אַזאַ טרויער געמאָלדן, אַז ער האָט פֿאַרן באַשטימטן טערמין פֿאַרענדיקט דעם עראָדראָם און דעריבער האָט זי זיך געערגערט פון דער יעדיִע, אַז זי מוז פליִען צו דער גרויסער ערד ! רודאַקאָוו האָט אַראָפּגעיאָגט פון זײַן פּאָנעם די סימאָנים פון ליבלעכן און ווייכן שמייכל און זײַנע ווערטער האָבן געקלונגען קימאַט ווי אַ באַפעל :

— זשעלעזנאָוו, דו וועסט גיין מיט מיר און ווײַזן דײַן עראָדראָם. דײַנע גיבוירים מיט זייער יאָלקאַ פּאַלקאַ געפינען זיך

דאָרט ? גוט. מיר וועלן זיך טאַקע צונויפרײדן וועגן דער סיגנאַליזאַציע־סיסטעם.

ניקאָלײַ האָט געוואָרפן אַף מוסיאַן ראַכמאָנעסדיקע בליקן.

— און דיך, וואָלקאָוואַ, וועט ער באַגלייטן ביזן לאַגער. — רודאַקאָוו האָט אָנגעוויזן אַף זײַן אַדיוטאַנט, וועלכער האָט באַ די ווערטער אויפגעשטראַלט. — דאָרט קאָנטראָלירט מען איצט די ווערט־זאַכן לויטן אינווענטאַר־בויגן. עס לוינט זיך אַז דו זאָלסט זײַן דערבײַ. מיט דער הויפּט־קאָמאַנדע האָט מען זיך שוין פאַרשטענדיקט. צוואַנציק אַזייגער וועט אָנקומען דער ערשטער עראָפּלאַן.

דער קאָמאַנדיר האָט עלאַסטיש אַ שפּרונג געטאָן פון איין בערגל אַפן צווייטן און זיך געלאָזט גיין נישט אומקוקנדיק זיך. אין אַ ווײַלע אַרום איז אויך ניקאָלײַ אַוועק נאָך אים. מוסיאַ האָט מיט אַ קאַלטן בליק אָפּגעמאָסטן דאָן פּעדרוטשיאָן פון קאָפּ ביז די פיס, אירע אויגן האָבן זיך פאַרהאַלטן אַף אַ רעגע אַף זײַנע שפּיציקע באַקנבערד, זי האָט זיך פאַרזשמורעט מיט כויזעק און אויסדרייענדיק זיך שאַרף איז זי אַוועק מיט שנעלע טריט צום לאַגער, איבערלאָזנדיק ווײַט הינטער זיך איר ווינציקער פלינקן באַגלייטער.

פאַרשטייט זיך, אַז זי איז נישט געגאַנגען קוקן, ווי מען קאָנטראָלירט די ווערט־זאַכן לויט מיטראָפאַן איליטשס אינווענטאַרליסטע. דער שפּיטאָל איז געווען ליידיק און האָט דעריבער אויסגעזען זייער טרויעריק. אַף אַן אײַזערנעם אייוועלע האָט זיך געקאָכט אַ קעסל מיט טיי. אַנאַ מיכעיעוונאַ צוזאַמען מיט יולאָטשקען האָבן געגעסן פרישטיק. די דאָקטאָרשע האָט אָנגעהויבן אויסצופרעגן וועגן דעם, ווי אַזוי מען האָט אײַנגעאָרדנט די פאַרוווּנדעטע, צי מען גיט אַף זיי אַכטונג, ווי אַזוי פילט זיך יעדער איינער פון זיי. זי האָט אַרויסגענומען אַ דריטן טעפּל און עס אַוועקגעשטעלט פאַר מוסיאַן. טרינקען טיי אין דעם פירמאָרגן האָט זיך אויסגעוויזן דעם מיידל ווי אַ כילעל האַשעם. זי האָט אין אײַלעניש געענטפערט אַף אַלע פראַגעס און פאַררופנדיק זיך אַף אַ זייער דרינגענדיקן איניען האָט זי מיטגענומען יולאָטשקאַן און איז אַוועק „זיך געזעגענען מיטן לאַגער”, ווי זי האָט עס באַצייכנט אין אירע געדאַנקען. יעדנפאַלס זיך געזעגענען מיט יענער טייל פון לאַגער,

זוי עס וואָלט זיך געקענט באַווײַזן ניקאָלײַ נאָכן אומקערן זיך פֿון עראָדראָם.

אָבער דער פּאַרטיזאַן איז נאָך נישט געקומען און מוסיאַ האָט לאַנגזאַם געוואַנדערט צווישן די ערד־שטיבלעך הערנדיק צעשטרייט דעם קינדס פּלוידערײַען, ענטפֿערנדיק נישט צו דער זאַך אַף די באַגריסונגען פֿון די פּאַרטיזאַנער.

דער לאַגער האָט זיך שוין ביסלעכווײַז אָנגעהויבן צו וועקן. יונגע פּאַרטיזאַנער, באָרוועס, אָן העמדער, אַרומגעוויקלטע מיט האַנטעכער, זײַנען געלאָפֿן צום טײַכל. די עלטערע האָבן גע־פּאָרשקעט באַ די ליימענע וואַש־שיסלען, וועלכע זײַנען געהאָנגען אַף די צווײַגן פֿון די ביימער. אונטער אַ הילצערנעם דאַך זײַנען געשטאַנען צוויי מיידלעך מיט בונט רויטע פּאָמידאָרן קאָלירטע באַקן און האָבן געקאָכט פֿרישטיק אין צוויי ריזיקע טשוהונענע באַד־קעסלען, אײַנגעמויערטע אין ליים. פֿון אונטערן דאַך האָט זיך געטראָגן אַ גערוך פֿון קליי, און לויטן גערוך האָט מען זיך געקענט אָנשטויסן, אַז דער „מעניו" וועט ווידער באַשטיין פֿון דער „בלאָנדינקע", אַזוי האָט מען דאָ אַ נאָמען געגעבן דער שטענ־דיקער פּאַפּשוען־קאַשע, וועלכע איז שוין אַלעמען דערעסן געוואָרן. אַ שפּאַן ווײַטער זײַנען געזעסן אַף צוויי פּניאָקעס איינער קעגנ־איבער אַנדער צוויי ברייטפּלייציקע פּאַרוואַקסענע יונגען און צוויי אַנדערע פּאַרטיזאַנער האָבן זיי מיט מאַשינקעס געגאָלט די בערד. דאָס געווער סײַ פֿון די פּאַריקמאַכערס און סײַ פֿון די קליענטן איז געלעגן דערנעבן אַפֿן גראָז. דער ראַדיסט האָט געטראָגן אַ מיט דער האַנט איבערגעשריבענעם פּרימאָרגן־באַריכט פֿון סאָוואינ־פּאָרמביוראָ, אַ האָמוין פּאַרטיזאַנער איז אים נאָכגעגאַנגען און גלײַך אָרומגערינגלט די סאָסנע, אַף וועלכער דער ראַדיסט האָט מיט ווייכן ברויט צוגעקלעפּט דאָס בייגעלע פּאַפּיר.

— איי יאַטן, די פּאָדערשטע דאָרט, לייענט אַפֿן קאָל — האָט געשריִען אַ קלײנוווקסיקער פּאַרטיזאַן אָנגעטאָן בלויז אין איין שטיוול, אָנשטרענגענדיק זיך עפּעס צו זען פֿון הינטער דער גע־דיכטער וואַנט פֿון צוזאַמענגעשלאָסענע רוקנס.

דעם צווייטן שטיוול, וועלכן ער האָט אַפּאָנעם נישט באַוויזן אָנצוטאָן האָט ער געהאַלטן אין האַנט און מיט זײַן הילף געפּרוווט

זיך דערשלאָגן צו דער סאָסנע. מען האָט אים קעסיידער אָפּגעשטופּט.

עמעצער האָט שוין אָנגעפאַנגען צו לייענען דעם באַריכט אַף אַ קאָל. אַפּאָנעם, אַז די יעדיעס זײַנען געווען נישט קיין פרייִלעכע, ווײַל מען האָט זיי געהערט שווײַגנדיק און אויך מיטן זעלבן שטילשווײַגן איז מען זיך צעגאַנגען יעדער צו זײַן באַשעפטיקונג, באַמיִענדיק זיך נישט צו קוקן איינער אַפן אַנדערן. ווען בײַ דער סאָסנע איז שוין קיינער נישט פאַרבליבן איז מוסיאַ צוגעגאַנגען מיט יולאָטשקאַן. עס האָט זיך איר אַ וואָרף געטאָן אין די אויגן בלויז איין זאַץ: „נאָך שווערע, פאַרביטערטע שלאַכטן האָבן אונדזערע אָפּטיילונגען פאַרלאָזט...״ די ווערטער זײַנען געווען אָנגעשריבן ווייניקער דײַטלעך ווי די איבעריקע, עס האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק, אַז דער בלײַפעדער האָט אַ ציטער געטאָן אין דעם שרײַבערס האַנט בײַם שרײַבן די ווערטער. דער זאַץ האָט אַ שנײַט געגעבן איבערן האַרצן, נאָר דאָ זײַנען איר געקומען אַפן זיקאָרן די ווערטער — פול מיט ביטאָכן און זיכערקייט — פון דעם דאָרפישן קאָמוניסט: „נישקאָשע, נישקאָשע, עס וועט זיך אויסגלײַכן די ספּרענזשינע; וואָס מער זי ציט זיך אײַן אַלץ שטאַרקער וועט זי אַ שטויס טאָן״. און גלײַך איז איר לײַכטער געוואָרן אַף דער נשאָמע.

— קלאַפּ אים צו אַזוי, אַז זיי זאָלן זיך נישט אויסטרעטן ביז בעה״לין! — האָט אַ געשריי געטאָן מוסיאַ צו אַ נידעריק באָכערל, וואָס האָט געשוסטערעוועט אונטער א געקרײַזלטער סאָסנעלע.

דער באָכער מיט אַ רעוואָלווער פאַרשטעקט הינטערן פאַסיק און מיט אַ קורצן טראָפּיי־שווערדל פאַררוקט אין דער כאָלעווע האָט געהאַט זייער אַ בראַוון אויסזען. לעבן אים, אַף אַ זאַק זײַנען געווען אויסגעלייגט שוסטער־געצײַג, זײַן מויל איז געווען פול מיט טשוועקלעך. ער האָט מיט באַדויערן באַטראַכט אַן אינגאַנצן צעפאַלענעם שטיוול. דער באַלעבאָס פונעם שטיוול, אַן אָפּגעברענטער פאַרטיזאַן האָט זיך געבעטן בײַם מײַסטער ער זאָל אים אָפּראַטעווען דעם שטיוול און אַלס אַ באַלוינונג אים צוגעזאָגט אַ דײַטשן צינדערל.

אַף מוסיאַס ווערטער האָבן זיך ביידע אומגעקוקט. דער שוסטער האָט אויסגעשפּיגן די טשוועקעס אין דער דלאָניע אַרײַן, און

שוין מיט אַ ליידיקן מויל האָט ער אַ ווונק געבנדיק אין דער זײַט פון זײַן קליענט זיך אָפּגערופן:

— דאָס זאָג איך דאָך, ווער האָט אים געהייסן אַזוי אַנטלויפן פון דעם פאַשיסט, אַז די שטיוול זאָלן אַזש פאַרברענט ווערן.

— און דו אַרבעט מיטן נאָל, נישט מיטן צונג. אויך מיר אַ העלד זיך אָפּגעזוכט — האָט זיך אָנגעברויגעזט דער קליענט.

מוסיאַ איז געגאַנגען ווײַטער. פון אַ קאָלירטער פּאַלאַטקע האָט זיך געהערט אַ קלאַפּן פון אַ ניי־משין און אַ שטילער געזאַנג פון צוויי פרויען־שטימעס. דאָרט האָט מען צורעכט געמאַכט פּאַרטיזאַנישע קליידער.

דאָס אַלץ איז געווען אַזוי וואָכעדיק און גאָרנישט ראָמאַנטיש. אָבער דאַווקע אָט די וואָכעדיקייט פונעם וואַלד־לאַגער האָט אים געמאַכט איצט מוסיאַן אַזוי ליב און טײַער.

טרויעריק האָט זי געבלאָנדזשעט צווישן די ערד־שטיבלעך צוזאַמען מיט איר קליינער באַגלייטערן. עס זײַנען איר נאָכגעפלויגן פריילעכע באַמערקונגען, געזאַלצענע וויצעלעך. באַקאַנטע פּאַרטיזאַנער האָבן צו איר פרײַנטלעך געווונקען, אײַנגעלאַדן צום פרישטיק בײַ זייערע קעסלען. דאָס אַלץ האָט מוסיאַן גאָרנישט זשענירט. אַף די שפּיטאָל־בעטלעך, אָפּן אָפּעראַציע־טיש אַ פּרימיטיוו צונויפגעשלאָגענעם פון די שילטן פון מוניציע־קאַסטנס האָט זי זיי געזען פאַרבלוטיקטע מיט אָפענע ווונדן, זי האָט זיי געזען אין יענע שווערע שאָען ווען אַ מענטש אַנטפּלעקט זיך אַף אַן עמעס. און זי האָט זיך אויסגעלערנט צו אַנטדעקן הינטער דער אָפטמאָל געמאַכטער גראָבקייט ציכטיקע, געטרײַע און אַפילע צאַרטע נעשאָמעס. וואָס פאַר אַ גליק וואָלט געווען פאַר איר איצט, ווען די זאָל האָבן די מעגלעכקייט איבערצובלײַבן צווישן די זיך זעלבסטאָפּפערנדיקע מענטשן, אָנטייל נעמען אין זייער קאַמף, דײַנען זיי לויט אירע קויכעס, איבערבינדן זייערע ווונדן! אָבער, צום באַדויערן, אינגיכן, גאָר אינגיכן וועט אַן עראָפּלאַן זי אַוועקרײַסן פון דעם לאַגער, פון דער ערד, וואָס אַז צעמאַזיקט פון סנאַריאַדן.

— מומעלע מוסינקאַ, אָבער מומעלע מוסינקאַ, יולאָטשקאַ פרעגט דאָך: אַז די מילכאָמע וועט זיך ענדיקן, וועט מען שוין

מעגן וווינען אין דער היים? יולאַטשקאַן ווילט זיך אַהיים. מומעלע מוסינקאַ, הער דאָך.

אין יולאַטשקאַס שטימע האָט זיך געהערט פאַרדרוס, ווײַל די מומע מוסיאַ די צאַרטסטע און די אויפמערקזאַמסטע פון אַלע מו־מעס, וועלכע דאָס מיידעלע האָט נאָר געדענקט, האָט שוין קימאַט גאַנצע צען מינוט נישט געלייגט קיין אַכט אַף איר קליינער באַגליי־טערן. זי האָט נישט געהערט, וואָס יענע רעדט צו איר, געקוקט ערגעץ אין אַ זייט און געהאַט דערבײַ אַזעלכע אויגן, ווי זי וואָלט נאָר וואָס געשיילט אַ ציבעלע.

V

ניקאָלײַ האָט זיך נישט באַוויזן אין לאַגער אין מעשעך פון יענעם טאָג. ערשט דאַן ווען די שטראַלן פון דער האַרבסטיקער שקיִע האָבן זיך פאַרויטלט און זיך גענומען לעשן, איז ער אַ פאַרסאַפּעטער פון דעם שנעלן גאַנג אַרײַנגעפאַלן אין ערד־שטיבל און דערזעענדיק מוסיאַן מיט אַנאַ מיכעיעוונאַן האָט ער אַנשטאָט אַ באַגריסונג אַרויסגערעדט מיט פרייד:

— איז זײַט דאָ ? דאָס איז וווּיל !

באַלד אָבער האָט ער דערזען, אַז דאָס מיידל איז שוין גרייט צו דער רײַזע; איר וואַטאָווע געשטעפּטע קורטקע איז שוין אַפילע פאַרבונדן אַף אַלע בענדלעך, דערנעבן, אַף אַ ליידיקן נישט קיין פאַרדעקטן טאַפּטשאַן ליגט אַ פאַרפּאַקטער רוקזאַק און אַף אים דער אָפיצירסקער „וואַלטער”, וועמענס מיסטעריעזע דערשײַנונג באַ מוסיאַן האָט זייער אינטריגירט און אַפילע געפּײַניקט דעם יונגן פאַרטיזאַן — ער איז באַלד טרויעריק געוואָרן און זיך אַראָפּגעלאָזט אַפן טאַפּטשאַן לעבן זאַק.

— אייגנטלעך וואָלט מען באַדאַרפט אַראָפּנעמען דאָס היטל און זיך באַגריסן, יונגערמאַן — האָט אומצופרידן באַמערקט אַנאַ מיכעיעוונאַ — דאָ געפינען זיך דאַמען.

מוסיאַ האָט זיך אָנגעהויבן אײַלן, צוגעשפּילעט דעם רעוואָלווער צום רימען, אים אײַנגעצויגן פעסט און האָט אַ נעם געטאָן דעם זאַק.

— אײַך האָט מען געוויס געשיקט נאָך מיר ? — האָט זי זיך אײַליק געווענדעט צו ניקאָלײַען און נישט געבנדיק אים די מעג־לעכקייט צו קומען צו זיך און ענטפערן, האָט זי געמאָלדן :

— איך גיי, איך גיי! אַף ווידערזען, אַנאַ מיכעיעוונאַ, האָט אַף מיר קיין פּאַריבל נישט, אויב איך האָב ווען... אַלע אײַערע פּאָדערונגען אַף מעדיקאַמענטן האָב איך דאָ — דאָס מיידל האָט אַ קלאַפּ געגעבן איבער דער טאַש — איך וועל זיי דאָרט אַ טרייסל טאָן, זאָרגט אײַך נישט, איך וועל דערגיין ביז צום שפּיץ און וועל אַרויסבאַקומען. איר קענט דאָך מיך... עפּשער וואָלט איר גענומען דעם זאַק, כאַווער זשעלעזנאָוו? — האָט זי געזאָגט מיט אַן אָפיציעלן טאָן — דעם שווערן באַגאַזש פון די דאַמען טראָגן דאָך שטענדיק זייערע קאָוואַליערן, נישט אַזוי, אַנאַ מיכעיעוונאַ?

— פולשטענדיק גערעכט, מוסינקאַ! נו, היט אײַך אָפּ. דאָרט אויבן איז זיכער קאַלט, פאַרקילט זיך נאָר נישט, וויקלט אַרום אײַער העלדזל, איר קענט נאָך כאַפּן אַן אַנגינע, וואָס טויג עס אײַך?

די אַלטיטשקע דאָקטאָרשע האָט באַגלייט דאָס מיידל ביזן אַרויסגאַנג, זיך צעקושט מיט איר און דערבײַ אַרײַנגערוקט איר אין קעשענע אַ סלאָיִקל מיט מענטע פילן קעגן הוסט — די איינציקע נאַשערײַ וואָס פלעגט פאַרזיסן זייער טיי טרינקען אין די אָוונטן.

ווען זיי האָבן זיך שוין געזעגנט האָט זיך מוסיאַ פלוצלונג געכאַפּט, אַרײַנגעלאָפן צוריק אין ערד־שטיבל צום בעטל, ווו עס איז געשלאָפן יולאָטשקאַ מיט אירע דיקלעכע הענטלעך איבער דער קאָלדרע און מיט אָנגעבלאָזענע פוכלע ליפּעלעך. דאָס מיידל האָט צוגעדריקט צו זיך דאָס וואַרעמע קעפּעלע פון איר קליינער כאַווערטע און איז אַף אַ רעגע געבליבן פאַרגליווערט איבער איר. יולאָטשקאַ האָט, נישט אויפכאַפּנדיק זיך פון שלאָף, אַרומגענומען איר האַלדז מיט די הענטלעך. ניקאָלײַ האָט אומגעדולדיק אַ הוסט געטאָן. דאָס מיידל האָט מיט גרויס אָנשטרענגונג פונאַנדערגענומען די הענטלעך, וועלכע האָבן זי פעסט געהאַלטן, אויפגעשפּרונגען מיט אימפּעט און איז אַרויסגעלאָפן פון ערד־שטיבל.

די יונגעלײַט זײַנען אַוועק אין דער ריכטונג פון עראָדראָם ביז עס האָט זיך פון אַ סאָסנע־שטאַם שטיל אָפּגעטיילט אַ וועכטער און געפרעגט דעם פּאַראָל. באַקומענדיק דאָס נייטיקע וואָרט און אָפּענטפערנדיק מיטן געהעריקן אָפּרוף, איז דער וועכטער ווידער פאַרשוווּנדן געוואָרן הינטער אַ סאָסנע. דאָס מיידל האָט זיך נאָכאַ־

מאָל אומגעקוקט אַף די געדעמפּטע פֿענצטער פֿון די שטעטערס און האָט אַנטשלאָסן אַנגענומען ניקאָלײַען אונטערן אָרעם. זיי זײַנען אַזוי געגאַנגען עטלעכע מינוט פֿילנדיק מיט פֿרייד די וואַרעמע באַרירונג פֿון זייערע הענט.

— דו ווילסט מיך דערמאָנען? — האָט געפֿרעגט מוסיאַ, ווענדנדיק זיך צו אים צום ערשטן מאָל אַף „דו".

— איך וועל קיינמאָל... איך וועל קיינמאָל אײַך... קיינ־מאָל וועל איך דיך נישט פֿאַרגעסן, אַפֿילו ווען די מילכאָמע זאָל דויערן הונדערט יאָר. איך וועל דיך... דיך... אָך ווי גוט עס קלינגט דער „דו", עמעס?

— ווי מיינסטו, נאָך דער מילכאָמע מוזן מיר אומבאַדינגט זיך באַגעגענען?

— ווי דען? אָן שום סאָפֿעק.

— נו, און אויב מען וועט אַראָפּשלײַדערן הײַנט אונדזער עראָפּלאַן, ווען מיר וועלן אַריבערפֿליִען דעם פֿראָנט... וועלן מיר זיך שוין מער נישט באַגעגענען.

ביז איצט האָט נאָך מוסיאַ קיינמאָל נישט געטראַכט וועגן טויט. אָבער איצט צום ערשטן מאָל פֿאַר די אַלע שרעקלעכע מאָ־נאַטן איז זי טרויעריק געוואָרן פֿון דעם געדאַנק.

— איך וועל דיך געדענקען שטענדיק, קאָלזמאַן עס וועט אַר־בעטן כאָטש אַן איינ־איינציק קעמערל אין מײַן מויעך... און איר... און דו, מוסיאַ? מיך קען מען דאָך אויך דערהאַרגענען. איך בעט דיך נישט, זאָלסט מיך אייביק געדענקען, דערמאָן זיך אין מיר בלויז פֿון צײַט צו צײַט... כאָטש אַ מאָל... גוט? ווילסט זיך דערמאָנען?

פֿון וואַנען האָבן זיך דאָס גענומען אין יענעם אָוונט בײַ דעם אַזוי שעמעוודיקן באָכער די ליבלעכע, עמעס, נישט זייער קיין פֿאַרנונפֿטיקע ווערטער! אין זיי איז געווען גאַנץ ווייניק לאָגיק און אינהאַלט, דערפֿאַר אָבער האָט זיך אַן אַ סאַך איבערגעכאַזערט אַף קאָלערליי אויפֿאַנים דער פֿראָנאָם „דו".

מען האָט זיי ווידער אָפּגעשטעלט בײַם אויסערלעכן וואַך־פּאָסטן. דער וועכטער האָט באַלויכטן מיט אַ לאָמטערן זייערע גליקלעכע פּנעמער און האָט געמאַכט אַף זייער כעשבן אַ געזאַל־צענעם וויץ, אָבער, ווען ער האָט דערקענט „די שוועסטערל",

װעלכע אַלע האָבן שטאַרק ליב געהאַט איז ער צעטומלט געװאָרן, פֿאַרביסן די צונג, געפֿרעגט װי שפּעט עס איז און האָט פֿאַרגעלייגט צו פֿאַררייכערן.

זיי זײַנען געגאַנגען איבערן אויסגעטרוקנטן זומפּ און זיך קעסיידער אָנגעשטויסן אָף בערגלעך, פֿאַרטשעפּעט די קליידער אָן די קוסטעס, צװײַגן פֿלעגן פֿון צײַט צו צײַט זיי װייטיקלעך שמײַסן איבערן פּאָנעם, דער „קאפּוויי" (באַליגלאַוו) — אַזאַ מין גראָז) האָט געאָטעמט אָף זיי מיט זײַן שװערן גערוך. אָבער זיי האָבן דאָס אַלץ נישט באַמערקט. די זיבן קילאָמעטער פֿון דעם לאַגער ביז צום עראָדראָם האָבן אַ שװינדל געטאָן אַזוי אומבאַמערקט, אַז ביידע האָבן אַ צאַפּל געטאָן, דערהערנדיק נאָענטע שטימעס.

אין מיטן לאָנקע האָט געברענט אַ שייטער. אין דער טרוקענער אָנװוינטיקער לופֿט האָט זיך דער פֿלאַם געהויבן צום הימל װי אַ ציטערדיקער זײַל און האָט באַלויכטן די באַקאַנטע פֿיגורן פֿון די קליינע פּאַרטיזאַנער. טאַליאַ האָט עפּעס דערציילט פֿאַכענדיק מיט די הענט. באַם שײַטער, אויסער דער באַלויכטענער זאָנע, האָט אַרומגעשפּאַנט רודאַקאָוו, װעמען מען האָט נישט געקענט זען אין דער פֿינצטער, אָבער װעגן װעמענס אָנװעזנהייט מען האָט זיך געקאָנט אָנשטויסן, לויטן סקריפּען פֿון די נײַע רימענס פֿון זײַן פּאַרטופּעיע, װעלכע ער האָט אָנגעטאָן, װײַזט אויס, צוליבן אָנקומען פֿון די שעליכים פֿון דער גרויסער ערד. מען האָט בוילעט געמערקט, אַז דער קאָמאַנדיר דענערװירט זיך, מענטשן װעלכע האָבן אים געקענט האָבן דאָס פֿאַרשטאַנען לויט זײַן אָפֿטן קוקן אָפֿן זייגער, זײַן טרוקענעם הוסטל, װי ער װאָלט זיך גרייטן צו האַלטן אַ רעדע.

מוסיאַ איז אָװעק געװויר װערן װי פֿילן זיך די פֿאַרװונדעטע. יענע זײַנען אויך נישט געשלאָפֿן, טאַליאַ האָט זיי זייער באַקװעם אײַנגעאָרדנט אָף היי איבערגעדעקט מיט ברעזענט, זיי זײַנען געלעגן, גערויכערט נערװעז ציגאַרעטלעך און זיך צוגעהערט צו דער שטילקייט פֿון דער נאַכט. אַלע זײַנען געװען צעשרויפֿט, אויפֿגערעגט. נישט איינמאָל זײַנען שוין אָנטשטאַנען צװישן זיי קריגערײַען, דעריבער איז דאָס אָנקומען פֿון זייער באַליבט שװעסטערל געװאָרן באַגעגנט מיט אַ פֿרײַנטלעכן געמורמל.

— וואָס איז דאָס, מען האָט אָן אונדז אינגאַנצן פאַרגעסן? מיר וואַלגערן זיך דאָ ווי די שפּאָלן אין אַ רינשטאָק.

— וואָס הערט מען דאָרט? מיר וועלן אָפּפליִען, אָדער עס וועט שוין אונדז אויסקומען דאָ צו שטאַרבן?

— די נאַכט פאַרגייט, און זיי קראַצן זיך דאָרט. מען האָט געזאָגט — אין אָוונט וועט מען קומען צו פליִען, ווו זשע זײַנען זיי? אַף וועמען וואַרטן זיי, אַף די דײַטשן? ווען זיי זיך טאַקע דערוואַרטן. דער דײַטש דרימלט נישט, ער איז אויך אַפּאָנעם נישט קיין שויטע.

— שאַ, שטיל!

דער פּילשטימיקער טומל האָט זיך מיט איין מאָל אײַנגעשטילט. אָבער אַ כּוח די ווײַטע שטימעס, וועלכע האָבן זיך געטראָגן פון דעם שײַטער, וועלכער האָט געפינקלט אין דער פינצטערקייט, האָט מען מער גאָרנישט געהערט. ס'איז אַנטשטאַנען אַ שווערע פויזע. קעדיי איבערצורײַסן די פּײַנלעכע שטילקייט האָט טשאַרני פריילעך אַ זאָג געטאָן:

— און מיר, שוועסטערל, האָבן דאָ שוין פון בענקשאַפט נאָך אײַך אָנגעהויבן אַלע קאָלעקטיוו אײַנדאָרן. ווו, טראַכטן מיר, האָט זיך דאָס אונדזער מאַשענקאַ אַהינגעטאָן? פון מיר פאַלט דאָך שוין אַראָפּ מײַן רעקל, אַזוי בין איך אויסגעטריקנט געוואָרן.

זײַן שפּאַס האָט מען אונטערגעכאַפּט.

— ער זאָגט ליגנס, דער ציגײַנער, גלייב אים נישט, שוועסטערל. טו נאָך אַ קוק ווי ער האָט זיך דאָס אויסגעפּאַשעט אַף די שפּיטאָל־קעסט.

— ער, דער שוואַרצער רועך, האָט כיישעק צום גאַנצן פּרויען־מין — האָט אַ כריפּע געטאָן פון דער פינצטערניש עמעצנס אַ צוגעקילטע שטימע.

— אַ ניין, וועגן פּרויען־מין זאָלט איר בעסער שווײַגן. איך בין אַ באַווײַבטער און אַ באַקינדלטער...

— מען זאָל זיך שוין וואָס גיכער אָפּטראָגן פונדאַנען! ווען דו ליגסט מיט אַ ביקס איז איין זאַך, אָבער אַזוי צו ליגן ווי אַ קאַוועגע אין גאָרטן — איז גאָר עפּעס אַנדערש.

— עך אַ שאַד, רודאָלף האָט זיך אויסגעשריבן, נישטאָ מיט וועמען צו דיסקוטירן ווי עס געהער צו זײַן.

די נאַכט־שטילקייט האָט דורכגעשטאָכן אַ יובלדיקער אויס־געשריי, וועלכער האָט זיך דערטראָגן פון עראָדראָם:

— ער פליט!

די שוואַרצע פיגורן באַם שפּײַטער האָבן אָנגעהויבן צו שמײַען און אַרומפאָרען זיך. עס האָט זיך דערהערט אַ טופּען פון פיס, אויפגערעגטע שטימעס. אָבער אַפילע די סומאַטאָכע איז שוין נישט געווען בעקויעך צו פאַרהילכן דעם גערויש פון דעם אָנקור־מענדיקן מאָטאָר. פּונקט ווי זיי וואָלטן זיך אַרויסגעריסן פון אונ־טער דער ערד האָבן זיך צעפלאַקערט איינער נאָכן אַנדערן מיט אַ געלן בענזין־פלאַם אַכט שפּײַטערס, וועלכע האָבן אַרומגעזוימט דעם לאַנדונגס־פּלאַץ עמעצער האָט זיי געמישט מיט אַ שטעקן און גאַנצע סלופּעס פון פונקען האָבן דרייענדיק זיך ווי אַ וויכער אַרויפ־געשאָסן אין דער לופטן. דאָס געהילך פון דעם עראָפּלאַן האָט אָנ־געפילט די נאַכט. אָט פליט שוין דער עראָפּלאַן ערגעץ איבערן קאָפּ, שווימענדיק ווי אַ רויע וועלוי נירע אין דעם טיפן מיט שטערן באַ־שאָטענעם הימל. און פּלוצלונג האָט זיך אַלעמען אויסגעוויזן אַז דער געריש ווערט אײַנגעשטילט.

— ער גייט אַוועק! — האָט מיט אַ געפאַלענער שטימע געזאָגט איינער פון די פאַרוואונדעטע. — דאָס איז נישט אײַנדזערער.

— דיר ווײַזט זיך עס אויס אַזוי פאָשעט? ער מוז דאָך אומ־קוקן זיך! ער וועט צוריקקומען!

— שווײַגט, איר דאָרט! מיר שײַנט עס טרעשטשעט שוין ווידער. הערסט?

אָבער דער קלאַנג איז פאַרשטומט געוואָרן. בלויז עפּעס אַ וואַלד־קאַץ האָט ערגעץ געמיאַוקעט אין דער פינצטערניש, פּונקט ווי זי וואָלט אָנגעזאָגט אַן אומגליק. און דאָ אין וועלדל צווישן די פאַרוואונדעטע און אויך דאָרט אַפן פעלד האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. די שפּײַטערס, וועלכע קיינער האָט שוין נישט געטאָרעט האָבן געבערענט מיט אַ גלײַכן העלן פלאַם. מוסיאַן האָט דאָס האַרץ פאַרקלעמט: איז דען מעגלעך, אַז מען וועט מוזן די אַלע פאַר־וואונדעטע, וועלכע האָבן אַזוי מוטיק אַריבערגעטראָגן דעם וועג צום עראָדראָם, ווידער מיטן זעלבן וועג פירן צוריק? אָבער ערגעץ טיף אין איר באַוווסטזײַן האָט געקלונגען אַ פריידיקע נאָטקע. „מיילע, זאָל זײַן אַזוי. נישקאָשע מיר וועלן זיי געזונט מאַכן אויך דאָ אין

וואַלד!״ דערפֿאַר אָבער וועט דאָך זי, מוסיאַ וואָלקאָוואַ, קענען פֿאַרבלײַבן באַ די פּאַרטיזאַנער און נישט דאַרפֿן זיך שיידן מיט ניקאָלײַען.

אָבער דער רויש פֿון דעם מאָטאָר, וועלכער איז צעשוווּמען געוואָרן אין דעם כוישעך, האָט ווידער אָנגעהויבן זיך צעוואַקסן. מען האָט אַ גאַס געטאָן בענזין אין די שײַטערס און די פֿלאַמען זײַנען ווידער אויפֿגעשוווּמען צום הימל. דער עראָפּלאַן האָט זיך געדרייט, דאָ דערנענטערט זיך און דאָ זיך ווידער דערווײַטערט. אַף דער ערד פֿלעגט זיך די האָפֿענונג פֿאַרוואַנדלען אין אַ ייִעש. ענדלעך האָט זיך אין דעם הימל אָנגעצונדן און זיך צעשאָטן מיט בונטע גרינינקע שטערנדלעך אַ סיגנאַל־ראַקעטע. דאָס גרילצנדיקע רעווען פֿון דעם טרײַבשרויף איז אַריבער אין אַ פֿײַף. קנאַקנדיק און אַרויסשפּײַענדיק פֿון זיך אַ בלווילעכן פֿלאַם האָט זיך דער עראָפּלאַן, ווי דער לעגענדאַרישער דראַקאָן, אַ גליטש געטאָן אַף אַראָפּ, אַ רײַב געטאָן די ערד באַ דעם ווײַטסטן שײַטער און ווידער, אָבער דאָס מאָל שוין מיט אַ באַפֿרידיקונג פֿון אַ זיגער, אַ טרעש־טשע געטאָן מיטן מאָטאָר און אָנגעהויבן זיך באַוועגן איבער דער יאַבאָשע צום גרויסן שײַטער. די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך הענדום־פּענדום אַ לאָז געטאָן צום גערויש פֿון דעם נאָך סאָפּענדיקן מאָטאָר.

מוסיאַ איז די ערשטע צוגעלאָפֿן צום עראָפּלאַן נאָך איידער דער פּילאָט האָט געעפֿנט דאָס טירל. די פּאַרטיזאַנער האָבן אַרומ־גערינגלט די מאַשין און מיט אומגעדולד אַרײַנגעקוקט אין דער האַלב־פֿינצטערניש פֿון דעם צעפּראַלטן לאָך, ווו עס האָט טונקל געצאַנקט אַ קליין לעמפּעלע. זיי האָבן געטאַפּט און געגלעט די פֿאַרשוויצטע, פֿון דעם נאַכט־טוי, פֿליגל פֿון דער מאַשין אַזוי ווי זיי וואָלטן געוואָלט זיך איבערצײַגן, אַז דאָס אַלץ איז נישט קיין כאָלעם, אַז פֿון דער גרויסער ערד איז טאַקע געקומען צופֿליִען אַן עמעסער עראָפּלאַן.

דער פּילאָט האָט אַראָפּגעלאָזן די פֿיס און אַ שפּרונג געטאָן, אָבער צו דער ערד האָט ער נישט דערגרייכט. קרעפּטיקע הענט האָבן אים אונטערגעכאַפּט און אַ שלײַדער געטאָן אין דער הייך. דער מענטש וועלכער איז נאָר וואָס אַריבערגעפֿלויגן דעם פֿראָנט האָט זיך אוממעכטיק געקוליעט אין דער לופֿטן און געליאַרעמט:

— כעוורע, הערט אויף, איר זײַט פֿון זינען אַראָפּ. איר וועט

דאָך מיך מיימעסן. וואָס איז דאָס פּאַר אַ נאַרישע טעווע. כעוורע, איך לייד אָפּן האַרץ...

ענדלעך האָט מען אים אַראָפּגעלאָזט אָף דער ערד. ער האָט געדריקט עמעצנס שטאַרקע שאַרסטע הענט, געקושט שטעכיקע באַוואַקסענע פּענעמער, געענטפערט נישט צו דער זאַך אָף פּאַר־שיידענע פראַגעס, וועלכע האָבן זיך געשאָטן אָף אים פון דעם כּדישעך. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס וועט זיך קיינמאָל נישט ענדיקן. נאָר פון הינטן האָט זיך דערהערט אַ שטילער, אָבער באַ־פעלערישער קאָל:

— צעגייט זיך, נישטאָ קיין צייט!

דער אוילעם האָט זיך צעשפּרייט און דורכגעלאָזט רודאַקאָוון. ער האָט אַ טרייסל געטאָן דעם פּילאָטס האַנט און זיך פאָרגע־שטעלט:

— דער קאָמאַנדיר פון דעם אָטריאַד, רודאַקאָוו! דער פּאַ־קעט?

דער פּילאָט האָט אַרויסגעשלעפּט פון דעם פּלאַנשעט אַ דיקן פּאַקעט מיט פינף טריוואַקסענע זיגלען.

דערווייל האָט זיך דער האַמוין אַ לאָז געטאָן שטורעמען ווע־מענס פיס עס האָבן זיך שוין אַרויסגערוקט פון דער קאַבינע. אָבער די ערשטע כוואַליע פון דער שטורמישער פרייד איז שוין דורכגע־גאַנגען. דעם שטורמאַן האָט מען שוין נישט געהוידעט. אַ צונויפּ־געפּרעסטער פון מענטשן האָט ער געמוזט ענטפערן אָף די פראַגעס, וועלכע האָבן זיך געשאָטן פון אַלע זייטן: וואָס הערט זיך אין מאָסקווע? ווו ווערט צוגעגרייט דער אָנגריף? ווי אַזוי פילט זיך דער כאַווער סטאַלין? וואָס אַזוינס איז די „קאַטיושאַ”, וועלכע האָט זיך באַוויזן אָף די פראָנטן? ווי אַזוי שיסט זי? מען האָט זיך אַפילע נאָכגעפרעגט וועגן דעם וועטער אָף יענער זייט פראָנט, פּונקט ווי דאָרטן אָף דער פרייער ערד האָבן דער קלימאַט און אַפילע די לופט געמוזט זיין אַנדערש ווי דאָ, אָף דער אָקופּירטער טעריטאָריע.

דער שטורמאַן איז געווען אַ געניטער באָכער, וועלכער האָט שוין נישט איינמאָל געפירט עראָפּלאַנען צו אַזעלכע געהיימע פּאַרטיזאַנישע וואַלד־עראָדראָמען. נישט אומזיסט האָט ער זיך נישט געאיילט אַרויסצוקריכן פון דער מאַשין, איבערלאָזנדיק אַז

די פּאַרטיזאַנער זאָלן אויסגיסן די ווילדע אויסדרוקן פון זייער פרייד אַף דעם ווייניקער געניטן אין די איניאַנים פּילאָט. אַף אַלע פראַגעס האָט דער שטורמאַן בלויז געשמייכלט און געהאַט איינעם און דעם זעלבן ענטפער: „אַלץ איז גוט, אַ פולשטענדיקע אָרדע־נונג". און אַ דאַנק טאַקע דער לאַקאָנישקייט פון זײַנע ענטפערס, האָט ער זיך אויסגעוויזן, די אַלע אויסגעבענקטע נאָך גוטע יעדיעס פּאַרטיזאַנער, פאַר אַ זייער סימפּאַטישן און גאָר גוט אינפאָרמירטן מענטשן.

נאָך דעם אָפיציעלן פּאַקעט האָט דער פליִער דערלאַנגט רודאַ־קאָוון אַ דיקן זייער זאָרגפעליק פּאַרקלעפּטן קאָנווערט, וועלכער איז צוליב זיכערקייט געווען נאָך איבערגעבונדן מיט אַ שנור, באַשריבן מיט דער האַנטשריפט פון זײַן פרוי. דער קאָמאַנדיר האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם קאָנווערט און אויסדרייענדיק זיך צום שײַטער געוואָלט אים שוין עפענען, אָבער ער איז זיך אַפּאָנעם גויוער געווען, אַרײַנגעשטופּט דעם קאָנווערט טיף אין דער קעשענע און אָנגע־הויבן אויסצופרעגן דעם לופט־פליִער וועגן די געבראַכטע זאַכן. אין אַ ווײַלע אַרום האָבן זיך אין דעם ליוק באַוויזן קאַסטנס און געשוואָלענע פּעק צײַטונגען. דאָס זײַנען אַלץ געווען שווערע און האַרטע זאַכן. אָבער די הענט וועלכע האָבן זיך צו זיי געצויגן פון דעם כוישעך פלעגן דאָס אויפנעמען אַזוי פאָרזיכטיק און צאַרט, אַזוי שטיל און פאָרזיכטיק זיי אַראָפּשטעלן אַף דער ערד. אַז מען האָט געקענט מיינען, אַז אין די קאַסטנס געפינט זיך נישט קיין שטאָל און אַמוניציע, און די פּעק זײַנען נישט קיין צײַטונגען, נאָר דורכויס איידעלער, טײַערער פאָרצעלאַן און קרישטאָל.

אין דער זעלבער צײַט האָט מען שוין פון דעם וועלדל געפירט און געטראָגן די פאַרוואונדעטע. מען איז געוויר געוואָרן, אַז אין זײַן רײַזע קען דער עראָפּלאַן מיטנעמען בלויז זעקס פאַרוואונדעטע. סאַכאַקל זײַנען געווען באַשטימט אַכט אַף אַרויסגעפירט צו ווערן אין דער ערשטער ריי, מוסיאַ איז געווען די נײַנטע. זי איז גע־שטאַנען באַם עק פון דער מאַשין מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און ביט גענומען קיין שום אָנטייל אין דעם אַלגעמיינעם יובל און סומאַטאָכע. באַ אירע פיס איז געלעגן לעבן איר רוקזאַק אַ פעסט איבערגעבונדענער און פאַרזיגלטער זאַק. באַ דער מיידלס זײַט איז געשטאַנען ניקאָלײַ און געקוקט אַף איר מיט אַ שטאַרן בליק, ווי

ער וואָלט וועלן אַף אייביק אײַנקריצן אין זײַן זיקאָרן איר בלייכן, אָפּילע באָם רויטן שײַן פון די שײַטערס, פּאָנעם.

רודאָקאָוו איז צוגעגאַנגען אָ באַזאָרגטער און האָט געמאָלדן מוסיאַן, אַז איר וועט אויסקומען צו וואַרטן. מען האָט אים מוידיע געווען אין בריוו, אַז נאָך די ווערטזאַכן פליט אַרויס מיט אַ צווייטן עראָפּלאַן אָ ספּעציעלער באַאַמטער פון רעגירונגס־באַנק.

— צו וואָס אַזעלכע פּאָרמאַליטעטן ? — האָט געזאָגט דער קאָמאַנדיר צופּנדיק מיט קאָס די שטעכיקע האָר פון זײַנע וואָנצעס. עס איז געווען צו מערקן, אַז רודאָקאָוו איז אין קאָס, אָבער מוסיאָ מיט ניקאָלײַען האָבן ניט געקענט פאַרבאָרגן פון אים זייער פרייד, אַזוי טײַער איז זיי געווען די איבעריקע שאָ, וועלכע זיי וועלן קענען פאַרברענגען צוזאַמען.

מען האָט שוין געלאָדן אין עראָפּלאַן די שווער־פּאַרוווּנדעטע. די פּאַרטיזאַנער האָבן האַרציק און רירנדיק אַרויסבאַגלייט זייערע קאָמפּס־כאַוויירים. צענדליקער זאָרגעווודיקע הענט האָבן פּאַרזיכטיק געהייבן די טראָג־בעטלעך. ווען מען האָט שוין פּאַרמאַכט די ליוקן פון דעם עראָפּלאַן איז פון די באַשטימטע אָוועקצופליען, פּאַרבליבן נאָר מירקאָ טשאָרני און דער טיפוס־קראַנקער אַלטער באַכאַרעוו, אַ געוועזענער בריגאַדיר פעלד־אַרבעטער פון אַ דערבײַיקן קאָל־ווירט, וועלכער איז ערשט ניט לאַנג אָנגעקומען אין אָטריאַד.

עס האָט נאָך ניט באַוויזן אײַנגעשטילט צו ווערן דאָס קלאַפּערײַ פון דעם אָפּגעפלויגענעם עראָפּלאַן און אַלע האָבן זיך אָ וואָרף געטאָן אַף די פּעק מיט די צײַטונגען. אין איין אויגנבליק זײַנען איבערגעשניטן געוואָרן די שטריק און איבער דער טונקעלער לאָנקע האָבן זיך צעשפּרייט ווײַסע זעגלען באַלויכטענע פון דעם שײַן פון די שײַטערס. די צײַטונגען זײַנען גלײַך צעכאַפּט געוואָרן; מען האָט ניט געלייגט קיין אַכט אַף די דאַטעס, מען האָט זיך באַמיט אַרויסצולייענען פון די אַרטיקלען ניט בלויז דאָס, וואָס אין זיי איז געשריבן געוואָרן, אָפּילע אויך ניט דאָס, וואָס וואָלט געקענט זיך געפינען צווישן די שורעס. אין יעדער מילבאָמע־קאָרעספּאָנדענץ האָט מען געזוכט אַן אָנדײַטונג אַף אַ צוגרייטונג צו אַ קאָנטראָפּענסיווע.

קעדיי צו באַרויִקן אויך זיך אַליין, האָט זיך מוסיאָ אונטערגענומען צו לייענען אַף אַ קאָל די „פּראַוודאַ" פּאַר די עלטערע,

אָבער פון דעם איז גאָרניט אַרויסגעקומען. יעדער איינער האָט גע־האָט כיישעק מיט די אייגענע אויגן אַרײַנצוקוקן אין דער אייגע־נער באַליבטער צײַטונג און מען האָט מוסיאָן אַזוי געשטופּט און געשטויסן, אַז עס איז געווען אוממעגלעך צו לייענען.

עס איז צוגעקומען רודאַקאָוו, אָנגענומען מוסיאָן פאַרן אָרבל און זי אָפּגעפירט אין אַ זײַט. מיט אַ פאַרלוירענער, פאַרשעמטער שטימע, וועלכע מען האָט זיך אַפילו ניט געקענט פאָרשטעלן בײַ אים, האָט ער געבעטן:

— וואַלקאָווא, איך האָב צו דיר אַ באַקאָשע. אַ באַקאָשע, אַזוי צו זאָגן, אַ פּערזענלעכע... פאַרשטייסטו מיך... דאָרטן — ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אין דער ריכטונג פון דעם אָפּגעפלויגענעם עראָפּלאַן — האָב איך אַ מישפּאָכע, אַ ווײַב, קינ־דער. אָט שרײַבט זי מיר, אַז זי לעבט גוט, באַאומרויִק זיך ניט אאַ״וו. זי באַרויִקט מיך. איך פיל אָבער, אַז עפּעס קוועטשט זיי דאָרט. זיי איז ענג, אַפּאָנעם... זעסטו...

דאָס מיידל האָט מיט שטוינען געקוקט אַפן קאָמאַנדיר. וואָס שעמט ער זיך, אַ מאָדנער! האָט ער דען ניט פאַרדינט, אַז מען זאָל ווי געהעריק זאָרגן פאַר זײַן מישפּאָכע? עס איז פאָשעט שווער געווען צו זען דעם מענטשן אַזוי פאַרלוירן און אַפילו אַביסל דער־שראָקן.

— מײַן ווײַב שרײַבט מיר, אַז זי באַהאַלט ביז אונדזער באַ־געגעניש מײַן נײַעם פעלץ און נאָך אַנדערע קלייניקייטן. אָט אַ שויטע! דאָס טוט זי, קעדיי גלײַך נאָכן ניצחון זאָל איך זיך קע־נען איבערטאָן אין מײַנע ציווילע קליידער און זיך פילן פולשטענ־דיק בײַ זיך אין דער היים. ווי געפעלט עס דיר? בעט איך דיך זייער, וואַלקאָווא, זיי וווינען איצט אין אַ שטעטל, ווו עס האָט זיך צײַטווײַליק אײַנגעאָרדנט דער קרײַז־קאָמיטעט. דיר וועט סײַ ווי סײַ אויסקומען צו זײַן דאָרט. גיי אַרײַן צו זיי. דערמוטיק זי און באַווירק זי, אַז אַלע מײַנע זאַכן זאָל זי פאַרקויפן, אויסטוישן... זי היט זיי אָפּ... אָט אַ פאַלק זײַנען דאָס די ווײַבער!

עפּשער דערפאַר וואָס רודאַקאָוו פלעגט שטענדיק אויסבאַ־האַלטן פון די אַרומיקע אַלץ וואָס האָט געהאָט אַ שײַכעס צו אים פּערזענלעך, איז געווען אַזוי אומדערוואַרט דאָס אַנטפּלעקן אין אים אַ זאָרגעוודיקן מאַן און אַ צאַרטן פאָטער.

— איך וועל זיך ווענדן צום קרײַז־קאָמיטעט און זיי אַלץ דערציילן. איך וועל אויספּויעלן, מען זאָל זיי געבן אַלץ וואָס איז נייטיק.

— ניין, ניין, וואָלקאָוואַ, בעשום אויפן ניט, דו הערסט ? איך פּאַרוועך! דו אַליין שטעלסט זיך געוויס ניט פּאָר, ווי אַזוי עס לעבט דאָס לאַנד. איך פּאַרוועך קאַטעגאָריש. זאָג איר, זי זאָל אַלץ פּאַרקויפן און אָפּהיטן נאָר איר געזונט, מער גאָרניט. געזונט — איז דאָס וויכטיקסטע. אָט אַ שויטע, אַ שויטע... און נאָך אַ זאַך בעט איך דיך : ווען דו וועסט מיט איר ריידן, זאָלסטו וועגן קיין שום גרוילן איר ניט דערציילן, בעשום אויפן ניט. זי איז באַ מיר אַביסל אַ נערוועזע. זאָג איר, אַז איך לעב דאָ זייער רויק, נו, לעמאָשל, אַזוי ווי באַ וואַלד־אַרבעט. די דײַטשן, זאָג איר, געפינען זיך אָפּן פראָנט, זיי שלאָגן זיך דאָרט, וועגן אונדז טראַכטן זיי גאָר ניט. און מיר, הייסט עס, פירן דאָ בלויז אײַן די סאָוועטישע פּאַראַנדקעס. פרײַע לופט, די נאַטור, מיר גייען אַף יאַגד, קלײַבן שוואָמען... נישקאָשע, נישקאָשע, זאָלסט זיך ניט פאַרלירן... זי וועט גלייבן, ווײַל ווען עמעצער וואָרט בעעמעס — גלייבט ער אין אַלץ וועגן וואָס ער טרוימט. און זי וואָרט דאָך, מײַן גוטע, מײַן טײַערע, זי וואָרט...

— כאַוועך קאָמאַנדיר, כאַוועך קאָמאַנדיר! — האָט גערופן דערווירטשאַפטס־פּאַרוואַלטער.

עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז עמעצער האָט אַ דריי געטאָן דעם אויסשאַלטער. אַף רודאַקאָווס פּאָנעם האָט זיך אויסגעלאָשן דאָס צאַרטע, ליבלעכע ליכט. אין אַ ווײַלע אַרום איז ער שוין גע־שטאַנען באַם שײַטער און מיט אַ קאַלטער שטימע געגעבן באַפעלן, און מוסיאַ האָט אָפילע אַ טראַכט געטאָן : עפשער האָט זי גאָר שלעכט געהערט ? האָט עס טאַקע ער דאָ אַקערשט גערעדט מיט איר אַזוי שעמעוודיק וועגן זײַן ווײַטער מישפּאָכע ?

אַרום די קאָסטנס האָבן זיך געפּאָרעט די ווידער כאַוועך־גע־וואָרענע טאַליאַ און דער ווירטשאַפט־פּאַרוואַלטער. דער ייִנגל האָט געלייענט די אויפשריפטן : „אויטאָמאַטן", „פּאַטראָנען", „דינאַ־מיט", „מ. מינען" און דער ווירטשאַפטס־פּאַרוואַלטער האָט צו־נויפגעשטעלט אַן אינווענטאַר־ליסטע. ביידע האָבן זיך הילכיק אַנט־ציקט פון דער ברייטהאַרציקייט פון דער גרויסער ערד.

— כּאַווער זשעלעזנאָוו, העי, טו נאָר אַ קוק: „עם־מינען" — מאַגניטנע, צוויי קאַסטנס! אָך, ווען דאָס איצט די פּריצן אַ טרעש־טשע טאָן! — האָט מיט היספּײַלעס געפּרעוועט טאַליע.

ניקאָלײַ און מוסיאַ, האַלטנדיק זיך פאַר די הענט, זײַנען געשטאַנען אין אַ זײַט פון די שײַטערס. זיי האָט שוין גאָרניט געקימערט, וואָס אַרום זיי געפינען זיך אַזויפיל מענטשן. זיי האָבן פון קיין אַנדער זאַך ניט געטראַכט, בלויז נאָר, אַז באַלד וועט זיך ווידער דערהערן אַ רעוועץ פון אַ מאָטאָר און זיי וועלן זיך שיידן אויף לאַנג, קען זײַן אַפילע אויף אייביק.

— ווי נאָר איך וועל דערהערן דעם עראָפּלאַן, וועל איך אים אַ קוש טאָן... ערן־וואָרט, אַז איך וועל אים אַ קוש טאָן... — האָט געטראַכט מוסיאַ. ניקאָלײַ האָט געקלערט וועגן דעם זעלבן. ער האָט זיך אַליין באַאײַנפלוסט, אַז מען מוז זײַן דרײַסט, מען טאָר ניט דורכלאָזן אומזיסט די שנעל־לויפנדיקע מינוטן. אָבער די מינוטן זײַנען געפלויגן און ניקאָלײַ האָט זיך אַלץ מער און מער פאַרלוירן, און זײַנע גרויסע הענט, וועלכע האָבן צאַרט געהאַלטן מוסיאַס דינע קאַלטע פינגער, האָבן אַפילע אָנגעהויבן צו ציטערן.

ביידע וואָלטן מיט דער ברייטהאַרציקייט פון דער יוגנט, אָפּ־געגעבן גאָרניט טראַכטנדיק, אַ יאָר פון זייער לעבן, פאַר יעדע איבעריקע רעגע, וואָס דערווײַטערט די שאָ פון זייער צעשיידן זיך. און ווען אָפן מײַרעוו האָט זיך פּלוצים דער האָריזאָנט באַלויכטן מיט אַ שפּריץ פון רויטע שפּרינגענדיקע בליצן און צום עראָדראָם האָבן זיך דערקײַקלט טויבע הילכן פון נאָענטע אַרטילעריע־זאַלפּן, זײַנען זיי אויך ניט גלײַך געקומען צו זיך און ניט באַמערקט די סומאַטאָכע וואָס האָט זיך אָנגעהויבן באַ די שײַטערס.

— כּאַווער זשעלעזנאָוו, דער קאָמאַנדיר רופט — האָט אַרײַנ־געשריִען טאַליע ניקאָלײַען גלײַך אין אויער אַרײַן.

ערשט דאָן איז צו זייער באַוווסטזײַן דערגאַנגען די אומרויִקייט וועלכע האָט אַרומגעכאַפּט אַלעמען: דער ווײַטער דונער, די שפּרינ־גענדיקע פײַער־שפּריצן, די שטראָף־אָפּטיילונגען גרײַפן אָן אָפּן ראַיאָן פון דער צענטראַלער באַזע! דער געדאַנק האָט זיי ווידער געבראַכט צו דער ווירקלעכקייט. אין אַ ווײַלע אַרום זײַנען זיי ביידע געלאָפן איבערן פעלד צום שײַטער, וועמעס שײַן עס האָט באַלויכטן די גלאַנציקע זײַט פון אַ פערד. רודאַקאָוו איז שוין גע־

זעסן אין זאָטל. באַם שײַן פון דעם שײַטער האָבן דער פערד מיטן רײַטער אויסגעזען ווי אויסגעגאָסענע פון בראָנז. אַן עלטערער פאַרטיזאַן, פון די קאָלווירטניקעס, וועלכער האָט אין אָטריאַד פאַרנומען דעם אַמט פון אַ קאָניוך, האָט געהאַלטן באַם צוים אַ צווייטן געזאָטלטן פערד.

— ווו זײַט איר דאָרט פאַרפאַלן געוואָרן, וואָלקאָוואַ ? איר זעט דאָך, וואָס דאָ טוט זיך. זיי האָבן אָנגעהויבן די אָפענסיווע. זיי קענען נאָך איבערפאַלן דעם עראָדראָם. עס איז אַ סאַקאָנע אויפצונעמען דעם צווייטן עראָפּלאַן. פאַרוועדט אים אַראָפּצולאָזן זיך. גיט אַ צייכן מיט אַ רויטער ראַקעטע. איר וועט דאָ בלײַבן אַלס עלצטע מיט די פאַרוווּנדעטע. אײַער געהילף וועט זײַן דער... ווי הייסט ער... יאָלקאַ פאַלקאַ. דעם זאַק זאָלט איר באַגראָבן. די נאַר וואָס געבראַכטע אויטאָמאַטן און גראַנאַטן ווישט איבער און גרייט צו צום פאַרטיילן. אַלע די וואָס זײַנען אימשטאַנד צו האַלטן געווער אין האַנט, זאָלן גלײַך בילדן אַ קרײַז־פאַרטיידיקונג. וואַרט אַף מײַן באַפעל... זשעלעזנאָוו, אַפּן פערד און נאָך מיר...

נאָכן אָפּגעבן דעם באַפעל האָט רודאַקאָוו אָנגעשפּאָרנט זײַן פערד און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער פינצטערניש. נאָך אים האָט נאָכגעיאָגט אַף אַ ברוינעם, באַם סוינע פאַרכאַפּטן פערד, ניקאָלײַ.

דאָס ווייכע טאָפּען פון די פערדישע פּאָדקאָווע איז אינגיכן פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער ווײַט. דער טויבער דונערן פון דער אַרטילעריע איז געוואָרן געדיכטער. באַם שײַטער האָט מען געעפנט די קאַסטנס. אין זיי זײַנען געלעגן נײַינקע סאָוועטישע אויטאָמאַטן, אויסגעשמירטע מיט וואַזעלין און אײַנגעוויקלטע אין פעטס־פּאַפּיר. דאָס איז געווען דער אַלטער טרוים פון די פאַרטיזאַנער. באַזונדער זײַנען געלעגן פאַרפּאַקט שווערע דיסקעס, זאָרגעווודיק אָנגעלאָדענע נאָך אַף דער גרויסער ערד.

דער פאַרשטענדיקער טאַליע, שוין אַ געניטער אין קריגס־אינזיאַנים האָט געהאָלפן מוסיאַן אַרויסצושטעלן אַף די צוגענג צום עראָדראָם פאַרשטאַרקטע סעקרעטן. צוויי אויטאָמאַטן האָט מוסיאַ אָפּגעטראָגן צו די פאַרוווּנדעטע. טשאָרני האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס געווער און איז גלײַך מונטער געוואָרן. ער האָט מיטן אַרבל זאָרגעווודיק אָפּגעווישט דאָס איבערגעבליבטיע פעטס און האָט אַ קנאַק

געטאָן מיטן שלאָס. דעם פּאַרטיזאַנס אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן.

— מײלע, שװעסטערל, ס׳איז אונדז ניט באַשערט צו פֿליִען צוזאַמען — האָט ער געזאָגט — אָבער זאָרגט ניט, עפּשער איז דאָס גאָר לעטויוװע! לאָמיר זיך טאַקע בעסער אַ שפּיל טאָן מיט אַט די צאַצקעס! — און ער האָט מיט ליבע געגלעט דעם אױ־טאָמאַט.

טשאַרני האָט גלײַך פֿאַרשטאַנען, װיאַזוי עס װערט אָנגעלאָדן דאָס נײַע, נאָך ניט געזעענע אין דעם אַטריאַד, סאָװעטישע געװער. ער האָט צוגעקנאַקט דעם דיסק.

— דאָס איז אַ כײפֿעץ! װי קומט צו אים דער דײַטשישער?! דער איז זיכער אַף זיבעציק קוילן! אַ קוילנװאַרפֿער!

מוסיאַ האָט זיך געזעצט לעבן טשאַרניקן, לעבן דעם געניטן מענטשן האָט מען זיך געפֿילט רויִקער.

— אַ שאָד מירקאַ, װאָס איר זײַט ניט אָפּגעפֿלױגן מיטן ערשטן עראָפּלאַן. איצט װאָלט איר שוין געװען צװישן אײגענע, אַף דער גרויסער ערד.

— אָן אײַך, שװעסטערל, בין איך װי אַ מאַשיניסט אָן אַ דורכפֿאַר־שײַן, ניטאָ קײן װעג. — האָט האַלב אין ערנסט און האַלב אין שפּאַס געענטפֿערט טשאַרני, קוקנדיק צום דאַרעם אַף די שאַרפֿע פֿלאַמען פֿון די אויפֿרײַסן.

— איר הײבט שוין װידער אָן... איר האָט דאָך מיר צוגע־זאָגט... דערצײלט בעסער װעגן אײַער פֿרוי... איר װעט שוין געװיס אינגיכן זיך זען מיט איר. — האָט זיך אָפּגערופֿן מוסיאַ.

זינט טשאַרני האָט אין דער אונטערערדישער פּאַלאַטע דער־צײלט, אַז ער איז פֿאַרהײראַט, פֿלעגט מוסיאַ אין אַזעלכע פֿאַלן, אים שטענדיק דערמאָנען װעגן זײַן זינאָן.

— װאָס זאָל איך זאָגן... אַ װײַב... זי איז באַ מיר אַ גוטע — האָט געענטפֿערט דער פּאַרטיזאַן און זיך אויסגעדרײט צו מוסיאַן — אַ דינינטשקע, אַ בויגעװודיקע, װי אַ װערבעלע. אויגן — גרויסע, גרויע. קוקסט אַרײַן אין זײ און װערסט דערטרונקען. און האָר — װי פֿײַער פֿון אַ גוטן אַנטראַציט אין לאָקאָמאָטיװ־אויװן. קרײַזלען זיך מיט קורצע רינגעלעך. איר שטימע — װי אַ פֿידעלע

מוסיאַן איז װידער געװאָרן ניט הײמלעך. גאָר נאָענט לעבן איר האָבן געפֿינקלט די שװאַרצע אויגן. באַם שײַן פֿון אויסגײענ־

דיקן פײַער פון דעם שײַטער האָט מען גוט געזען זײַן אויסגעדאַרטן פּאָנעם און די דינע ציטערנדיקע באַזלעכער.

— ס׳ווערט פּײַכט. גיט וועל איך אײַך צודעקן... די ווונדן טוען ניט וויי?

— וואָס מיר ווונדן! — האָט געענטפערט דער פּאַרטיזאַן, זיך ראַשיק אָפּגעקערט פון איר און האָט אָנגעהויבן צו קוקן אַף די פֿײַערן פון די אויפרײַסן, וועלכע האָבן זיך נאָך אַלץ געוויגט אין דער ווײַטן.

קוקנדיק אויף אַהין האָט דאָס מיידל געטראַכט וועגן ניקאָלײַען וועלכער געפינט זיך שוין געוויס דאָרטן און זיכער, אַפּן געפּער־לעכסטן אָרט.

— וואָס דאָרט טוט זיך איצט? — האָט זי יאָמערלעך אַ שעפּטשע געטאָן.

— דער פאַשיסט גייט אָוואַדע אין אַן אַטאַקע, אָט וואָס! — האָט געענטפערט דער פאַרוווּנדעטער שוין מיט זײַן געוויינלעכער שטימע.

— און אונדזערע, די אומגליקלעכע, וואָס איז מיט זיי דאָרט איצטער?

— אומגליקלעכע?... דאָס זײַנען מיר די אומגליקלעכע, וואָס אין אַזאַ צײַט וואַלגערן מיר זיך דאָ ווי די קלעצער. עך, מאַשאַ, וואָלט איך געהאָט געזונטע פיס, וואָלט איך זיי אויפגעשפּילט אַ ציגײַנעריש לידל אָט אַף דער באַלאַלײַקע! — טשאָרני האָט קרי־געריש אַ טרייסל געטאָן מיטן אויטאָמאַט.

— אוי, וואָס איז דאָס? מירקאָ, טײַערע, וואָס איז דאָרט?

די זאַלפּן פון דער אַרטילעריע זײַנען פּונקט אַזוי פּלוצים אַנטשוויגן געוואָרן, ווי זיי האָבן זיך אָנגעהויבן. די פײַער־דונערן פון די אויפרײַסן האָבן זיך אויסגעלאָשן און איבער דער גאַנצער לענג פון דעם האָריזאָנט זײַנען דײַטלעך באַלויכטן געוואָרן די טונקעלע וואַלד־שפּיצן. פון אָנהייב זײַנען דאָס געווען בלויז טונקל־רויטע אָפּשײַנען, אָבער באַלד האָט זיך באַוויזן אַ פלאַם און דער אָפּגלאַנץ פון דער סרייפע האָט זיך אויפגעהויבן ביז צו די שטערן. דער וואַלד האָט געברענט.

באָאַבאַכטנדיק די פּלוצלינג אַנטשטאַנענע, אומפאַרשטענדלע־כע סרייפע, וועלכע האָט זיך ווי עס שײַנט צעפלאַקערט גאָר נאָענט,

האָט מוסיאַ אָפילע ניט דערהערט, ווי איבער זייערע קעפּ איז דורכ־געפלויגן אַן עראָפּלאַן. באַמערקט האָט מען אים ערשט באַ זײַן צווייטן דורכפלי, ווען ער האָט אָנגעהויבן צו רוישן מיטן מאָטאָר גאָר, גאָר נידעריק. איצט, ווען דעם סוינעס שטראָף־בריגאַדעס האָבן זיך געפונען מעגלעך גאָר נאָענט פון דעם עראָדראָם, האָט מען פאַרשטייט זיך, ניט געטאָרט אויפנעמען דעם עראָפּלאַן. עס האָט ווייך אַ הילך געטאָן די ראַקעטניצע, אַ רויטער שטערנדל האָט זיך אַרײַנגעשלײַכט אין דער נאַכט און מיט אַ שטילן פלאַץ אָנגעפּאַנ־גען ווי אַ לאַנגזאַמע קאָמעטע אַראָפּצולאָזן זיך צו דער ערד.

מוסיאַ האָט באַגראָבן איר זאַק אונטער אַ קענטיקער געקרײַזל־טער סאָסנע — ווו זי איז קימאַט אַ גאַנצע נאַכט אָפּגעשטאַנען מיט ניקאָלײַען און מיט אַ געמישטן געפיל פון שרעק און פרייד זיך צוגעהערט, ווי עס ווערט ביסלעכווײַז אַנטשוויגן דער גערויש פונעם מאָטאָר. ערגעץ ווײַט דאָרט האָט גענומען אויפגיין די זון. דער צאַרטער שײַן פון דעם יונגן באַגינען האָט ביסלעכווײַז גע־לאָשן דעם סרייפע־אָפּגלאַנץ, אָבער דער אימפּעטדיקער דאָרעם־ווינט האָט שוין דערטראָגן צום עראָדראָם אַ ביטערן גערוך פון וואַלד־סמאָלינעס. דאָס מיידל האָט האַסטיק באַדעקט מיט סכאַך און פאַרטאָפּטשעט דאָס אָרט ווו זי האָט באַגראָבן דעם זאַק און זיך אומגעקערט צו די פאַרוווּנדעטע. ביידע זײַנען זיי געווען גרייט צום קאַמף און געלעגן הינטער אַ יונגער סאָסנעלע מיט די אויטאָ־מאַטן און רעזערוו־דיסקעס.

— ער סמאָליעט אונדז אַרויס פון דעם וואַלד, ס'איז קלאָר. באַזיגן אונדז קען ער ניט, וויל ער מיט פײַער אויסברענען — האָט געזאָגט טשאַרני, ניט אויסדרייענדיק זיך אָפילע צום מיידל.

דער אַלטער באַכאַרעוו האָט זיך געפונען אין אַ האַלב־פיבער־דיקן צושטאַנד.

— וואָס טוט ער! וואָס טוט ער אַזוינס! — האָט ער געשעפּ־טשעט מיט די געשוואָלענע, צעפּלאַצטע ליפּן און צופאַלנדיק מיט דער באַק צו דער קאָלבע פון אויטאָמאַט האָט ער זיך פלוצים פאַר־מאָסטן צו שיסן.

אָבער טשאַרני האָט אַרויסגעשטויסן דאָס געווער פון זײַנע הענט.

— ליג אײַן, דו שימשון האַגיבער! — ער האָט זאָרגעוודיק באַדעקט דעם כאַוועך מיט אַ קאָלדרע.

— וואָס אַזוינס קומט דאָרטן פאָר? — האָט געמורמלט דאָס מיידל, נאָכפאָלגנדיק נאָך דער כמאַרע רויך, וועלכע האָט שוין אָנגעהויבן צו פאַרהילן די יונגע רויטע זון.

שוין באָם ערשטן קילאָמעטער איז ניקאָלײַ אָפּגעשטאַנען פון רודאַקאָוון, און איז אַנגעקומען צום וואַלד, אַן אויסגעבאַדענער אין שווייס אויף דעם פאַרשוויצטן און פאַרשוימטן פערד, ווען די קאַנאַנאַדע איז שוין איינגעשטילט געוואָרן.

עס האָט קוים שעמערירט דער באַגינען. האַגאַם דער נעפל האָט נאָך באַדעקט די גאַנצע פּאַנאָראַמע פונעם לאַגער און די ביימער האָבן זיך אומדײַטלעך געזען, ווי אַן אָפּשפּיגלונג אין מוטנעם וואַסער, דאָך האָט דער פּאַרטיזאַן גלײַך פאַרשטאַנען אַז דעם סוינעס קאַנאָנען האָבן ניט געשאָסן גלאַט אין דער וועלט אַרײַן — זייער פײַער איז געווען געצילט דירעקט אויפן לאַגער. אויף שריט און טריט האָבן זיך אויפן וועג געוואַלגערט אומגעוואָרפענע סאָסנעס. אונטער די פיס פונעם פערד פלעגן יעדע רעגע זיך באַווײַזן פרישע זאַמדיקע גריבער מיט טונקעלע נאָך ניט אָפּגעקילטע קאַנטן. עס האָט זיך געפילט אַ נודנער גערוך פון טשאַד, ווי מען וואָלט געברענט אַ קאָם. דאָס פערד האָט ניט געלייגט קיין אַכט אויף די געשרייען פון זײַן ווייניק געניטן רײַטער און איז געגאַנגען לאַנגזאַם און פאַרזיכטיק. פּלוצים איז ער מיט אַ מוירעדיקן הירזשען אָפּגעשפּרונגען אין אַ זײַט. אין נעפל האָט געטונקלט אַ גוף פון אַ טויטן פּאַרטיזאַן. דאָס איז געווען ווײַזט אויס דער וואַך־פּאָסטן.

דער לאַגער איז געווען פוסט. ווײַזט אויס, אַז די פּאַרטיזאַנער האָבן געקעמפט בײַ די באַפעסטיקונגען, ווײַל פון דאָרטן האָט זיך געהערט אַ טראַסקערײַ פון ביקסן־קנאַלן און לאַנגדויערנדיקע פּולעמיאָטן־סעריעס. באָם שטאַב־שטיבל איז געשטאַנען ניט צוגעבונדן רודאַקאָווס פערד און האָט פּאַכענדיק מיט די נאַסע זײַטן

און שלעפּנדיק איבער דער ערד די לייצעס געצופּט דאָס גראָז. אין פּאָדערשטיבל איז דער אַדיוטאַנט ניט געווען. ניקאָלײַ האָט גע־פרעגט „מען מעג ?" און ניט דערוואַרטנדיק זיך אַף אַן ענטפער, איז ער אַרײַן אין דער זעמליאַנקע.

דאָרטן איז קיין זאַך ניט געווען אַפן געוויינלעכן אָרט, אַלץ איבערגעדרייט. באַם אַרײַנגאַנג זײַנען געלעגן פּעק. באַם טיש זײַ־נען געשטאַנען אַריבערגעבויגן איבער דער מאַפּע רודאַקאָוו, קאַר־פּאָוו און נאָך עטלעכע קאָמאַנדירן, וועמענס פּענעמער איז שווער געווען צו דערקענען אין דעם האַלבן כוישעך און וואָלקנס טאַבאַק־רויך. רודאַקאָוו פלעגט אויסרופן די נעמען פון די אַרומיקע דער־פער און קאַרפּאָוו, קוקנדיק אַף דער מאַפּע, פלעגט ענטפערן מיט אַ טויטער שטימע : „פאַרנומען, פאַרנומען, באַזעצט". דער קאָמאַנ־דיר פלעגט זיך אַף אַ רעגע פאַרטרכטן און זיך ווידער אײַנבייגן צו דער מאַפּע. אין אַ ווינקל אַף אַ בינטל שטרוי, איז געשלאָפן אַן אײַנגעהילטע אין דעם קאָמאַנדירס לעדערנער פעלצענער קורט־קע, יולאָטשקאַ און האָט געשמאַקט געסאָפּעט.

ניקאָלײַ האָט נאָך ניט באַוויזן צו מעלדן וועגן זײַן אָנקומען, ווי גלײַך נאָך אים זײַנען מיט אַ הילכיקן טופּען אַרײַנגעלאָפן אין דער זעמליאַנקע צוויי פּאַרטיזאַנער. זיי זײַנען געווען אָן די היט־לען, שוואַרצע, פאַרסמאַליעטע, שרעקלעכע. זייערע בגאָדים זײַנען געווען אין אַ סאַך ערטער אויסגעברענט.

— אַ פײַער, אַ פײַער קומט ! — האָט אַרויסגעכריפּעט איי־נער פון זיי, אָנשפּאַרנדיק זיך מיט דער האַנט אָן דער וואַנט.

— מיר ברענען ! — האָט אויסגעשריִען דער צווייטער. — זיי צינדן אונטער !

רודאַקאָוו האָט זיך אָפּגעריסן פון דער מאַפּע. ער האָט אויפ־געהויבן אַף די אָנגעקומענע זײַנע קאַלטע מידע אויגן און האָט אַ געשריי געטאָן מיט אַ שטימע, וועלכע ביז איצט האָט נאָך ני־קאָלײַ קיינמאָל באַ אים ניט געהערט :

— וויאַזוי שטייט איר ? מעלדן לויט די פאָרשריפטן !

דער פּאַרטיזאַן האָט אַ ציטער געטאָן, ווי געטראָפן פון אַ שמיץ. ... אָפּטרעטנדיק פון דער וואַנט האָט ער אַראָפּגעלאָזט זײַנע ציטערדיקע הענט.

— עס ברענט אַרום אונדז, אַלץ ברענט! — האָט ער אַרויסגערעדט ווי פון שלאָף.

— אַכטונג! מעלדעט אַלץ ווי געהעריק!

דער פּאַרטיזאַן איז ווי געקומען צו זיך, ער האָט זיך אויסגעגלייכט און מיט אַ ציטערדיקער פאַרכאַפּטער שטימע, אָבער שוין דייטלעך און פאַרשטענדלעך, דערציילט וועגן דער נייער שרעקלעכער געפאַר, וואָס באַדראָט דעם לאַגער. זיצנדיק אין די שוק־גרייבער באַם אויסערלעכן רינג האָבן די פאַרפּאָסטנס בעשאָלעם און אָן באַדייטנדיקע פאַרלוסטן איבערגעוואַרט די אַרטילעריע־קאַנאַנאַדע. זיי זיינען שוין געווען גרייט אָפּצושלאָגן די קומענדיקע אַטאַקע, ווען פּלוצים האָט מען באַמערקט, אַז ניט ווייט פון זיי, פון פאָרנט און פון הינטן האָט מיטאַמאָל אַף אַ סאַך ערטער אויפגעפלאַקערט עפּעס אַ מאָדנער, רויטלעכער פייער. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז צוליב אומפאַרשטענדלעכע סיבעס האָט פּלוצים אָנגעהויבן צו ברענען די צעאַקערטע פון די סנאַריאַדן ערד. דערנאָך האָט מיטאַמאָל זיך אָנגעכאַפּט דער סאָסנע־וועלדל און די סרייפע אַ צעבלאָזענע פון דעם שאַרפן ווינט, צעפלאַקערנדיק זיך אַלץ מער און מער האָט זיך מיט אַ פייערדיקן שטורעם אַ לאָז געטאָן אַפן לאַגער. עס איז געוואָרן אוממעגלעך איינצוזיצן אין די אָקאָפּעס. די קליידער האָבן געטליעט... די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך קוים געהאַלטן... אייניקע, איבערגעשראָקענע פון דעם ניט געוויינלעכן פייער, האָבן שוין פאַרלאָזט די פּאָזיציעס.

רודאַקאָוו האָט אָפּגעשטופּט דעם פּאַרטיזאַן און איז אַרויסגעשפּרונגען פון דער זעמליאַנקע. אין וואַלד איז נאָך געשטאַנען דער קאַלטער קאַיאָר־נעפּל, אָבער ער איז געווען אינגאַנצן אָנגעפּילט, ווי מיט בלוט, מיט טונקל־רויטע אָפּשיינען. אַ דראָענדיקע רויטקייט איז געהאַנגען איבער די סאָסנע־שפּיצן.

— שוין, אַלץ איז קלאָר — האָט שטיל און זייער רויִק געזאָגט דער קאָמאַנדיר, ווי ער וואָלט געטראָפן זייער אַ שווערע רעטעניש — אָט דאָס זיינען זיי די געהיימנישפולע פילקעס. — ער האָט אַ רעגע פאַרטראַכט געריבן מיטן פינגער דאָס שטעכיקע בערשטל פון זיינע וואָנצעס — די מאַפּע!

בעייס דער אַדיוטאַנט איז געלאָפן נאָך דער מאַפּע, האָבן אָנגעהויבן צונויפפליסן פון אַלע זייטן אין לאַגער אַריין די פּאַרטי־

זאַנער. שוואַרצע, אָפּגעסמאַליעטע, אין טליִענדיקע מאַלבושים, זײַנען זיי אומגעלאָפֿן איבערן לאַגער מיט נאַסע שמאַטעס אויף די אָפּגעבריִענטע פּענעמער, געשריִען עפּעס איינער צום אַנדערן וועגן די כאַווײַרים, וואָס זײַנען אומגעקומען אין פֿײַער, געשלעפּט פֿון די ערד־שטיבלעך זייערע זעק, קאַסטנס ... פֿון די באַפֿעסטיקונגען האָט זיך נאָך אַלץ געהערט אַן אַקשאַנעסדיקע שיסערײַ.

אַ טומלדיקער האַמוין האָט געשטראָמט צו דעם שטאַב. קוקנדיק האַלב־קרום אויף די אָנקומענדיקע, האָט רודאַקאָוו מיט אַן אונטערגעשטראָכענער לאַנגזאַמקייט אָנגעהויבן צו פֿאַרדרייען אַ פּאַפּיראָס. ער האָט אַ לאַנגע צײַט געקוועטשט דעם טאַבאַק צווישן די פֿינגער, געבלאָזן אין מונדשטוק ביז די פּאָדערשטע, שרײַענדיקע און פּאַכענדיק מיט די ביקסן, זײַנען ניט צוגעקומען נאָענט צו אים.

מען האָט אַרומגערינגלט דעם קאָמאַנדיר. ער האָט אַרײַנגעשטעקט דעם פּאַפּיראָס אין מויל און אַרײַנגערוקט די האַנט אין קעשענע נאָך שוועבעלעך.

— מיר ברענען; עס ברענט אַרום אונדז! — האָבן געשריִען די פּאָדערשטע.

און רודאַקאָוו האָט דערהערט ווי הינטער אים האָט איינער געברומט מיט אויפרעגונג:

— ער רויכערט גאָר פּאַפּיראָסן. ער טאַטע־פֿאָטער, מיט אַזאַ איינעם וועסטו לעבעדיקערהייט פֿאַרברענט ווערן.

דער קאָמאַנדיר האָט פֿאַררויכערט און האָט רויִק אַ קוק געטאָן אין די פּענעמער פֿון די מענטשן, וועלכע האָבן זיך געשטופּט צו אים. יענע האָבן ניט ווילנדיק אַראָפּגעלאָזט זייערע בליקן אונטערן פֿעסטן קוק פֿון זײַנע קאַלטע אויגן. דאָס זײַנען געווען אַלץ די פֿרישע, די וואָס זײַנען די לעצטע טעג אָנגעקומען אין אָטריאַד, גאָר ווייניק אים באַקאַנטע, אַרומגערינגלטע, וועלכע האָבן לאַנג געבלאָנדזשעט איבער די וועלדער, קריגס־געפֿאַנגענע, וועלכע זײַנען אַנטלאָפֿן פֿון די קאָנוואָיען. די אַלע מענטשן האָבן גאָר ניט שלעכט און מען קען אַפּילע זאָגן דרײַסט, זיך געשלאָגן, אָבער דאָס נײַע אומבאַקאַנטע געווער, וועלכע דער סוינע האָט איצט גענוצט, דאָס שרעקלעכע פֿײַער, וואָס האָט זיך ווי אַ וואַנט גערוקט אויפֿן לאַגער, האָט אַרויסגערופֿן צווישן זיי אַ פּאַניק. „וואָס זאָל מען זיי זאָגן? וויאַזוי באַרויִקט מען אָט די אַלע מענטשן, וועלכע זײַ־

נען נאָך ניט געגוג אויסגעשמידט געוואָרן אין די וואַלד־שלאַכטן, וועלכע טראָגן נאָך אין זיך די מוירע פאַר די דײַטשן ?" — האָט געטראַכט רודאַקאָוו רויכערנדיק מיט אַן אויסערלעכער רויִקייט און אַפילע מיט אַ פאַרגעניגן דעם פּאַפּיראָס. און ווי אַף צעלאָכעס האָט מען צווישן דעם האַמוין ניט געזען קיין איין אײַזנבאַנער, פון וועלכע רודאַקאָוו האָט יעדן איינעם געקענט אַזוי גוט, ווי זיך אַליין.

— כאַווער קאָמאַנדיר, וועסט שפּעטער פאַרענדיקן דאָס רויכערן. פירט אונדז אַרויס פון דעם פײַער.

— וואָס אַרט אים... זעסט דאָך, ער האַלט פאַר זיך גרייט אַ פערד...

דער אוילעם האָט ווידער אָנגעהויבן צו טומלען. ניקאָלײַ, קאַרפּאָוו און דער אַדיוטאַנט האָבן זיך צוזאַמענגערוקט אַרום זייער קאָמאַנדיר, און מיט דעם האָבן זיי ווי אַ גאַס געטאָן בענזין אַף אַ שײַטער.

עמעצנס האַנט האָט אַ כאַפּ געטאָן רודאַקאָוון פאַרן אַקסל. ער האָט זיך אומגעקוקט, ווי ער וואָלט זיך געוווּנדערט, און באַטראַכט די האַנט, אַנגעשטעלט דערנאָך זײַנע אויגן אַף אַן אויסגעדאַרטן ניט ראַזירטן זעלנערל, אין אַן אַפּגעריסענעם צעבליאַסטעטן שינעלכל, מיט אַ פּילאָטקע אַרויפגערוקט ביז צו די אויערן, אַן דעם שטערן און אַן דער פאַרטיזאַנער סטענגעלע און אים אַ פרעג געטאָן ניט גאַנץ הויך, אָבער אַזוי אַז אים האָבן דערהערט אַפילע יענע וואָס האָבן געליאַרעמט פון הינטן:

— וואָס רעוועסטו ?

דער זעלנערל האָט מיט שרעק אַ צי געטאָן צוריק זײַן האַנט און פרוווּנדיק פאַרשווינדן צווישן אוילעם, פאַרלוירן געמורמלט:

— וואָס־זשע דען, שווײַגן ? אַליין זעט איר ניט, אַז מיר ברענען !

דער גאַנצער וואַלד איז שוין געווען פול מיט רויך.

— אין וואָס גייט עס ? — האָט רודאַקאָוו אויפגעהויבן זײַן שטימע.

— דער פּאַשיסט האָט אונטערגעצונדן אַרום און אַרום, אַט וואָס ! מיר וועלן אומקומען ווי אַ זשאַבע אין אַ מוראַשניק ! — האָט מען אָנגעהויבן צו טומלען פון אַלע זײַטן.

— און אין דאָרף באַ אײַך, ווען עס צינדט זיך אַן אַ כאַטע

וואָס טוט מען? — האָט געפרעגט דער קאָמאַנדיר, אָנגרײַפנדיק דעם שמוציקן זעלנערל — מען כאַפּט זיך אָן באַם קאָפּ, מע רעוועט, מען זידלט זיך? ווי׳אַזוי דאַרף זיך אויפפירן אַ קאָלווירטניק בעיס אַ סרייפע, נו?

דעם קאָמאַנדירס קאַלטע זיכערקייט האָט שוין אָנגעהויבן ווירקן אַפן אוילעם, די שטימען האָבן שוין געקלונגען רו׳יקער און פאַרנונפטיקער.

— גלײַך נעמען דאָס געווער און זיך אויסשטעלן באַם סיגנאַל. דער וואָס האָט זיך אומגעקערט מיט ליידיקע הענט, וועט צוריקגיין אין פײַער נאָך זײַן געווער, — האָט געגעבן אַ קאָמאַנדע רודאַקאָוו. — די קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן זאָלן דאָ בלײַבן און די איבעריקע צעגייט זיך און פירט אויס דעם באַפעל!

אינגאַנצן זײַנען איבערגעבליבן אַ מאָן פופצן, ווײַל אַלע קאָמוניסטן, קאָמיוגיסטן און איבערהויפּט די אַרבעטער־באַזע פונעם אָטריאַד האָט נאָך פאָרגעזעצט דעם קאַמף אַף די באַפעסטיקונגען אין דעם ברענענדיקן וואַלד. די אַלע אַנוועזנדיקע האָט רודאַקאָוו באַפוילן: אַ טייל זאָלן העלפן קאַרפּאָוון מינירן דעם באַזע־סקלאַד און די זעמליאַנקעס; אַנדערע, אונטער דער אָנפירונג פונעם אַדיוטאַנט, זאָלן גיין צאַפּנעמען די מענטשן פון די באַפעסטיקונגען און זיי אַרויספירן אָרגאַניזירט פון דעם פײַער צום צענטער פון לאַגער; די דריטע, מיט ניקאָלײַען אין דער שפּיץ האָבן געהאַט די אויפגאַבע אָנצופירן מיטן לאָדן אַף די וואָגנס און פערד, אַמוניציע און פאַרוואונדעטע.

אינגיכן האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען מענטשן פון די באַפעסטיקונגען, אין פאַררויכערטע, אָפּגעברענטע קליידער מיט שוואַרצע פּענעמער זײַנען זיי געלאָפן גלײַך צום טײַכל, געפאַלן אַף די קני און לאַנג הילכיק געטרונקען. דאָס זײַנען געווען קימאַט אַלע אײַזנבאַנער, אָבער אַלע האָבן אַזוי ווי איינער געגלאַנצט מיט די פאַרלאָפּענע ווײַסלעך פון די אויגן, און אַלע האָבן געהאַט דעם זעלבן פּאָנעם. ניקאָלײַ פלעגט זיי דערקענען נאָר לויט די שטימען. אַלע זײַנען געווען באַוואָפנט. מען האָט מיטגעבראַכט עטלעכע פאַרוואונדעטע. איין פאַרטיזאַן האָט געבראַכט מיט זיך אַ שטאַרק פאַרברענטן.

— לייגט אים אַוועק באַקוועם, ער איז היפּש אָפּגעברענט.

ער האָט געשאָסן אַפן סוינע פון אַ ברענענדיקן בלינדאַזש. ניט געוואָלט אָפטרעטן. קוים אים אַרויסגעשלעפט מיט גוואַלד — האָט דערציילט דער פאַרטיזאַן, אַראָפלאָזנדיק זײַן כאַוועד אַפן שטרוי.

דער פאַרברענטער איז געלעגן אָן באַוווסטזײַן, ער האָט געקרעכצט, זיך געוואָרפן און פיבערדיק אַרויסגעשריִען פרעמדע ניט קיין פאַרשטענדלעכע ווערטער. ניקאָלײַ האָט זיך צוגעבויגן צו אים און דערקענט דעם דײַטש, דעם אַנטיפאַשיסט קונץ, וועלכן ער פלעגט ניט איינמאָל זען באַ מוסיאַן אין שפיטאָל. מען האָט קונצן אַרויפגעלייגט אַף אַ פור.

מען האָט פאַרלאָזט דעם לאַגער אָרגאַניזירטערהייט. ווען דער עק פון דער קאָלאָנע איז שוין אַריבער די ליניע פון די אויסערלעכע וואַך־פאָסטנס און די פאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען זײַנען אַרײַן אין דעם אַלגעמיינעם שטראָם, האָבן זיך פון הינטן פון דער וואַלד־טיפעניש דערהערט אויפרײַסן — איינער, אַ צווייטער און עטלעכע מיטאַמאָל. באַ יעדן זעץ איז די לופט אויפגעציטערט געוואָרן. צום סאָף האָט זיך דערהערט אַזאַ דונער, אַז די ערד האָט אַ ציטער געטאָן און איבער די סאָסנע־שפיצן האָט זיך דורכגעטראָגן אַ ראַשיקער וויכער. די סאָסנעס טרייסלענדיק זייערע בורשטינענע שטאַמען האָבן אָנגעהויבן אַזש צו קרעכצן, ווי פון שרעק.

אינגיכן האָט די קאָלאָנע אָנגעיאָגט וולאַס קאַרפאָוו, טרייסלענדיק זיך אומגעשיקט אַפן אַדיוטאַנטס גרויסן פערד. זײַן דאַרער שוואַרצער, פון סאַזשע, פאָנעם איז געווען אַזוי כמורנע, אין זײַנע טיף־אײַנגעפאַלענע אויגן האָט זיך אָפגעשפיגלט אַזאַ ווייטיק, אַז עס איז געווען שווער אַף אים צו קוקן.

— וואָס ? ניטאָ שוין מער קיין לאַגער ? — האָט אים געפרעגט אַן עלטערער פאַרטיזאַן, אָנכאַפנדיק זיך באַ דער סטרעמנע.

— שוין אַלץ אָפגעטאָן — האָט געענטפערט קאַרפאָוו ניט אומקוקנדיק זיך און הױגו באַלעקט זײַנע צעפלאַצטע ליפן.

— געהערט, געהערט דײַן אַרבעט !

— און אויב דו האָסט געהערט, וואָס־זשע פרעגסטו ?

יולאָטשקאַ, וועלכע איז שוין פאַר די לעצטע מאָנאַטן צו אַלץ געוווינט געוואָרן, איז רויִק אָפגעשלאָפן אין דעם קאָמאַנדירס וואַרעמען פעלץ די גאַנצע צײַט ווען עס איז פאָרגעקומען די קאָנאָ־

נאַדע. ניקאָלײַ, ווען קאַרפּאָוו האָט אָנגעזאָגט פאַרן גיין צוגרייטן די אויפרײַסן, אַז ער זאָל אַכטונג געבן אַף זײַן טעכטערל, האָט זי אַזוי אַ שלאָפנדיקע גענומען אַף די הענט. דאָס קינד האָט אויפגעעפנט די אייגעלעך, זיך פאַרכידעשט פון דעם רויטן ליכט, אַ סמאָטשקע געטאָן מיט די ליפּעלעך, צוטרוילעך זיך צוגעדריקט צו דעם פּאַרטיזאַנס ברוסט און איז ווידער אַנטשלאָפן געוואָרן. שפּעטער אָבער איז איר שווער געוואָרן צו אָטעמען. זי האָט מיט פּאַרדרוס געמאָלדן דעם פעטער ניקאָלײַ אַז „יולאָטשקען איז בײטער אין מויל". ווען זי איז שוין אינגאַנצן וואַך געוואָרן, האָט זי זיך פאַראינטערעסירט, וווהין לויפן דאָס עפּעס אַלע און איר האָט זיך פאַרגלוסט צו פאַרנעמען איר באַליבטע פּאָזיציע — בײַ איר אַלטן פרײַנט אַף די אַקסלען. אַף אַזאַ אויפן פלעגט זי מיטמאַכן אַלע מאַרשן. יולאָטשקען האָט דאָס אַלץ זייער אינטערעסירט — זי פלעגט זיך יעדע רגע אומקוקן, קעדיי צו זען די גאַנצע קאַלאָנע, וועלכע האָט זיך געצויגן אין דעם גרוילעכן רויך וואָס האָט זיך געשפּרייט שיכטנווײַז איבער דער ערד. דעם קינד האָט זיך געדוכט, אַז זי פליט אַף אַן עראָפּלאַן איבער די וואָלקנס. זי איז פריילעך געוואָרן און אַפילע זיך צעזונגען. און ווען הינטן האָט זיך באַוויזן איר פאָטער, רײַטנדיק אַף אַן עמעסן פערד, איז יולאָטשקע פּאָשעט אַנטציקט געוואָרן. און זי האָט גלײַך באַשלאָסן בײַ זיך, אַז זי פליט גאָרניט, נאָר זי רײַט אַף אַ פערד און אונטערשפּרינגענדיק אַף דעם פּאַרטיזאַנס אַקסל, האָט זי אים געשפּאָרנט מיט די פיסלעך:

— ניאָ, פערדעלע, לויף שנעלער!

זי האָט זיך שטאַרק געערגערט ווען איר פאָטער איז אַראָפּגעשטיגן פונעם פערד און אים אָפּגעגעבן, אָבער ווי נאָר קאַרפּאָוו האָט זיך דערנענטערט צו איר, האָט זי זיך פעסט אײַנגעקלאַמערט אין אים מיט די הענטעלעך, זיך אַריבערגעפּעקלט צו אים און פאַרנעמענדיק איר באַליבטע פּאָזיציע שטאָלץ געקוקט אַף די אַלע פעטערס, וועלכע האָבן עפּעס ניט גערעדט צו איר און אַפילע ניט געלייגט אַף איר קיין שום אַכט. מיילע, זאָלן זיי זיך בייזערן, נייטיק דאַרף זי זיי האָבן. איצט רײַט זי דאָך אַף אַ פערד און דער פאָטער אײַלט זיך ניט, ער אַנטלויפט ניט פון איר, ער זאָגט ניט,

אַז ער איז פֿאַרנומען. זי האָט פֿעסט אַרומגעכאַפּט דעם פֿאָטערס נים ראַזירטן שטעכיקן קין, זיך צוגעבויגן צו זײַן אויער:

— פֿאָפּאַ, וווהין פֿאָרט יולאָטשקאַ? ענטפֿער, פֿאָפּאַ!

דאָס איז אַפֿילע נים געווען קיין פֿראַגע, נאָר פּאַשעט אַ העפֿלעכער רײַזע־שמועס, אָבער דער פֿאָטער האָט נים געענטפֿערט און האָט נאָר אַ זיפֿץ געטאָן.

— פֿאָפּאַ, יולאָטשקאַ פֿרעגט דאָך דיך, ווו וועלן מיר איצט וווינען און ווו איז יולאָטשקעס בעטל?

דאָס מיידעלע האָט אַקשאָנעסדיק געטרייסלט דעם פֿאָטערס קאָפּ, געשאָקלט און זיך געוווּנדערט: עס האָט זיך איר אויסגעוויזן אַז אירע הענטלעך פּילן אַפֿן טאַטנס שאָרסטקע באַקן עפּעס אַ מין וואָרעמקייט. זי האָט אויפֿגעהויבן איר הענטל — נאַס! ווי קומט אַהער וואַסער? אַ לעק געטאָן מיטן צינגל — געזאַלצן. יולאָטשקאַ האָט פֿלינק באַלאַנסירדיק מיט אירע פּיסלעך זיך אײַנגעבויגן, קעדיי פֿון דער זײַט אַרײַנצוקוקן דעם פֿאָטער אין פּאָנעם אַרײַן. קאָרפּאָוו האָט מיט אַ שאַרפֿער באַוועגונג אויסגעדרייט זײַן קאָפּ.

— פּאַפּעלע — האָט קאַפּריזנע אָנגעבלאָזן די ליפּן די קליינע פּאַרטיזאַנקע — יולאָטשקאַ פֿרעגט דאָך דיך, ווו וועלן מיר וווינען? דו הערסט דען נים וואָס יולאָטשקאַ פֿרעגט?

ענדלעך האָט דער פּאַרטיזן געענטפֿערט, אָבער מיט אַזאַ טויבער שטימע, אַז זײַן טעכטערל האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער שטיקט זיך מיט עפּעס.

— אָט אונטער דעם דאַך, פּיצל מײַנס. — ער האָט אָנגעוויזן אַפֿן ראָזעווע הימל, וועלכער האָט זיך אומענדלעך געצויגן איבער דער גרויער פּעל פֿונעם רויך, וואָס האָט זיך געשפּרייט איבער דער ערד. — ס'איז אַ הויכער דאַך, טעכטערל, אונטער אים וועט פֿאַר אַלעמען סטאַיען פּלאַץ, און פֿעסט איז ער דער דאַך אַזוי, אַז קיין פֿאַשיסט איז נים אימשטאַנד אים צו צעשטערן אָדער אונטערצינדן.

דעם טומל, וועלכן עס האָבן אויפגעהויבן באַגינען די ביט־געביטע, פריש־געבאַקענע פאַרטיזאַנער, האָט זיך טייקעף אײַנגעשטילט, ווען צום צענטראַלן לאַגער האָט זיך צונויפגעצויגן דער קאַדראָווער יאַדער פון אָטריאַד, ווען רודאַקאָוו האָט צוריקגעצויגן פון די פאַרשאַנצונגען, ווו זיי האָבן אַקשאָנעסדיק פאַרגעזעצט די שלאַכט. די מענטשן האָבן פאַרמאָגט אין זיך דעם קויען אַרײַנצוברענגען זייער פראָפעסיאָנעלע פינקטלעכקייט, אָרגאַניזאַציע און פעסטע, עכט אײַזנבאַנער־ישע רויִקייט אין אַזאַ קאָמפליצירטן איניען ווי אַ פאַרטיזאַנער־קריג, וואָס איז שטענדיק רײַך אין קאָלערליי סיורפּריזן און פאָדערט אַ באַלדיקע אָריענטאַציע און דרײַסטע באַשלוסן. זייער בלויזער באַווײַזן זיך האָט גלײַך אַרײַנגעפירט דעם טײַך, — וואָס האָט שוין אָנגעהויבן צו רײַסן די דאַמבע, — אין די ברעגעס.

דער שאַרפער, שטאַרקער ווינט האָט צעבלאָזן די סרייפע, אָבער דאָך האָט רודאַקאָוו באַוויזן אַרויסצופירן זײַן מאַכנע פון דעם ברענענדיקן וואַלד אין אַ פולשטענדיקער מאַרש־אָרדענונג. ער האָט פאָרויס אַרויסגעשיקט אויסשפירער און בײַ די פלאַנקן אַרויסגעשטעלט אַ קאַמפּס־שוץ. די פאַרטיזאַנער יוגנט אונטער ניקאָלײַס אָנפירונג, באַוואָפנט מיט אויטאָמאַטן, איז אַרויסגערוקט געוואָרן אין שפיץ פון דער קאָלאָנע. זי האָט באַקומען אַן אויפגאַבע אין פאַל אויב עס וועלן זיך באַווײַזן פײַנטלעכע פאַטרולן, זיי אַטאַקירן אין גאַנג און דורכברעכן פאַר דער אָפּטיילונג אַ וועג אַף צאָפן.

אַרומקוקנדיק זיך אין דעם ברענענדיקן וואַלד, האָט דער קאָמאַנדיר גלײַך פאַרשטאַנען, אַז דער פײַער־רינג מיט וועלכן די

פּאַשיסטן איז געלונגען צו דאַנק דעם ווינט און דער טריקעניש אַרומצוצינגלען דעם פּאַרטיזאַנער־לאַגער, האָט אַ שפּאַלט דורך וועלכן עס עפנט זיך אַ וועג צום עראָדראָם און דאַן ווײַטער צו די אומענדלעכע טאָרף־זומפּן, וועלכע זײַנען אַף דער מאַפּע באַצייכנט מיט העל־גרויע שטריכן, מיט זעלטענע בלויע פלעקן — קליינע אָזיערעס און טײַכלעך. עס איז געווען ניט צו פאַרשטיין, פאַרוואָס האָט דער פײַנטלעכער שטאַב אין אַזאַ גראַנדיעזער און אַזוי פּינקטלעך צוגעגרייטער שטראָף־אָפּעראַציע, איבערגעלאָזט אָפן דעם שפּאַלט. זאָל דאָס זײַן דערפאַר, וואָס דער סוינע, וועלכער האָט באַ די צאָלרײַכע פּרוּוון צו פאַרניכטן דעם פּאַרטיזאַנער־לאַגער פאַרלוירן צופיל מענטשן, האָט ניט געוואַגט צו פאַרקריכן אין די זומפּן, ווו ער האָט ניט געקענט מיטשלעפּן זײַנע האַרמאַטן, מינען־וואַרפערס און געפּאַנצערטע אויטאָס; אָדער עפּשער דערפאַר ווײַל דער אָנפירער פון דער שטראָף־עקספּעדיציע האָט זיך געאײַלט וואָס שנעלער צו מעלדן זײַן גענעראַל־שטאַב וועגן דער פאַרניכטונג פון די פּאַרטיזאַנער און ציטערנדיק פאַר די לאַנגדויערנדיקע שלאַכטן באַ אַן אַרומגערינגלטער פּאַרטיידיקונג, האָט ער בעקיוון איבערגעלאָזט דעם דורכגאַנג צו דער אָנוואַלדיקער זומפּיקער וויסטעניש? עס האָט געקענט זײַן אי אַזוי, אי אַזוי. אָבער זיכערער פון אַלץ איז הינטער דעם געווען אויסבאַהאַלטן גאָר אַ נײַע נאָך ניט קיין אויפגעדעקטע פײַנטלעכע ביטרעקייט.

ווי עס זאָל אָבער ניט זײַן, קיין אַנדער אויסגאַנג איז ניט געווען. רודאַקאָוו האָט אָנגענומען אַלע בייטיקע מיטלען קעגן אומדערוואַרטעטע שפּיצלעך און האָט געפירט זײַן מאַכנע צום שפּאַלט.

גלײַך באַם אַרויסגיין אָפן זומפּ, האָט ניקאָלײַ פאַראָרדנט זײַן אַוואַנגאַרד צו זײַן גרייט צום קאַמף. די פּאַרטיזאַנער האָבן אַרײַנגעשטעקט צינדערס אין די גראַנאַטן, אַראָפּגענומען די אויטאָמאַטן פון די רימענס און זיי גענומען אין די הענט מיט אַראָפּגעלאָזטע פאַרזיכערער. אָבער קיין שלאַכט איז ניט פאָרגעקומען, און אַרום צען אַזייגער ווען די זון האָט זיך שוין געלאָזט פילן, איז דער אַוואַנגאַרד אַרויס צו דער געגנט פון עראָדראָם. פון דאָרטן, פון דעם וואַלד־זוים זײַנען זיי אַנטקעגן געלאָפן פאָכענדיק מיט די שפּאָגל־נײַע אויטאָמאַטן די פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן דאָ געבעכטיקט. פאָרויס זײַנען פאַרשטייט זיך געלאָפן די אומפאַרמײַד־

לעכע האַנטװערקער, צװישן װעלכע ניקאָלײַ האָט גלײַך דערזען זײַן קליינעם פּרײַנט טאָליען.

אַפּן עראָדראָם איז געמאַכט געװאָרן דער ערשטער אָפּרו. די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך שטיל אַראָפּגעלאָזט אַף דער ערד, אַראָפּגענומען זייער געפּעק, אָבער דאָס געװער געהאַלטן אין די הענט און קעסיידער זיך אומגעקוקט אַף צוריק, צו דאָרעם. קיינער האָט זיך ניט אויסגעטאָן, ניט איבערגעװיקלט די אָנעטשעס, אַפילע ניט אויפגעבונדן די שנירלעך פון די װאַטאָװוקעס, האַגאַם עס איז שוין געװען היפּש װאַרעם. אַזוי איז מען געזעסן, קוקנדיק פאַרכמורעט אַהין, װו פאַרנעפּלענדיק דעם העלן טאָג, פאַרטונקלענדיק די זון, זײַנען אויפגעגאַנגען גרויע װאָלקנדיקע זײַלן רויך פון דער װאָלד־סרייפּע. דער דאָרעם־װינט האָט זיי געבויגן צו דער ערד און עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער יאָגט זיך טריט נאָך טריט נאָך די אַװעקגעגאַנגענע.

דער קאָמאַנדיר איז געזעסן אַף אַן אָפּגעזעגטן שטאָם און האָט עפּעס פאַרטראַכט געצייכנט מיט אַ צװײַגל אַף דער ערד. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער סוינע װעלכער האָט אומגעריכט אָנגעװענדעט אַ נײַעם טײַװולאָנישן מיטל, װעט ניט לאַנג װאַרטן און װידער איבערכאַזערן דעם אָנגריף, װי נאָר ער װעט זיך איבערצײַגן, אַז דער אָטריאַד האָט זיך אַרויסגעריסן פון דער פײַערדיקער פּאַסטקע. עמעס אַז לויט דער מאַפּע איז צו צאָפן ניט פאַראַן קיין װעלדער. גלײַך נאָך דעם אויסגערייניקטן עראָדראָם־פּלאַץ האָט זיך געעפנט אַ זומפּ, אָן װעגן און אָן יישוּװים. אָבער באַ אַזאַ טריקעניש האָט זיך דער זומפּ אויך געקענט אָנצינדן. זאָל טאַקע דאָס זײַן דער מיין פון די פאַשיסטן, װעלכע האָבן איבערגעלאָזט אַן אַרויסגאַנג פון דעם פײַער־רינג? בעייס רודאַקאָװ איז נאָך געװען אַ מאַשיניסט, פעלגט אים ניט איינמאָל אויסקומען צו זען פון דער לאָקאָמאָטיװ־בודקע טאָרף־סרייפּעס — אַן אומענדלעכן יאַם גרויען בײַסיקן רויך, װאָס האָט זיך געשלײַכט איבער דער ערד. סרייפּעס אָן פײַער. אומבאַמערקט פאַרן אויג האָט געברענט דער באָדן. לאַנגדויערנדיקע און שרעקלעכע סרייפּעס, װײַל נאָר אַ נאַטירלעכער שלאַקס־רעגן און ניט מער איז בעקויעך געװען אים אײַנצולעשן. און דער הימל איז אַזוי דראָענדיק קלאָר, און די זון, פאַרשלייערט אין רויך, שײַנט טונקל װי אַ צעגליטע

טיידל פון אַ לאָקאָמאָטיוו־אויוון. יאָ, מען מוז אַרויסטרעטן, שוין אַרויסטרעטן און זיך באַוועגן ווי אַמשנעלסטן. מען מוז פאַרשווונדן ווערן און זיך אויסבאַהאַלטן אין די זומפּן, קאַלזומאַן די שטראָפלער האָבן זיך ניט איבערצײַגט, אַז אין וואַלד איז קיין זאַך ניט אײַ־בערגעבליבן, כּוץ די צעשטערטע ערד־שטיבלעך.

און דאָ פּלוצים נאָך אַ קאָמפּליקאַציע. עס איז געקומען צו־לויפן אַן אויפגערעגטער דער ווירטשאַפטס־פאַרוואַלטער און האָט געמאָלדן, אַז בײַ אַלע זײַנע באַמיִונגען איז אים דאָך ניט געלונגען אָנצולאָדן אַף די וואָגנס דעם גאַנצן קריגס־מאַטעריאַל, וועלכן מען האָט צוגעשיקט פון דער גרויסער ערד.

— און די פורן?

— שוין אַראָפּגעוואָרפן אַלץ וואָס איז איבעריק. איך אַליין האָב אַכטונג געגעבן, אַפילו אַנאַ מיכעיעוונאַ וויל גיין צופוס.

— אָנלאָדן אַף די רײַט־פערד.

— כאַווער רודאָקאָוו, ווו זײַנען זיי די פערד? סאַכאַקל פינף שוין אַרײַנגערעכנט אײַערן. וועלן זיי דען דאָס קענען אויפהייבן? און די מינעס זײַנען אַזעלכע — דער פאַרוואַלטער האָט אויפגע־הויבן זײַן פאַרשמירטן מיט שמיר־פעטס גראָבן פינגער — די נע־שאָמע ווײַנט איבערצולאָזן אַזאַ אוצער.

— וואָס־זשע שלאָגט איר פאָר?

דער פאַרוואַלטער האָט נאָר צעפּירט מיט די הענט.

רודאָקאָוו האָט מיט קאָפּ פאַרשטראָכן אַלץ, וואָס ער האָט מיט אַזויפיל מי אויסגעמאָלן אַף דער ערד. די גאַנצע צײַט איז געווען אַ מאַנגל אין געווער. דער מאַנגל האָט געשטערט דער אָפּ־טיילונג זיך צעוואַקסן. מען פלעגט צורעכט מאַכן דעם פאַרכאַפּטן ברוך, וואָס מען האָט דעראָבערט אין שלאַכטן. מען פלעגט זיך אַליין אונטערדרײַסן אַף די אַליין־געמאַכטע מינעס. און וויפל דרײַסט פאַרטראַכטע דיווערסיעס זײַנען דורכגעפאַלן צוליב דעם, וואָס אין דעם נייטיקסטן מאָמענט פלעגט ניט אויסרײַסן די אייגענע אויסאַרבעטונגען! און איצט, ווען די גרויסע ערד האָט געעפנט אַ ברייטע האַנט, אַפרײַסנדיק דאָס אַלץ אַן שום צווייפל פון דעם אַלגעמיינעם פראָנט, ניט שוין־זשע וועט מען מוזן אַזאַ מין גוטס פאַרניכטן?

— אַלע קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן צו מיר! — האָט באַ־פוילן רודאַקאָוו זײַן אַדויטאַנט.

ער אַליין האָט נאָך ניט באַשלאָסן וועגן וואָס ער וועט ריידן. אָבער, פּאָשעט, לויט דער אַלטער געוווינהייט, האָט ער זיך אין אַ שווערן מאָמענט געווענדעט צו די באָלשעוויקעס.

אַלע קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן האָבן זיך פֿאַרזאַמלט, ווי זיי וואָלטן געוואַרט אַף דער אײַנלאַדונג. אַלע זײַנען זיי געווען ווי אין מאַרש, באַם געווער מיט די רוקזעק. רודאַקאָוו האָט זיי אָנגעוויזן אַף די נאָך ניט געעפֿנטע קאַסטנס, פֿון וועלכע דער פֿאַר־וואַלטער מיט דער הילף פֿון די האַנטווערקער, האָט געריסן די דעקלעך. אונטערן שאַרסטקען געלן וואַקס־פּאַפּיר זײַנען געלעגן גוט אײַנגעפּאַקטע מאַגנעט־מינעס, סימעטרישע ציגל טאָל־פּאַטראָ־נען און שאַכטלעך מיט אויטאָמאַט־קוילן.

די פּאַרטיזאַנער האָבן מיט אַנטציקונג געקוקט אַף די מאַטאָ־נעס פֿון דער גרויסער ערד.

— איר זעט אָט, דאָס אַלץ איז ניט אַרויף אַף די וואָגנס, ניטאָ קיין מיטלען עס מיטצונעמען. וואָס זאָל מען טאָן, כאַווײ־רים? — האָט געפֿרעגט רודאַקאָוו, ווי ער וואָלט גאָר ניט געווען דער קאָמאַנדיר פֿונעם אָטריאַד, נאָר דער סעקרעטאַר פֿון דעפּאָ־פּאַרטיי־קאָמיטעט, וועלכער קומט אַרײַן אין אַ צעך קעדיי זיך מעיאַשעוו צו זײַן מיט די מענטשן וועגן אַ וויכטיקן און קאָמפּלי־צירטן טעכנישן איניען.

די פּאַרטיזאַנער האָבן געשוויגן. יעדער פֿון זיי איז געווען באַלאָדן מיט געווער, מיט אַ זאַפּאַס קוילן, געהאַט אַ קלומעק אָדער אַ צונויפֿגעוויקלטן שינעל און אַ כוץ דעם נאָך אַ רוקזאַק מיט אַ פּאָרל וועש אַף איבערצובײַטן, אַ רעזערוו־ברויט און נאָך פֿאַר־שיידענע פּערזענלעכע קלייניקייטן, וועלכע זײַנען אַזוי טײַער, וויכ־טיק און נייטיק אין דעם היימלאָזן וואַנדער־לעבן. באַ אַ סאַך פֿון זיי זײַנען די קעשענעס געווען אָנגעשוואָלן פֿון די גראַנאַטן. און די מינירער, מענטשן עלטערע, ווירטשאַפֿטלעכע, זײַנען אויסער דעם אַלעמען געווען איבערגעלאָדן מיט אויפֿרײַס־מאַטעריאַל, וועלכן זיי האָבן געטראָגן אין זעק אַריבערגעוואָרפֿן איבערן אַקסל, ווי מען פֿלעגט אַמאָל טראָגן קאַרטאָפֿל פֿון די גערטנער.

אַלע האָבן געוווּסט אַז עס שטייט זיי פאָר אַ שווערער מאַרש. פאַרלאָזנדיק דעם לאַגער האָט מען זיך באַמיט מיטצונעמען אַלץ, וואָס איז נאָר געווען מעגלעך. רודאַקאָוו האָט פאַרשטאַנען, אַז מען קען פון זיי ניט פאָדערן זיי זאָלן טראָגן אַף זיך נאָך מער, ווי דאָס, וואָס זיי האָבן שוין געטראָגן. דערווירטשאַפטס־פאַרוואַלטער האָט געקוקט אַף די פאַרטיזאַנער מיט בעטנדיקע אויגן. היינט אינדערפרי האָט מען געשמועסט אין דער קאָלאָנע, אַז דער דיקער רויטבאַקיקער מאַן מיט דער געדיכטער באָרד האָט געוויינט ווי א קינד, ווען קאָרפּאָוו האָט פאַרלייגט צינד־קנויטן אונטערן פונדאַמענט פון זיין באַזע־סקלאַד, וועלכער איז געווען אָויפגעבויט אין די הילצערנע אָקאָפּעס נאָך אין די גוטע צייטן, איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן די עוואַקואַציע.

דער פאַרוואַלטער איז אַראָפּ פון זיין פערד, אים אָנגעלאָדן מיט קאַסטנס און אָנגעשטאָפּט זיין אייגענעם רוקזאַק מיט פאַרשיידענע קריגס־מאַטעריאַלן. דאָס איז געווען אַלץ וואָס ער איז געווען בעקויעך צו טאָן.

— אַלזאָ, כאַוויירים, וואָס טוט מען? מיר וועלן דאָס אויפרייסן? — האָט נאָכאַמאָל געפרעגט רודאַקאָוו.

דער פאַרוואַלטער האָט זיך א וואָרף געטאָן צו די קאַסטנס, ווי ער וואָלט זיי געוואָלט באַשיצן מיט זיין קערפּער.

דאַן איז פון דער ריי שווייַגנדיקע מענטשן, וועלכע זיינען געשטאַנען פאַרטראַכט, וואַקלענדיק זיך אין פאַרלעגנהייט פון איין פוס אַפן צווייטן, אַרויסגעטראָטן קוזמיטש. ער האָט אַנידערגעלייגט זיין אויטאָמאַט, אַראָפּגעריסן פון זיך דעם זגראַבנעם ברעזענטענעם זאַק, וועלכער איז געווען איינגעפּאַקט מיט אַ זעלנערישער פּינקטלעכקייט, אים אָנגענומען באַ די אויערן און אַרויסגעשאָקלט אַפן גראָז אַלץ וואָס אין אים איז נאָר געווען.

— אויב ס׳איז שוין יאָ אַזאַ הוליאַנקע, טאָ שנייד די לעצטע אוגערקע. — האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל און קעדיי אַ סאָף צו מאַכן צו די איבערטראַכטענישן און וואַקלענישן אָנגעהויבן שלייַדערן מיט די פיס אַף אַלע זייטן זיין וועש, פאַרשיידענע פּעקעלעך און כפּייצימלעך פאַרוויקלטע אין פּאַפּיר. ער האָט זיך נאָר דער־

באַרעמט איבער אַ דיקן זעקל מיט מאַכאָרקע, אים אויפגעהויבן און פאַרשטופּט אין אַ קעשענע.

— איך בין אַ מיידל אַ שיינס, מיך וועט מען אָן נאַדן אויך געמען, — האָט ער אַ ווונק געטאָן מיט זײַן גרינעם אייגל. ער האָט אויסגעשטרעקט צום פּאַרוואַלטער דעם אויסגעליידיקטן זאַק:

— אַנו, פּאָליטישע עקאָנאָמיע, לייג אַרײַן אַהער דײַנע צוקערלעך.

און אַלע זײַנען מיטאַמאָל מיטגעריסן געוואָרן. מיט געלעכטער און וויצן האָט מען אָנגעהויבן אויסצוליידיקן די זעק. די פּערזענלעכע זאַכן, אַלץ וואָס איז מיט אַזויפיל מי געזאַמלט און אָפּגעהיט געוואָרן אין דעם וואַנדער־לעבן, אַלץ וואָס איז געווען אַזוי ליב און טײַער, ווי אַ לעצטער אָנדענק פון דער מישפּאָכע, דאָס לעצטע ברעקל פון אַמאָליקער געמיטלעכקייט, וואָס איז פאַרטראָגן געוואָרן אַהער אין וואַלד — אַלץ איז געפלויגן אַף דער ערד. אונטער די פיס האָט זיך געוואַלגערט: וועש, האַנטעכער, שפּיגעלעך, קעסעלעך, שוכוואַרג, בײַקענע קאָלדרעס, שוסטער־געצײַג, אַפילע ביכער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אַטריאַד אין זייער אַ קליינער צאָל און האָבן זיך געשעצט מער ווי סוכאַרעס, וועלכע מען פלעגט צערײַסן אַף פינף, זעקס כאַלאָקים, קעדיי וואָס מער מענטשן זאָלן זיי קענען גלײַכצײַטיק לייענען.

און אַנשטאָט דעם אַלעמען האָט דער פּאַרוואַלטער, סאַפּענדיק פון נאַכעס, געפּאַקט אין די אויסגעליידיקטע זעק מאַגנעט־מינעס, שאַכטלעך מיט פּאַטראָנען, דיסקעס, קאַרטאָן־קעסטלעך מיט דינאַמיט.

באַמערקנדיק, אַז די קאָמוניסטן פּאָרען זיך עפּעס אַרום די קאָסטנס, וועלכע זײַנען אָנגעקומען פון דער גרויסער ערד, זײַנען צו זיי צוגעגאַנגען אויך די אומפּאַרטיייִשע פּאַרטיזאַנער. זעענדיק וואָס עס קומט דאָ פאָר, זײַנען זיי אויך פאַרכאַפּט געוואָרן מיטן אַלגעמיינעם שטראָם און האָבן אויך אָנגעהויבן אויסצוליידיקן זייערע זעק, רוקזעק און קעסטלעך.

— זשאַלעוועט ניט, כאַווײַרים, אָט וועלן מיר פאַריאָגן דעם פאַשיסט, עס וועט זיך אומקערן די סאָוועטן־מאַכט — וועט אַלץ ווידער זײַן! — האָט געיובלט קוזמיטש, אײַנאָרדענענדיק אַף זײַן

רוקן דעם שווער געוואָרענעם זאַק — און אויב עס זאָל ניט זײַן קיין סאָוועטן־מאַכט, דאַרפן מיר שוין גאָרניט האָבן, אַפילו דאָס לעבן איז איבעריק. — און ער האָט געוווּנקען צו רודאַקאָוון, ווי איינער רעדט: — וואָס זאָגסטו דערויף, באַלעבאָס. כ'האָב אַרײַנגעטראָגן אַ נישקאָשעדיקן ראַציאָנאַליזירנדיקן פאָרשלאָג. וואָס? קוזמיטש פאַרמאָגט טאַקע ניט מער ווי איין אויג, אָבער זען זעט ער שאַרפער ווי אַנדערע, וואָס קוקן מיטן פולן קאָמפּלעט.

צוזאַמען מיט די איבעריקע האָבן אויך מוסיאַ און ניקאָלײַ ניט פאַרטראַכטנדיק זיך אויסגעליידיקט זייערע זעק. אין שטויס פון די אַרויסגעשלײַדערטע זאַכן איז אויך אַרײַנגעפאַלן דאָס באַליבטע בונטע זײַדן קליידל און די לאַקירטע שיך. פון איר גאַנצן האָב און גוטס האָט זיך מוסיאַ איבערגעלאָזט בלויז אַ קעמל — אַן אָנדענק פון דעם זאָרגעוודיקן מיטראָפּאַן איליטש. און ניקאָלײַ האָט אויפגעהויבן און פאַררוקט צו זיך אין אַ קעשענע אַ דיקן נאָטיץ־ביכל, ווו ער פלעגט אין מעשעך פון אַ סאַך יאָרן פאַרשרײַבן אויסדרוקן, וועלכע זײַנען אים געפעלן געוואָרן, פּאָעזיע און פאַרשיידענע געדאַנקען און ווו ער האָט אויסבאַהאַלטן, ווי אַ הייליקטום, מוסיאַס צעטעלע אין וועלכן זי האָט אים אָנגעשריבן אַ פּאָר שורעס אַנטשולדיקנדיק זיך פאַרוואָס זי קען נאָך אַזוי שנעל אים ניט אָפּגעבן זײַן העמד.

— אָט, איר זעט, שוין אַלץ פאַרטיילט! — האָט געליאַרעמט קוזמיטש. — און פאַר די פאַשיסטישע שמאַטע־קלײַבערס וועט אויך זײַן פּאַרנאָסע. עס וועט קומען צוקריכן אַהער אַזאַ ליבהאָבער פון פרעמדן גוטס און וועט מיינען, אַז ער איז אַרײַנגעפאַלן אין גאַניידן. אַלץ ליגט אונטער די פיס — קלײַב נאָר, אַזוי ווי יאַגדעס.

רודאַקאָוו האָט צעשטרײַט געהערט דעם אַלטנס פּלוידערײַען און האָט געשמייכלט. יאָ, עס שטייען טאַקע פאַר ערנסטע און עפּשער שרעקלעכע ניסיוינעס, אָבער ווען די פאַשיסטן זאָלן אַפילו אונטערצינדן אַלץ אַרום זיי — די מענטשן וועלן זיי ניט פאַרגינען, זיי וועלן זיך דורכרײַסן, זיי וועלן אַרויסגיין און וועלן זיגן.

אין אַ האַלבער שאָ אַרום האָט זיך די מאַכנע ווידער אַ ריר געטאָן אַף צאָפן. אַרום איז אַלץ פאַרהילט געוואָרן מיט אַ ביטערן רויך. די זון, וועלכע האָט לויט דער שאָ שוין באַדאַרפט שטיין

אפֿן זעניט איז פֿאַרטרונקען געווען אין געדיכטע ברוינע וואָלקנס. איבערן זומפּ איז געשטאַנען אַ דושנער ביין־האַשמאָשעס.

רודאַקאָוו איז געגאַנגען צופֿוס אין אַוואַנגאַרד פֿון דער קאָ־לאָנע, ער האָט געהוסט, זיך געריבן יעדע רעגע די אויגן און דאָך האָט ער געבענטשט דעם רויך, וועלכער האָט פֿאַרדעקט דעם אָפּ־מאַרש פֿונעם אָטריאַד און פֿאַרהילט די שפּורן, און איין געדאַנק האָט קעסיידער, ווי אַ זייגער, געקלאַפּט און געעקבערט זײַן מאַרך: שנעלער, שנעלער, שנעלער...

## VIII

באַ די קאָסטנס מיטן קריגס־מאַטעריאַל, וועלכע מען האָט צוגעשיקט פֿון דער גרויסער ערד, האָט מוסיאַ אַביסל איבערגעכאַפּט די מאָס. זי איז אַזוי אויך געווען געניט אָנגעלאָדן: דער זאַק מיטן צירונג איז געווען גאַנץ שווער. אָבער זעענדיק, ווי אַפֿילו די אַלטיטשקע אַנאַ מיכײַעוונאַ האָט אָנגעטאָן די ברילן און פּאַקט אײַן איר טשעמאָדאַנדל קעסטלעך מיט אויטאָמאַט־פּאַטראָנען, האָט זיך דאָס מיידל אויך ניט אײַנגעהאַלטן, אַרויסגעשלײַדערט פֿון דעם זאַק אַלע אירע פֿערזענלעכע כפֿייצים און אַרויפֿגעלייגט פֿון אויבן אַפֿן ציוונג צוויי אָנגעפּאַקטע, זייער שווערע קעסטלעך. איצט האָט זי זיך קוים געשלעפּט צוהאַלטנדיק זיך מיט דער האַנט באַם ווענטל פֿון דער שפּיטאָל־פֿור, אײַנגעבויגן אין דרײַען אונטער דער צו שווערער פּאַר אירע קויכעס מאַסע.

אַנאַ מיכײַעוונאַ האָט שוין עטלעכע מאָל איר פֿאָרגעשלאָגן צוצוזעצן זיך אַף דער פֿור, אָדער לעכאָל האַפּאָכעס זיך באַפֿרײַען פֿון איר זאַק. מוסיאַ האָט פֿון מידקייט ניט געקענט אַפֿילו ענטפֿערן און זי האָט בלויז געשאָקלט מיטן קאָפּ אַף ניין.

דאָס בלוט האָט געהאַמערט אין די שלייפֿן, די אָפּגעשוואַכטע פֿיס האָבן זיך אונטערגעבויגן, ס'איז איר שווער געווען באַ יעדן טראָט זיי אָפּצורײַסן פֿון דער ערד. עס האָט גערוישט אין די אויערן, ווי מען וואָלט צוגעלייגט צו זיי גרויסע מושלען. אָבער די אַנדערע האָבן געטראָגן אַף זיך ניט וויניקער, ווי זי, און מוסיאַ האָט באַשלאָסן, אַז גיכער וועט זי פֿאַלן אַף דעם טרוקענעם, אויסגעטראָטענעם מאָך, איידער אויסנוצן די מעגלעכקייט אַרויפֿצושטופּן אומבאַמערקט אַפֿן וואָגן די מאַסע, וועלכע זי האָט פֿרײַוויליק זיך אונטערגענומען צו טראָגן. בלויז פֿונעם געדאַנק אַליין וועגן דעם פֿלעגט זי ווערן אויפֿגעבראַכט.

די זון וועלכע האָט זיך ניט געמערקט פון אונטער די ברוינע רויך־וואָלקנס, האָט אומבעראַכמאָנעסדיק געטריקנט די ערד. די וואַנגאַרד־אָפּטיילונג האָט געלאָזן נאָך זיך אַזאַ געדיכטן שטויב, אַז מען האָט גאָרניט געקענט זען. דער דאָרעם־ווינט האָט שאַרף געבלאָזן די פּוסגייער אין די פּלייצעס און האָט צונויפגעמישט דעם שטויב מיטן רויך. עס איז געוואָרן אַלץ שווערער און ביטערער צו אָטעמען. נאָר די פּאָדערשטע צווישן וועלכע, ווי מען האָט געזאָגט, האָט זיך אויך געפונען רודאַקאָוו, האָבן קעסיידער פאַרשנעלערט זייער טראָט.

אָפּטמאָל פלעגט מוסיאַ פילן אַז אָט אָט פאַרלירט זי איר באַוווסטזיין. און דאָס האָט איר געשראָקן מער ווי אַלץ. פאַרשטייט זיך, אַז מען וועט זי ניט צעטרעטן, מען וועט זי אויפהייבן און איר מאַסע וועט עמעצער טראָגן אַנשטאָט איר. אָבער ווי וועט זי, אַ קאָמיוגיסטקע, קענען שפּעטער קוקן אין די אויגן אירע כאַווייריס? ניין, ניין, זי טאָר ניט אָפּשטיין און ניט אומפאַלן. קעדיי צו פאַרטרייבן פון זיך די פאַררעטערישע שוואַכקייט, זיך באַצווינגען צו פאַרגעסן דעם שאַרפן ווייטיק אין די קריזשעס און אין די קני, האָט מוסיאַ געזונגען אין די געדאַנקען אַלע אירע באַליבטע לידער. אָבער אויך דער מיטל, וועלכן זי האָט שוין מער ווי איינמאָל גע־האַט אויספּרוווט באַם וואַנדערן מיט מיטראָפּאַן איליטשן, האָט דאָס מאָל ניט געהאָלפן. פאַר אירע אויגן האָבן אָנגעהויבן צו שווינדלען רייפן, אַ וואַרעמע נודנעקייט איז דערגאַנגען צום האַלדז, די ערד האָט אָנגעהויבן צו אַנטלויפן פון אונטער אירע פיס.

פון פאָרנט, וויגנדיק זיך ווי אַ שיף אַף כוואַליעס, איז געשווומען אין וואָלקנס שטויב די לעצטע פון די שפּיטאָל־פורן. אַף איר זײַנען געלעגן, אײַנגעקלאַמערט מיט די הענט אין די הילצערנע וועגנטלעך, דער אַלטער פּאַרטיזאַן באַכאַרעוו, מירקאַ טשאָרני און קונץ, ווען, אַף מירקאָס פאָדערונג, האָט מען אַוועקגעלייגט צוזאַמען מיט אים. עס איז געווען צו מערקן, אַז יעדער שאַרפער שטויס פון דער פור פאַרשאַפט אַלע דרײַ אַ שטאַרקן ווייטיק. דער דײַטש איז געלעגן אָן באַוווסטזײַן, ער האָט געקריצט מיט די ציין און יאָמערלעך געקרעכצט. קעדיי ניט צו הערן די קרעכצן און צו פאַרבאָרגן זייערע אייגענע יעסורים, האָבן די פּאַרטיזאַנער אָן

אויפהער געברומט צווישן די ציין אַן אַלט ליד, מיט אַן אויס־טערלישן רעפריין „אַ פריילעכער געשפּרעך״:

דער פאָטער דעם זון האָט ניט געגלויבט
אַז אַף דער וועלט איז פאַראַן אַ ליבע, —

פלעגט שטיל פאַרציִען טשאַרני. מוסיאַן האָט זיך די גאַנצע צײַט געדופט אַז זײַנע טיף אײַנגעפאַלענע אײַנגאַנצן רונד־געוואָרענע אויגן קוקן אַף איר ניט אָפּרײַסנדיק זיך אַף אַ רעגע. דאָס לעצטע וואָרט פלעגט ער לאַנג ציִען און באַכאַראָוו, וועלכער איז געלעגן מיט פּי־בער פלעגט שטיל און הייזעריק אונטערכאַפּן:

ער... אַז אַף דער וועלט איז פאַראַן ליבע, —

און אין ברוינעם געמיש פון שטויב און רויך, פלעגן זיך לאָזן הערן צוזאַמען צוויי שטימען:

אַ פריילעכער געשפּרעך...

און שפּעטער האָבן ביידע שטימען אָדער צונויפגיסנדיק זיך, אָדער איבעריאָגנדיק איינע די צווייטע, טרויעריק געצויגן:

געכאַפּט האָט דער זון אַ שאַרפע שווערד
און זיך אַליין האָט ער געקוילעט
ער, ער, ס'איז אַ פריילעכער געשפּרעך...

דאָס ליד, אַ לאַנגזאַמס און ניט קיין טרויעריקס, גיכער פון אַלץ אַן אָזעסדיקס, פלעגט ווײַט ניט פאַרפליִען, פלעגט גלײַך אויס־געלאָשן ווערן אין דער געדיכטער, דושנער לופט, אָבער ווידער געבוירן ווערן.

דאָס מיידל האָט זיך צוגעהערט צו די קופּלעטן, וואָס כאַזערן זיך איבער אַן אַ שיר און געטראַכט וועגן די מענטשן, וועלכע זײַנען פעיִק מיט אַזאַ זעלבסטאָפּפערונג צו קעמפן און אַזוי סטאָיִש איבערטראָגן יעסורים. זי האָט געטראַכט און געפילט אַ בושע, וואָס קענען איר ווילן קריכן אין קאָפּ אַרײַן אַן אויפהער פאַררעטער־רישע געדאַנקען, אַז ס'וועט גאָר ניט זײַן קיין גרויס אומגליק אויב זי וועט בעמען און אַרויפלייגן איר לאַסט אַפן וואָגן.

„ניין, איך וועל ניט אַרויפלייגן — פלעגט זי פון זיך יאָגן דעם אַקשאָנעסדיקן געדאַנק, ווי אַ קאָמאַר — איך וועל דאָס בעשום אויפן ניט טאָן... זאָל דאָס דינען פאַר מיר ווי אַ קליינער פּרווו, אויב איך בין אַן עמעסע קאָמיוגיסטקע, אויב איך בין ווערט צו

טראָגן דעם נאָמען פון אַ סאָוועטישן מענטש". אירע פיס זײַנען געוואָרן ווי הילצערנע. די פּלייצע און קריזשעס האָבן געגנאָיעט. אַלץ אָפטער און אָפטער האָט זי געפילט די נודנעקייט אין גאָרגל און איצט האָבן שוין גאַנצע מאַכנעס קאָלירטע רייפן געשווינדלט פאַר אירע אויגן.

דאָס מיידל האָט זיך נאָך פעסטער אָנגעכאַפּט אָן דער ראָם פון דער פור און שטרענג באַפוילן זיך אַליין: „גיי, פאַל ניט, פאַל ניט!" און דאָ איז געשען אַ נעס. דער זאַק הינטער אירע פּלייצעס האָט פאַרלוירן אַ טייל פון זײַן וואָג. מוסיאַ האָט דער־פילט אַזאַ דערלײַכטערונג, ווי אַ פרישער, קילער ווינטל וואָלט אַ בלאָז געטאָן אין איר צעהיצטן פּאָנעם. וואָס איז דאָס? די קאָ־לירטע רייפן זײַנען פאַרשוווּנדן געוואָרן. די פור, וועלכע האָט זיך געוויגט פון פאָרנט, דער געדיכט פאַרשטויבטער פערדישער רוקן, די פיגורן פון די פאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן זיך אומדײַטלעך גע־זען אין דעם ברוינעם וואָלקן־שטויב — אַלץ האָט זיך געשטעלט צוריק אויף זײַן פּלאַץ.

מוסיאַ האָט זיך אומגעקוקט. עטוואָס הינטער איר איז גע־גאַנגען ניקאָלײַ, באַמיִענדיק זיך צוצופּאַסן צו אירע לאַנגזאַמע טריט. זײַן פּאָנעם, זײַן קאָפּ, די האָר און זײַן גאַנצער קערפּער איז אַזוי ווי באַדעקט געווען מיט ברוינער אָכרע־פאַרב. בלויז די אויגן זײַנען פאַרבליבן ליכטיקע ווי פריִער און איבערראַשט מיט זייער אויסערגעוויינלעכער בלויקייט, אויך צוויי רייען גלײַכע גרוי־סע ציין האָבן זיך געווײַזט צווישן האַלב־אָפענע צעפּלאַצטע ליפּן. אַריבערגעוואָרפן איבער איין אַקסל האָט ער געטראָגן צוויי קאַסטנס, פון יענע, וועלכע דער עראָפּלאַן האָט צוגעשטעלט פון דער גרוי־סער ערד. קעדיי די שטריק זאָל זיך אים ניט אײַנשנײַדן אין אַקסל, האָט ער אַרונטערגערוקט אונטער איר זײַן צונויפגעלייגטע קורטקע. אַליין איז ער געווען אין אַ לײַבל, און דאָס נאַסע לײַבל האָט פעסט באַקלעפּט זײַן מעכטיקן טאָרס, אויף וועלכן עס האָט זיך אָנגעזען יעדער מוסקול.

ניקאָלײַ האָט שווײַגנדיק אַראָפּגענומען דעם זאַק פון מוסיאַס אַקסל.

„ליבער, טײַערער", — האָט אַ טראַכט געטאָן דאָס מיידל — „ער אַליין איז אָנגעלאָדן פאַר דרײַען, און וויל נאָך מיר העלפן".

זי האָט מיטן קאָפּ געשאָקלט אַף ניין און אָפּגעווענדעט דעם יונגן פּאַרטיזאַנס האַנט.

ערגעץ אויך אין הימל האָט געסקראַבעט אַ פּײַנטלעכער ערא־פּלאַן. צוליבן שטויב און רויך האָט מען אים ניט געקענט זען דײַטלעך, אָבער לויט „זײַן שטימע" האָבן די פּאַרטיזאַנער דער־קענט, אַז איבער זיי הענגט יענער פּײַנטלעכער צוויי־פּוזעלאַזשנער אויסשפּירער, וועלכער האָט אָפּן פּראָנט באַקומען אַ נאָמען „די ראַם" און צווישן די פּאַרטיזאַנער — „ברילן" אָדער „אַ פּריץ מיט האָלאָבלעס". צײַטנווײַז פלעגט ער פאַרגליווערט ווערן אין דער לופט און האָט נודנע געזשומעט איבערן קאָפּ, ווי אַ קאָמאַר. פאַר אַזעלכע עראָפּלאַנען פלעגט מען אַביסל מוירע האָבן, ווײַל זיי האָבן בעהאָט אַ מיִעסע טעווע זיך צו פאַרווײַלן בעיס זייער אויסשפּיר־אַרבעט, שלײַדערנדיק קליינע באָמבעס אַף מענטשן־קאָנצענטראַ־ציעס. איצט, אָבער, האָט קיינער ניט געלייגט קיין אַכט אַף אים. די מידקייט האָט אָפּגעטויט אַלע געדאַנקען, אויסער איינעם — ניט קוקנדיק אַף קיין שום זאַך, גיין פאָרויס. שלעפּנדיק קוים זייע־רע פיס, פאַרטשעפּענדיק זיך אין גאַנג, פאַלנדיק, זײַנען די מענטשן געגאַנגען פאָרויס, געגאַנגען און געגאַנגען, באַטראַכטנדיק מיט פאַרגעניגן, ווי אַ קליינעם ניצאָכן יעדן דורכגעשפּאַנטן טראָט.

גייענדיק זײַט בײַ זײַט מיט מוסיאַן, און אונטערהאַלטנדיק ביגע־בייווע איר זאַק, האָט ניקאָלײַ געטראַכט וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר.

אויב איבער זייערע קעפּ דראַפּעט זיך דער „פּריץ מיט האָ־לאָבלעס", אויב אין סאַמע ברען פון דעם אַנגריף אַף מאָסקווע, וועגן וועלכן עס האָט אַזויפיל געגראַגערט פאַר די לעצטע טעג דער ראַדיאָ פון בערלין, איז דער סוינע געצוווּנגען צו וואַרפן אַף זיי, אַף אַ קליין הײַפעלע סאָוועטישע מענטשן, וואָס אָפּערירט אין דעם טיפן הינטערלאַנד, אַזויפיל מיליטער און אַפילו אַרטילעריע, איז דאָס אַ סימען אַז די אויפגאַבע פון די פאַרטיזאַנער איז אויס־געפירט: אַפילו בײַ זייער ריקצוג ווענדן זיי אָפּ אַף זיך, רײַסן אָפּ פון פראָנט כאָטש אַביסל, כאָטש אַ גאָר קליינע צאָל פײַנטלעכע קויכעס. זאָל זייער באַזע זײַן צעשמעטערט, פאַרברענט, זאָל זיי אויסקומען זיך צו שלעפּן אין דער דושנעקייט אָן וועגן אין די טיפענישן פון אויסגעטריקנטע זומפּן צו נײַע אומבאַוווּסטע צאָרעס

און ניסיוינעס, זאָלן זייערע רוקנס טרעשטשען אונטער דער שווע־
רער מאַסע — נישקאָשע, עס מאַכט ניט, זיי קעמפן ווידער!

— איז דען דאָ ווייניק אַזעלכע ווי מיר! — האָט אומדער־
וואַרטעט פאַר זיך אַליין אַרויסגערעדט ניקאָלײַ אַף אַ קאָל.

מוסיאַ האָט פאַרוווּנדערט אַ קוק געטאָן אַף אים און פאַר־
שטייענדיק אַז ער טראַכט וועגן דעם זעלבן וואָס זי, האָט זי לײַכט
אַ דריק געטאָן זײַן האַנט.

— מוסיאַ, פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז ניט שיין פון מײַן
זײַט, אָבער איך קען פאָרט ניט גזיווער זײַן אין זיך די עגאָיִסטישע
פרייד, וואָס דו ביסט ניט אַוועקגעפלויגן, וואָס דו געפינסט זיך דאָ,
מיט אונדז צוזאַמען.

דאָס מיידל האָט באַלעקט אירע פאַרשטויבטע טרוקענע ליפּן
און האָט קוים באַמערקבאַר אַ שמייכל געטאָן.

— דו ווייסט וועגן וואָס איך האָב נאָר וואָס געטראַכט? —
האָט זי אַ שעפּטשע געטאָן. — איך טרוים: אַז אָט פּלוצים וועט
דאָ, צווישן די זומפּן אויסוואַקסן פאַר אונדזער אויגן אַ בײַדל,
ווו מען פאַרקויפט מינעראַל־וואַסער, אַזאַ ווי עס איז געווען בײַ
אונדז אין שטאָט, אַפן פּלאַץ קעגנאיבער דער באַנק. און אין בײַדל
— וויפל דו ווילסט נאָר אַליין גרינע פלעשעלעך, אין וועלכע עס
הייבן זיך פון דעק דורכזיכטיקע בלעזעלעך. עך וואָלט עס געווען
אַן איניען!

ניקאָלײַ האָט גאָרניט געענטפערט, אַ דריק געטאָן איר האַנט
און איז פאַרשוווּנדן אין שטויב. מוסיאַ האָט זיך ווידער אָנגעכאַפּט
פאַרן וועגעל פון דער פור.

די פאַרוווּנדעטע האָבן נאָך אַלץ געצויגן די באַקאַנטע מע־
לאָדיע, אָבער שוין אַן ווערטער. די פײַערדיקע קאָלירטע רייפן
האָבן ווידער אָנגעהויבן צו שווימען פאַר מוסיאַס אויגן. זי האָט
זיך אַ וואַקל געטאָן און זיך אָנגעכאַפּט פאַר דער פור מיט ביידע
הענט. נאָר ניט אומפאַלן! דאַן וועט זי שוין ניט האָבן קיין קויכעס
זיך אויפצוהייבן. איבערוואָרטנדיק דעם טאַקט האָט זי אײַנגע־
אָטעמט אין זיך וואָס מער לופט און באַמיענדיק זיך אַוועקצוריאַגן
פון זיך די פאַרגליווערנדיקע באַטויבטקייט, האָט זי שטיל אָנגע־
הויבן צו זינגען:

דער פֿאָטער דעם זון האָט ניט געגלויבט
אַז אויף דער וועלט איז פֿאַראַן אַ ליבע...

די לעצטע נאָטע האָט זי שטאַרק צעצויגן און זי האָט לאַנג געקלונגען אין דער שטויביקער דושנעקייט. טשאַרני האָט זיך אַזש אויפֿגעזעצט אויף דער פֿור. ער האָט אַ שמייכל געטאָן צו מוסיאַן, אונטערגעכאַפּט דאָס ליד און שוין בײדע צוזאַמען האָבן אײַנשטימיק פֿאַרענדיקט:

עך, אַ פֿריילעכער געשפּרעך...

אַנאַ מיכעיעוונאַ וועלכע האָט געדרימלט צווישן דעם געפּעק, האָט זיך אויפֿגעכאַפּט און פֿאַרכידעשט אַ קוק געטאָן אויפֿן פֿאַרוווּנדעטן.

— עך, שוועסטערל, לאָמיר כאָטש אַ לידל זינגען צוזאַמען — האָט אָנגעהויבן טשאַרני.

אָבער מוסיאַ האָט אים ניט געהערט און שוין געזונגען דעם צווייטן קופּלעט. באַכאַרעוו האָט זיך אויך אונטערגעהויבן אויפֿן עלנבויגן. באַווירקט פֿון דער רופֿנדיקער קראַפֿט פֿון דער מיידלשער שטימע, האָט ער אויך אונטערגעכאַפּט די מעלאָדיע.

דער דײַטש איז געקומען צו זיך, ער האָט אויפֿגעהערט צו קרעכצן און פֿאַרכידעשט, אַפֿילו מיט שרעק, געקוקט אויף זײַנע כאַווײרים. ער האָט זיך באַמיט צו פֿאַרשטיין — זינגען דאָס טאַקע בעעמעס זײַנע קראַנקע שכיינים אויף דער פֿור און דאָס מיידל, וואָס בייגט זיך אונטער דער צו שווערער פֿאַר איר מאָסע, אָדער דאָס זעט ער פּאַשעט וויזיעס פֿון היץ.

באַם אָנפֿאַנג פֿון דעם דריטן קופּלעט האָט שוין מוסיאַ געהערט אַז מען העלפֿט איר אונטער ניט נאָר פֿונעם וואָגן, נאָר אויך פֿון דאָרטן, פֿון דעם נעפּל, ווו עס האָבן זיך אומדײַטלעך געמערקט די פֿיגורן פֿון די פּאַרטיזאַנער.

געווויס, די קאָלאָנע האָט אונטערגעכאַפּט דאָס ליד. און וואַקסנדיק, פֿאַרשפּרייטנדיק זיך, איז דאָס ליד געפֿלויגן אַלץ ווײַטער און ווײַטער. פּונקט ווי אַ מאַגנעט ציט צו זיך אײַזערנע ברעקלעך, אַזוי האָט דאָס ליד צונויפֿגעצויגן די מענטשן אַהין, ווו עס האָט געקלונגען די שטימע פֿון דעם פֿאַרזינגער. די קאָלאָנע האָט זיך אײַנגעפּרעסט. די הינטערשטע האָבן זיך דערנענטערט. אַרום דער שפּיטאָל־פֿור האָט זיך צונויפֿגעשלאָגן אַ גרויסער האַמויִן. די

מענטשן האָבן באַקוועמער געמאַכט אַף זייערע פּלייצעס די קאָסטנס. זעק, די טיילן פון די פונאַנדערגענומענע קוילנוואַרפערס און עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דער זומפּ אָטעמט שוין ניט מער אַף זיי מיט אַזאַ טרוקעניש, אַז דער וועג איז שוין גאָר ניט אַזאַ מעשׂר־פעדיקער, אַז אַפילע די מאַסע איז גרינגער געוואָרן און עס טוען שוין ניט אַזוי שטאַרק ווי די פאַרמאַטערטע רוקנס.

שפּירנדיק אין זיך דעם אויפפרישנדיקן און מונטערדיקן קויעך פון ליד, איבערגעפּולט פון אַ פריידיקן באַוווסטזײַן, אַז די קונסט צו וועלכער זי האָט געטרוימט זיך צו ווידמען איז אַזוי מעכטיק אַפילע אין אַזעלכע שווערע אומשטענדן, האָט מוסיאַ, ווי נאָר עס האָבן אָפּגעהילכט די לעצטע ווערטער פון דעם אַלטן ליד, גלײַך אָנגעהויבן צו זינגען אַן אַנדערן, וועלכן די פאַרטיזאַנער פלעגן מיט אַ באַזונדערן כיישעק זינגען אין די אָוונטן בײַ די שײַטערס.

— איבער בערג און איבער טאָלן —

האָט זי קימאַט ווי אַרויסגעשריִען, מוירע האָבנדיק אַז מען וועט ניט אונטערכאַפּן. אָבער אַ צענדליק שטימעס האָבן שוין מיטגע־זונגען:

— די דיוויזיע גייט פאָרויס —

און פילנדיק, אַז בײַ איר ווערט שוין אײַנגעשטעלט אַ קאָנטאַקט מיט דער גאַנצער קאָלאָנע, האָט דאָס מיידל צוגעמאַכט די אויגן און האָט שוין געזונגען שטילער און מעלאָדיש:

— קעדיי פרימאָריע צו באַפרײַען —

פון די ווײַסע הינט, די נעסט...

די לעצטע ווערטער האָט פאַרהילכט אַ ווילדער גאַזלאָנישער פײַף. מירקאָ טשאָרני האָט אַרײַנגעשטעקט אין מויל צוויי פינגער און געפײַפט גלאַנצנדיק מיט די ווײַסלען פון זײַנע אויגן.

דאָס נײַע ליד וועלכע אַלע פאַרטיזאַנער האָבן געקענט, האָט פאַרכאַפּט אַלעמען. די מיידלשע שטימע וועלכע פלעגט באַם אָנ־הייב פון יעדן קופּלעט אויפשווימען איבער אַלע אַנדערע, פלעגט גלײַך פאַרטרונקען ווערן צווישן הונדערטער הייזעריקע שטימעס, פון וועלכע עס האָט אַזש געהודיעט דער גאַנצער שטויביקער נעפּל.

דאָס מיידל האָט בוילעט דערפילט איר צוזאַמענגוס מיט דער גאַנצער אויסגעצויגענער קאָלאָנע, דערפילט די מאַכט וואָס דאָס ליד האָט איר געגעבן, די מאַכט מענאַצייעך צו זײַן די מידקייט,

דעם דורשט; די מאַכט צו דערמוטיקן די מענטשן, אָנפּילן זיי מיט מונטערקייט, זיכערקייט. און מוסיאַ האָט זיך באַמיט, אַז די לידער זאָלן זיך ניט איבעררײַסן און מיט עקסטאַז געזונגען איין ליד באַכן אַנדערן.

אַפּריער האָט מען געזונגען די אַלע באַליבטע פּאַרמילכאָמע־לידער — „קאַטיושאַ", „ניט קיין שטורעמדיקע וואָלקנס ציִען זיך", „דרײַ טאַנקיסטן", „אין ווײַטן וועג אַרײַן"; שפּעטער האָבן די עלטערע פּאַרטיזאַנער פּאַרצויגן „די שמידער", „דער קאָמונאַרן־אָט־ריאַד", „לאָקאָמאָטיוו", „דרײַסט גייען מיר אין שלאַכט", און אַפילע דאָס אַלטע לאַנג־פּאַרגעסענע ליד „די קאָמיוגיסטישע" מיט אַ ווייניק פּאַרנונפּטיקן, אָבער דערפּאַר גאָר האָפּעדיקן רעפריין:

— סערגיי דער גאַלעך — אַ טויטער מאַלעך —

דערנאָך, ווען די לידער האָבן זיך שוין אויך אויסגעשעפּט, האָט דאָס אַלטוואַרג פון דעפּאָ זיך צוגערוקט צו דער שפּיטאָל־פור. די אַלע מײַסטערס און בריגאַדירן האָבן אָנגעהויבן צו זינגען „דאָס קעסטעלע", „די גאָלדענע בערג", „געברענט, געפלאַקערט האָט די מאָסקווער סרייפע", „מאַרוסיאַ האָט זיך פאַרסאַמט" און אַפילע אַן אַלט זעלנעריש לידל מיטן רעפריין „טשובאַריקי־ טשוב־טשיקי".

די אַלע לידער האָט דאָס מיידל אַפילע קיינמאָל אין איר לעבן ניט געהערט. אַנדערע פלעגן פאָרזינגען. עס האָט געמאַכט אַן אײַנ־דרוק, אַז די לידער פלעגן געבוירן ווערן פון זיך אַליין. און מוסיאַ, אונטערכאַפּנדיק די מעלאָדיע, פלעגט מיטזינגען אָן ווערטער און דערבײַ געטראַכט, ווי גוט און ווויל דאָס איז, אַז זי האָט פאָרט באַשטאַנען אַף איר נייגונג און איז אַוועק אין דער מוזיק־שול, און ווי אָנגענעם איז צו זײַן אַ זינגערן אין אַזאַ זינגעוודיקן פאָלק.

אין יענעם אויגנבליק איז צו איר דערגאַנגען אַ מונטער אי־בערגעגעבענע פון מויל צו מויל, לאַנג דערוואַרטע קאָמאַנדע: „אָפּ־רו". אַלע זײַנען געוועזן אַזוי מיד, אַז ווי נאָר די קאָמאַנדע איז צו עמעצן דערגאַנגען, פלעגט זיך יענער גלײַך אַפּן אָרט אַראָפּלאָזן אַפּן שאַרסטקען טרוקענעם מאָך.

מוסיאַ האָט מיט טײַנעג אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם זאַק און געהאָלפן די פאַרווונדעטע און דעם קראַנקן אַראָפּגיין פון דער פור. און ערשט דאַן האָט זי זיך אַליין אַנידערגעזעצט. נאָך אַ קורצן

אפרו האט זי אויסגעטאן די שטיוול און באטראכט אירע אנגע־ריבענע פיס. ניט קוקנדיק וואס פארן ארויסמארש האט זי זייער זארגפעליק פארוויקלט די פיס, זיינען דאך אירע פיאטעס געווען אנגעשוואלן און האבן געברענט. זי האט אפגעריסן דעם גרויען מאך פון בערגל און פארגראבן אירע פיס אין דעם פייכטן קילן באדן. „אך, איצט ווען עס זאל זיין כאטש א שלוק וואסער", האט זי א טראכט און ווי אן ענטפער אף אירע געדאנקען האט זיך לעבן איר באוויזן ניקאלײַ. ער האט געהאלטן א קעסעלע, פון וועמענס פארדיכערטע ווענטלעך ס'האבן זיך אראפגעקײַקלט דורכזיכטיקע טראפנס.

— קוים אײַך געפונען, ס'איז אזא שטויב, אז קיין זאך זעט מען ניט. — האט ער געזאגט און דערלאנגט מוסיאן דאס קעסעלע.

דאן האט ער פון זיך אראפגעווארפן די קאסטנס און מיט א שוואכן קרעכץ אויסגעגלײַכט זײַנע גלידער.

מוסיא איז צוגעפאלן צום קעסעלע מיט די טרוקענע צעפלאצ־טע ליפן. זי האט געטאן א פאר לאנגע ספאזמאטישע שלוק און זיך אפגעשטעלט קעדיי איבערצוכאפן דעם אטעם און דא האט זי באמערקט דעם אנגעשטרענגטן קוק פון דעם אפגעברענטן דײַטש.

קונץ האט גארניט גערעדט. אבער זײַנע קאלירלאזע אויגן, וועלכע האבן אזוי אויסגעמוטשעט געקוקט פון אונטער די אפגע־ברענטע וויעס, זײַנען ניט געווען בעקויעך זיך אפצורײַסן פון די טראפנס פינקלענדיקער פליסיקייט.

אין מוסיאס קאפ איז דורכגעפלויגן א געדאנק: אויב בא איר, א געזונטער, איז דאס גאנצע אינגעווייד אויסגעטריקנט, וויאזוי זשע דארף איצט פילן דער אפגעברענטער מענטש, וואס געפינט זיך אין א האלב־באוווסטלאזן צושטאנד. דאס מיידל האט שנעל דערלאנגט אים דאס קעסעלע.

— דאנקע שיין — האט מיט דאנקבארקייט ארויסגעכריפעט דער דײַטש און האט פארזיכטיק גענומען דאס קעסעלע מיט זײַנע ציטערדיקע הענט.

ער האט געטרונקען מיט א ווילדער גײַציקייט. די שלוקן האבן זיך ווי קנוילן געקײַקלט אין זײַן גארגל, באוועגנדיק זײַן האריקן גוידער. מוסיא האט ביגעניווע אפגעלעקט א פאר אראפגעפאלענע טראפנס פון איר גימנאסטיארקע. אבער ווען קונץ האט זיך ענדלעך

אָפּגעריסן פון דעם קעסל און אים אָפּגעגעבן צוריק מיט דאַנקבאַר־קייט, האָט דאָס מיידל דערקלערט גלײַכגילטיק, אַז זי האָט זיך שוין אָנגעטרונקען און האָט דערלאַנגט דעם קעסל טשאַרנין. יענער האָט בייז געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— טרינק, טרינק אַליין!

דאָס קעסעלע איז איבערגעגאַנגען צו באַכאַרעוון. דער קראַנ־קער האָט אויסגעטרונקען דעם רעשט און אַפילו באַלעקט די ווענט־לעך. מוסיאַ האָט אַנידערגעלייגט איר קאָפּ אָפן האַרט זאַק, צוגע־מאַכט די אויגן און זיך באַמיט ניט צו טראַכטן וועגן וואַסער, ניט וועגן „דעם פּריץ מיט די האָלאָבליעס", וועלכער האָט זיך געדראַ־פּעט ערגעץ איבערן קאָפּ, ניט וועגן דעם, אַז איגגיכן וועט מען ווידער מוזן גיין, ווער ווייס ווו. זי איז געלעגן אומבאַוועגלעך און גליקלעך פון דער רו.

## IX

שוין צוויי מעסלעס איז געגאַנגען די מאַכנע, פאַרקריכנדיק טיפער און טיפער אין די זומפן, און נישט געקוקט אַף דעם וואָס איבער דער איינטאָניקער אומעטיקער לאַנדשאַפט האָט ווי ביז איצט געהערשט אַ טרוקעניש, האַגאַם לויט רודאַקאָווס באַפעל, זײַנען די טעגלעכע שפּײַז־נאָרמעס געוואָרן רעדוצירט ביז אָנדערהאַלבן סוכאַרעס און די לעצטע פערזענלעכע רעזערוון זײַנען שוין געווען אויפגעגעסן, דאָך האָט די מאַכנע זיך גערוקט פאָרויס, ניט אָפשוואַכנדיק דעם טעמפ. אַלע האָבן זיך שוין ביסלעכווײַז אַרײַנגעפאַסט אין מאַרש און זײַנען געגאַנגען אַפילע לײַכטער ווי אין דעם ערשטן טאָג. ווי אַ צוגאָב צו דער שפּײַז־פאָרציע האָט געדינט דער גאָנאָבאָבל און די פרי רײַף געוואָרענע קליוקווע, וועלכע האָט אין די וויסטע ניט באַזוכטע ערטער געוואַקסן אַזוי געדיכט, אַז איינציקע זומפ־בערגלעך האָבן אויסגעזען פון ווײַטן ווי ראָזעווע און די יאַגדעס האָט מען געקענט קלײַבן הויפנסווײַז. בעת די אָפשטעלן, פלעגט מען אָנפילן די קעסעלעך און מאַנאַשקעס מיט וואַסער. די וואָס האָבן געאַרבעט אַף די לאָקאָמאָטיוון און זײַנען געוווינט געווען צו דער היץ פון די אויוונס, האָבן אויסגעלערנט די פאַרטיזאַנער עטוואָס צוצוזאַלצן דאָס וואַסער. די, וועלכע האָבן געפאָלגט זייער אייצע, האָבן ווייניקער געשוויצט אין וועג און ווייניקער געליטן פון דורשט.

די מערהייט איז איצט געגאַנגען באָרוועס. זייערע שיך און שטיוול האָבן זיי געטראָגן צוגעבונדן צו די רוקזעק. יעדנפאַלס דער וועג אַליין האָט שוין מער ניט געשראָקן. די שטראָפלער האָבן נאָך אַלץ ניט געלאָזט הערן פון זיך, אויסער אַ פײַנטלעכער לופט־אויס־

שפּירער, דאָס מאָל שוין ניט קיין „פּריץ מיט האָלאָבלעס״, נאָר אַ ניט קיין גרויסער עראָפּלאַן, וועלכן מען האָט גערופן „די קולע״, איז ניט אָפּגעשטאַנען פון די פּאַרטיזאַנער און האָט זיך די גאַנצע צײַט געדרייט אַרום זיי. ס׳איז אים ווײַזט אויס גאַנץ לײַכט געווען אויסצוגעפינען די קאָלאָנע, לויט דעם לאַנגן ברוינעם וואָלקן שטויב, וועלכער פלעגט בלײַבן שטיין אומבאַוועגלעך און לאַנג אין דער אומבאַוועגלעכער לופט.

„די קולע״, וואָס איז פון דער ווײַטנס ענלעך געווען צו אַ בושל מיט אײַנגעצויגענע פיס, האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין שום פײַנט־לעכע קאַוואָנעס, ער האָט ניט באַשאָסן און ניט געוואָרפן קיין באָמ־בעס. און דאָס טאָקע האָט אָממיינסטן באַומרויִקט רודאַקאָוון. ער האָט געפילט, אַז דער שטאַב פון די שטראָפלער לאָזט ניט אַראָפּ די אויגן פון דער מאַכנע און גרייט אַפּאַנעם צו עפּעס. אָבער וואָס האָט מען געקענט טאָן? אַרום און אַרום, ווי ווײַט נאָר דאָס אויג האָט געקענט אַרומכאַפּן האָט זיך פאַרשפּרייט אַ בערגלדיקער זומפּ, באַוואַקסן מיט קליינע ראַכיטישע ביימעלעך. אַפילו אַ האָז האָט ניט געהאַט וווּ זיך אויסצובאַהאַלטן, און שוין אַוואַדע און אַוואַדע ניט אַ גאַנצע מאכנע מיט א טראנספּאָרט און אָנגעלאָדענע פערד. די איינציקע רעטונג וואָלט געווען, מען זאָל וואָס שנעלער פאַרלאָזן די אָפענע ערטער און צוקומען צו אַ וואַלד. דעריבער פלעגט דער קאָמאַנדיר אַלץ מער פאַרקירצן די אָפּרו־צײַט און אונטעריאָגן די מענטשן.

אַפן דריטן טאָג, באַגינען, האָט ער אַרויסגעשיקט ניקאָלײַען מיט נאָך דרײַ קאָמיוגיסטן אויסצושפּי־ן דעם שוין דורכגעגאַנגע־נעם וועג. די אויסשפּירער האָבן זיך צוריקגעקערט מידע און אויפ־געדרעגטע. דעם קאָמאַנדירס השאָרעס האָבן זיך באַשטעטיקט: הינטער דער מאַכנע, אַף אַ דיסטאַנץ פון אַן ערעך צען קילאָמעטער איז נאָכגעגאַנגען אַ ריזיקע פײַנטלעכע אינפאַנטעריע־אָפּטיילונג — עסעסאָווצעס, אַזוי האָבן דאָס פעסטגעשטעלט די אויסשפּירער לויט די שוואַרצע אוניפאָרמען פון דעם סוינע. עס האָבן זיי באַגלייט פערד אָנגעלאָדענע מיט קוילנוואַרפערס און קליין־קאַליבערנע מי־נען־וואַרפערס. ניקאָלײַ, וועלכן ס׳האָט זיך אײַנגעגעבן נענטער ווי זײַנע כאַווײַרים, צוצוקריכן צום פײַנטלעכן לאַגער האָט באַמערקט,

אַז די פאַרפאָלגער זײַנען שטאַרק אויסגעמאַטערט, אָפּגעריסן און באַוואַקסן.

אַלץ האָט געקענט אַנטשיידן נאָר די שנעלקייט. רודאַקאָוו האָט אויפגעהויבן די מענטשן, וועלכע האָבן זיך שוין אײַנגעאָרדנט אַף אָפּרו, און באַפוילן גלײַך אַרויסצוטרעטן. די קאָלאָנע האָט ער אויך איבערגעבויט. אַנשטאָט אַ שטאַרקן אַוואַנגאַרד האָט ער פאַרויסגעשיקט אַ ניט קיין צאָלרײַכע אויסשפּירער־אָפּטיילונג. נאָך זיי האָט ער געשיקט די וואָגנס מיט אַמוניציע, שפּײַז, פאַרווונדעטע, דערנאָך די ווייניקער געניטע וואָס האָבן זיך נאָך ניט באַטייליקט אין שלאַכטן. דעם עק פון דער קאָלאָנע האָט ער געדעקט מיט אַ שטאַרקער קאַמפּס־פעיִקער גרופּע, וואָס איז געווען צונויפגעשטעלט פון אײַזנבאַנער. אַלס קאָלאָנען־פירער האָט ער איבערגעלאָזט וולאַס קאַרפּאָוון און אַליין מיטן אַדיוטאַנט און דעם שעף פון זײַן שטאַב האָט ער איבערגעפירט אין עק.

איצט האָט אין שפּיץ פון דער קאָלאָנע געשפּאַנט אַ הויך־וווּקסיקער עלטערער מאַן מיט אַ קליין אַ בלאָנד מיידעלע אַף די אַקסלען. קיין בעסערן קאָלאָנען־פירער האָט רודאַקאָוו גאָרניט געקענט צוטראַכטן. אַלע פּאַרטיזאַנער האָבן ליב געהאַט דעם שווײַגנדיקן קאַרפּאָוון. גייענדיק אין שפּיץ פון דער קאָלאָנע האָט ער געטראָגן זײַן טעכטערל, ווי אַ קאַמפּס־פאָן, ווי אַ סימבאָל פון פאָטערלאַנד, ווי אַ טרײַהייט־שווּע צום הייליקן קאַמף.

קאַרפּאָוו האָט אומדערמידלעך און ברייט געשטעלט זײַנע פעסטע טריט. דאָס קינד האָט אָבער געדרימלט צופאַלנדיק צום פאָטערס קאָפּ, אָדער עפּעס געשטאַמלט אַרומקוקנדיק זיך.

— פּאָפּעלע, פּאָפּעלע, זע נאָר — ווידער אַן עראָפּלאַן. אָט איז ער די נעכטיקע „קולעלע", זעסט, דרייט זיך אַרום.

קאַרפּאָוו האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן. אין מעשעך פון דער נאַכט האָט דער ווינט געטווישט זײַן ריכטונג און פון באַגינען אָן האָט ער געבלאָזן דער קאָלאָנע אין פּנים אַרײַן. אַ שטאַרקער און שאַרפער האָט ער געאָטעמט מיט אַן אויפמונטערדיקער קילקייט און האָט אָפּגעטראָגן אַ זײַט דעם טרוקענעם ברוינעם טאָרף־שטויב, וועלכער פלעגט זיך אויפהייבן באַם מאַרשירן. דער האָריזאָנט האָט זיך אויסגעלײַטערט און דער עראָפּלאַן האָט זיך קלאָר אָנגעזען. די פּאַרטיזאַנער האָבן ניט געלייגט קיין אַכט אַפן אַלטן באַקאַנטן.

אָבער ווען דער עראָפּלאַן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריקער און געהאַט בעדייע אַריבערצופליִען איבער דער קאָלאָנע, האָבן זיי אים באַשאָסן פון די ביקסן און אַוועקגעיאָגט. דער עראָפּלאַן האָט אָפּגענויגט אָן אַ זײַט און איז אַוועקגעפלויגן צוריק צו דאָרעם.

מען האָט שוין וועגן אים אינגאַנצן פאַרגעסן, ווען פּלוצים האָט זיך פון דערווײַטנס דערהערט אַ געדיכטער זשומען.

— פּאַפּעלע, זע נאָר, די „קולעלע" פירט נאָך זיך אַנדערע!

— האָט מיט פרייד געמאָלדן יולאָטשקאַ.

דערהערנדיק דעם וואַקסנדיקן גערויש פון די מאָטאָרן האָבן זיך די פּאַרטיזאַנער אומגעקוקט. זעקס טונקעלע פּאַסיקלעך האָבן זיך געזען איבערן זומפּ. דערנענטערנדיק זיך זײַנען זיי געוואַקסן זייער שנעל.

— קאָלאָנע, צעשיט זיך! — האָט זיך פון דערווײַטנס דערטראָגן אַ קאָמאַנדע.

אָבער די אויסגעפּרוווטע קעמפער זײַנען זיך שוין אַליין צעלאָפן אין אַלע זײַטן, זיך געטוליעט צו דער ערד, געלעגן ווי פאַרגליווערט צווישן די בערגלעך. און נאָר די שוואַרץ־שטאָלענע לופעס פון די ביקסן האָבן זיך געהייבן פון דער ערד קעגן די אָנקומענדיקע עראָפּלאַנען.

אָבער די עראָפּלאַנען האָבן ווידער אויסגעמיטן די קאָלאָנע, זיי האָבן זי איבערגעיאָגט און מיטאַמאָל זײַנען זיי פאַרגאַנגען אין אַ גרויסן קרײַז. זיי זײַנען געפלויגן ניט געאײַלט און נידעריק און מען האָט געקענט מערקן, אַז פון זייערע עקן טיילן זיך אָפּ עפּעס זייער קליינע קוים באַמערקבאַרע קעגנשטאַנדן, ווי עס וואָלטן געווען אַרבעס. ליגנדיק צווישן די בערגלעך האָבן די פּאַרטיזאַנער אַלץ געפּרוווט טרעפן, וואָס אַזוינס קען דאָס זײַן. און די עראָפּלאַנען זײַנען אַלץ געפלויגן מאַכנדיק בדייטערע און ברייטערע האַלבקרײַזן, דערווײַטערדיק זיך צו צאָפן.

עס זײַנען ניט פאַרגעקומען קיין אויפרײַסן, די מענטשן זײַנען אויפגעשטאַנען און די קאָלאָנע האָט פאַרגעזעצט איר מאַרש, ניט לייגנדיק מער קיין אַכט אַף די עראָפּלאַנען, ביז זיי זײַנען אינגאַנצן פאַרשוווּנדן געוואָרן.

זייערע מאָטאָרן זײַנען שוין אינגאַנצן אַנטשוויגן געוואָרן, ווען מען האָט פּלוצים באַמערקט, אַז אַף די ערטער איבער וועלכע עס

האָבן נאָר וואָס געקרײַזט די עראָפּלאַנען, האָבן זיך באַוויזן רויטע אומקלאָרע פֿײַערלעך און גרויע רויכן, וועלכע דער ווינט האָט געטריבן. זיי זײַנען שנעל געוואַקסן. אַ פֿאַרקאַן פֿון רויך האָט אַזוי ווי פֿאַרשטעלט דער קאָלאָנע דעם וועג. ער האָט זיך געהויבן אַלץ העכער און העכער. דער צאָפּן־ווינט האָט געיאָגט דעם רויך אַף די פּאַרטיזאַנער, ער האָט אים געשפּרייט איבערן זומפּ ווי אַ גרויען האָריקן טעפּיך.

פֿונעם עק פֿון דער קאָלאָנע צו איר שפּיץ איז דורכגעריטן אין אַ שנעלן גאַלאָפּ, צופֿאַלנדיק צום האַלדז פֿון דעם פֿאַרשוימטן פֿערד, דעם קאָמאַנדירס אַדיוטאַנט. פֿון מויל צו מויל איז געוואָרן איבערגעגעבן רודאַקאָווס באַפֿעל: יאָגן וואָס שנעלער. אַ נעפּלדיקער האַלב־כווישעך האָט שנעל אײַנגעהילט דעם זומפּ. עס האָט זיך דערפֿילט אַ דושנער גערוך פֿון ברענענדיקן טאָרף. אַלע האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז די פֿאַשיסטן האָבן מיט עפּעס אַן אומבאַקאַנטן מיטל אונטערגעצונדן דעם טאָרף, אָפּשנײַדנדיק דעם וועג פֿאַר דער מאַכנע און די צעפֿלאַקערטע פֿון דעם ווינט טאָרף־סרייפּע נעמט זיי אַרום און דערנענטערט זיך צו זיי פֿון צאָפּן, מיזרעך און מײַרעוו, אַרײַנכאַפּנדיק די קאָלאָנע ווי אין אַ צוואַנג. בלויז אַף דאָרעם האָט זיך געזען אַ ניט קיין פֿאַרנעפּלטער האָריזאָנט. נאָר דאָרטן איז ווי עס שײַנט געווען די רעטונג.

וולאַס קאַרפּאָוו האָט זיך אָנגעכמורעט. ער האָט פֿאָרזיכטיק אַראָפּגענומען זײַן אײַנגעשטילט טעכטערל פֿון די אַקסלען, זי צו־געדריקט צו זיך, פֿאַרדעקט מיט די פּאָלעס פֿון זײַן וואַטענער קורטקע און האָט זיך געלאָזט שנעל פֿאָרויס. ער איז קימאַט ווי געלאָפֿן אַנטקעגן דער צעפֿלאַקערנדיקער זיך סרייפּע. די קאָמיוגיסטן אויטאָמאַטן־שיסערס, וועלכע זײַנען געגאַנגען אין אַוואַנגאַרד, האָבן זיך געלאָזט נאָך אים. אַביסל אָפּגעשטאַנען פֿון זיי, שפּרינגענדיק אַף די בערגלעך און וואַקלענדיק זיך אַף אַלע זײַטן האָבן זיך געצויגן די וואָגנס און די שפּיטאָל־פֿורן.

אָבער די מיטלסטע טייל פֿון דער קאָלאָנע, ווו עס האָבן זיך געפֿונען די נײַ־אָנגעקומענע, האָבן פֿאַרהאַלטן די באַוועגונג, זיך צוזאַמענגעשלאָגן אין אַ קופּע. די מענטשן האָבן זיך מיט האָפֿענונג אומגעקוקט אַף צוריק, ווו עס איז נאָך פֿאַרבליבן אַ דורכגאַנג אַ ניט פֿאַרצויגענער מיט רויך, און מיט שרעק געקוקט אַף דער

אַוואַנגאַרד־גרופּע און אַף די פורן, וועלכע האָבן זיך שנעל דערנענ־טערט צום רויטן פײַערדיקן ראַנד.

די פאָדערשטע זײַנען שוין פאַרשוווּנדן געוואָרן, ווי זיי וואָלטן צעגאַנגען אין רויך. עס האָט זיך דערהערט אַ טופּען פון פערד. צו דער פאַרהאַלטענער גרופּע איז צוגעריטן דער קאָמאַנדיר און איז אַראָפּגעשטיגן פון פערד.

— וואָס איז דאָ געשען? פאַרוואָס איז מען געבליבן שטיין?

— האָט ער געפרעגט באַטראַכטנדיק דעם פאַרזאַמלטן האַמוין.

— און וווּהין זאָל מען גיין? אין גענעם אַרײַן?

— דער וועג איז דאָך איבערגעשניטן!

— באַפעל, כאַווער קאָמאַנדיר, גיין צוריק, קאָלזמאַן דאָרט איז נאָך ניטאָ קיין סרייפע.

רודאַקאָוו האָט געפירט איבער די פאַרטיזאַנער זײַן פאַרזשמור־רעטן בליק. ער האָט אַזוי ווי געצילט אין זיי — זײַן פּאָנעם איז געווען רויִק, נאָר די ווּיִעס האָבן געציטערט פון אויפרעגונג.

— אָט וואָס — האָט ער אַרויסגערעדט שטיל, אָבער זייער דײַטלעך — יעדער פּאַניק־מאַכער, ווילנדיק אָדער ניט ווילנדיק, העלפט צו דעם פאַשיסט. איצט איז ניטאָ קיין צײַט צו פירן אַגי־טאַציעס. די פּאַניק־מאַכערס וועל איך צעשיסן אַליין מיט מײַנע אייגענע הענט! פאַרשטאַנען? און איצט פאָרויס, נאָך מיר!

ער האָט אָנגעכאַפּט זײַן פערד פאַרן צוים און זיך געלאָזט לויפן אין דער ריכטונג פון דער צעפלאַקערטער סרייפע און אַלע וועלכע זײַנען מיט אַ ווײַלע צוריק געשטאַנען אין שרעק און פאַר־צווייפלונג, האָבן זיך איצט, ווי אָפּגעריסענע און אונטערגעכאַפּטע פון אַ ווירבער, זיך אַ לאָז געטאָן נאָך אים אין רויך אַרײַן, וווּ עס זײַנען פאַרשוווּנדן געוואָרן דער אַוואַנגאַרד און די פורן. נאָך זיי האָבן אין צוויי אויסגעצויגענע קייטן דורכגעמאַרשירט מיט אַ פאַר־שנעלערטן טראָט די אײַזנבאַנער, די גוואַרדיע פונעם אָטריאַד, וועלכע האָבן באַשיצט דעם ריקצוג פון דער קאָלאָנע.

פון דער נאָענט איז דער רינג פון דער סרייפע גאָרניט געווען אַזוי שרעקלעך. דערווײַל האָט נאָר געטליִעט דער מאָך. דער טאָרף האָט נאָך ניט באַוויזן זיך צו צעברענען. פאַרשטאָפּנדיק זיך די מײַלער און נעזער מיט די אַרבל און פּאָלעס פון די גימנאַסטיאָר־קעס, זײַנען די מענטשן געלאָפן איבערן נידעריקן פלאַם, אויפ־

הייבנדיק נאָך זיך זײַלן שוואַרצן אַש און פונקען. שווערער איז געווען דורכצושלעפּן איבערן פלאַם די כראָפּענדיקע ספּאָלאָשעטע פערד. אָבער אויך זיי האָט מען אַרויסגעפירט. נאָר די אָנגעבלאָזענע גומי־רעדער פון די שפּיטאָל־פורן האָבן געפּלאַצט פון דער היץ. די פאַרוווּנדעטע האָט אומבעראַכמאָנעסדיק געטרייסלט איבער די בערגלעך. מען האָט זיי געמוזט איבערזעצן אַף פערד און צובינדן מיט רימענס צו די זאָטלען. דעם קראַנקן באַכאַרעוו האָט מען אַרויפגעזעצט אַפן קאָמאַנדירס פערד. זײַן רוקן האָט מען באַדעקט מיט אַ קאָלדרע און די שפּיצן פאַרבונדן אַף זײַן ברוסט. ער האָט גערעדט פון היץ. מוסיאַ האָט געפירט דאָס פערד באַם צוים און באַם אומקוקן זיך האָט זי געזען דעם פּאַרטיזאַנס פאַרוואָקסענעם, אויסגעדאַרטן פּאָנעם, מיט שאַרפע אַרויסגעשטאַרצטע קינבאַקן. זײַנע אויגן האָבן ווילד געגלאַנצט און די צעטריקנטע ליפּן זײַנען געווען אויסגעקרימט אין אַן אויסטערלישן שמייכל. דאָס מיידל פלעגט דערפילן אַן אומהיימלעכקייט און האָט זיך באַמיט ניט אומצוקוקן.

אָבער ניט אומזיסט האָבן די פײַנטלעכע עראָפּלאַנען געקרײַזט אַזוי לאַנג איבערן זומפּ. הינטערן ערשטן אויסבייג פון דער נאָך ניט צעפלאַקערטער סרייפע, איז געווען אַ צווייטע און הינטער דער צווייטער אַ דריטע. דער ווינט האָט צעבלאָזן דעם טליִענדיקן מאָך, און ערטערווײַז האָט זיך שוין אַף דער אויבערפלאַך דורכגעזיפּט אַ נידעריקער רויטלעכער פלאַם. דער ביטערער רויך איז געוואָרן געדיכטער און אַלץ שטיקנדיקער. אָבער אַף דער מילכאָמע איז שוין אַזוי, אַז פון דעם וואָס מען באַצווינגט אָדער מען באַזיגט איין מאָל, הערט מען זיך אויף צו שרעקן.

נאָכגייענדיק די טונקעלע סילועט פון דעם אָנפירער, האָבן די פּאַרטיזאַנער קעסיידער פאַרשנעלערט זייערע טריט. פון אונטער זייערע פיס האָבן זיך געהייבן הייסע כמאַרעס אַש און פונקען. מיט פאַרשטעלטע פּענעמער, אָטעמענדיק דורכן געוואַנט האָבן די מענטשן זיך באַמיט ניט צו פאַרלירן די ריכטונג, ניט פאַרבלאָנדזשען אינעם רויך. די שטאַרקערע האָבן געפירט די אָפּגעשוואַכטע, געטראָגן זייער געווער, מען איז געגאַנגען און זיך איבערגעשריגן קעדיי זיך ניט צו פאַרלירן.

מוסיאַ האָט זיך אָריענטירט אַף די קוילעס און אָפּטמאָל גאָר־

ניט זעענדיק פֿאַר זיך האָט זי געפֿירט דאָס פֿערד, אַף וועלכן דער קראַנקער באַכאַרעוו האָט געזיפֿצט, געקרעכצט, אָדער געקריצט מיט די ציין. די מוירע אַז דער קראַנקער זאָל ניט אַראָפּפֿאַלן אין גלײַכדיקן טאָרף, ער זאָל ניט דערשטיקט ווערן פֿון רויך, האָט געמאַכט דער מיידל פֿאַרגעסן די שווערקייט פֿון איר לאַסט און דעם שאַרפֿן ווייטיק אין די לונגען.

ווי לאַנג זיי זײַנען געגאַנגען אין דעם ביטערן, ברענענדיקן רויך, וואָס איז איצט געווען — טאָג, אָדער נאַכט, דאָס האָט דאָס מיידל ניט געקענט זאָגן. ערגעץ שוין באַם סאָף וועג האָט זי זיך פּלוצים אָנגעשטויסן אַף ניקאָלײַען, אָבער צו דער באַגעגעניש האָט זי זיך באַצויגן גלײַכגילטיק. אַפֿן רוקן באַם באָכער, אַכוץ זײַן אייגענער פּריערדיקער מאַסע, האָט זיך נאָך געבאָמבלט עמעצנס אַ ביקס. ער האָט אונטערגעהאַלטן אַן עלטערן פּאַרטיזאַן, וועלכער האָט הויך געקרעכצט:

— אוי, איך האָב שוין מער קיין קויעך ניט. דער רויך האָט מיר אויפֿגעפֿרעסן מײַן אײַנגעווייד. לאָז מיך ניט איבער, באָכער. די פֿיס טראָגן מיך שוין ניט. אוי, דער טויט קומט שוין אָן.

ניקאָלײַ האָט מוסיאַן ניט באַמערקט. זײַן פּאָנעם איז געווען ווי פֿון שטיין. ער איז פֿאַרבײַגעגאַנגען מיט הילצערנע טריט, שלעפּנדיק דעם קרעכצנדיקן מענטשן.

שפּעטער איז מען ווידער געגאַנגען און געגאַנגען. געגאַנגען איבער אַ שמאָלן געלעגער פֿון עפּעס אַן אויסגעטריקנטן טײַכל. און בײַ די זײַטן, פֿון רעכטס און פֿון לינקס האָט זיך געשלענגלט מיט אַ גרויען רויך די טאָרף־סרייפּע.

מוסיאַ האָט זיך געפֿונען אין אַזאַ צושטאַנד, אַז זי האָט אַפּילע ניט באַמערקט, וויאַזוי זי האָט אַרויפֿגעקלעטערט אַף אַ מעשופּעדיקן בערגל. דער רויך איז געוואָרן שיטערער. עס האָט זיך דערפֿילט אַ גערוך פֿון פֿרישן סכאַך. דאָס מיידל האָט גײַציק אײַנגעאָטעמט אין זיך די פֿרישע לופֿט און האָט זיך אומגעקוקט. אונטער די פֿיס האָט געשורשעט דער טרוקענער ווערעסק. און דאָ ערשט אײַנאָטעמענדיק די פֿריש־געוואָרענע לופֿט, איז דאָס מיידל געבליבן שטיין און האָט זיך אַרומגעקוקט. דער טײַך־געלעגער האָט אַרויסגעפֿירט די פּאַרטיזאַנער צו אַ זאַמדיקן באַרג־אַרויף. דורך דעם שיטער־געוואָרענעם רויך האָבן זיך געזען הויכע שלאַנקע

מאַסט־סאָסנעס און זייערע בורשטינענע שטאַמען האָבן געפלאַקערט אין די אָראַנזש־קאָלירקע שטראַלן פון דער שקיעה.

און אונטן באַם באַרג־פוס, האָט זיך ביז צום האָריזאָנט ני־דעריק געשפּרייט אַ שוואַרצער רויך. און פון דעם יאַם רויך, וואַק־לענדיק זיך און אונטערהאַלטנדיק איינער דעם צווייטן, זײַנען אַרויס־געקומען פאַרקאָפּטשעטע מענטשן, זיי פלעגן אַרויסגיין און קלע־טערן אַפן באַרג. מיט גײַציקייט האָבן זיי אײַנגעאָטעמט די ריינע לופט און טייקעף אומפאַלן אַף דער ערד. דער גאַנצער באַרג האָט געשוואַרצט פון די אוממעכטיק ליגנדיקע פיגורן, און אַלץ נײַע און נײַע פלעגן אַרויסקריכן פון רויך.

און ווידער האָט זיך פון ערגעץ באַוויזן ניקאָלײַ. דער אַלטער פּאַרטיזאַן איז שוין ניט געווען מיט אים. מוסיאַ האָט אים אַ רוף געטאָן, אָבער איר שטימע איז געווען אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז ניקאָלײַ האָט זי ניט דערהערט. ער איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט מיטן רוקן אָן אַ בוים און האָט געפירט מיטן בליק איבערן רוקן פון באַרג, וועלכער איז געווען שוואַרץ פון די ליגנדיקע פיגורן. „ער זוכט מיך" — האָט זיך אָנגעשטויסן מוסיאַ און האָט אַ שמייכל געטאָן — „אַזוי מיד און דאָך זוכט ער מיך!". פילנדיק ווי אָן אומגע־הײַערע קראַפט ציט זי אַראָפּצולאָזן זיך אַפן טרוקענעם גראָז, האָט דאָס מיידל אַראָפּגענומען דעם קראַנקן פּאַרטיזאַן פון פערד, אים אײַנגעאָרדנט אונטער אַ סאָסנעלע און האָט געוואָלט צובינדן דאָס פערד צו אַ בוים, אָבער עס האָט איר פאַרפעלט קויכעס...

זי האָט זיך צוגעלייגט לעבן אַ בוים, פאַרמאַכט די אויגן און איז גלײַך אַנטשלאָפן געוואָרן. אָבער אין כאָלעם איז זי נאָך אַלץ געגאַנגען איבער די קויכעס, שלעפּנדיק אירע טויט־מידע פיס.

אַזוי איז זי געגאַנגען אין כאָלעם איבער אַ וועג אָן אַ סאָף און אָן אַן עק און פּלוצים האָט עפּעס זי אָפּגעשטעלט. דאָס מיידל האָט זיך דערשראָקן. מען מוז דאָך גיין, גיין מוז מען אומבאַדינגט, גיין אָן אָפּרו! אַף איר רוקט זיך אָן עפּעס שרעקלעכס, עפּעס וואָס האָט ניט קיין נאָמען און ניט קיין פאָרעם. מען מוז לויפן, אָבער מען לאָזט ניט, מען האַלט זי. זי פּרוווט זיך אַרויסרײַסן, זי שרײַט. אומזיסט. זי שטרענגט אָן אַלע אירע קויכעס, גיט זיך אַ ריס . . . און עפנט די אויגן. אַ קאַלטע לעוואָנע לײַכט איר גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן, אָבער אַזוי פול און העל, אַז אַף אַ רעגע האָט זיך מוסיאַ פאַרזשמורעט. ווען זי האָט ווידער געעפנט די אויגן, האָט זי דערזען דעם בייזן פּאָנעם פון דעם אַדיוטאַנט, וואָס האָט זיך צו איר אײַנגעבויגן.

— ענדלעך! האָסטו קיין אײַנהאָרע אַ שלאָף! — זאָגט ער — איצט שנעל צום קאָמאַנדיר. איך האָב שוין אַ גאַנצע שאָ געפּאַטערט אַרומזוכנדיק דיך און אַ האַלבע שאָ געוועקט.

מוסיאַ איז אויפגעשפּרונגען, אַ ציטער געטאָן פון קעלט, גענומען רײַבן די הענט. זי האָט זיך מיט שרעק אומגעקוקט, זוכנדיק דאָס פערד און האָט זיך דערפרייט, ווען זי האָט דערזען, אַז ער דרימלט דאָרט לעבן דער סאָסנע. זי האָט איבערגעגעבן די לייצעס דעם אַדיוטאַנט, אַרויפגעפּאַקט אַף אירע אויסגעמאַטערטע פּלייצעס דעם זאַק און איז אַוועק נאָך איר באַגלייטער, גענעצנדיק נערוועז און קוים איבערטראָגנדיק די שווערע ברעכעניש אין דעם גאַנצן קערפּער.

— וועגן וואָס האַנדלט זיך עס, ווייסט ניט ? — האָט זי געפרעגט.

— מען וועט דיר שוין דאָרט זאָגן, — האָט מיט אַ זיפץ געענטפערט דער אַדיוטאַנט, און לויט זײַן אויסמײַדנדיקן ענטפער האָט זי פאַרשטאַנען אַז קיין גוטס קען זי שוין ניט דערוואַרטן.

זיי זײַנען געגאַנגען גלײַך פאַרבײַ די האַלב־אויסגעלאָשענע שײַטערס. אומעטום האָבן זיך געזען טונקעלע פיגורן. עס האָט זיך געהערט אַ שווערער כראָפּען, אַן אומדײַטלעכער ברומען און אומרויִקע ווערטער אַרויסגערעדטע פון שלאָף.

בײַ אַ גרויסן שײַטער אַפן געפּעק איז געשלאָפן יולאַטשקאַ. רודאַקאָוו איז געזעסן אַף אַ פאַרשפּרייטער ברעזענטענער פּאַלאַטקע און פאַרטראַכט געקוקט אַפן פײַער. ניט אומקוקנדיק זיך אַפן אַד־יוטאַנט האָט דער קאָמאַנדיר אַ ברום געטאָן:

— אײַך דאַרף מען נאָר שיקן נאָכן מאַלעך־האַמאָוועס ! — און אויסדרייענדיק זיך צו מוסיאַן האָט ער געזאָגט: — זעץ דיך, וואָלקאָוואַ, עס וועט זײַן מיט דיר אַ לאַנגער שמועס.

מוסיאַ האָט זיך אַנידערגעזעצט. זי האָט געקוקט אַפן קאָמאַנ־דיר און געפּרוווט טרעפן, צוליב וואָס האָט מען זי גערופן. אָבער רודאַקאָוו האָט גאָר אָנגעהויבן אויסצופרעגן בײַ איר וועגן לאַגער פונעם „רויטן אַקער", וויפל בעהיימעס איז דאָרט פאַראַן, וועגן דער כאַראַקטעריסטיק פון דער וואַלדיקער געגנט אין דעם ראַיאָן פון דעם „קעלבערנעם גראָבן", מיקויעך די וועגן וואָס פירן אַהין. דערנאָך האָט ער אויסגעשפּרייט די מיטעלוודיקע טייל פון דער מאַפּע, וואָס איז געווען צונויפגעקלעפּט אין די קנייטשן מיט צעלאָפאַן־פּאַפּיר און האָט זי לאַנג באַטראַכט.

— דעם טײַכל זײַט איר אַף דעם פּלאַץ אַריבערגעגאַנגען ? — האָט ער געפרעגט און געטײַטלט מיטן בלײַפעדער אין אַ בלויען אָדערל, וואָס האָט זיך געשלענגלט אַף דער מאַפּע.

— יאָ, דאָ. וואָס איז דען ?

דער קאָמאַנדיר האָט ניט געענטפערט און האָט איר געבעטן באַשרײַבן מיט אַלע אײַנצלהייטן די צוגענג צום בראָד, דעם בראָד אַליין, אָנווײַזן מער־ווייניקער די טיפקייט בײַ די ברעגן און אין דער מיט. ער האָט זי אויסגעפרעגט וועגן די אַרויסגענג פון די אַרומטײַכיקע טשערעט־זומפּן.

— מיר וועלן אַהין גיין ? — האָט געפרעגט מוסיאַ, דער־פרייט פון דער מעגלעכקייט זיך צו טרעפן מיט מאַטריאַנאַ בי־קיטישנאַן, מיט דער אַלטער פּראַסקאָוויאַ, מיט רובצאָוון, וועגן וועלכע זי פלעגט טראַכטן ווי וועגן קרויווים.

— מעגלעך, מעגלעך, — האָט געענטפערט רודאַקאָוו און אַוועקלייגנדיק דעם בלײַפעדער אױף דער מאַפּע, געקוקט פון אַ זײַט אױף דער מיידלס אויפגעלעבטן פּאָנעם. — עס איז ניט נאָר מעג־לעך, נאָר זיכער. קענסט שרײַבן אַ בריוו צו דײַן כאַווערטע. אין אַ צען טעג אַרום וועל איך דאָס איר איבערגעבן.

— אַ בריוו ? וואָס עפּעס אַ בריוו ? און איך אַליין ?

— דו וועסט גיין אין אַן אַנדער ריכטונג, אַף מיזרעך. וועסט זיך דורכשלאָגן דורכן פראָנט — האָט פעסט געזאָגט רודאַקאָוו, קוקנדיק מוסיאַן גלײַך אין די אויגן. — דער לעצטער באַפעל פון דעם געגנט־קאָמיטעט איז : צושטעלן די ווערטזאַכן. דעם צווייטן עראָפּלאַן, וועלכער איז געקומען נאָך דיר, האָבן מיר ניט געקענט אויפנעמען. וועט אויסקומען זיי צו טראָגן אַף זיך.

דאָס מיידל האָט אַ באַליידיקטע געקוקט אפן קאָמאַנדיר.

— פאַרוואָס זאָל איך עפּעס גיין ?

— ערשטנס, ווײַל דו ביסט שוין געניט אין דעם. יאָ, יאָ און ניט ווייניק געניט. צווייטנס, האָב איך ניט קיין רעכט צוצו־נעמען באַ דיר דעם קאָוועד דערפירן צום סאָף דאָס, וואָס דו האָסט אָנגעהויבן אַזוי גוט. און דריטנס, פּאַרטיזאַנקע וואַלקאָוואַ, ווערט דעם קאָמאַנדירס באַפעל ניט דיסקוטירט.

די לעצטע ווערטער האָט רודאַקאָוו אַרויסגערעדט האַרט און טרוקן, אָבער דערזעענדיק, אַז דעם מיידלס גרויסע גרויע אויגן ווערן שנעל פאַרשווומען מיט טרערן, איז ער ווייכער געוואָרן :

— מיט דיר וועט גיין דער... איך פאַרגעס שטענדיק ווי ער הייסט... נו, דער האַנטווערקער... ווי רופט מען אים דאָרט... דער יאַלקאַ־פּאַלקאַ, און ניקאָלײַ זשעלעזנאָוו. זשעלעזנאָוו וועט אָנ־פירן מיט דער גרופּע.

דערזעענדיק ווי דורך די טרערן האָבן זיך אָנגעצונדן און אָנ־געהויבן צו פינקלען אירע אויגן, האָט דער קאָמאַנדיר פאַרשווערע־ריש אַ שמייכל געטאָן.

— האָסט גאָרניט דאַקעגן? נו, אַט, אַט. איך ווייס ווען צו וועמען מען דאַרף צוטיילן. אַלזאָ שרײַב אַ בריוו צו דײַן כאַ־ווערטע. און אויך צו דײַנע עלטערן שרײַב אָן. ווער קען וויסן... ער האָט זיך פאַרהאַקט, אָבער גלײַך זיך אַ כאַפּ געטאָן. ווער קען וויסן, וואָס אַף דער מילכאָמע קען אַלץ פּאַסירן. עפּשער וועט מיר גאָר געלינגען איבערצוגעבן דעם בריוו איידער דו וועסט אָנקומען.

— און, ווײַזט אויס, קעדיי וואָס גיכער צו פאַרגלעטן די אַרויסגע־כאַפּטע, איבעריקע ווערטער, האָט ער בייז געפרעגט באָם אַדיר־טאַנט: — די אויסשפּירער זײַנען שוין צוריק געקומען?

— נאָך ניט, — האָט געענטפערט אויסציִענדיק זיך דער אַד־יוטאַנט.

רודאַקאָוו האָט זיך פאַרקרימט ווי פון ציין־ווייטיק:

— איר קענט גיין. ווען זיי וועלן קומען — שיקט זיי גלײַך צו מיר. און דו וואָלקאָוואַ, בלײַב. נעם אַרויס פּאַפּיר פון מײַן פּלאַנ־שעט און שרײַב דאָ, — האָט געזאָגט רודאַקאָוו און האָט זיך ווידער איבערגעבויגן איבער דער אַלטער מאַפּע. — איך האָב פײַנט צו זײַן אַליין, איך קען פּאַשעט ניט. שוין אַזוי געוווינט אַרומצושטופּן זיך צווישן מענטשן.

— און ניקאָלײַ... איך מיין דער כאַווער זשעלעזנאָוו איז מאַסקים? — האָט זיך פאַראינטערעסירט מוסיאַ.

— וואָס? — האָט געפרעגט דער קאָמאַנדיר, ניט אָפּרײַסנ־דיק זיך פון דער מאַפּע. — אַך ניקאָלײַ, זאָל ער נאָר אַ פּרווו טאָן ניט מאַסקים זײַן... זאָגסטו, הייסט עס, אַז באָם בראָד איז דער גרונט אַ שטיינערנער? און דער פלוס־געלעגער דאָרט באָם איבער־פאָר איז אַ ברייטער, די פורן וועלן דורכגיין?

מוסיאַ האָט צעשפּרייט אַפן קאָמאַנדירס פּלאַנשעט אַ בויגן פּאַפּיר און האָט אָנגעהויבן צו באַקלערן דעם בריוו.

וואָס זאָל זי שרײַבן? רודאַקאָוון איז ניט געלונגען אויסצו־באַהאַלטן זײַן אַרויסגעכאַפּטן וואָרט, דאָס מיידל האָט אונטערגע־כאַפּט און גאַנץ גוט אָפּגעשאַצט זײַן „ווער קען וויסן". אָבער אַפילע אָן דעם האָט זי אַליין גאַנץ גוט געוווּסט אַף וואָס זי גייט.

יאָ, זי וועט מוזן אין דעם בריוו אַרײַנלייגן אַזעלכע געדאַנקען, אַז די מוטער, די ברידערלעך און דאָס שוועסטערל זאָלן וויסן וואָס אַזוינס זי איז געווען און וועגן וואָס זי האָט געטראַכט אין פאַל

פון „ווער קען וויסן". ווי אַן עכטער קעמפער האָט דאָס מיידל אַפילע אין די געדאַנקען אויסגעמיטן דאָס וואָרט „טויט". אָבער ניט צו טראַכטן וועגן אים אין דער מינוט איז געווען פּאָשעט אוממעגלעך. „עה, וואָס טויג זיך צו פּילפּלען! איך וועל זיי שרייַבן דאָס וואָס עס וועט מיר קומען אין קאָפּ", האָט באַשלאָסן מוסיאַ און דער בלייַפעדער האָט אָנגעהויבן שנעל אַרומצולויפן איבערן פּאַפּיר, ניט באַווייַזנדיק אַפילע צו פאַרשרייַבן גלייַך די מיטאַמאָל אָנגעלאָפענע געדאַנקען.

„מייַן טייַער־ע מאַמעלע, פּאָטער, שוועסטערל קלאַוואָטשקאַ און ברידער וויטיאַ און וואָוויק! — האָט זי געשריבן: — איך גיי דורכפירן אַ וויכטיקע אויפגאַבע, וועגן וועלכער איר וועט זיך עפּ־שער שפּעטער דערוויסן, אָבער איידער איך גיי וויל איך זיך דורכ־שמועסן מיט אייַך, מייַנע ליבע. זייט מיר מוחל, וואָס איך האָב אייַך פאַרשאַפט אַזויפיל ערגערניש און אַגמעס־נעפעש דורך דעם וואָס איך האָב אייַך ניט געפאָלגט און בין ניט מיטגעפאָרן מיט אייַך צוזאַמען. און איך דערקלער אייַך אָפנהאַרציק, אַז איך האָב ניט קיין כאַראָטע. איך האָב דאָך אַזוי געהאַנדלט ניט פון בייזווי־ליקייט, איך האָב געוואָלט לערנען אַ זאַך, וואָס איז מיר ליב. און דאָס איז דאָס וויכטיקסטע, אַזוי פלעגט זאָגן דער פּאָטער. טייַערע מייַנע, ליבע מייַנע. איר קענט מיינען אַוואַדע אַז די לייַכטזיניקע מוסקאַ האָט אייַך פאַרגעסן. ניין, איך געדענק אייַך, איר זייַט שטענדיק מיט מיר און אין מאָמענטן ווען מיר ווערט שווער, טראַכט איך וועגן מייַן ליבער מאַמעלע, איך שמועס מיט איר אין די גע־דאַנקען און אייַצע זיך מיט איר.

„עפּשער האָט עמעצער פון מייַנע עוואַקוירטע כאַווערטעס אייַך דערציילט ליגנס, אַז איך בין אומגעקומען, אָדער, ווער ווייס, עפּשער אָנגעפּלוידערט, אַז איך בין געבליבן מיט די דייַטשן. גלויבט ניט, ס'איז ניט עמעס. איך לעב, בין געזונט און אַרבעט פאַר אונ־דזער פאָטערלאַנד, האַגאַם ווו און וואָס פאַר אַן אויפן קען איך אייַך איצט ניט שרייַבן. אָבער גלייבט מיר, שפּעטער וועט מען זיך וועגן אַלץ דערוויסן. איך לעב און קעמף. מעגלעך אַז ניט אַזוי, ווי די קעמפער פון אונדזער רומפולער, העראָישער רויטער אַרמיי, וועלכע קעמפן אָפן פראָנט, אָבער אויך איך קעמף פעסט און טו אַלץ, וואָס איז אין מייַנע קויכעס און שוין ניט מייַן לעבן. אַזוי,

אַז איך דאַרפֿט זיך ניט שעמען מיט אײַער ניט געהאָרכזאַמער מוס־קען. עמעס, אַז איך האָב אַ שלעכטן כאַראַקטער, אָבער פֿאַלש בין איך קיינמאָל ניט געווען, און אויב עס וועט זיך פֿאָדערן פֿאַר מײַן פֿאָטערלאַנד, וועל איך, ווי אַ מיטגליד פֿון לענין־סטאַלין קאָמיוג אויספֿירן יעדע אויפֿגאַבע, און אויב עס וועט נייטיק זײַן — בין איך גרייט צו שטאַרבן פֿאַרן קאָמוניזם״.

מוסיאַ האָט זיך פֿאָרגעשטעלט דאָס בילד, ווי איר מוטער, אַ פֿאַרעלטערטע. אויסגעדאַרטע, וועט לייענען איר בריוו, זי וועט לייענען און וויינען און אַרום איר וועלן שטיין און שמאָרען מיט די נעזלעך אירע ברידערלעך און די גאַנץ אומבאַקאַנטע שוועסטערל, וועלכע זי האָט געזען, ווען יענע איז נאָך געווען גאָר אַ פּיצל. דאָס מיידל האָט דערפֿילט אַ ראַכמאָנעס אויף זיי און מער פֿון אַלעמען אויף זיך אַליין. מוסיאַ האָט אַקשאָנעסדיק אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ:

„טײַערע מאַמעלע, פּאָטער, ליבע ברידער און שוועסטערל! איר אָבער שרעקט אײַך ניט, איך וועל ניט אומקומען. מיר וועלן באַזיגן דעם פֿאַשיסט און איך וועל זיך ווידער נעמען צום זינגען. עס וועט אָבער אויסקומען נאָך זייער פֿיל צו קעמפֿן און מיר וועלן זיך נאָך אַ לאַנגע צײַט ניט זען. עס קימערט מיך ניט, וואָס איך געפֿין זיך איצט דאָ, ווײַל וואָס פֿאַר אַ לערנען קען דען זײַן, קאָל־זמאַן די פֿאַשיסטן טרעטן אונדזער ערד. קען דען אין קאָפּ קריכן אַ וועלכע עס איז ליד? אָט ווען מיר וועלן זיגן — דאַן וועט זיך אָנהייבן אַ גליקלעך לעבן. איך וועל פֿאַרענדיקן די שול און וועל קומען צו אײַך צופֿאָרן. דו שטעלסט זיך פֿאָר, מאַמעלע, איך קום צופֿאָרן אַלס אַרטיסטקע, אומעטום אויסגעקלעפּט אַפֿישן און אויף זיי מיט בוכשטאַבן אַ מעטער די לענג איז אָנגעשריבן „סאָליסטקע מאַריאַ וואָלקאָוואַ״. איר זיצט אין טעאַטער, אין דער ערשטער ריי און איך טרעט אויף אויף דער בינע אין אַ לאַנג אָוונט־קלייד און דער פֿאָטער פֿרעגט זיך: „איז דאָס טאַקע אונדזער מוסקע? אַזוינס האָב איך גאָר ניט דערוואַרט!״ אָך איך האָב זיך צעטרוימט! מעג מען דען איצט וועגן דעם טראַכטן! אָבער אַן אַ טרוים איז דאָך ניט מעגלעך צו אַרבעטן, צו לעבן און קעמפֿן. עמעס, מאַמעלע?״

מוסיאַ האָט זיך פֿאַרטראַכט. ניין, דער בריוו גיט זיך איר ניט אײַן. פֿון אינטן. פֿונעם באַרג־פּוס, ווו עס האָט זיך נאָך גע־

צויגן דער רויך אַ באַזילבערטער פון דער לעוואָנע־שײַן, האָט גע־בלאָזן מיט אַ דערכנעמענדיקער האַרבסטיקער קעלט. די לעוואָנע האָט געשײַנט אין הימל ווי אַ שטיק אײַז. מוסיאַ האָט אָנגעוואָרעמט באַם פײַער די הענט, אָפּגעזיפֿצט און האָט צוגעשריבן:

„איך דריק אײַך פֿעסט, פֿעסט צו מײַן ברוסט, מײַנע ליבע און טײַערע, איך טראַכט פון אײַך די גאַנצע צײַט און טרוים וועגן אונדזער באַגעגעניש. אײַער מוסקאַ־יאָושיק".

זי האָט ניט באַוויזן צו פֿאַרקלעפּן דעם קאָנווערט, ווי פון דעם כווישעך איז אַרויסגעקומען צום שײַטער ניקאָלײַ. ער איז גע־ווען אַזוי שוואַרץ, אַז אָפּן טונקעלן פֿאָן פון דעם הימל האָט מען גאָר ניט געקענט זען זײַן פּאָנעם, עס האָבן נאָר באַם פֿלאַם פון שײַטער אָפּגעגלאַנצט ווי גאָלד זײַנע ציין און די ווײַסלעך פון די אויגן.

— דער סוינע דערנענטערט זיך — האָט ער געמאָלדן, קוקנ־דיק אַף מוסיאַן, וועלכע האָט פֿאַרקלעפּט דעם קאָנווערט. — ער געפינט זיך איצט אַן ערעך זיבן קילאָמעטער פון דאַנען.

דער מיידל האָט זיך אויסגעוויזן, אַז פון דער יעדיע האָט דודאַקאָוו אַ ציטער געטאָן און האָט זיך נאָך נידעריקער צוגעבויגן צו דער מאַפּע, פּונקט ווי דער אויסשפּירער וואָלט אים אַרויפגע־וואָרפן אַ שווערע מאַסע אַפן רוקן.

— זיי גייען זייער לאַנגזאַם איבער דעם זעלבן פֿײַכטן טאָל, לענגאויס דעם טײַכל, ווי מיר זײַנען געגאַנגען. אָפּוועגדן זיך קע־נען זיי ניט, פון ביידע זײַטן ברענט אַלץ — האָט פֿאַרגעזעצט ני־קאָלײַ. — זיי גייען זייער אויסגעצויגן, אַפּאַנעם, אַז זיי פֿאַרלירן די קויכעס.

דער קאָמאַנדיר איז אויפגעשפּרונגען.

— אַדיוטאַנט, וועקט אויף קאַרפּאָווס מענטשן. איבערן לינקן ראַנד פון באַרג, באַם אַרויסגאַנג פון טאָל, זאָל מען, זעסט, דאָרט און דאָרט, אויסגראָבן קוילנוואַרפער־נעסטן, אָבער מען זאָל גראָבן פֿלײַסיק, אין פולן פּראָפיל, פֿעסט. און מען זאָל ניט וואַגן שלאָפן גייענדיק.

דער קאָמאַנדיר האָט אויסגעוואַרט ביז עס איז אײַנגעשטילט געוואָרן דאָס סקריפּען פון דעם אַדיוטאַנטס שטיוול און זיך אויס־געדרייט צו ניקאָלײַען:

— קוק אָף דער מאַפּע. מיר וועלן אָפּטרעטן צו מײַרעוו. דאָ איבערן אָנשיט פון דער שמאָלער אײַזנבאַן־ליניע, מיט וועלכער מען האָט געפירט דעם טאָרף, זעסט? דער אָנשיט איז אַ זאַמדיקער, וועסט אים מיט קיין שום כעמישע פּרעפּאַראַטן ניט אונטערצינדן, און אַרום זאָל ברענען. ס׳איז אַפילע בעסער, זיי וועלן ניט וועלן, ניט קענען פאַרגיין פון פלאַנג. מיר וועלן אָפּטרעטן... און דו, זי — ער האָט אָנגעוויזן אָף מוסיאַן — און יענער, דײַן יאָלקאַ־פּאַלקאַ, איר וועט זיך לאָזן צו מיזרעך... נו, וואָס קוקסטו? האָסט ריכטיק פאַרשטאַנען? טאַקע אָף מיזרעך. אָט לאָמיר זאָגן מיט דער קאַנאַווע. — ער האָט אָנגעוויזן אָף דער מאַפּע אַ שוואַרצע פּינטל־ליניע, וואָס האָט זיך געצויגן פון בערגל, איבערן זומפּ צום וואַלד, וועלכער האָט געגרינצט באַם סאַמע ראַנד פון דער מאַפּע — דורך דער קאַנאַווע וועט גרינגער זײַן צו גיין, זי איז מיסטאָם אויך איצט פול מיט וואַסער, ס׳איז זיכערער קעגן אַ סרייפע. פאַרשטאַנען?

רודאַקאָוו האָט זיך אויסגעצויגן און געזאָגט מיט אַ טאָן פון אַ באַפעל:

— פאַרטיזאַן זשעלעזנאַוו, איר ווערט באַשטימט אָנצופירן מיט דער גרופּע. איך באַפעל אײַך פאַר יעדן פּרײַז צוצושטעלן די ווערטזאַכן איבע״ן פראָנט. פאַרשטאַנען? פאַר זייער גאַנצקייט ענטפערט איר מיטן קאָפּ.

ניקאָלײַ און מוסיאַ האָבן זיך אויך טייקעף אונטערגעצויגן און אַראָפּגעלאָזט די הענט.

— פאַרשטאַנען! צושטעלן די ווערטזאַכן, כאַווער קאָמאַנ־דיר! — האָט קורץ געענטפערט ניקאָלײַ און האָט דערבײַ לײַכט אַ דריק געטאָן מוסיאַס האַנט.

זייערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט.

קאָרטשענדיק זיך פון קעלט האָט זיך רודאַקאָוו צוגעבויגן צום שײַטער און האָט אויסגעצויגן צום פײַער זײַנע פאַרפרוירענע דאַ־רע הענט. ניקאָלײַ האָט צוגעוואָרפן עטלעכע טרוקענע צווײַגן. דער שײַטער האָט אָנגעהויבן צו קנאַקן, עס האָט זיך פאַרצויגן אַ הייסער געלער פלאַם, פונקען האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום הימל, די שטערן זײַנען אויסגעלאָשן געוואָרן און די פינצטערניש אַרום דעם שײַ־טער איז געוואָרן געדיכטער.

ערגעץ באַם ראַנד פון וועלדל האָבן זיך שוין געהערט שטימעס, עס האָבן געקלונגען צוזאַמענשטויסנדיק זיך לאָפּעטעס, זעגן, אַ האַק האָט הילכיק געהאַקט אַ בוים.

— און צו וואָס דאַרף מען די פאַרפעסטיקונגען, כאַווער קאָמאַנדיר ? — האָט זיך פאַראינטערעסירט דער יונגער פאַרטיזאַן.

— אַלע וועלן דאָך אַוועקגיין ? — האָט צוגעגעבן מוסיאַ.

רודאַקאָוו האָט זיך נאָך נידעריקער אַראָפּגעזעצט צום שײַטער. דאָס מיידל האָט באַמערקט, אַז עס איז אים שווער צו ענטפערן אַף דער פראַגע.

— פאַרפעסטיקונגען ? — ער האָט אַ זיפץ געטאָן — די פאַרפעסטיקונגען זײַנען פאַר דער פאַרטיידיקונג. אויב ער קען צו־קומען בלויז פון איין ריכטונג, איבערן טײַכל — קען מען אים פאַרהאַלטן. מען וועט אים דאָ האַלטן ביז מיר וועלן זיך אָפּרײַסן. — דער קאָמאַנדיר האָט זיך אויסגעגלײַכט און האָט אַ זעץ געטאָן מיטן שטיוול איבער אַ האַלאָוועשקע, וואָס האָט אַרויסגעשטאַרצט פון שײַטער. אַ וויכער פון פונקען האָט אַ פלייץ געטאָן אין דער נאַכט אַרײַן. — נו, גייט, גרייט זיך אין וועג. דער פאַרוואַלטער וועט אַף אײַער פאָדערונג אײַך אַ־ויסגעבן דאָס בעסטע וואָס מיר פאַרמאָגן. אָבער קיין איבעריקע זאַכן נעמט ניט. און נאָך אַ זאַך : זאָגט אָן דעם יאַט, איך האָב שוין מיט אים גערעדט. און אַגעוו, איז ער אײַך נייטיק ?

רודאַקאָוו האָט פאַרשנדיק אַ קוק געטאָן אַף די יונגע לײַט. מוסיאַ און ניקאָלײַ האָבן אַראָפּגעלאָזט די אויגן. וואָס פרעגט זיי עפּעס דער קאָמאַנדיר וועגן דעם. געוויס איז ער נייטיק. דער דיי־נאַמישער, שטעכיקער, פלינקער און דרײַסטער יאַטל וועט זײַן אַן אומאָפּשאַצבאַרער כאַווער אין וועג.

— גוט. וועט איר גיין זאַלבעדריט. — האָט באַשלאָסן דער קאָמאַנדיר.

און בעייס ניקאָלײַ און טאַליאַ האָבן זיך אַרומגעפּאַרעט באַ די זעק, פאַרטיילנדיק און צעלייגנדיק דעם באַגאַזש, האָט מוסיאַ אַ זיכערע, אַז מען וועט זיך גאַנץ פײַן אַן אייצע געבן אָן איר, זיך צוגעשפּאַרט אין די קוסטעס און איז אַנדרימלט געוואָרן, אײַנ־געאָרדנט באַקוועם אַף אַ געלעגער פון סכאַך, וועלכן דער זאָרגעוו־דיקער באָכערל האָט פאַר איר אָנגעהאַקט. אין דרימל האָט זי גע־

הערט ווי אירע מיטגייער סאָפּען איבער די זעק, זי האָט געהערט און געשמייכלט. עס איז געווען זייער אָנגענעם דער געפיל, אַז עמעצער זאָרגט פאַר דיר.

דער באַגינען האָט זיך דערנענטערט. די בלייך געוואָרענע לעוואָנע האָט זיך לאַנגזאַם אָראָפּגעלאָזט הינטערן וואַלד. אַלץ — דיביימער, דאָס גראָז, דער זאַמד, אַפילו די קליידער פון די פּאַרטיזאַנער — זיינען באַדעקט געוואָרן מיט אַ קרישטאָלענעם היטל פון פראָסט.

אין אָט דער באַגינען־שעה האָט מען אַלע קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן צונויפגערופן צום קאָמאַנדיר. די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען בײַ דער שפּיטאָל־פור. דער וואָגן האָט זיך געזעצט, פּונקט ווי ער וואָלט אַרײַנגעוואַקסן געוואָרן אין דער ערד, נאָכדעם ווי ער האָט פאַרלוירן די ווונדערבאַרע אָנגעבלאָזענע גומי־שינעס. מוסיאָ און ניקאָלײַ זײַנען געקומען, ווען אַלע זײַנען שוין געווען פאַרזאַמלט. די אַלטיטשקע אַנאַ מיכעיעוונאַ איז אויך געקומען, אַפילו דער פאַרווונדעטער טשאָרני, וועמען עמעצער האָט ווײַזט אויס געבראַכט און אַנידערגעזעצט לעבן אַ סאָסנע.

— כאַווײַרים, אונדז שטייט פאָר נאָך אַ שווערער פּרווו — האָט פּאָשעט געזאָגט רודאַקאָוו. — מיר מוזן זיך אַריבערוואַרפן אין אַ נײַעם ראַיאָן צו מײַרעוו. איר ווייסט דאָך, אַז דאָרט זײַנען פאַראַן אַ סאַך אײַזנבאַן־ליניעס. אַרבעט וועט ניט פעלן. און וועלדער זײַנען דאָרט ריזיקע, אָף הונדערטער קילאָמעטער פאַרשפּרייט — זיי וועט מען ניט קענען אונטערצינדן.

דער קאָמאַנדיר איז אַנטשוויגן געוואָרן, אַ פּיר געטאָן איבער זײַנע שאָרסטקע וואָנצעס מיט דער דלאָניע. לויט דער באַוועגונג האָבן די קאָמוניסטן פאַרשטאַנען, אַז ער גרייט זיך איבערצוגיין צום איקער.

— מיר וועלן זיך לאָזן גיין אָף מײַרעוו מיטן אָנשיט פון דער שמאָלער אײַזנבאַן־ליניע. זי הייבט זיך אָן דאָ, הינטערן באַרג.

— רודאַקאָוו האָט געוואָרפן אַ שנעלן בליק אָף זײַנע כאַווײַרים און האָט שנעל און פעסט פאַרענדיקט. — אָבער אונדזער ריקצוג מוז ווערן געדעקט. איר פאַרשטייט ? די דעקונג מוז באַשטיין ווינציקסטנס פון צוויי האַנט־קוילנוואַרפערס. פון אָט דעם בערגל מוז מען זיי פאַרשטעלן דעם אַרויסגאַנג פון טײַכל צום באַרג און האַלטן

דעם סוינע ביז די מאַכנע וועט זיך אָפּרײַסן. האַלטן אַזוי לאַנג ווי מען וועט האָבן קויעך. אָט וואָס.

עס איז געוואָרן שטיל. פֿון אונטן, פֿון דעם זומפּ, ווי עס שײַנט, פֿון ערגעץ זייער ווײַט, האָט דער ווינט דערטראָגן אַ הילכיקן קנאַקן פֿון ברענענדיקע קוסטעס. די פּענעמער בײַ די פּאַרטיזאַנער זײַנען געווען פֿאַרטראַכט.

— מען מוז האָבן צווײ פּרײַווייליקע, וועלכע זײַנען גוט באַקאַנט מיט אַ קוילנוואַרפֿער. איך זאָג פּרײַווייליקע, ווײַל זיי וועט אויסקומען זיך צו שלאָגן ביז צום לעצט. און דאָס מוזן זײַן מענטשן צו וועלכע מיר האָבן צוטרוי. דאָס איז אַלץ.

מוסיאָס האַרץ האָט אָנגעהויבן פֿיבערדיק צו קלאַפּן. אָט דאָס איז די העלדנטאַט, וועגן וועלכער זי האָט אַזוי געטרוימט. יאָ, זי, דאַווקע זי, מוסקאַ וואָלקאָוואַ וועט ראַטעווען דעם אָטריאַד. ניש־קאָשע, אַף איר מעג מען זיך פֿאַרלאָזן. דאָס מיידל האָט אַ קוק געטאָן אַף ניקאָלײַען — און פּונקט ווי זי וואָלט געקוקט אין אַ שפּיגל. דעם באָכערס ברייט אָפֿן פּאָנעם האָט אויסגעדריקט די זעלבע אויפֿרעגונג. פּונקט אַזוי ווי זי האָט ער פֿאַרשעריש געקוקט אַף איר. ביידע האָבן איינשטימיק אַ בייג געטאָן מיטן קאָפּ און אָנגעמענדיק זיך בײַ די הענט האָבן זיי צוזאַמען אַ שפּאַן געטאָן צום קאָמאַנדיר. און גלײַכצײַטיק, עמעס ניט מיט אַזעלכע שטראַלנדיקע פּענעמער, נאָר וואָכעדיק, ערנסט, האָבן זיך אַרויסגערוקט פֿאַרויס אויך אַנדערע, אַזוי אַז דער קרײַז אַרום רודאַקאָװן איז געוואָרן נאָך ענגער.

פֿון דעם שײַטער האָט זיך דערהערט טשאָרניס שטימע:

— כאַווער רודאַקאָוו, מיך זאָלסטו ניט פֿאַרגעסן. איך וועל זיך ניט באַרימען, אָבער קיין בעסערן קוילנוואַרפֿער־שיסער ווי טשאָרני, איז ניטאָ אין אָטריאַד.

רודאַקאָוו האָט גערירט געקוקט אַף די כאַווערלעך צוזאַמענגערוקטע אַרום אים מענטשן. ער האָט זיי זייער גוט געקענט און האָט ווײַזט אויס דערוואַרט אַזאַ איינשטימיקייט.

— כאַווײרים, כאַווײרים מײַנע — האָט אָנגעהויבן רודאַקאָוו, אָבער באַלד איז ער אַריבער אַף אַ זאַכלעכן טאָן: אויב אַלע זײַנען מאַסקים, וועל איך אויסקלײַבן. איר ביידע ניט. בײַ אײַך איז אַן

אַנדערע, ניט ווייניקער וויכטיקע, אויפגאַבע. — ער האָט אַנט־שלאָסן אָפּגעווענדט מיט די הענט מוסיאַ מיט ניקאַלײַען.

— כאַווער קאָמאַנדיר, קוק אַהער! — האָט געפּאָדערט טשאַר־ני. ער האָט זיך אויפגעהויבן און איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט מיטן רוקן אָן דעם שטאַם פון דער סאָסנע.

מוסיאַ האָט די גאַנצע צײַט געפילט אויף זיך זײַן פּיבערדיקן בליק.

— כאַווער רודאַקאָוו, דו ווייסט דאָך אַז מײַן לעבן דערנענ־טערט זיך שוין צום סעמאָפאָר. זײַ אַ פאָטער, דערלויב מירקאָן צום לעצטן מאָל זיך פאַרמעסטן מיטן סוינע, אַזוי ווי עס פּאָדערט זיך פון אַ פּאַרטיזאַן, פאַרן פאָטערלאַנד, פאַר סטאַלינען. — און ווענדנ־דיק זיך צו זײַנע כאַווירים נאָך שטיצע, האָט ער זיי געפּרוווט אײַ־בערצײַגן: — נו, וואָס פאַר אַ פּאַרטיזאַן, צו אַלדע רוכעס, בין איך איצט אָן פיס. נאָר אַ לאַסט. שלעפּ מיך, פיר מיך. דערלויבט מיר, כעווירע, צו פאַרענדיקן מײַן לעבן אויפן פולסטן גאַנג. באַאַוולט ניט אַ ציגײַנער. דער ציגײַנער מירקאָ וועט ניט אונטערפירן די ראַטנמאַכט.

עס איז געווען שווער אויף אים צו קוקן. אַלע האָבן געוואָלט ער זאָל זיך שוין אָוועקזעצן, אָבער ער איז געשטאַנען אײַנגעקלאַ־מערט מיט די נעגל אין דער קאָרע פון דער סאָסנע.

— גוט, זאָל זײַן ווי דו ווילסט, וועסט בלײַבן. — האָט גע־זאָגט רודאַקאָוו.

די כאַווײרים האָבן געהאָלפן דעם פּאַרטיזאַן זיך אַנידערצו־זעצן אויפן גראָז.

דער קאָמאַנדיר האָט געפירט זײַן בליק איבער די מענטשן, וועלכע זײַנען געשטאַנען באַם שײַטער און יעדער, אויף וועמען זײַן בליק פלעגט זיך אָפּשטעלן אויף אַ רעגע, פלעגט זיך אַרויסרוקן פאָרויס.

מוסיאַ, אַן אויפגעברויזטע, אַן אינערלעך אָנגעשטרענגטע, האָט מיט ברייט צעעפנטע אויגן געקוקט אויף דעם, וואָס עס קומט פאָר. ערשט ניט לאַנג האָט זי געמיינט, אַז נאָר זי און איר גע־ליבטער, ביידע באַשטראַלטע פון זייער ווונדערבאַרן געפיל, וועלן אַזוי הערלעך און דרײַסט גיין אויף אַ העלדנטאַט אין נאָמען פון דעם ניצחון און קאַמפס־פרײַנטשאַפט. און דאָ לאָזט זיך גאָר אויס,

אַז די אַלע מענטשן, צווישן וועלכע עס געפינען זיך עלטערע, פּאַ־מיליע־פּאַטערס, שלאָגן זיך פּאַר אויסצופירן דאָס זעלבע, און זיי טוען דאָס אַזוי רויִק, געלאַסן, עס פילט זיך אַז זיי שעמען זיך אפילע, וואָס זיי זײַנען דערבײַ אַביסל נערוועז. וואָס פּאַר אַ ווויִלער באָכער איז דאָס דער טשאַרני. „פאַרענדיקן מײַן לעבן אין פולסטן גאַנג״. יאָ, אַזעלכע ווי ער, וואָס האָבן ליב דאָס לעבן און דאָך גייען זיי דרײַסט צום קאַמף אַף טויט. און קאַרפּאָוו! דאָס מיידל האָט באַמערקט, אַז דעם אַלטן פּאַרטיזאַנס פּאָנעם איז עפּעס היינט באַזונדערס בלייך און פײַערלעך. אָט שטייט ער און וואַרט, אַז דער קאָמאַנדיר זאָל אַף אים אַ קוק טאָן. ער דערוואַרט זיך ניט און ווענדט זיך אַליין צו אים:

— מיך, מיך לאָז איבער, סטעפּאַן טיטיש! איך וועל ניט פאַרשעמען דעם אײַזנבאַנער־שטאַם.

אַלע האָבן זיך אויסגעדרייט צו אים. קאַרפּאָוו איז געשטאַנען ווײַט פון דעם שײַטער. עס איז געווען באַלויכטן בלויז זײַן פּאָנעם, בלאַס, ווי די פרימאָרגנדיקע לעוואָנע. די פּאַרטיזאַנער איז געווען גוט באַקאַנט דעם מענטשנס פאַנאַטישע סינע צו די אָקופּאַנטן, זײַן פעסטע אָקשאָנעס. די מענטשן האָבן געקענט רויִק אָוועקגיין, מיט דער פולסטער זיכערקייט, אַז קאַלזמאַן ס׳וועט אין דעם טרוקענעם אָדערדיקן קערפּער קלאַפּן דאָס האַרץ, וועט דער סוינע ניט צוקו־מען צום באַרג. דאָס זעלבע האָט ווײַזט אויס אויך געטראַכט רו־דאַקאָוו, קוקנדיק מיט ליבע אַף זײַן אַלטן כאַווער.

באַם שײַטער האָט געהערשט אַן אָנגעשטרענגטע שטילקייט, וועלכע איז נאָר געשטערט געוואָרן דורך דעם קנאַקן פון די אָפּ־געבראָכענע צווײַגן און פון שורשען פון די קוילן. די שטילקייט האָט פלוצים איבערגעריסן וואַסילי קוזמיטש קולאַקאָוו. ער האָט מיט זײַן קערפּער פאַרשטעלט קאַרפּאָוון.

— וואָס עפּעס גאָר דיך, זאָג נאָר, איך בעט דיך. דו האָסט אייניקלעך און אַ טעכטערל, אָט שלאָפט זי. דיך גאָר, אויסגע־טראַכט! און ווו בין איך? איך, גוטער ברודער, בין אַליין, איך שטעק ווי אַ סעמאַפאָר איינזאַם אין מיטן פעלד פון לעבן. מיך, מיך זאָלסטו איבערלאָזן, קאָמאַנדיר! גיב קוזמיטשן אַ מעגלעכקייט אַף די עלטערע יאָרן אָפּצודינען זײַן פאָלק. ער איז אַרויסגעשפּרונ־גען „איך״. דו, ברודערקע, דאַרפסט דײַן טעכטערל דערציִען, דו

ענטפּער בעסער די אַלע מענטשן, אַף וועמען וואַרפּסטו אַגעק ירלאָטשקען ? צוגעטראַכט גאָר, אַרויסגעשפּרונגען ! קוק אים נאָר אָן ס׳אַראַ היציקער.

אַפילע אין אָט דער פּײַערלעכער סצענע האָט קוזמיטש באַוויזן אַרײַנצוטראָגן זײַן קאָמישע שמײַעוודיקייט. ער איז גרייט געווען צו טומלען און זיך צו דינגען פאַרן רעכט צו גיין אַף דער געפערלעכער, עפּשער לעצטער אויפגאַבע. צושטייענדיק צום קאָמאַנדיר האָט ער זיך געקלאַפּט אין ברוסט מיט זײַנע דאַרע פויסטן און האָט פאַרזיכערט :

— דעם קוילנוואַרפער האָב איך, דאַנקען גאָט, גרינטלעך אויסגעשטודירט. אָט פרעגט באַ ניקאָלײַ זשעלעזנאָוון, צוזאַמען האָבן מיר שטודירט. איי, היילּיקער ניקאָלײַ, ווו ביסטו ? זײַ אַן איידעס פאַרן קאָמאַנדיר. אויך מיר אַן אָרדענונג אײַנגעפירט — קוזמיטשן האַלט מען בלויז אַף צו פאַרשטאָפּן אַ לאָך ! און ווו עפּעס אַן ערנסטער איניען — שיקט מען אַ צווייטן. וואָס־זשע זאָל איך שוין טאַקע ביזן טויט פאַרבלײַבן אַ רעלסן־וועקסלער ?! קוק זיי נאָר אָן די כאַבאָכים ! סטעפּאַן טיטיטש, טו אַ טויווע, רוק אַרויס קוזמיטשס קאַנדידאַטור.

רודאַקאָוו האָט אַרומגענומען דעם אַלטן און אים פעסט צוגעדריקט צו זיך. דעם קאָמאַנדירס טונקעלע אויגן, וועלכע פלעגן מער ווי איינמאָל אָנוואַרפן אַ פאַכאַד אַף די גאָר ווייניק שרעקעוודיקע פאַרטיזאַנער, האָבן גערירט געקוקט אין קוזמיטשס פּאָנעם.

מוסיאַ האָט ניט אויסגעהאַלטן. זי איז אָפּגעטראָטן פונעם שײַטער און פון דעם ניט באַלויכטענעם אָרט געקוקט, ווי די פאַרטיזאַנער האָבן, איינער נאָכן אַנדערן, זיך געזעגנט מיט קוזמיטשן און מיט טשאָרנין. פּלוצים האָט זיך קוזמיטש דערמאָנט וועגן עפּעס. ער האָט אין אײַלעניש אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע אַ לאַנג זעקעלע פעסט אָנגעפּאַקט מיט שטאַרקן היימישן טאַבאַק. דאָס זעקעלע איז פון שטענדיק אָן געווען דער אָביעקט פון אַלעמענס קינע. ער האָט פאַר זיך אָפּגעשאָטן אַ הײַפל, זיך פאַרטראַכט, צוגעשאָטן נאָך אַביסל און אַרײַנגערוקט דאָס זעקעלע אין האַנט פון דעם נאָענטסטן פאַרטיזאַן.

— דאָרט וועט איר זיך צעטיילן. זאָלסט פאַרטיילן צווישן

אַלע. זאָלן זיי לאָזן אַ רויק און דערמאָנען קוזמיטשן: געווען אַמאָל אַזאַ קרומער טײַוול, אַ פאַרברענטער דרייבערער.

ניקאָלײַ האָט זיך איינער פון די לעצטע געזעגנט מיט די פאַרבליבענע. ער האָט לאַנג אַרומגענומען קוזמיטשן, ווי ער וואָלט ניט געקאָנט זיך אָפּרײַסן פון אים, און דער אַלטער האָט בייז גע־ברומט, אַזוי ווי זיך געזידלט.

— גיי, גיי, באָכער, און זאָלסט באַ מיר ניט טשאַדען אין לעבן ווי אַ האַלאָוועשקע... זאָלסט דריקן אַפּן פולן דאַמף... נו, גיי, דיר איז צײַט... און נאָך אַ זאַך... ווען דו וועסט פאַרענדיקן די מילכאָמע, פאַרבלײַב אַזאַ ווי דו ביסט, זאָלסט ניט ווערן פאַר־גאַסן מיט שמאַלץ. גיי שוין, אויב דו וועסט בלײַבן לעבן — גיב איבער אַ גרוס דײַן פאָטער. ער האָט מיך, דעם זינדיקן, ניט ליב געהאַט. זאָג אים: באַם געזעגענען זיך האָט קוזמיטש אים דער־מאָנט. נו, גיי שוין, דו לאַנגער לאָשעק, כאַפּט דיך דער...

דער אַלטער האָט קימאַט ווי אָפּגעשטופּט פון זיך ניקאָלײַען און גלײַך זיך אויסגעדרייט צו אים מיטן רוקן. ניקאָלײַ איז צוגע־גאַנגען צו טשאַרנין, אָבער יענער האָט געקוקט ערגעץ אַרויף.

מוסיאַ האָט זיך געזעגנט די לעצטע.

— עך, כאָטש באַם סאָף פון מײַן לעבן וועל איך זיך צעקושן מיט אַ שיין מיידל.

קוזמיטש האָט אַ ווונק געטאָן מיט זײַן איינציקן אויג און אומגעלומפּערט אַ שטופּ געטאָן מיט זײַנע ליפּן אין מיידלס באַק, אָבער מוסיאַ האָט אים געגעבן אַ שטאַרקן קוש אין זײַנע שאַרסטקע צעפּלאַצטע ליפּן. נאָך דעם האָט זי זיך אַרונטערגעלאָזט צו טשאַר־נין, וועלכער איז געזעסן לעבן אַ בוים. דער פּאַרטיזאַן האָט אָנגע־כאַפּט איר האַנט מיט זײַנע קאַלטע שטאַרקע פינגער און האָט געשעפּטשעט:

— מיך אויך, גיב מיר אויך אַ קוש!... איך האָב דאָך ניט קיין ווײַב זינאַ. דאָס האָב איך אויסגעטראַכט אַ זינאַ, קעדיי דו זאָלסט זיך ניט באַאומרויקן. עלנט בין איך, איך בין איינזאַם ווי די לעוואָנע אין הימל, איך האָב קיינעם ניט...

מוסיאַ האָט זיך אינסטינקטיוו אָפּגעשאָקלט פון אים, אָבער זי האָט זיך גלײַך באַהערשט, אָנגענומען דעם פּאַרטיזאַן פאַר די אַקס־לען און אַרײַנגעקוקט אים אין זײַנע גרויסע אָנגעשטרענגטע אויגן.

— מען דאַרף ניט — האָט שטיל געזאָגט טשאַרני — אַראָפּ־נעמענדיק אירע הענט — זײַ גליקלעך...

אַן אַלטער פּאַרטיזאַן, רודאַקאָווס קאַניוך, האָט צוגעפירט דעם קאָמאַנדירס פערד.

— סטעפּאַן טיטיטש האָט באַפוילן אים איבערצולאָזן פאַר אײַך — האָט ער געזאָגט און אין זײַן שטימע האָט זיך געפילט אַ ניט קיין באַהאַלטענער פאַרדרוס — איך בעט אײַך, היט אים אָפּ, שטופּט אים ניט אַן אַ פאַרוואָס אונטער די קוילן... ווו זאָל איך אים צובינדן?

— טראָג זיך אָפּ מיט דײַן פערד! שטעל אים אַוועק ווו דו ווילסט! — האָט זיך פּלוצים אויפגעקאָכט טשאַרני. ער האָט זיך דעמאָנסטראַטיוו אָפּגעקערט פון דעם מיידל און אַ געשריי געטאָן צו קוזמיטשן: — זאָל מען אַהער ברענגען די קוילנוואַר־פערס מיט די דיסקעס. איך וויל זיי אַליין באַקוקן!

אַ האַלבע שאָ שפּעטער, ווען עס איז נאָך געווען פינצטער, האָט זיך די מאַכנע שטיל אַרונטערגעלאָזט איבערן מײַרעווודיקן אָפּהאַנג פון באַרג צום אָנשיט און איז גלײַך פאַרשוווּנדן געוואָרן אין וואָלקנס ביטערן געדיכטן בראַנד. אַ שטיק צײַט האָט זיך נאָך געהערט דאָס טראַסקען פון ביקסן, באַם צוזאַמענשטויסן זיך אין דער פינצטער, אַ סאָפּען און טאָפּען פון פערד, אַ דריבנע קלאַפּערײַ פון רעדער אַף די שפּאַלן און צום סאָף איז שטיל געוואָרן.

אין דער זעלבער צײַט זײַנען ניקאָלײַ, מוסיאַ און טאָליאַ אַראָפּגעלאָפן פון דער מיזרעכדיקער זײַט באַרג, זיך דורכגעשטופּט דורך די געדיכטע פאַרוואַקסענע מאָזשעוועל און מאַלינע־קוסטעס, לײַכט געפונען דעם קאַנאַל, אַרײַנגעשפּרונגען און זיך אַ לאָז געטאָן מיט שנעלע טריט אַהין, ווו דורכן רויך האָט זיך שוין גע־רויטלט און זיך צעפלאַקערט אַלץ העלער און העלער דער קילער באַגינען.

ווען די זון איז אויפגעגאַנגען און אירע ערשטע שטראַלן האָבן זיך צעשאָטן איבערן זומפּ און באַגילט די שפּיצן פון די זומפּ־בערגלעך, צערמלענדיק די קליינע ראַכיטישע בעריאָזקעס און די שיטערע טובערקולאָזע סאָסנעס, האָט זיך פון מײַרעוו, פון דעם וואַלדיקן באַרג, — וועלכער האָט זיך ווי אַ הויכער אינדזל, אַרויס־געהויבן פון צווישן רויך און איז איצט אינגאַנצן באַגאָסן געווען

מיט שטראָמען זונען־שטראַלן, — דערהערט אַ טרוקענע טראַס־קערײַ פון קוילנוואַרפערס. די שיסערײַ האָט זיך דערטראָגן פון ווײַטן. דעם מעכאַנישן ניט אָנגענעמען פאַרן אויער קלאַנג האָט מוסיאַ אויפגענומען ווי אַ צאַרטן „זײַ געזונט" פון געטרײַע אי־בערגעגעבענע פרײַנט, ווי אַ מעכטיקן גרויסאַרטיקן הימן פון אומ־באַזיגבאַרקייט פון דער פאַרטיזאַנישער ברודערשאַפט און ווי אַ ני־צאָכן פון דעם גײַסט פון דעם סאָוועטישן מענטשן.

# פערטער טייל

## I

די פולעמיאָטן־שיסערײַ אײַנשטילנדיק זיך ביסלעכווײַז האָט באַגלייט די דרײַ פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן זיך שנעל געריקט צו מיזרעך. זיי זײַנען געגאַנגען איבערן דעק פון אַ טיפן קאַנאַל, וועלכער איז אין אייניקע ערטער געווען אינגאַנצן אויסגעטריקנט און אין אַנדערע, געגלאַנצט מיט ברוינעם טאָרף־וואַסער. דער ווייכער פײַכטער טאָרף האָט פאַרטויבט זייערע טריט און די האַרבסטשטילקייט וואָס האָט גערוט איבערן זומפּ איז געשטערט געוואָרן בלויז פון זייער האַסטיקן אָטעמען און פון דער שוין איצט קוים הערעוודיקער ווײַטער שיסערײַ.

זיי זײַנען געגאַנגען ניט אַרויסריידנדיק קיין וואָרט.

פאָרויס האָט געשפּאַנט מיט ברייטע טריט ניקאָלײַ, אַ פאַרטראַכטער און אַן אָנגעכמורעטער, מיטן אויטאָמאַט אָף דער ברוסט און אַ שווערן זאַק אַפן רוקן. נאָך אים — מיט דריבנע טריטעלעך, דאָ אָפּשטייענדיק, דאָ נאָכיאָגנדיק, איז געגאַנגען טאָליאַ — אויך מיט אַן אויטאָמאַט, מיט גראַנאַטן באַם פּאַסיק און מיט אַ מעסער פאַררוקט הינטער דער כאָלעווע. ער האָט געטראָגן אַ קלענערן זאַק. מוסיאַ איז געווען גאָר ווייניק אָנגעלאָדן, באַם פּאַסיק אַ קליינער אָפּיצירן „וואַלטער". זי האָט געשלאָסן די פּראָצעסיע. ניקאָלײַ און טאָליאַ האָבן זי באַפרײַט פון טראָגן די מאַסע. אין מיידלס רוקזאַק האָבן זיי איבערגעלאָזט בלויז דאָס לײַכטע אַלומינענע געפּעס און צוזאַמענגעוויקלטע דײַטשישע פלאַשטש־פּאַלאַטקעס.

דאָס מיידל האָט געשפּריזט לײַכט און געניט. אירע מאַכ־שאַוועס זײַנען געווען דאָרט, הינטן, ווו צוויי איבערגעגעבענע מענטשן האָבן איצט געפירט אַזאַ ניט גלײַכן קאַמף. מוסיאַ, וועל־כע האָט זיך שוין געקענט פונאַנדערקלײַבן אין קריגס־איניאַנים, האָט זיך בוילעט פאַרגעשטעלט, וואָס דאָרטן קומט איצט פאָר. פון ווײַטן האָט זיך דערטראָגן אַן אָפּטע כאַאָטישע שיסערײַ פון אויטאָמאַטן, דאָס האָבן די פאַשיסטן אַטאַקירט. אָבער די פיבערדיקע שאָסן פון די אויטאָמאַטן זײַנען גלײַך באַדעקט געוואָרן דורך קורצע סעריעס פון קוילנוואַרפערס. אַף אַ רעגע האָט זיך אַלץ צונויפגעמישט אין איין אַלגעמיינער טראַסקערײַ. דאָס מיידל האָט זיך מיט אַנשטרענ־גונג אײַנגעהערט. מיטאַמאָל זײַנען די אויטאָמאַטן אַנטשוויגן גע־וואָרן. די קוילנוואַרפערס האָבן עטלעכע מאָל קורץ אַ שטעפּ־גע־טאָן, און עס איז געוואָרן שטיל. בלויז דער פײַכטער טאָרף כליר־פּעט אונטער די פיס.

מוסיאַ זיפצט אָפּ מיט פאַרלײַכטערונג. מען האָט אָפּגעשלאָגן. זי מאָלט אויס פאַר זיך אַ בילד, ווי זי וואָלט עס געזען מיט אירע אייגענע אויגן: טשאַרני ווישט אָפּ מיט דער האַנט זײַן פאַרשוויצטן, ברוינעם פון פולווער־רויך פּאָנעם, קוזמיטש ווינקט אונטערן מיטן אייגל און לאַכט האַפערדיק, מיט ציטערדיקע, ברוינע פון רויך, פינגער דרייט ער צונויף צוויי ציגאַרלעך: פאַר זיך און פאַרן כאַ־ווער — דערנאָך שיט ער פאַרזיכטיק אַרײַן צוריק אין זײַן דיקן, ענגלעך צו אַ וווּרשט, טאַבאַק־זעקל די איבערגעבליבענע טאַבאַק־ברעקלעך... אייגנטלעך ניין... דעם זעקל מיטן טאַבאַק האָט ער דאָך אַוועקגעשאָנקען. פון דער דערינערונג הייבט מוסיאַן אָן צו קיצלען אין גאָרגל. אָבער ווידער זידלענדיק זיך ברומען בייז ער־געץ ווײַט די אויטאָמאַטן און ווידער, אָפּענטפערנדיק זיי מיט זיך־לערײַען, שטעפּן עלאַסטיש די קוילנוואַרפערס. און דאָס מיידל מאָלט זיך אַ בילד, ווי אירע פרײַנט ליגן צוגעפאַלן צו די ציטערנ־דיקע קאָלבעס מיט בייזע, אַקשאָנעסדיקע פּעגעמער, מיט פאַרקריצ־טע ציין.

ניין, אַזעלכע וועט מען ניט אײַנברעכן! — און עס ווערט באַ איר געבוירן אַ פריידיקע האָפענונג, אַז זיי וועלן אַזוי דערציִען ביז עס וועט פינצטער ווערן און באַנאַכט אונטערן צודעק פון נעפּל

און רויך, וועט קוזמיטש אָוועקפירן טשאַרנין אַפן קאָמאַנדירס פערד.

צום טרוקענעם שויך קוים הערנדיקן טראַסק פון ביקסן־שאָסן האָבן זיך צוגעמישט טויבע קורצע אויפרײַסן, ווי עמעצער וואָלט געקלאַפּט מיטן פויסט אין אַ פּאַס.

— גראַנאַטן — איז זיך מעשאַער געווען ניקאָלײַ — די אויסוואורפן זײַנען צוגעקראָכן נעענטער און פאַרוואָרפן זיי מיט גראַנאַטן.

— וואָס פאַראַ גראַנאַטן ? — האָט אים איבערגעשלאָגן טאַליאַ — זיי וועלן דען צולאָזן צו זיך מיט גראַנאַטן ? הערסט דאָך יאָלקי־פּאַלקי אַ קוילנוואַרפער. דער פריץ שלאָגט איצט פון מינען־וואַרפערס. ער האָט צוגעשלעפּט מינען־וואַרפערס אַח זעצט.

— מיילע, מינען־וואַרפערס זײַנען דאָרט ניט געפערלעך. מיט זיי קען מען נאָר גרינגינקע אָפּשרעקן. האָסט דאָך געזען וואָס פאַר אַן אָקאָפּעס מען האָט דאָרט פאַר זיי אויסגעגראָבן ? וואָס איז פאַר זיי דאָרט אַ מינע ? סײַדן זי זאָל טרעפן גלײַך אין שפּיץ קאָפּ !

אַלע דרײַ האָבן זיך אויסגעדרייט און זיך צוגעהערט. די מינען־וואַרפערס זײַנען אַנטשוויגן געוואָרן. ווידער איז אַנטשטאַנען אַ צעפּלאָשעטע טראַסקערײַ פון אויטאָמאַטן, און ווידער האָבן זיי באַדעקט די קוילנוואַרפער־סעריעס, אַזעלכע סאָלידע, ווי אַ בײַסיקער פויקן פון פּנעוומאַטישע האַמערס.

— עך, יאָלקי־פּאַלקי, זיי דערלאַנגען !

— נו, גענוג שוין, געגאַנגען — האָט געגעבן אַ קאָמאַנדע ניקאָלײַ.

די פוסגייער האָבן זיך גערירט ווײַטער.

— אָט, דערנאָך, ווען מען וועט די דײַטשן פאַרטרײַבן, וואָלט מען באַדאַרפט אַף דעם בערגל אויפשטעלן אַ שיינעם מאָנומענט פון מאַרמאָר. און אַף אים זאָל שטענדיק פלאַקערן אַ רויטער שטערן. מענטשן זאָלן זען דעם שטערן טאָג און נאַכט און זיי זאָלן זיך דערמאָנען, ווי דאָ האָבן צוויי פאַרטיזאַנער געקעמפט קעגן אַ מאַכנע פאַשיסטן — האָט פאַרטראַכט געזאָגט מוסיאַ.

— צופיל אַזעלכע דענקמעלער וואָלט אויסגעקומען אויפצושטעלן — האָט געענטפערט ניט אומדרייענדיק זיך ניקאָלײַ. — עס וועט קיין מאַרמאָר ניט סטאַיען.

פֿאַר מוסיאַס אויגן איז אויפֿגעשוואומען דאָס בילד ווי די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך געזעגנט. וואָס פֿאַר אַ וווּנדערבאַרע מענטשן זײַנען דאָס, ווי ברידערלעך זײַ האָבן זיך באַצויגן צו איר, צו אַן אומבאַקאַנטער מיידל, וואָס איז צופֿעליק אַרײַנגעפֿאַלן אין זייער לאַגער! און רודאַקאָוו! דער איז פּאָשעט, ווי פֿון שטאָל אויסגעגאָסן. און זײַן שעמעוודיקייט דאָן אויפֿן עראָדראָם, ווען ער האָט גערעדט וועגן זײַן מישפּאָכע. אָ, ווען זי זאָל קענען אַמאָל ווערן אַזאַ, ווי ער. ווען זי זאָל קענען דערציִען אין זיך אַזאַ ווילנס־קראַפֿט און אַזאַ רויִקייט. און לויטן אויסזען איז דאָס אַ גאַנץ געוויינלעכער מענטש. באַגעגנסט אים אַמאָל ערגעץ וווּ — און וועסט אַף אים ניט לייגן קיין שום אַכט, וועסט זיך אַפֿילע ניט אומקוקן. און אַף וועמען איז ער דאָס אַזוי ענלעך? אָך, יאָ, דוכט זיך, אַז אַפֿן אַלטן רובצאָוו, און עפּשער גאָר אַפֿן באַנק־פּאַרוואַלטער טשערעדניקאָוו? די אַלע זײַנען דאָך אַזוי פֿאַרשיידן, און דאָך אַזוי ענלעך... ניין, ניין, אַזאַ איינע ווי זיי, וועסטו זיכער קיינמאָל ניט ווערן.

און קאַרפּאָוו! דער האָט זי טאַקע בעעמעס איבעראַשט. זי האָט געמיינט, אַז דאָס איז אַ שטיק טרוקענער סוכאַר... און ער גאָר, נאָכן געזעגענען זיך מיט קוזמיטשן, האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אין די קוסטעס, און מען האָט געהערט, ווי זײַן טעכטערל פֿרעגט אים: „פּאַפּאַ, דערציייל יולאַטשקען, פֿאַרוואָס דו וויינסט?" און ווער וואָלט גאָר געקענט אַ טראַכט טאָן, אַז דער מענטש קען וויינען? עך, מוסקאַ, מוסקאַ, האָסט שוין דערלעבט ביז נײַנצן יאָר, און מישפּעטעסט נאָך אַלץ די מענטשן לויט זייער אויסערלעכן אויסזען: אַ סימפּאַטישער, אַ נישט קיין סימפּאַטישער.

וואָס איז דאָס? מען שיסט ווידער? אָבער ס'הערט זיך שוין די שיסערײַ פֿון די קוילנוואַרפֿערס קוים, קוים, פּונקט ווי עמעצער וואָלט אין אַ שכיינעסדיקן צימער אומדערפֿאַרן געשטעפּט אַף אַ נייי־מאַשין. עס הערן זיך אויך טויבע אויפֿרײַסן. דאָרט גייט אַ קאַמף. דאָס זײַנען טאַקע עמעסע מענטשן. און זײַנען זיי דען די איינציקע?

טראַכטנדיק וועגן יענע מענטשן, וועלכע זײַנען פֿאַרבליבן הינטער זיי, איז מוסיאַ געגאַנגען, נישט באַמערקנדיק, ווי דער ווינט פֿאַרשטאַרקט זיך, ווי אין דער לופֿט פּילט זיך אַלץ ביטערער

און ביטערער דער רויך. דער קלאָרער, קאַלטער טאָג האָט אָנגעהויבן פאַכוישעכט ווערן און די זון איז פאַרטונקלט געוואָרן.

ניקאָליי, וועלכער האָט שוי אַ היפּש שטיקל צייט זיך אומגעקוקט מיט אומרו, האָט אָפּגעשטעלט זיינע כאַוויירים און איז אַרויסגעקראָכן פון דער קאַנאַווע. דער גאַנצער זומפּ, ביז צום האָריזאָנט איז געווען, ווי מיט אַ שעפּסן־פעל, באַדעקט מיט אַ געדיכטן גרויען רויך. דער ווינט האָט געריסן די פעל, געשליידערט זי איבער דער ערד, צעבלאָזן דעם פייער און אים געיאָגט אַף צאָפּן־מיזרעך. אויב דער ווינט וועט זיך ניט איינשטילן, וועט ער זיי איבערשניידן מיטן פלאַם דעם וועג. מען וואָלט געקענט, פאַרשטייט זיך, אַנטלויפן פון דעם אָניאָגנדיקן פייער, ביינטנדיק זייער ריכטונג אַף צאָפן, דאַן וועט מען אָבער מוזן פאַרלאָזן די זיכערע קאַנאַווע און זי איז דאָך לעכאָל האַפּאָכעס אַ פייכטע, זי וועט זיך נישט אָנצינדן, און אַפן דעק איז פאַראַן אַ ביסל וואַסער.

— מען מוז גיין מיט דער קאַנאַווע — האָט באַשלאָסן ניקאָליי — יאָלקאַ גיי פאָרויס, נאָך דיר מוסיאַ און איך דער לעצטער. און גיין זאָל מען וואָס שנעלער. איר הערט? אַלזאָ, פאָרויס!

ווען מוסיאַ האָט זיך אויסגעגלייכט מיט ניקאָלייען האָט ער זי אָנגענומען באַ דער האַנט און געפּרוווט אַריינקוקן איר אין די אויגן.

דאָס מיידל האָט אָפּגעקערט איר קאָפּ און צוריקגעצויגן איר האַנט... זי איז נאָך אַלץ געווען מיט יענע, וועלכע שלאָגן זיך אַפן באַרג, און די באַשיידענע צערטלעכקייט האָט זיך איר אויסגעוויזן ווי אַ פּראָפּאַנאַציע פון זייער העלדנטאַט.

— גיכער, גיכער! — האָט צוגעאיילט ניקאָליי.

איצט זיינען אַלע דריי קימאַט, ווי געלאָפן. דער ווינט האָט זיי געטריבן אין רוקן, אָנגעיאָגט און איבערגעיאָגט מיט גאַנצע כמאַרעס בראַנד, צייטנווייז פלעגט ער שוין דערטראָגן דעם הייסן אָטעם פון דער נאָענטער סרייפע. די לופט איז געוואָרן אומדערטרעגלעך ביטער. דאָס בלוט האָט אומרויִק געקלאַפּט אין די שלייפן, און דאָס ערגסטע, פאַר מוסיאַס אויגן האָבן ווידער אָנגעהויבן צו שווינדלען די פינקלענדיקע רייפן, פאַר וועלכע דאָס מיידל האָט באַזונדערס מוירע געהאַט. נאָר נישט אומפאַלן, נאָר נישט פאַר־

לירן דעם באַוווסטזײַן — די יאַטן וועלן זיך דאָך צוליב איר אויך אָפּשטעלן און דאַן...

טאָליאַס פלינקע פיגורל פלעגט דאָ פאַרשווונדן ווערן אין די פוילע זײַלן רויך, וועלכע האָבן זיך שוין געקײַקלט איבערן דעק פון דער קאַנאַווע, דאָ ווידער זיך אומדײַטלעך באַווײַזן און צום סאָף אינגאַנצן צעגאַנגען געוואָרן אין זיי. דאָ האָט מוסיאַ פאַר־שטאַנען,אַז זי שטייט אָפּ. דער ווינט איז געוואָרן אַזוי הייס, ווי ער וואָלט געבלאָזן פון אַ צעגליטן אויוון. עס איז איר געוואָרן שווער צו אָטעמען. עס האָט זיך איר געדוכט, אַז אַנשטאָט לופט גיסט זיך אין אירע לונגען ביטערע, זודיקע וואַסער. ערגעץ פון הינטן האָט זיך דערהערט ניקאָלײַס קאָל:

— בייגט זיך אײַן נידעריקער צו דער ערד!

אונטער די פיס האָט געכליופעט דאָס וואַסער. מוסיאַ האָט זיך אײַנגעבויגן. דאָ, איבערן פײַכטן טאָרף שיכט, איז געווען קילער און עס האָט זיך געאָטעמט לײַכטער. לויפנדיק פאַרבײַ אַ נישט קיין אויסגעטרוקנטער קאַליוזשע האָט דאָס מיידל אָנגעשעפּט אַ הויפן וואַסער און זיך באַשפּריצט דאָס פּאָנעם. זי האָט אַראָפּגע־שלעפּט פון איר קאָפּ דאָס מאַרלע־טיכל, עס באַנעצט און צוגע־לייגט צום מויל. עס איז שוין נישט געווען אַזוי ביטער דאָס אָטע־מען, אָבער צו לויפן האָבן פאַרפעלט קויכעס. מוסיאַ האָט אָנגעהויבן גיין לאַנגזאַמער איבערן סאַמע דעק פון דער קאַנאַווע.

— אָטעם דורך אַ נאַסער שמאַטע, אַזוי איז לײַכטער — האָט זי אַ געשריי געטאָן צו ניקאָלײַען.

— איצט איז שוין נישט ווײַט. לויט דער מאַפּע געדענק איך, אַז באַלד וועט זײַן אַ וואַלד, — האָט ער געענטפערט.

די סרייפע האָט זיי שוין קימאַט אָנגעיאָגט.

גאַנצע וואָלקנס פונקען זײַנען געפלויגן איבער די קעפּ פון די פּאַרטיזאַנער. ברענענדיקע צווײַגן האָבן זיך מיט אַ שיפּען גע־טראָגן אין דער לופט. גליִענדיקע טאָרף־שפּליטער האָבן ווי מיט נאָדלען געשטאָכן דאָס פּאָנעם.

איצט האָבן זיך די פּאַרטיזאַנער געשלײַכט איבער דער קאַ־נאַווע, ווי איבער אַ שמאָלן קאָרידאָר, וואָס האָט איבערגעשניטן דעם ברענענדיקן זומפּ. אַ היץ האָט אָף זיי געאָטעמט פון ביידע זײַטן, די קליידער האָבן זיך געדרויכערט.

מוסיאַ האָט דערפילט, אַז זי ווערט דערשטיקט. דאָס נאָסע טיכל האָט שוין מער ניט געהאָלפן. אַן אָפּגעשוואַכטע האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזט אָפן דעק פון דער קאַנאַווע און איז געלעגן עטלעכע סעקונדן צוגעטוליעט מיט דער באַק צום פייכטן טאָרף און האָט איינגעאָטעמט די שמעקעדיקע מיט צוויט קילקייט.

איבער איר האָט זיך איבערגעבויגן ניקאָלײַ. זײַן פאַרקאָפּטשעט פאַרשוואַרצט פּנים האָט אויסגעזען שרעקלעך. נאָר אין זײַנע אויגן, ווי שטענדיק בלויע און ריינע, האָט דאָס מיידל דערזען די זעלבע ניכטערע און רויִקע ווילנסקראַפט, מיט וועלכער עס פלעגט איר שטענדיק איבעראַשן רודאַקאָוו. ניקאָלײַ האָט עפּעס געשריגן.

די ווערטער האָט זי נישט פאַרשטאַנען, אָבער זי האָט זיך אָנגעשטויסן אַז ער רעדט איר אײַן זי זאָל אויפשטיין. אַלץ אַרום האָט זיך געדרייט און געהוידעט. און נאָר די בלויע אויגן האָבן רויִק און מיט פאָדערונג געקוקט אַף איר.

— ליבער, לויף — האָט זי אַ שעפּטשע געטאָן — לויפט... לאָזט מיך איבער... ראַטעוועט דאָס... אין זאַק.

— רייד נישט קיין נאַרישקייטן! — האָט בייז געזאָגט ניקאָלײַ און אַרומכאַפּנדיק דאָס מיידל בײַ דער טאַליע האָט ער איר געהאָלפן זיך שטעלן אַף די פיס. — גיי!

צו איר גרעסטן וווּנדער איז דאָס מיידל געגאַנגען. די ערד האָט זיך געוויגט אונטער אירע פיס, ווי אַ וויג־ברעט, און איר האָט זיך געדוכט אַז אָט־אָט וועט זי זיך אויסגליטשן, זי פאַרלירן פון אונטער די פיס און וועט פאַלן אין אַן אָפּגרונט. און דאָך איז זי געגאַנגען און געגאַנגען, אָנגעשפּאַרט אַף ניקאָלײַס שטאַרקער האַנט.

די קאַנאַווע האָט זיך פאַרענדיקט. פון דעם כוישעך האָט זיך דערהערט טאַליאַס וואָרענענדיקער אויסגעשריי. אין כאַלעם, אָדער אַף דער וואָר האָט דאָס מיידל דערשפּירט, אַז די ערד גייט דאָך אַוועק פון אונטער אירע פיס, און זי אַליין פאַלט ערגעץ. שפּעטער — אַ שאַרפער ווייטיק אין אַ פוס, און אַלץ איז באַדעקט געוואָרן מיט אַ געדיכטן, וואַרעמען נעפּל.

## II

פון אָנפאַנג האָט מוסיאַ דערהערט באַקאַנטע שטימעס.

— אוי, יאָלקי־פּאַלקי, זע נאָר, זע, עס גייט אָף אונדז... אָט איבער די שפּיצן. לאָמיר לויפן!

— וווהין? מען מוז דאָך פעסטשטעלן די ריכטונג.

דאָס מיידל האָט דערפילט אַ טעמפּן ווייטיק, וואָס האָט גע־ברענט איר פוס ערגעץ העכער פון קני. זי האָט געעפנט די אויגן און דערזען נאָנט פון זיך ניקאָלײַס פּאָנעם, זי האָט פאַרשטאַנען, אַז ער האַלט זי אָף די הענט. דעם פּאַרטיזאַנס האָר זײַנען געווען אָפּגעסמאַליעט. דינע ריטשקעס שווייס האָבן איבערגעלאָזט גע־שלענגלטע ראָזעווע סטעזשקעס אָף זײַן פאַרקאָפּעטשטער הויט. די צעפּלאָצטע ליפּן זײַנען געווען האַלב אָפן. דער באָכער האָט שווער געאָטעמט.

— דו האָסט באַמערקט, וווהין עס לויפן די כאַיעס?

— אַהין, אַהין דאָך. זעסט די וועווערקעס לויפן דאָרט אויבן.

מוסיאַ האָט גײַציק געאָטעמט מיט דער פולער ברוסט. האַגאַם דאָ אין וואַלד, אונטער די הויכע סאָסנעס האָט דער ווינט אויך געקאָכט און געזידט ווי אין אַ קעסל, דאָך האָט זיך איר די לופט אויסגעוויזן אויסערגעוויינלעך ריין, קיל און געשמאַק. אַרײַנפליסנ־דיק אין די לונגען האָט עס זי דערפרישט, ווי קוואַל־וואַסער.

— שוין געקומען צו זיך?

ניקאָלײַ האָט אַ ציטער געטאָן פון פרייד און האָט זי פעסטער צוגעדריקט צו זיך.

דאָס, וואָס דער ווינט האָט געיאָגט און צעבלאָזן, האָט זיך אַזוי ווי געקײַקלט איבער די שפּיצן פון די ביימער, אַריבערקריכנ־

דיק און אַריבערשפּרינגענדיק פון איין בוים אָפן צווייטן. די יאָלקעס פלעגן זיך אָנצינדן, ווי ליכט. די סאָסנעס האָבן געפלאַקערט מיט אַ רעווען ווי סמאָלע־פאַקעלן. דער פלאַם האָט זיך לאַנגזאַם אַראָפּגעגליטשט איבער די צווײַגן, אַראָפּגערונען איבער דער קאָרע פון אויבן אַראָפּ. עפּעס אומפאַרמײַדלעכס, סטיכישעס, קעגן וועלכן דער מענטש פילט זיך אוממעכטיק, איז געווען אין דער אָנגרײַפּערישער פײַערדיקער וואַנט. עפּעס צוויי רויטע כײַעס זײַנען אַרויסגעשפּרונגען פון די קוסטעס, זיך אָנגעשטויסן אָף די פּאַרטיזאַנער און פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער וואַלד־געדיכטקייט.

— לויפט! — האָט הייזעריק אַ געשריי געטאָן ניקאָלײַ און זיך אַ וואָרף געטאָן נאָך זיי.

נאָר ער, דער ווּקסיקער, קרעפּטיקער מענטש, איז געווען בעקויעך מיט אַזאַ לײַכטקייט צו טראָגן מוסיאַן, שפּרינגענדיק איבער די בערגלעך, דורכשטופּנדיק זיך דורך די קוסטעס. די צווײַגן האָבן זיי געשמיסן, זיך געקלאַמערט אין זייערע קליידער, ווי זיי וואָלטן געהאַט בעדייע זיי צו פאַרהאַלטן. דער רויך איז ביסלעכווײַז געוואָרן שיטערער און עס איז געוואָרן לײַכטער צו אָטעמען.

פּלוצים איז טאָליאַ, וועלכער איז געלאָפן פאָרויס, געבליבן שטיין מיט אַ פּאָנעם, ווי ער וואָלט געכאַפּט אַ קלאַפּ מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ.

— דער זאַק... — האָט קוים אַרויסגעשעפּטשעט דער קליינער פּאַרטיזאַן — איך האָב פאַרגעסן דעם זאַק.

אַלע דרײַ האָבן אַ רעגע געקוקט מיט שרעק ווי פון ווײַטן שפּרינגענדיק איבער די ביימער־שפּיצן, יאָגט זיי אָן דאָס פײַער. די סרייפע האָט זיך נאָך אַלץ געשפּרייט פון אויבן.

מיט אַ ראַשיקער באַוועגונג האָט טאָליאַ אַראָפּגערוקט דאָס היטל איבער די אויגן און פאַרשטעלנדיק מיטן אַרבל דאָס פּאָנעם האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן צוריק אַהין, וווּ צווישן קאָכנדיקן גרויען רויך האָט דער פלאַם לאַנגזאַם גערונען איבער דער קאָרע פון די הויכע סאָסנעס, ווי אַ צעגליטע סמאָלע.

— איר לויפט! — האָט זיך דערטראָגן די שטים פונעם קליינעם פּאַרטיזאַן פון דעם רויך־נעפּל, אין וועלכן ער איז מיטאַמאָל אַזוי ווי צעגאַנגען געוואָרן.

ניקאָלײַ האָט געהאַט בעדייע זיך אַ וואָרף טאָן נאָך אים...

אָבער מוסיאַ ?... וואָס וועט זײַן מיט איר ? אַליין קען זי דאָך נישט זיך אַ ריר טאָן.

— לויפט ! איר הערט ! כ׳וועל אָניאָגן ! — האָט זיך דערטראָגן צו זיי שוין פונדערווײַטנס.

דער באָכער האָט נאָך פעסטער צוגעדריקט צו זיך דאָס מיידל און זיך אַ ריס געטאָן אַנטלויפנדיק פון דער וואַלד־סרייפּע, וועלכע האָט זיי שוין אָנגעיאָגט.

נישט באַמערקנדיק די שווערע וואָג פון דעם מיידלס קערפּער, נישט פילנדיק, ווי דער העננגענדיקער אויפן רוקן אויטאָמאַט שלאָגט אים ווייטיקלעך איבער די אַקסלען, איז דער פּאַרטיזאַן געלאָפן איבער די זומפּ־בערגלעך און פּניאָקעס אַהין און איבער דער ערד און לופט האָבן געשטראָמט כײַעס און פייגל.

מוסיאַ איז ווי אָפּגעשטאָרבן. זי האָט געזען ווי מיט אַ טויבן דראָענדיקן רעווען רוקט זיך אויף זיי אַ פײַערדיקער פראָנט. אָפּטמאָל פלעגט דאָס פײַער, געיאָגט פון ווינט, געבן אַ שפּרונג איבער די ביימער־שפּיצן און זיי אָניאָגן. פײַערדיקע שײַטערס איבער זייערע קעפּ האָבן זיי באַשאָטן מיט כמאַרעס ברענענדיקן סכאַך. מוסיאַ האָט זיך פעסטער צוגעדריקט צום שטאַרקן וואַרעמען אַקסל. אָמאָל פלעגט דאָס פײַער בלײַבן שטיין ווי אין פאַרלעגנהייט פאַר אַ וואַלד־לאָנקע. די געדיכטע רויך־כוואַליע פלעגט בלײַבן הינטער זיי.

דאַן פלעגט ניקאָלײַ קענען אָפּכאַפּן דעם אָטעם און דעם מיידלס געדאַנקען זײַנען געלאָפן צוריק צו דעם קליינעם צעשויבערטן מענטשעלע, וועלכער האָט זיך אַזוי דרייסט געוואָרפן אין פײַער און אין רויך. מיטן גאַנצן וועזן אירן האָט זי זיך געריסן אים צו הילף. ווען זי זאָל נאָר האָבן קויעך !

די ברענענדיקע ביימער־שפּיצן, די סילועטן פון די שטראָמענדיקע כאַיעס — דאָס אַלץ האָט אויסגעזען, ווי אַ קאָשמאַר, ווי מען וואָלט פאַרפּאָלגט געוואָרן פון עפּעס אומפאַרשטענדלעך שרעקלעכס, וואָס גרײַפט אָן פון דעם כוישעך, באַוווינט פון קאָלערליי אומגעריכטע געפאַרן. און פונקט מיט דער זעלבער אומגעריכטקייט, ווי עס פּאַסירט אין די קאָשמאַרן האָט זיך פאַר די פלייטים פּלוצלונג אַנטפּלעקט פון הינטער די קוסטעס אַ זומפּיקער טאָל און הינטער אים אַ גלאַטער שפּיגל פון אַן אָזיערע מיט אַ קליינעם אינדזל, באַדעקט מיט אַ בונטן היטל פון אַ בלעטער־וועלדל, שוין

עטוואָס באַרויבט פון האַרבסט און באַזוימט בײַ די ברעגן מיט אַ בונט גרינעם געקרײַזלטן טאַלניק. פון דער אָזיערע האָט געשמעקט מיט קילקייט.

ניקאָלײַ האָט געאָטעמט ווי אַ פאַרמאַטערט פערד. זײַן האַרץ האָט, ווי מיט אַ שווערן האַמער, געזעצט אין ברוסט־קאַסטן.

און דער פלאַם פון דער וואַלד־סרייפע, אײַנגעהילט אין שטורמיש כוואַליקע וואָלקנס רויך האָט זיך שוין דערנענטערט צו דער אָזיערע. דאָס פײַער האָט שוין געקנאַקט אין די נאָנטע קוסטעס, און מיט אַ בלוילעכן רויך געפויזעט איבערן טרוקענעם מאָך, וועלכער האָט באַדעקט די טאָרף־בערגלעך. באַוועגנדיק קאָנווולסיוו מיט די צווײַגן האָט אָנגעפאַנגען שוין צו טלִיען דאָס גרויע אָלכעןװעלדל. לעבן ניקאָלײַען איז געשטאַנען, ציטערנדיק מיטן דינעם מוסקולירטן קערפּער, אַ ווילדער באָק. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, געגעבן אַן עלאַסטישן שפרונג און זיך אַראָפּגעשלײַדערט צום טשערעט נאָכשלעפּנדיק נאָך זיך אַ פאָר ווילדע ציגן, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעריסן פון צווישן די קוסטעס. ניקאָלײַ האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך זיי. אַ וואַנט פון טשערעט האָט אים אַרומגערינגלט פון אַלע זײַטן, אונטער די פיס האָט געכליופּעט דאָס וואַסער. דער פאַרטיזאַן האָט זיך געלאָזט מיטן וועג, וואָס די כײַעס האָבן דורכגעשניטן, ביז דער טשערעט איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען און ער האָט דערפילט אונטער זײַנע פיס אַ פעסטן באָדן. פון דאַנען האָט זיך געצויגן אַ שמאָלער שאַרפער זאַמד־פּאַס. ער האָט געשפּאָלטן די אָזיערע און האָט דערלאַנגט ביז צום אינדזל, פון וועלכן ס׳האָט אים אָפּגעטיילט בלויז אַ שמאָלינקער דורכגוס. די ווילדע ציגן זײַנען שוין אַריבערגעשווומען דעם דורכגוס און אַרויסרײַסנדיק זיך אַף אַ קלײנער פליאַזשע זײַנען זיי פאַרשוווּנדן אין די געדיכטעניש פון טאַלניק.

גייענדיק לויט זייערע שפורן האָט ניקאָלײַ געהאַט נאָר איין זאַך אין זינען — ניט אומצופאַלן און ניט אומצוּוואַרפן מוסיאַן, וועמענס קערפּער איז אים איצט געווען אומגעהײַער שווער. ער האָט קימאַט ווי ניט געזען וואָס סע טוט זיך אַרום אים.

און אָט איז שוין ענדלעך דער אינדזל און די קוסטעס. די צווײַגן שמײַסן אים אין פּנים. ניקאָלײַ האָט געמאַכט נאָך עטלעכע ניט קיין זיכערע טריט און וואַקלענדיק זיך אָנגעהויבן פאַלן.

מיט דער לעצטער אָנשטרענגונג האָט ער אַראָפּגעלאָזט דאָס מיידל אָפּן גראָז און איז דאָ גלײַך לעבן איר אומגעפאַלן. זײַן האַנט האָט געגנישטערט באַם קאָלנער און האָט בעשום אויפן ניט געקענט געפינען און פונאַנדערשפּילען די קנעפּ פון דער גימנאַסטיאָרקע.

מוסיאַ האָט האַסטיק פונאַנדערגעקנעפּלט דעם פּאַרטיזאַנס קאָלנער און איז אויפגעשפּרונגען קעדיי צו לויפן נאָך וואַסער, אָבער זי האָט זיך גלײַך מיט אַ ווײַ־געשריי אַראָפּגעלאָזט אַף דער ערד. אַ ברענענדיקער ווייטיק אין קני האָט זי דורכגעשטאָכן, ווי מיט אַ שפּיז. דאָס מיידל האָט אַ קוק געטאָן אַף איר לינקן פוס און מיט פאַרוווּנדערונג דערזען אַז דער געשטעפּטער וואַטענער הויז איז אינגאַנצן שוואַרץ און פאַרהאַרטעוועט פון בלוט. עפּעס שלעכטס האָט פּאַסירט מיט איר פוס. דאָס מיידל האָט זיך אומבאַהאָלפן אומגעקוקט. ניטאָ קיין מענטש. די סרייפע האָט שוין דערגרייכט ביז צו דער אָזיערע. מיט טשאַד פון געדיכטן רויך האָבן באַם ברעג געפלאַקערט די גרויע אָלכע־ביימער. ברענענדיקע צווײַגן פלעגן פליִען הויך אין דער לופטן, אַראָפּפאַלן און מיט אַ שיפּען זיך אויסלעשן אין וואַסער. דאָ און דאָרט פלעגן דורכשנײַדן דעם קאַלטן וואַסער־פּלאַך פון דער אָזיערע, די קעפּ פון פאַרשיידענע כאַיעס, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון דעם פײַער.

ניקאָלײַ האָט אָנגעהויבן צו אָטעמען אַביסל רויִקער.

— יאָלקאַ איז דאָרט... שיס אויס... גיב אים אַ צייכן...

— האָט ער געזאָגט צו מוסיאַן מיט גרויס אָנשטרענגונג.

אָבער אין דעם זעלבן אויגנבליק, ווי אַן ענטפער אַף זײַנע ווערטער, האָט זיך פון ערגעץ גאָר נאָענט דערהערט אַ קורצע שטערײַ פון אַן אויטאָמאַט. מוסיאַ און ניקאָלײַ זײַנען פאַרגליווערט געוואָרן. פּלוצים האָבן זיך מיט אַ געוויש צעשפּרייט די קוסטעס און אין דער בונטער גרינקייט האָט זיך באַוויזן דער שוואַרצער, גלאַנציקער פּאָנעם פון דעם יונגן פּאַרטיזאַן. אין האַנט האָט ער געהאַלטן דעם אויטאָמאַט.

— אוך, איז דאָ פּאַראַן אַ ווילדער כאַזער! געזונט, אַ שרעק!

און טאָליאַ האָט אַ פאַרלײַכטערטער אַ וואָרף געטאָן אָפּן גראָז דעם שווערן זאַק.

ניקאָלײַ האָט זיך אונטערגעהויבן פון דער ערד און האָט באַטאַפּט טאָליעס אויטאָמאַט. ער איז נאָך געווען וואַרעם.

— האָסט געשאָסן ?

— אַ גאַנצע ריי אים אַרײַנגעשטעפּט אין רוקן, און ער — זוי קײנמאָל גאָרניט, אַוועק . . .

מיט אַ יינגלשער באַרימערײַ האָט טאָליאַ אַ קאָפּע געגעבן מיט אַ גרינגשעצונג דעם זאַק און האָט מיד געמאָלדן :

— קוים אים געפונען דאָרט אין רויך. און ער איז שווער, דער פאַרשאָלטענער ! דאָרט, איז ווי אין אַן אויוון, ערדן־וואָרט. אַ האָז האָט אַפן גאַנג מיר אַזאַ זעץ געגעבן — שיר פון די פיס ניט אומגעוואָרפן !

עטלעכע מינוטן זײַנען זיי געזעסן רויק, געניסנדיק פון דער פרישער לופט, פון דער שטילקייט. שפּעטער האָט זיך ניקאָלײַ אַ כאַפּ געטאָן :

— מוסיאַ, און ווי איז דײַן פוס ?

— עס טוט זייער וויי ! וואָס איז אַזוינס געשען ?

— יאָלקי־פּאַלקי, זי פרעגט וואָס ? איר האָט זיך דאָך אַראָפּ־געשאָטן אין אַ טאָרף־קאַריער, דאָרטן איז געשטאַנען עפּעס אַ מין מאַשין ענלעך צו אַן אַקער. האָט איר זיך מיטן קני אַ זעץ געטאָן אין דער מאַשין, אַן סאַמע שאַרף . . . אָט וואָס.

ניקאָלײַ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַף די קני, פאָרזיכטיק אונ־טערגעהויבן איר פוס און זי באַטראַכט.

— דער ביין איז ניט צעבראָכן ? — האָט שטיל געפרעגט טאָליאַ.

— גאַנץ ! האָסט אַ באַנדאַזש ?

— ניין, ניין ? באַ מיר איז אַלץ דאָ.

אין דער צײַט, וואָס טאָליאַ, אַרומוואַשנדיק זיך פריִער די הענט אין דער אַזיערע, האָט אויפגעריסן דאָס פּאַראַפינירטע פּאַ־פּיר פון אינדיווידועלן פּאַקעט, האָט ניקאָלײַ מיט אַ שאַרפן יאַגד־מעסער אויפגעטרענט דעם הויז. מען האָט געבראַכט וואַסער און אַרומגעוואַשן דאָס פאַרטריקנטע בלוט. די קני איז געווען בלוי און פאַרשוואָלן, אָבער זי האָט זיך געבויגן. די קני־שיסעלע איז, ווײַזט אויס, געווען גאַנץ. די ווונד איבער דער קני איז געווען ניט קיין גרויסע, אָבער עס איז געווען אָנגערירט אַן אָדער און דאָס בלוט האָט געשטורצט מיט אַ פעסטן פולסירנדיקן שטראָם.

אויך דאָ האָט זיך טאָליאַ באַוויזן אַף דער געהעריקער הייך.

בעת ניקאָלײַ האָט געשפּריצט פֿון אַ פֿלעשל גלײַך אין ווונד אַרײַן אַ דעזינפֿעקטירנדיקע פֿליסיקייט, האָט דאָס ייִנגל אײַנגעגנעצט אַ האַנטעך און האָט צוגעפֿעדערייט פֿון אים אַ פֿעסטן צאָפּ, מיט וועלכן ער האָט פֿעסט איבערגעבונדן דעם פֿוס העכער פֿון דער ווונד. דער פּולסירנדיקער שטראָם האָט אויפֿגעהערט צו שטורצן און ביסלעכווײַז האָט ער זיך אינגאַנצן אָפּגעשטעלט.

— האָסט געזען אַ מעדיצין? — האָט אַרויסגערעדט טאָליאַ רײַבנדיק זיך די הענט.

ניקאָלײַ האָט פֿאָרזיכטיק אונטערגעהויבן דעם פֿאַרוווּנדעטן פֿוס, אים אַרויפֿגעלייגט צו זיך אַף דער קני און אָנגעהויבן פֿעסט פֿאַרבאַנדאַזשירן. מוסיאַ האָט אָנגעפֿאַנגען צו קרעכצן, אויפֿגעהויבן די וויִעס. אין אירע גרויסע אויגן איז געווען אײמע. מיט אַן אָפּגעשוואַכטער האַנט האָט זי אָנגערירט טאָליאַס צעשויבערטע האָר און האָט אַרויסגעשעפּטשעט:

— ליבע מײַנע! טײַערע מײַנע!

שפּעטער האָט זיך איר בליק אָפּגעשטעלט אַף ניקאָלײַס פּאַנעם, אַ פֿאַרקאָפּטשעטן מיט פֿלעקן פֿון סאַזשע און בראַנד־וווּנדן. די אָפּגעסמאַליעטע ברעמען און וויִעס האָבן זיך געווײַסט אָפֿן פּאַנעם אַזוי ווי פּוך.

דער פּאַרטיזאַן האָט אויפֿגעכאַפּט מוסיאַס בליק און איז פּלוצים געבליבן אין פֿאַרלעגנהייט. מוסיאַ, וועלכע האָט ביז מיט אַ רעגע פֿריִער געפֿילט צו אירע צוויי כאַווייִרים נאָר אַ דאַנקבאַרקייט, האָט זיך פּלוצים אויך פֿאַרשעמט, זי האָט זיך פֿאַררויטלט און קריצנדיק פֿאַר ווייטיק מיט די ציין, האָט זי אַראָפּגענומען איר פֿאַרוווּנדעטן פֿוס פֿון ניקאָלײַס קני. די ראָלקע פֿון דער נאָך ניט צעוויקלטער בינדע איז אַרויסגעפֿאַלן פֿון זײַנע הענט.

— אויך מיר אַ סאַניטאַר — האָט מיט כויזעק אַרויסגעשאָסן טאָליאַ, און מיט זײַנע געשיקטע, דאַרע, ניט פּראָפּאָרציאָנעל לאַנגע הענט האָט ער שנעל פֿאַרענדיקט דאָס באַנדאַזשירן.

שפּעטער, ווען זיי האָבן באַשלאָסן זיך אַריבערצוקלײַבן טיפֿער אין דעם וואַלדיקן אינדזל, האָט זיך מוסיאַ פּלוצים צעבונטעוועט און פֿאַרווערט ניקאָלײַען זי צו טראָגן אַף די הענט. מען האָט געמוזט אַף שנעל צונויפֿשטעלן פֿון אַ פֿלאַשטש־פּאַלאַטקע און עטלעכע בעריאָזע דרענגלעך אַ טראָג־בעטל.

די סרייפע האָט ביסלעכווײַז אַרומגערינגלט די אָזיערע, אײַנ־שליסנדיק זי אין אַ קרײַז פון פֿײַער און רויך. די ביימער שפּיצן האָבן געפלאַקערט ווי ריזיקע שײַטערס, אָבער דער פלאַם האָט שוין אַרונטערגערונען און זיך געשלײַכט איבער דער ערד, איבער די קוסטעס פון דעם בײַ־וועלדל און איבער די בערגלעך פון דעם זומפּ. ברוינע וויכערדיקע זײַלן פון פֿײַער און רויך אַרויפשווימענ־דיק צום הימל האָבן זיך מיטן קאָפּ אַראָפּ אָפּגעשפּיגלט אין דעם גלאַטן וואַסער. עס האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק, אַז אויך דאָס וואַסער ברענט מיט אַ מאָרעשכוירעדיקן, איימעדיקן פלאַם.

## III

די וואַנדערער האָבן באַשלאָסן זיך צו באַזעצן ביז מוסיאַ וועט געזונט ווערן אין דער טיפעניש פון דעם אינדזל, אַף אַ קליינער לאָנקע, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ געדיכטן בלעטער וואַלד. פאָרזעצן דעם וועג האָבן זיי ניט געקענט. און דאָס אָרט — צווישן די געוויקסן פון אַ וויסטן אינדזל — איז אָן שום ספק געווען דאָס זיכערסטע פּלאַץ פאַר זייער געצווונגענעם לאַגער. אַפילע די פאַרביסנסטע פון די פאַשיסטישע שטראָפלער וואָלט קיינמאָל ניט אײַנגעפאַלן דער געדאַנק צו נישטערן איבערן שוואַרצן מידבער פון דעם אָפּגעברענטן וואַלד און באַזוכן דעם אינדזל. פונדעסטוועגן האָבן די וואַנדערער אָנגענומען די נייטיקסטע פאָרזיכטמיטלען. דעם זאַק מיטן צירונג האָבן זיי אַף יעדן פאַל פאַרגראָבן אָן אַ זײַט פון דעם לאַגער. דער פאָרזיכטיקער טאָליאַ האָט אַפילע זאָרגעוונדיק פאַרווישט יעדן שפור אַפן זאַמדיקן ערד־פּאַס.

צווישן די שטעכיקע קוסטעס פון וואַלד־מאַלינעס איז פאַר מוסיאַן געוואָרן אויסגעבויט אַ קליין בײַדל. דעם אַרײַנגאַנג האָט מען פאַרהאָנגען מיט אַ פלאַשטש־פּאַלאַטקע. די בויער אַליין זײַנען די ערשטע נאַכט געשלאָפן אַף דער ערד לעבן אַ שײַטער. אָבער צומאָרגנס האָט דאָס מיידל זיי אָנגעזידלט פאַר פוילענצער און אונטער דער דראָונג אַז זי וועט אַלס פּראָטעסט זיך אויך אײַנאָרדענען אַף דער פרײַער לופט, זיי געצוווּנגען אויסצובויען אַ צווייט בײַדל. וועגן עסן איז אויך ניט געווען קיין זאָרג. עמעס, אַז די אַלע וואַלד־אײַנוווינער, פאַריאָגטע פון דעם פײַער אַפן אינדזל האָבן אים פאַרלאָזט טייקעף, ווען אין דעם פאַרשוואַרצטן וואלד האָט זיך אויסגעלאָשן דאָס פײַער און די ערד האָט זיך אויפגעהערט צו רייכערן. אָבער ניקאָלײַ האָט נאָך באַוויזן צו דערשיסן

אַ ווילדע ציג און אַ פּאָר פּעטע האָזן. כוצדעם האָט דער קליינער אינדזל געדינט פּאַר אַן עטאַפּ־סטאַנציע פּאַר די גרויסע פייגל־מאַרשרוטן. יעדן פרימאָרגן פלעגט מוסיאַן אויפוועקן דער היסטע־רישער גאָנערן פון ווילדע גענדז, אַ פאַרשמאַיעטער קוואַקען פון קאַטשקעס און עפּעס מאָדנע אומבאַקאַנטע טרומייטער־קלאַנגען, לויט וועלכע ניקאָליי, — וואָס האָט ליב געהאַט און האָט געקענט זיך פונאַנדערקלייבן אין דעם נאַטור־בוך, — האָט זיך אָנגעשטויסן אַז דאָס זיינען שוואַנען. מיט איין וואָרט — עס איז ניט געווען קיין מאַנגל אין אָביעקטן פאַר יאַגד.

אויסנוצנדיק זייער געצוווּנגענעם אָפּשטעל האָבן די וואַנדע־רער זיך אָפּגערוט פון אַלץ, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט. טאָליאַ האָט אַפילו אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאָג אַ נאָמען צו געבן דעם אינדזל: „דער סאַנאַטאָריום פון די דריי פאַרטיזאַנער".

מוסיאַ פלעגט שטענדיק אויפוואַכן באַגינען, ווען פון דעם יינגלשן קאָרפּוס, אַזוי האָט זי פייערלעך גערופן דאָס ביידל פון אירע מיטגייער, האָט זיך נאָך געהערט דאָס זיסע סאָפּען פון די שלאָפנדיקע. אַרויסקריכנדיק פון איר ביידל האָט זי לאַנג און אומ־באַוועגלעך נאָכגעקוקט ווי פון הינטער די טונקעלע ביימער־סילועטן צעברענט זיך דער פאַרשפּעטיקטער קאַיאָר, ווי אין דעם העל גע־וואָרענעם הימל ווערט ביסלעכווייז בלאַס און פאַרשווינדן דאָס לעוואָנע־רייפל און ווי פאַריאָגנדיק דעם לעצטן שטערן מיט די העל־רויטע אָפּשיינען גייט ענדלעך אויף די זון פון הינטערן וואַלד.

די צייט איז געשטאַנען אַ קלאָרע, מיט לייכטע פרימאָרגן־פרעסטלעך און ווען אין די קוסטעס פון דעם ביי־וועלדל פלעגט צעגיין די לעצטע טונקלקייט, זיינען באַ די פיס פון די ביימער און פּניאָקעס נאָך לאַנג געלעגן גרויסע לייוונטן פון רייפנסטן טוי־פראָסט. און די לופט איז געווען אַזוי דורכזיכטיק ריין, אַז אַף די ביימער האָט זיך בוילעט באַצייכנט יעדעס בלעטל, יעדער קאַרב אַף דער קאָרע, יעדעס פעדעמל פון שפּינוועבס, וואָס האָט זיך ווי אַ נעץ פון רעגנבויגן־קאָלירן געוויגט צווישן די צווייגן. און אַזוי פריש איז געווען די לופט, אַזוי געדיכט אָנגעזאַפּט מיטן שאַרפן גערוך פון וועלקנדיקע בלעטער, אַז עס האָט זיך געגלוסט אָטעמען וואָס טיפער. שפּעטער, שפּרינגענדיק מיט דער הילף פון אַ שטעקן אַף איין פוס, פלעגט זיך מוסיאַ דערנענטערן צו אַ שטויס מיט

טרוקענע ריטער, וועלכע דער זארגעוודיקער טאַליאַ האָט געהאַט צוגעגרייט פאַרן שײַטער, און זיך גענומען צוצוגרייטן דעם פּריש־טיק. גאַנץ אָפט פלעגט זי ניט באַוויזן פיל אויפצוטאָן, ווײַל פאַר־נעם בײַדל פלעגט זיך אַרויסרוקן טאַליאַס פאַרשלאָפן פּענעמל. אײַנגעשרומפּן פון קעלט און שלאָף, גלאַנצנדיק מיט די שוואַרצע מאַנדל־אויגן פלעגט דער יונגער פאַרטיזאַן גלײַך פאַריאָגן מוסיאַן צוריק אין איר בײַדל אַרײַן. דערנאָך פלעגט ער זיך אָפּטרייסלען ווי אַן אויפגעוואַכטער הינטל און זיך אַרומוואַשן מיטן געדיכטן קאַלטן טוי.

ער האָט קיינעם ניט צוגעלאָזט צו דער אַרבעט פון גרייטן דאָס עסן, און געקאָכט האָט ער אַלץ שנעל און פלינק. ניט איינ־מאָל האָט אים מוסיאַ געפרעגט פון וואַנען קומען צו אים די אַלע קענטעניש. אָבער טאַליאַ האָט געשוויגן און אַף אַלע באַמיִונגען אים אַרויסצורופן אַף אַ שמועס, פלעגט ער אָפּענטפערן מיט יינגלשע פראַזן: „און פאַרוואָס דען ניט?״, אָדער „פאַרוואָס יאָ?״ „און פריִער דען?״, „און נאָך אַ מין״. דאָס מיידל האָט פאַרשטאַנען, אַז אירע פראַגן רירן אָן עפּעס אַ ניט קיין פאַרהיילטע וווּנד, און, ניט אויפהערנדיק צו באַוווּנדערן די פלינקע אומדערמידלעכע הענט פון איר יונגן פרײַנט, האָט זי אויפגעהערט צו פּרוּוון דערגיין בײַ אים עפּעס וועגן זײַן פאַרגאַנגענהייט.

מוסיאַ האָט זיך אינטערעסירט איצט מיט טאַליאַן אַלץ מער אויך דערפאַר, וואָס נאָכן שלימאַזלדיקן צופאַל באַם איבערבינדן איר פוס, איז פון אירע באַציִונגען מיט ניקאַלײַען פאַרשוווּנדן די פּאַשעטקייט און אוממיטלבאַרקייט. דאָס מיידל האָט שוין איצט ניט געוואָלט, אַז ניקאַלײַ זאָל זי זען אַ ניט קיין אַרומגעוואַשענע, ניט קיין צוגעקליבענע. זי האָט זיך געשעמט צו פאַרקעמען איין זײַן קעגנוואַרט, און ווען עס פלעגט קומען די צײַט איבערצובינדן דעם פוס, פלעגט ניקאַלײַ ווערן פאַרטריבן און די גאַנצע אָפּעראַ־ציע פלעגט דורכפירן דער קליינער לײַב־דאָקטער.

אַגעוו האָט דער פאַרטיזאַן אַליין דערפילט די ענדערונג און האָט דעריבער אויסגעמיטן איבערצובלײַבן מיט מוסיאַן אויג אַף אויג. ער פלעגט אַלץ אָפטער אַוועקגיין וואָס ווײַטער פון די בײַד־לעך, געוואַנדערט איבערן אינדזל, אויסקוקנדיק צי עס האָבן זיך ניט באַוויזן אַפן זאַמד שפּורן פון די סאָנים, אָדער, זיצנדיק אין

באַהעלטעניש, באַאָבאַכטן די איבערוואַנדערנדיקע פייגל, זייערע מידעס און געוווינהייטן.

ניקאָלײַ האָט געפילט, אַז זײַן האַרץ איז איבערפולט מיט ליבע, און ער האָט זיך גאַנץ אויפריכטיק געבייזערט אַף זיך אַליין. ער פלעגט זיך געוויסנהאַפט איבערצײַגן, אַז דאָס איז נאַריש, אַז עס איז ניט אַפן פלאַץ, אַז אַזאַ געפיל איז ניט פאַר א מילכאָמעצײַט. ער פלעגט זיך בייז אויסמוסערן פאַר זײַן קליינמוטיקייט און שוואַכן ווילן, אָבער קוים פלעגט ער זיך דערנענטערן צו דער באַקאַנטער לאָנקע, האָט זײַן האַרץ געקלאַפט אָפטער, פריידיקער און אומרויִקער און די טריט פלעגן זיך פון זיך אַליין פאַרשנעלערן.

מוסיאַ האָט אויך איבערגעלעבט די זעלבע קעגנזעצלעכע געפילן. דערהערנדיק דעם גערויש פון די באַקאַנטע טריט, פלעגט זי זיך אינערלעך אָנצינדן. אָבער ווען דער פאַרטיזאַן פלעגט אַרויסקומען אַף דער לאָנקע, פלעגט זי אים באַגעגענען מיט אַ גלײַכגילטיקן בליק און אים קאַלטבלוטיק שטעלן כוויזעקדיקע פראַגעס.

נאָר וועגן איין זאַך — וועגן דער נאַטור — האָבן זיי נאָך געקענט פרײַ שמועסן. ביז דער מילכאָמע זײַנען מוסיאַן פרעמד געווען די נעמען פון אַ סאַך ביימער, אַפילע פון יענע, וועלכע זײַנען געוואַקסן אַף די גאַסן און בולוואַרן פון איר געבורט־שטאָט. אָבער אין די טעג פונעם אַרומוואַנדערן איבער די וועלדער, ווען די נאַטור האָט אַזוי ראַכוועסדיק אויפגעדעקט פאַר אירע אויגן איר גרויסאַרטיקע פאַרשיידנאַרטיקייט, האָט מוסיאַ ליב באַקומען די וועלדער, לאָנקעס, טײַכן און האָט זיך באַמיט דערגיין זייערע סוידעס מיט דער זעלבער גײַציקייט, מיט וועלכער אַ מענטש, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט לייענען שוין אין רײַפן עלטער, שלינגט אײַן אַלע ביכער, וועלכע קומען אים אונטער דער האַנט.

ניקאָלײַ איז געווען נאָך פון קינדהייט אָן איבערגעגעבן דער נאַטור מיט זײַן גאַנצער נעשאָמע. מיט די געשפרעכן וועגן דער נאַטור, וועגן איר שיינקייט און אירע סוידעס, האָבן זיי זיך ביידע באַמיט צו פאַרטויבן אין זיך דעם לאַסט פון דער געצווונגענער אומטעטיקייט, צו וועלכער זיי האָט פאַרמישפעט מוסיאַס ווונד און אויך די אַלץ וואַקסנדיקע אומגעדולד, מיט וועלכער יעדער פון זיי האָט געוואַרט אַף יענער שאַ, ווען מען וועט שוין ענדלעך קענען פאַרזעצן דעם וועג.

ניט וויַיט פון מוסיאָס ביַידל איז געשטאַנען ניט קיין הויכער אינגאַנצן אַ צעקרישלטער בעריאָזע־פּניאַק. ער איז געווען באַדעקט מיט גרינעם מאָך און איז געווען אַזוי צעפּוילט, אַז ער האָט זיך געהאַלטן נאָר אַ דאַנק די פעסטע קאָרע־רייפן. אַ גאַנץ געוויינלע־כער פּניאַק. איינמאָל האָט אַפילע מוסיאָ זיך אַנידערגעזעצט אַף אים, קעדיי זיך צו דערוואַרעמען אַף דער זון, אָבער די מערעשקעס האָבן זי פאַריאָגט. און איינמאָל אַרויסקריכנדיק פון איר ביַידל, האָט זי געטראָפן ניקאָליַיען באַ דעם פּניאָק. ער איז געלעגן אָפן בויך מיטן קאָפּ אָנגעשפּאַרט אַף די הענט און האָט געקוקט אָפן פּניאַק מיטן זעלבן לעבעדיקן אינטערעס, מיט וועלכן די ליַידנ־שאַפטלעכע טעאַטער־גייער קוקן אַף אַ שיינער מיט טאַלאַנט אויפ־געפירטער פאַרשטעלונג. מוסיאָ האָט זיך צעלאַכט. צו קאָמיש האָט זיך איר אויסגעוויזן אַזאַ מין אויפמערקזאַמקייט צו אַזאַ גאַנץ גע־וויינלעכער, אומבאַדיַיטנדיקער, צעפּוילטער כורווע.

ניקאָליַי האָט אומצופרידן קרום אַ קוק געטאָן אַף איר.

— וואָס לאַכסטו, ווייסט אַליין ניט! — און פּלוצים האָט ער זיך אָנגעצונדן און איר דערקלערט: — דאָס איז דאָך אַ גאַנצע וועלט! אַ זעלטענער מאַטעריאַל פאַר אָבסערוואַציע. קוק, דעם בוים האָט מען אָפּגעזעגט מיט זיבן יאָר צוריק. דער וואָרצל איז פאַרפוילט געוואָרן. דער ווינט האָט אָנגעיאָגט אַף אים ערד, און. זעסט אַף אים ליגט שוין אַ שיכט מאָך. דער מאָך האָט פאַרפעסטיקט די ערד און לאָזט עס ניט אַראָפּבלאָזן. אַגעוו צוליב אָט די הע־מערלעך רופט מען דעם מאָך „קוקאָוועקע־ליאָן". שיין, ניט עמעס? באַמערקסט אָפן מאָך די צוויי בעריאָזקעלעך? אָט די איז שוין דריַי יאָר אַלט, און די נאָך אַן אייפּעלע, קיין יאָר ניט. קוק נאָר. ווי פעסט זיי האָבן זיך דאָס איַינגעקלאַמערט מיט זייערע וואָרצלען אין דער צעקרישלטער מאַסע. דער פּניאַק וועט זיך צעפאַלן, דער צעפּוילטער האַלץ־מעל וועט זיך אָפּזעצן, אָבער די בעריאָזקעס וועלן שוין זיַין שטאַרקע, וועלן זיך גליַיך שטעלן אַף פעסטע פיס. אין אַ צען־פופצן יאָר אַרום וועט אָפן אָרט פון אָט דער זקיינע צע־שפּרייטן איר קרוין אָט אַזאַ מין מיידל, — ניקאָליַי האָט אָנגעוויזן אַף אַ שלאַנקער וויַיסער בעריאָזקעלע, וועלכע האָט געגלאַנצט אַף דער זון מיטן גאָלד פון אירע נאָך ניט אַראָפּגעפאַלענע געדיכ־טע צעפּ. איז דען דאָס ניט מאַטעריאַל פאַר געדאַנקען וועגן דער

אייביקייט פון דער מאַטעריע, וועגן קויעך פון דעם לעבן און מאַלע וועגן וואָס נאָך? אַגעוו, ווייסטו, די בעריאָזקעלע דערמאָנט מיר דיך: אויך אַזאַ דינינקע, אַ שלאַנקע... — ניקאָלײַ איז געדיכט רויט געוואָרן און האָט בייז צוגעגעבן — און אויך אַזאַ קודלאַטע.

מוסיאַ האָט דורכגעלאָזט פאַרבײַ די אויערן דעם אומגעלומפערטן קאָמפּלימענט און האָט גאָר מיט אַנדערע אויגן אָנגעהויבן צו באַטראַכטן דעם גאַנץ געוויינלעכן לויטן אויסזען פניאָק, וועלכער האָט זיך אויסערלעך מיט קיין שום זאַך ניט אויסגעצייכנט. ווירקלעך, איבערן בונט גרינעם פליושענעם מאָך, מיט קלייַנע געלע העמערלעך אַף דינע פעדעמלעך האָבן זיך אַרויסגעהויבן צוויי קלייַנע ביימעלעך. זייערע בלעטער האָבן נאָך פאַרמאָגט די זומערדיקע פרישקייט, און פון דער אונטערשטער זײַט געווען סאָמעטיקשאָרסטקע. אַפאָנעם, אַז די ביימעלעך האָבן זיך אויסגעצייכנט געפילט אַפן פניאָק. זיי האָבן מוסיאַן דערמאָנט די בלאָנדהאָריקע יולאָטשקע, וועלכע איז אין דער מאַרש־קאָלאָנע געפאָרן רײַטנדיק אַף איר פאָטערס אַקסלען. ווו געפינט זי זיך איצט? איז געלונגען רודאַקאָוון אַרויסצופירן זײַן מאַכנע פון דעם פײַער־רינג? מעגלעך, אַז זיי האָבן זיך שוין דערקליבן ביזן „קעלבערנעם גראָבן“. צו מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַן. איז דאָס געווען אַ באַגעגעניש!... אַלע אירע פרײַנט קעמפן, שלאָגן זיך. יעדער זייער טאָג איז איבערפולט מיט קאַמף, און זיי, זײַט מויכל, געניסן גאָר פון דער נאַטור!... אַזאַ פאַרדרוס!

פון דעם געדאַנק האָט מוסיאַ אַזש אַ קרעכץ געטאָן.

— וואָס איז? די ווונד? — האָט זיך באַומרויקט ניקאָלײַ.

— ניין, ניין! — און נאָך אַ רעגע שווײַגן האָט זי צוגעגעבן, — דערצייל, איך הער דיך... עס איז זייער אינטערעסאַנט.

— דו באַטראַכט נאָר דעם פניאָק פון דער נאָענט. דאָס איז דאָך אַ גאַנץ שטעטל מיט אַ פאַרשיידנאַרטיקער און זייער געדיכטער באַפעלקערונג! — האָט פאָרגעזעצט ניקאָלײַ. — אינדערפרי, נאָכן פרעסטל, זעט ער אויס טויט, און איצט, די זון האָט דערוואַרעמט — און קוק, ווי מען שמאַיעט.

און טאַקע בעעמעס: צוויי מערעשקעס, העלפנדיק איינע דער אַנדערער האָבן מיט האַסמאָדע געשלעפּט אַ דיקע סאָסנע־נאָדל. איין מערעשקע, ניט קיין באַלאָדענע איז בליץ־שנעל געלאָפן זיי

אַנטקעגן, באַטראַכט אירע פאַרהאָרעוועטע פויַנט, אַ שאָקל געטאָן מיט די וואָנצעלעך און זיך אַ יאָג געטאָן אַף צוריק. מוסיאַן האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דאָס קער זײַן אַן אויפזעער פון עפּעס אַ בוי־אַרבעט פון די מערעשקעס, וועלכער איז געלאָפן צו דעם בוי־פּלאַץ, קעדיי צו באַטראַכטן ווי אַוועקצולייגן דעם נײַעם קלאָץ.

— זע נאָר, ווי זיי האָרעווען פאַר דער אַלגעמיינער זאַך. און מיר... — ניקאָלײַ האָט מיט פאַרדרוס אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אָבער זיך גלײַך צוריקגעכאַפּט.

מוסיאַ האָט צאָרנדיק געקוקט אַף אים מיט פאַרזשמורעטע קאַלטע אויגן:

— וואָס־זשע, לויט אײַער מיינונג קומט אויס, אַז איך פאַר־האַלט אײַך דאָ בעקיוון?

— וואָס רעדסטו, וואָס רעדסטו! — האָט זיך דערשראָקן ניקאָלײַ, — איך האָב געוואָלט זאָגן...

— איר, כאַווער זשעלעזנאָוו, מיינט עפּשער אַז איך סימו־ליר? — האָט פאַרזאַקשנט פאָרגעזעצט דאָס מיידל. די ווינקלען פון אירע ליפּן האָבן געציטערט און די אויגן זײַנען פאַרלאָפן גע־וואָרן מיט טרערן.

— אָבער, וואָס פאַלט דיר אײַן! איך האָב געוואָלט פּאָשעט זאָגן, אַז אָפּטמאָל באַמערקן מיר ניט אין דער נאַטור דאָס אינטע־רעסאַנטסטע.

— ניין, בעעמעס — האָסט טאַקע דאָס געהאַט אין זינען? יאָ? און איך האָב געמיינט... אוי קאָליאַ, פאַרוואָס היילט זיך אַזוי לאַנגזאַם דער פאַרשאָלטענער פוס.

— עס וועט זיך פאַרהיילן, עס וועט זיך פאַרהיילן, אַלץ אין זײַן צײַט. אָט, קוק נאָר אַהער...

ניקאָלײַ האָט אָנגעוויזן אַף אַ צעפּיצלטער סאָסנע־שישקע, וועלכע עמעצער האָט פעסט אַרײַנגעקוועטשט אין פּניאָק, אין אַ שפּאַלט צווישן דער קאָרע און דעם שטאַם.

נאָך אַ סאַך אַזעלכע אינגאַנצן צעווייקטע שישקעס און שופּן פון זיי האָבן זיך געוואַלגערט אַף דער ערד. דאָס איז געווען די קוזניע פון אַ פּיקהאָלץ. אײַנאָרדענענדיק אָפּן פּניאָק אַן אייגנאַר־טיקן שרויבשטאָק, פלעגט ער אַהער ברענגען זײַן טאָג־טעגלעכן

פאַנג, פאַרקלעמען עס אין שפּאַלט ביכדיי עס אַזוי אַרום לײַכטער און באַקוועמער באַאַרבעטן מיט זײַן לאַנגן שנאָבל.

— דו געדענקסט, ווי דו האָסט מיר דערציילט וועגן אַ גע־וויקס, וואָס כאַפּט פליגן? — האָט אים איבערגעשלאָגן מוסיאַ מיט אַ פראַגע.

— וועגן דער „ראָסיאַנקע״? יאָ? — האָט אויפגעצאַפּלט ביקאָלײַ. — און ווי דו האָסט מיר דאַן צוגעגייט די קנעפּלעך. גע־דענקסט?

— איך האָב דאַן געקוקט אַף דיר און געטראַכט: איז דען מעגלעך, אַז אַ פאַררעטער, אַ פאַשיסטישער באַנדיט זאָל קענען מיט אַזעלכע קלאָרע אויגן קוקן אַף דער נאַטור? איך האָב גע־קוקט און געקלערט: ביין, דאָ איז עפּעס אַ טאָעס. אַזעלכער קען ביט זײַן קיין פאַררעטער. אונטער אים דאַרף דאָך די ערד ברענען. יעדער בוים שיקט אים דאָך אַ קלאָלע. יעדער קוסט כויזעקט דאָך אָפּ פון אים... און דו, וואָס האָסטו געטראַכט? ביין, ביין, קער זיך ביט אָפּ. רייד אָפן, וואָס האָסטו דאַן געטראַכט?

— דאָס זעלבע האָב איך געטראַכט וועגן דיר, אָבער טאָקע פונקט דאָס זעלבע... קוזמיטש זשושעט מיר אין אויער אַרײַן: „דײַטשישע הינט״, „שפּיאָנקעס״ — און איך גלייב ניט... עך, קוזמיטש, קוזמיטש!

דער ווינט האָט אַ ריס געטאָן. פון דער דינער בעריאָזקעלע האָבן זיך אַ שאָט געטאָן גאָלד־פּליטערס און קרײַזנדיק זיך אין דער לופט האָבן זיי זיך אויסגעלייגט אַפן רויטלעכן גראָז.

— יאָ, קוזמיטש! — האָט זיך אָפּגערופן פאַרטראַכט מוסיאַ. ביידע האָבן אַ זיפץ געטאָן.

מוסיאַ, אַ פאַרמישפּעטע צו אומטעטיקייט און אומבאַוועגלעכ־קייט פלעגט טאָג נאָך טאָג באַמערקן ווי עס ענדערן זיך די ביימער, וואָס רינגלען אַרום זייערע בײַדלעך. אין האַרבסט צײַט האָט יעדער בוים געהאַט זײַן קאָליר, זײַנע פאָרמען און אַפילע זײַן שטימע. די שפּיצן פון די אָסינע־ביימער האָבן געפלאַקערט מיט בונטע רוי־טע פלעקן. די לאַנגע פּאַסמעס פון די בעריאָזעס האָבן געהאַט אַ גיך־גאָלדענעם אָפּגלאַנץ. עס האָבן זיך געברוינט די בלעטער פון די קליינוווקסיקע ליפּדן. ווײַס האָבן שעמערירט די ברייטע בלעטער

פון דעם נוס־וועלדל, וועלכער איז שוין געווען האַלב נאַקעט און האָט באַדעקט די פיס פון זײַנע קוסטעס מיט בונטע שאָרשעדיקע טעפּיכער. נאָר די פעסטע ווערבעס, וועלכע זײַנען געוואַקסן אין די טאָלן, זײַנען נאָך אַלץ געווען ווילד־גרין. זיך קעגנשטעלנדיק די האַרבסט־ווינטן און די פרימאָרגן־פרעסטלעך, האָבן זיי אַזעסדיק געפאָכעט מיט די געדיכט באַבלעטערטע צווײַגן. דאָס מיידל, וועלכע פלעגט שאָען־לאַנג אָפּזיצן אַף איר בענקעלע, האָט שוין אַזוי גוט אויסגעשטודירט דעם וואַלד, אַז איינמאָל, ווען נאָך אַ שטאַרקן פרימאָרגן־פרעסטל, וועלכער האָט אויסגעטריקנט דעם גראָז און געדיכט באַזאַלצן די ערד מיט פראָסט, און די בלעטער האָבן שטורמיש זיך אַ שאָט געטאָן פון דיביימער, האָט זי ניט קוקנדיק, בלויז לויטן געריניש געקענט געניי פעסטשטעלן, צי דאָס פאַלן אַראָפּ מיט אַ פּאַפּירענעם שאָרך די צעקנייטשטע ליפּע־בלעטער, אָדער דאָס פליִען, דרייענדיק זיך ווי שפּינדלען, די לענגלעכע ווערבעבלעטלעך.

דער שנעלער טויש פון די קאָלירן פון דעם בלעטער־וואַלד האָט אַזוי ווי געמאַרקירט די צײַט, וואָס די פּאַרטיזאַנער האָבן פאַרבראַכט אין דער געצוווּנגענער אומטעטיקייט. און ווען מוסיאַ פלעגט ווערן פאָטער ווערן פון דעם שווערן געמיט, וואָס האָט איר באַהערשט, פלעגט זי זיך באַמיִען ניט צו באַמערקן די האַרבסט־פאַרבן פון די בלעטער־ביימער, און ווענדן איר בליק צו די ניט הויכע סאָסנעס מיט זייער אייביקער גרינקייט, צו די בלויע יאַלקעס מיט די געלע שישקעס אין די פּאַכוועס פון זייערע צווײַגן אַף די שפּיצן, ווו עס האָבן אומדערמידלעך געהאָרעוועט די האָרעפּאַשנע, פלײַסיקע וועווערקעס.

די רײַכקייט פון דער מיטל־רוסישער נאַטור, וואָס האָט זיך אומדערוואַרט אַנטפּלעקט פאַר מוסיאַס אויגן האָט זיך אומצעטיילבאַר פאַרבונדן אין איר באַוווסטזײַן מיטן באַגריף — פּאָטערלאַנד. אָבער וואָס העדלעכער עס האָט זיך פאַרן מיידל אַרויסגעוויזן די פּאָטערלענדישע נאַטור, אַלץ אומגעדולדיקער האָט מוסיאַ געוואַרט אַפן טאָג, ווען עס וועט זיך ענדלעך פאַרציִען די פאַרשאָלטענע ווונד און עס וועט שוין מעגלעך זײַן זיך ווידער אַרויסצורירן אין דעם שווערן, געפערלעכן וועג.

איינמאָל, ווען טאָליאַ האָט זיך צוריקגעקערט פון דער אָזיערע

מיט אַ גרויסן העכט, וועלכן ער האָט געפונען אין דעם שליים פון אַן אויסגעטריקנטער לוזשע, האָט ער געטראָפן מוסיאַן אין טרערן. דער קליינער פּאַרטיזאַן האָט זיך אַזוי פאַרלוירן, אַז ער האָט צעעפנט די פויסט, און דער גרויסער געפלעקטער פיש, וואָס איז געהאנגען אַף אַ צווײַגל, האָט זיך שווער אַ כליאָפּ געטאָן אָן דער ערד. באַ טאָליאַן האָט מוסיאַ פאַרנומען אַ פּלאַץ ערגעץ צווישן דער העלדן פון דער ערשטער פאָטערלענדישער מילכאָמע — די דאָרף־פאַרוואַלטערן מאַרפאַ קאָזשינאַ און דער לופט־פּליִערן פּאָלינאַ אָסיפּענקאָ. און דאָ זיצט זי גאָר און טרערן רינען איבער איר פאַרשוואָלענעם פּאָנעם, וואָס איז מיטאַמאָל אַזוי מיִעס געוואָרן. דאָס מיידל האָט אָפּילע ניט אָפּגעווישט די טרערן.

דער קליינער פּאַרטיזאַן האָט זיך באַמיט אויסצובאַהאַלטן זײַן אַנטוישונג. ער האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער באַמערקט גאָרניט, אַז ער איז באַשעפטיקט מיטן העכט. אָבער ביסלעכווײַז האָט זיך אין אים דערוועקט אַ געפיל פון ראַכמאָנעס. פאַרוואָס וויינט זי? וואָס אַזוינס ערגערט זי? ער האָט איבערגעלאָזט דעם העכט און זיך צוגעזעצט אַף דער ערד לעבן זײַן כאַווערטע. מוסיאַ האָט קינדיש אַ שמאָרע געטאָן מיט דער נאָז.

— נאָר וואָס איז פאַרבײַגעפלויגן אַ קאַראַוואַן בושלען, אַזאַ ריזיקער, — האָט געזאָגט מוסיאַ — איך האָב אָפּגעציילט ביז זעכציק און זיך פאַרפּלאָנטערט... געפלויגן אין אַ דרײַעק, אַזאַ פּינקטלעכן... און איך האָב אַ קלער געטאָן: אין אָונט וועלן זיי שוין געווים זײַן דאָרטן, הינטער דער פראָנט־ליניע, ווו עס זײַנען ניטאָ קיין פאַשיסטן. איך האָב אַ טראַכט געטאָן וועגן דער מאַמען, און אָט רעווע איך ווי אַ נאַר — עס ווילט זיך אַזוי אַהין!... די בושלען איז גוט... זיך אויפגעהויבן העכער — און פלי זיך: קורלי־קורלי... — מוסיאַ האָט מיט דער דלאָניע אַ וויש געטאָן די באַקן. — יאָלאָטשקאַ, און דיר ווילט זיך אַהיים? ווו געפינען זיך דײַן פאָטער און מוטער?

דער קליינער פּאַרטיזאַן איז פינצטער געוואָרן און האָט אַראָפּגעלאָזן די אויגן.

— די מאַמע איז דאָרט — ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט צו מיזרעך — און דער פאָטער, קיין פאָטער האָב איך ניט...

געשטאָרבן, — האָט ער שנעל פאַרענדיקט ניט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ.

פּלוצים איז ער אויפגעשפּרונגען און האָט קריגעריש אַ קוק געטאָן דעם מיידל אין פּאָנעם.

— אַ ליגן... דער פאָטער לעבט, ער האָט אונדז אַוועקגעוואָרפן און וווינט ניט מיט אונדז. פאַרשטאַנען? דאָס איז אַלץ. אויס געשפּרעך!

דאָס איז הייסט עס די סיבע פון דער ניט פאַרשטענדלעכער אויפפירונג פון דעם נאַראָוויסטן, אַזאַ קרענקלעך־באַליידיקעוודיקן באָכערל. אָט פון וואַנען סע קומט די בענקשאַפט אין זיינע גאָר ניט קינדיש־ערנסטע אויגן! מוסיאַ האָט צוגעצויגן צו זיך טאָליאַן פאַר דער האַנט.

— וואָס־זשע שעמסטו זיך?

— איך שעם זיך? אַ נייס! — טאָליאַ האָט מיט שטאָלץ אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אָבער ער האָט אים גלייך טרויעריק אַראָפּגעלאָזט — איך זאָג אַ ליגן. איך שעם זיך טאַקע! אַלע האָבן פאָטערס, און איך... איך דערצייל אַלעמען, אַז מיין פאָטער איז געפאַלן אין דער פינלענדישער מילכאָמע. אָבער נאָר איין וועל איך דערציילן דעם עמעס, גוט?

און אָפּאָנעם אַ פאַרפייניקטער פון דעם פאַרלאַנג צו באַפרייען די נעשאָמע פון אַ שווערער לאַסט, וועלכע ער האָט פאַראַקשנט געהאַלטן פאַרבאָרגן, האָט טאָליאַ שנעל, אַפילע ניט באַנוצנדיק זיין געוווינטן יאָלקי־פּאַלקי, אָנגעהויבן צו דערציילן אַ טרויעריקע פאַמיליע־געשיכטע. ער האָט דערציילט און זיך יעדע רעגע אומגעקוקט, צי ניקאָליי געפינט זיך ניט אין דער נאָענט:

טאָליאַ זלאַטאָוסטאָוו איז געווען אַ זון פון אַ טעכניקער, וועלכער האָט געאַרבעט אַף אַ גרויסער פאַבריק. ער האָט געהאַט אַ יונגערן ברודערל און גאָר אַ קליין שוועסטערל, און זייער לעבן האָט פון אָנפאַנג מיט קיין שום זאַך זיך ניט אונטערשיידט פונעם לעבן פון אַלע אַנדערע קינדער אין דעם גרויסעם ביישטאָטישן פאַבריקשטעטל. טאָליאַ האָט זיך געלערנט זייער פלייסיק, די פרייע שאָען פלעגט ער פאַרברענגען אין דעם פּיאָנערן־פּאַלאַץ באַ דער פאַבריק. זומער פלעגט ער אַרויספאָרן מיטן לאַגעד אַף זומער־וווינונג און איינמאָל אַפילע איז ער, ווי אַן אויסגעצייכנטער שילער און פּיאָ־

נערן־אַקטיוויסט, געווען אין אַרטעק, באַם ברעג פון גרינעם, זײַדע־נעם, ליבלעכן יאַם.

אינגאַנצן פאַרשלונגען דורך דער שול און זײַנע קינדערישע איניאַנים, האָט ער אין מעשעך פון אַ לאַנגער צײַט ניט באַמערקט, אַז אין דער מישפּאָכע איז עפּעס ניט גלאַטיק. דער פּאָטער, וועלכער איז שטענדיק געווען אַ שטוב־זיצער, האָט אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן אין די אָוונטן. די מוטער, מיט איין מאָל אַ פאַרעלטערטע און נידערגעשלאָגענע, איז אַרומגעגאַנגען מיט פאַרוויינטע אויגן. אָפּטמאָל, ניט פאַרענדיקנדיק אַן אָנגעהויבענע שטוב־אַרבעט, פלעגט זי בלײַבן זיצן ווי אַ פאַרשטיינערטע באַם קיך־טיש, אָדער מיט אַ נאָדל אין האַנט און זיצן אַזוי שאָען־לאַנג, זיפּצנדיק שטיל און קוקנדיק מיט שטאַרע אויגן אין כאַלאָל.

איינמאָל, ווען טאָליאַ האָט זיך אומגעקערט פון זייער אַן אינטערעסאַנטן פּיאָנערן־אָוונט, און האָט געברענט פון כיישעק וואָס שנעלער צו דערציילן עמעצן וועגן זײַן באַגעגעניש מיטן באַרימטן אַרקטישן לופט־פּליער, דעם העלד פון ראַטנפאַרבאַנד, און וועגן זײַן אייגענעם פאַרלאַנג אומבאַדינגט צו ווערן אַ פּאָלאַר־פאָרשער, האָט ער דערזען, אַז זײַן מוטער ליגט ווי אַ טויטע אױפן בעט, קוקט צו דער סטעליע און באַמערקט אַפילע ניט, אַז דער ברודערל מיטן שוועסטערל צעשמירן מיט טינט די צעראַטע אױפן טיש.

דאָס ייִנגל האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער מוטער:

— וואָס איז מיט דיר, מאַמע? ביסט קראַנק? עפּשער זאָל איך אָנקלינגען אין פּאָליקליניק?

די מוטער האָט ניט געענטפערט און האָט זיך אַפילע ניט אויסגעדרייט צו אים. טאָליאַ איז צוגעלאָפן צום טעלעפאָן.

— איך וועל אָנקלינגען צום פּאָטער אין צעך? גוט?

דער מוטערס ליפּן האָבן אַ ציטער געטאָן, דער קין האָט זיך אײַנגעשרומפּן. גרויסע טרערן האָבן זיך געקײַקלט איבערן שלייף און זיך פאַרפּלאָנטערט אין די האָר.

— קלינג ניט, זונעלע, דער פּאָטער וועט ניט קומען. — האָט שטיל געזאָגט די מוטער און פאַרשטעקנדיק איר פּאָנעם אין קישן האָט זי זיך אינגאַנצן געטרייסלט.

דאָס קליינוואַרג האָט איבערגעריסן זייער באַשעפטיקונג און האָט מיט שרעק געקוקט אױף דער מוטער. טאָליאַ איז אַ פאַרגלי־

ווערטער געשטאַנען באַם טעלעפאָן. ער האָט ליב געהאַט דעם פּאָ־טער, און דאָס, וואָס די מוטער האָט געזאָגט, האָט זיך אים אויס־געוויזן אַזוי ניט נאַטירלעך און באַליידיקנדיק, אַז ער האָט אַפילו ניט באַנומען דעם גאַנצן טאָך פון דעם געשעענעם. עפּשער איז דאָס אַ טאָעס? עפּשער האָט זיך די מוטער צעהיצט און זאָגט עס אונטערן אײַנדרוק פון עפּעס אַ מאַכלויקעס?

אָבער דער פּאָטער איז ניט געקומען אַהיים ניט יענעם און ניט דעם אַנדערן טאָג. שפּעטער האָט ער געפּאַקט דעם זון, ווען יענער איז געגאַנגען פון דער שול. דער מענטש, וועלכער האָט אין דעם ייִנגלס אויגן שטענדיק אויסגעזען ווי אַ מוסטער פון דרײַסט־קייט, האָט זיך געריוויטלט, אָפּגעקערט זײַן בליק און פאַרהיקענדיק זיך געפּלוידערט עפּעס וועגן דעם, אַז טאָליאַ איז שוין אַ דער־וואַקסענער און מוז אים פאַרשטיין; אַז ער איז גרייט, אויב נאָר די מוטער איז מאַסקים, צוצונעמען אַלע דרײַ קינדער אין עפּעס אַ נײַער מישפּאָכע, און אויב זי וועט ניט אָפּגעבן, וועלן זיי ווײַטער קענען לעבן ווי ביז איצט, עס וועט זיי גאָרניט פעלן: ער וועט זיי אָפּגעבן אַ העלפט פון זײַן געהאַלט. אַ פּאַכאַד איז באַפאַלן דעם ייִנגל, אין קאָפּ האָבן זיך געפּלאָנטערט אַזעלכע מאָדנע גע־דאַנקען: עפּשער איז דאָס גאָר ניט זײַן פּאָטער, נאָר עפּעס אַ פרעמדער אומבאַקאַנטער, וועלכער איז נאָר אויסערלעך ענלעך צום פּאָטער, און ער פּלוידערט עפּעס אַזעלכע נישטיקע, פאַלשע ווער־טער...

און דאַן האָט זיך באַ טאָליאַן, — ביז יענעם טאָג זאָרגלאָזן און פריילעכן יונגאַטש, — צום ערשטן מאָל באַוויזן זײַן עמעס־דיקער כאַראַקטער. ער האָט צאָרנדיק אַ קוק געטאָן אַפּן מאַן, וועל־כער האָט זיך נאָכגעשלעפּט נאָך אים און אַרויסגערעדט בלויז איין וואָרט: „גייט". ער האָט זיך געלאָזט לויפן פון אים פאָכנדיק מיטן ביכער־רענצל. דעם זעלבן טאָג האָט טאָליאַ צום ערשטן מאָל סייכל־דיק, ווי אַ דערוואַקסענער זיך אויסגעטײַנעט מיט דער מוטער. דער פּאָטער איז אַוועק — זאָל ער: אַזאַ פּאָטער דאַרף מען ניט האָבן. און קיין געלט וועלן מיר פון אים אויך ניט נעמען — מיר וועלן אויסקומען אָן אים.

די מוטער איז געווען מיט דער זעלבער מיינונג. זי האָט זיך אומגעקערט צום צייכענונגס־טיש אין דער קאָנסטרוקציע־ביוראָ, ווו

זי האָט געאַרבעט פאַר דער כאַסענע. טאַליאַ איז איבערגעגאַנגען
אין שול אָף דער אָוונט־טורנע און האָט פרײַווילִיק גענומען אָף
זיך אַ טייל פון די שטוביקע זאָרגן. ער האָט זיך צוגעוווינט אויפ־
צושטיין פריִער פון אַלעמען, געוואַרעמט פאַר דער מוטער טיי, צו־
געגרייט סאַלאַט, געקאָכט אָדער געפּרעגלט קאַרטאָפל. נאָכן אַרויס־
באַגלייטן די מוטער צו דער אַרבעט, האָט ער געפירט דאָס קלייג־
וואַרג אין קינדער־גאָרטן און צוריקוועגס אײַנגעקויפט די נייטיקע
פּראָדוקטן. ווען די מוטער פלעגט אַרבעטן איבערשאָען, האָט טאַ־
ליאַ אַליין געקאָכט דעם מיטיק, אײַנגעוויקלט די טעפּלעך אין צײַ־
טונגען און אין אַ קאָלדרע, קעדיי די מידע מוטער זאָל באַם קומען
פון ביוראָ געפינען אַ הייסן געקעכץ. דערנאָך איז ער געלאָפן אין
שול. וויסנדיק, אַז די מוטער באַומרויִקט זיך וועגן זײַנע שול־דער־
פאָלגן, האָט ער זיך איצט געלערנט מיט באַזונדערער האַסמאָדע
און פלעגט אָפט בלײַבן זיצן באַ זײַנע ביכער און העפטן ביז שפּעט
נאָך האַלבער נאַכט. און ווען די מוטער איז אַמאָל קראַנק געוואָרן,
האָט זיך טאַליאַ אויסגעלערנט וואַשן די פאָלן, דאָס וועש און
פלעגט אַפילע אַליין פאַרלאַטען די קליידער פון די קלענערע קינ־
דער און געצירעוועט זייערע זאָקן.

איינמאָל, בעייס ער האָט געבאַלעבאַטעוועט אין קיך, האָט דער
בריוו־טרעגער געבראַכט אַן אָנווײַזונג אָף אַ גאַנץ באַדײַטנדיקער
סומע געלט. דאָס ייִנגל האָט זיך זייער שטאַרק דערפרייט מיטן
אומדערוואַרטעטן געלט, ווײַל אין דער היים איז טײַער געווען יע־
דער גראָשן. אָבער, ווען ער האָט דערקענט דעם פאָטערס האַנט־
שריפט, האָט ער גלײַך פאַרלוירן צו דעם יעדן אינטערעס. די מו־
טער האָט אַ דריי געטאָן אין די הענט די געלט־אָנווײַזונג, אַ קוק
געטאָן אָפן זון און, צו זײַן גרעסטער פרייד, אַנטשלאָסן צוריקגע־
קערט דאָס געלט. אָפן זעלבן אויפן זײַנען געוואָרן אומגעקערט נאָך
אַ צוויי־דרײַ געלט־אָנווײַזונגען. דער פאָטער האָט געפּרוווט קלינ־
גען דורכן טעלעפאָן, אָבער דאָס ייִנגל פלעגט, ניט פאַרפירנדיק
קיין געשפּרעכן, אַוועקלייגן דאָס טרײַבל. דאָס געלט האָט אויפגע־
הערט אָנצוקומען.

עס איז געוואָרן גאַנץ שווער דאָס לעבן אין דער מישפּאָכע.
די מוטער, אַ געוווינטע צו דעם מאַנס גרויסע פאַרדינסטן, איז
איצט קוים־קוים אויסגעקומען. זיך צו ווענדן אין פאַבריק־קאָמיטעט

אָדער אין דער קאַסע פֿון קעגנזײַטיקער הילף האָט זי זיך געשעמט. ביסלעכווײַז האָבן פֿון צימער אָנגעפֿאַנגען צו פֿאַרשווינדן פֿאַרשיי־דענע כּפֿייצים, מיט וועלכע ס'איז געווען פּונקט אַזוי פֿײַנלעך זיך צו שיידן, ווי מיט אַלטע פֿרײַנט. נאָכן פֿאַרענדיקן דעם זעקסטן גראַד האָט טאָליאַ געבראַכט דער מוטער דעם ביולעטין מיט די גלענצנדיקע אויסצייכענונגען און זייער פֿעסט, אײַנגאַנצן ווי אַ מאַן, געמאָלדן, אַז ער האָט באַשלאָסן איבערצורײַסן די לימודים און, אַז ער וויל אָנקומען אין דער פֿאַבריק. די מוטער האָט נאָר אַ זיפֿץ געטאָן און האָט אַ לאַנגע צײַט געקוקט אַפֿן טונקעלן פֿיר־עק אַף דער וואַנט, וווּ עס איז אַמאָל געהאַנגען דעם פֿאָטערס בילד.

אַף מאָרגן אינדערפֿרי האָט זיך טאָליאַ יאָנטעוודיק אָנגעטאָן און איז אַוועק אין פּערסאָנאַל־אָפּטיילונג פֿון דער פֿאַבריק. אָבער דאָרטן האָט מען נאָכן אָנקוקן זײַן געבורט־שײַן אים געמאָלדן אַז אַזעלכע קליינע קינדער ווערן צו דער אַרבעט ניט גענומען. מען האָט געאייצעט דעם ייִנגל, אַז ער זאָל פֿאַרענדיקן דעם 7טן גראַד. טאָליאַ האָט צוריקגענומען זײַנע פּאַפּירן און איז אַוועק גלײַך צום דירעקטאָר. אַן עלטערע סעקרעטאַרשע האָט אים אויסגעהערט, אַ זיפֿץ געטאָן מיטפֿילנדיק, אָבער צום דירעקטאָר האָט זי אים ניט אַרײַנגעלאָזט. זי האָט אים געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז דאָרטן, אין פּערסאָנאַל־אָפּטיילונג, איז מען גערעכט: ער איז טאַקע צו יונג פֿאַר דער אַרבעט אין פֿאַבריק.

אָבער טאָליאַ האָט ניט נאָכגעגעבן. ער איז אַרויס פֿון דעם אויפֿנעם־צימער און איז געבליבן שטיין אין קאָרידאָר לעבן אַן אַלטער שוין געל־געוואָרענער וואַנט־צײַטונג. דאָס ייִנגל האָט שוין געהאַט איבערגעלייענט אַלע פֿאַרוואַלטונגס־נײַס, ווען די טיר האָט זיך אויפֿגעפּראַלט און עס האָט זיך באַוויזן אַ הויכער, פֿעסט־גע־בויטער מאַן. ער איז האַסטיק געגאַנגען איבערן קאָרידאָר און גע־וואָרפֿן קורצע, בייזע פֿראַזן צו צוויי עלטערע באַאַמטע, וועלכע האָבן אים קוים נאָכגעהאַלטן. פֿאַרשטייענדיק, אַז דאָס דאַרף זײַן דער דירעקטאָר, האָט דאָס ייִנגל האַלב־טויט פֿון שעמעוודיקייט זיך אַ וואָרף געטאָן נאָך אים. פּלאָנטערנדיק מיטן צונג האָט ער גייענ־דיק אַרויסגעלייגט זײַן ביטע, אויסשטרעקנדיק זײַן ביולעטין מיט די בעסטע אויסצייכענונגען. דער דירעקטאָר, אַ פֿאַרנומענער מיטן

געשפּרעך, האָט מיסטאָמע אַפילע זיך ניט אָפּגעגעבן קיין כעזשבן, װעגן װאָס דאָס ייִנגל בעט באַ אים.

— אין פּערסאָנאַל־אָפּטיילונג, אין פּערסאָנאַל־אָפּטיילונג — האָט ער געענטפערט מיט אומגעדולד, און ניט געבנדיק אַפילע קיין קוק אַף טאָליאַן, איז ער שנעל אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ.

איידער זיך אומצוקערן אַהיים, איז טאָליאַ פאַרקראָכן אין די טיפעניש פון פאַבריק־פּאַרק און דאָרטן האָט ער זיך גאַנץ גוט אויסגעװיינט אין דער שטילקייט אַף אַ פאַרװאָרפענער באַנק. אַהיים איז ער געקומען מיט טרוקענע אויגן און ניט דערציילנדיק דער מוטער קיין איין װאָרט איז ער פאַרקראָכן אין קעמערל, װוּ אין מעשעך פון אַ סאַך יאָרן האָבן זיך געװאַלגערט פאַרשיידענע שלאָסערײַ־אינסטרומענטן, װאָס זײַנען פאַרבליבן נאָך פון דעם זיידן. טאָליאַ איז געװען אַ קלוגער און אַ פאַרשטענדיקער יונגאַטש, האָט ער זייער שנעל זיך אויסגעלערנט דורכצופירן פאַרשיידענע לײַכטע שטוביקע רעמאָנטן און ער האָט אָנגעהויבן פאַרדינען צו ביסלעך פאַרלייטנדיק טעפּ און פאַנען, צורעכט געמאַכט קעראָסין־מאַשינקעס און פּרימוסן, דורכגעפירט עלעקטרישע ליניעס און אייניקע סטאָליער־אַרבעטן. די אײַנװוינער פון דעם גרויסן פאַבריק־הויז פלעגן זייער גערן אָנפאַרטרויען אים די קליינע אַרבעטן. אַגעװ, האָט זיך דאָ ניט אַף אַזויפיל געהאַנדלט אין טאָליאַס מײַסטער־שאַפט, װי אין מיטגעפיל פון די שכיינים, װעלכע האָבן זייער געשעצט דעם אַקשאָנעסדיקן שטאָלץ פון אַ באַליידיקטן זון.

איינמאָל, אַ זונטיק, האָט מען אַ דאַנק עמעצנס אַ פרײַנטלעכער רעקאָמענדאַציע אַרויסגערופן דעם קליינעם עלעקטריציסט אין װוינונג פון דעם דירעקטאָר אַליין, װאָס האָט זיך געפונען אין דעם זעלבן הויז. דעם דירעקטאָרס װײַב, אַ דיקלעכע, פריילעכע פרוי, האָט געפרעגט באַם ייִנגל, צי ער װעט זיך אונטערנעמען ביז פאַרנאַכט דורכצופירן אַן עלעקטרישע אײַנריכטונג פאַר אַ נײַעם זשיראַנדעל, װעלכן זי האָט געקויפט אַ מאַטאָנע צו איר מאַנס געבורטסטאָג. די קונץ איז באַשטאַנען אין דעם װאָס ניט אַלע לעמפּלעך האָבן געזאָלט זיך אײַנשליסן מיט איינמאָל, נאָר שטופנװײַז. טאָליאַ האָט דרײַסט אָנגענומען די באַשטעלונג. ער איז אַװעקגעלאָפן נאָכן געצײַג, געבראַכט צו שלעפּן אַ לייטער, פאַרשפּרייט דעם גלאַנציקן פאַרקעט מיט אַלטע צײַטונגען, אויפגעהאַנגען זײַן

רעקל אַף אַ בענקל, פאַרקאַטשעט די אַרבל און זיך גענומען צו דער אַרבעט. אָבער דאָ איז ער נעבעך דורכגעפאַלן. ער האָט פאַרפעסטיקט די ראָליקעס, אָנגעצויגן דעם דראָט און זיך איבערצײַגט, אַז עס פעלט אים וויסן און פראַקטיק פאַר אַזאַ קאָמפּליצירטער און אומבאַקאַנטער אײַנריכטונג.

אַנגסטן זײַנען אים באַפאַלן, עס האָט זיך געוואָלט אַלץ אַוועקוואַרפן און אַנטלויפן. אָבער ער האָט זיך ניט אונטערגעגעבן. ער האָט פאַרקריצט די ציין און אַקשאָנעסדיק געקאָמבינירט די אײַנשאַלטונג פון די דראָטן און זיך באַמיט, אויספרווונדיק פאַרשיידענע מעטאָדן, צוצוקומען צו דער נייטיקער רעגלמעסיקייט. באַ יעדן קלאַפּ, פלעגט זײַן האַרץ פאַרכאַלעשט ווערן פון שרעק. שווייס האָט זיך טײַכנווײַז געגאָסן פון אים. אָבער ווען די אומצופרידענע באַלעבאָסטע פלעגט אַרײַנגיין אין צימער און זען דעם קליינעם מאָנטיאָר פאַרטיפט אין זײַן אַרבעט, מיט אַן אויסדרוק פון פאַרלוירנקייט אַפן פּאָנעם, און הענט וועלכע האָבן געציטערט, האָט די גוטהאַרציקע פרוי ניט געהאַט קיין מוט אויסצוזידלען און אַרויסצוטרײַבן דעם קליינעם אַפּנאַרער, וועלכער האָט איר קאַליע געמאַכט דעם סיורפּריז.

זיצנדיק אַפן לייטער אונטערן סופיט האָט טאָליאַ געזען, ווי צו דער גאַסן־טיר איז צוגעפאָרן דעם דירעקטאָרס אויטאָ, ווי פון אים איז אַרויסגעשפּרונגען דער באַקאַנטער, הויך־וווקסיקער מאַן; געהערט ווי אין פאָדערצימער האָט געדרימבלט דאָס גלעקל און עס האָט זיך דערהערט אַ הייזעריקלעכער באַסאָווער קאָל, וועלכער האָט אַמאָל אַזוי אומבעראַכמאָנעסדיק אַרויסגערעדט: „אין פערסאָנאַל־אָפּטיילונג״. דאָס ייִנגל האָט שוין באַשלאָסן באַ זיך, אַז מען וועט אים מיט כאַרפּע אַרויסיאָגן און ער האָט געוואָלט נאָר איין זאַך: זאָל זיך וואָס שנעלער ענדיקן דער פּײַן פון וואַרטן, און וואָס גיכער זאָל קומען דער סאָף.

פונדעסטוועגן, דערוואַרטנדיק די אָנקומענדיקע קאַטאַסטראָפע, האָט טאָליאַ נאָך אַלץ ניט אויפגעהערט צו זוכן די נייטיקע קאָמבינאַציע, איבערגעקליבן די דראָטן, אָנגעהויבן אַלץ פון אָנהייב נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל. באַ דער אַרבעט אַפן שפּיץ פון דעם לייטער אונטערן סופיט האָט אים געטראָפן דער דירעקטאָר. אין אַ פּיזשאַמע, אין שטעקשיך איז ער געשטאַנען אַ פּאָר מינוט און שווײַגנדיק

באַטראַכט דעם ייִנגל און אין זײַנע שמאָלע אויגן האָבן זיך באַוויזן כויזעקדיקע און, ווי טאַליאַן האָט זיך געדוכט, אומבעראַכמאַנעס־דיקע פֿײַערלעך.

אַרומפֿאָרענדיק זיך מיטן דראָט האָט טאַליאַ זיך באַמיט ניט אַראָפּצוקוקן — ער האָט זיך באַמיט, אָבער ניט געקענט. דער כויזעקדיקער, אומבעראַכמאַנעסדיקער בליק האָט צוגעצויגן דעם ייִנגל, ווי עס ציט צו אַן אָפּגרונט. סאָפּקאָלסאָף האָבן דעם קליינעם מאַנטיאָרס נערוון מער ניט געקענט אויסהאַלטן: די דראָטן האָבן זיך אַרויסגעגליטשט פֿון זײַנע הענט און דאָס צווענגל, פֿויקנדיק איבער די שטיגן, איז אַראָפּגעפֿאַלן אַפֿן פֿאָל.

— קריך נאָר אָקערשט אַראָפּ פֿון דאָרטן — האָט אַ ברום געטאָן פֿון אונטן דעם דירעקטאָרס באַס.

אין אַ ווײַלע אַרום איז, צום ייִנגלס גרעסטן שטוינען, דער דירעקטאָר געזעסן רײַטנדיק אַפֿן לייטער און קורץ, אָפּגעהאַקט געקאָמאַנדעוועט, געהייסן זיך דערלאַנגען דאָ דעם שרויפֿנציִער, דאָ דעם האַמער, דאָ דאָס צווענגל, און שפּעטער מיט אַ שאָ האָט מען פֿײַערלעך אַ דריי געטאָן דעם שאַלטער — און, אָנצינדנדיק זיך שטופּנווײַז, האָט זיגעריש אָנגעהויבן צו שײַנען אונטערן סופֿיט די לוסטרע. דער דירעקטאָר האָט אַראָפּגעלאָזט די פֿאַרקאַטשעטע אַרבל פֿון זײַן העמד, פֿאַרשפּיליעט די שפּאָנקעס, אָנגעטאָן דעם פּיזשאַמע־רעקל און פּלוצים אַ שלעפּ געטאָן צו זיך דעם שלימאַזלדיקן עלעקטריציסט, מיט זײַן גרויסער באַוואַקסענער אַרבעטער־האַנט.

— און איצט אַרויס מיטן עמעס: פֿאַרוואָס זוכסטו אַרום זײַטיקע פֿאַרדינסטלעך? פֿאַרוואָס לערנסטו זיך ניט? — האָט ער געפֿרעגט, אַרײַנקוקנדיק אין דעם ייִנגלס נאַס געוואָרענע אויגן.

דער מענטש האָט פֿאַרמאָגט אַ ווונדערבאַרע אייגנשאַפֿט צו פֿאַרשטיין אַלץ פֿון האַלבן וואָרט. ער האָט איבערגעפֿרעגט טאַליאָס פֿאַמיליע־נאָמען, און זיך פֿאַראינטערעסירט, צי ער איז ניט אַמאָל דער זון פֿון דעם שעף פֿון טאָקער־צעך. דערוויסנדיק זיך, אַז יאָ, האָט דער דירעקטאָר שטיל אַ פֿײַף געטאָן און האָט פֿילדײַטיק אַרויסגערעדט: „אַזוי, אַזוי, אַזוי“ ... ער האָט אָבער ווידער באַשטעטיקט, אַז אָנצוקומען אַף אַרבעט אין דער פֿאַבריק איז טאַקע פֿאַר אים נאָך צו פֿרי, אָבער צוגעזאָגט פֿאַראָרדענען, אַז מען זאָל אים פֿאַררעכענען אויסער דער נאָרמע און פֿ.ז.אַ.־שול (פֿאַבריק־שול).

באַם געזעגענען זיך האָט ער מענעריש געדריקט מיט זײַן גרויסער וואַרעמער האַנט דעם ייִנגלס דאַרע קאַלטע הענטל און אים גע־הייסן מאָרגן קומען דורכצופירן די פאָרמאַליטעטן. דעם זעלבן אָוונט זײַנען צו די זלאַטאָוסטאָווס אין צימער געקומען פלוצים אַ פּאָר אומבאַקאַנטע פרויען, מיט פּעקלעך עסנוואַרג, געבראַכט אַ ליאַלקע און אַ בערעלע פאַרן קליינוואַרג. זיי זײַנען געזעסן אַן ערעך אַ האַל־בע שעה, געטרונקען טיי און אַ פּאָר מאָל, ווי טאַליאַ האָט באַמערקט, האָבן זיי ווי פאַרבײַגייענדיק, אָבער אַן שום פאַרוווּרפן געפרעגט באַ דער מוטער, פאַרוואָס זי האָט ביז איצט קיין איין מאָל זיך ניט געוואָנדן צום פאַבריק־קאָמיטעט.

באַם געזעגענען זיך האָט די עלטערע פון די פרויען גענומען באַ דער מוטער אַ וואָרט, אַז זי וועט שוין מער ניט ווייכן פון דעם קאָלעקטיוו.

אינגיכן איז טאַליאַ אָנגענומען געוואָרן אין פ.ז.אָ. די מוטער האָט זייער געשיקט איבערגעגייט אַף זײַן פיגורל דעם נײַעם מונ־דיר. דער קליינער אַרבעטער, זייער אַ פאַרשטענדיקער, אַ פלײַסי־קער און אַרבעטזאַמער, איז זייער שנעל אַזוי ווי אַרײַנגעוואַקסן געוואָרן אין דעם לעבן פון צעך. ער האָט זיך זייער שנעל באַקענט מיט דער טאָקאַרניע און איז טאַקע בעעמעס פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער אַרבעט, וועלכע האָט געפאָדערט פאַרשטענדעניש און שנעל־קייט. ער האָט זייער לײַכט אָנגעיאָגט און אינגיכן אַפילע איבער־געיאָגט זײַנע שול־כאַווירים. דער אַלטער אינסטרוקטאָר, פון די פאַבריק־מײַסטערס, אַ פאַרליבטער אין דער טאָקערײַ, האָט נאָכ־געקוקט, ווי פינקטלעך עס באַוועגן זיך די הענט פון דעם באַ־גאַבטן שילער, ער פלעגט צופרידן אונטערהוסטן, און פאָרויסגע־זאָגט דעם ייִנגל אַ גרויסן פראָדוציר־רום. און האַגאָם די וווּנד פון זײַן נעשאָמע איז נאָך ניט געוואָרן פאַרהיילט, דאָך האָט טאַליאַ, באַם באַגעגענען זיך מיטן פאָטער אין צעך, זיך באַמיט ווי מעגלעך גלײַכגילטיקער צוצולייגן זײַן ציטערדיקע האַנט צום דאַשעק פון זײַן וניפאָרעם־היטל און פלעגט מיט אַ קאַלטבלוטיקן אויסזען פאַרבײַגיין.

דער טאָג, ווען ער האָט באַקומען זײַן ערשטן געהאַלט, איז געווען פאַר אים אַ טאָג פון דעם גרעסטן ניצאָכן. ער האָט זײַן מוטער אָפּגעגעבן אַלץ ביזן לעצטן גראָשן. איצט וועט זי שוין מער

ניט וויינען באַנאַכט, פאַרנורענדיק דעם פּאָנעם אין קישן! יענעם אָוונט איז די גאַנצע מישפּאָכע געזעסן און יאָנטעוודיק געטרונקען טיי. עס האָט פריילעך געבלענדט דער יאָנטעוודיקער אָנגעקראָכמאַלעטער טישטעך. עס האָט געפּײַפט די עלעקטרישע טײַ־קאַן, דאָס קליינוואַרג האָט מיט אַפּעטיט געשלונגען די צוגעברוינטע בולקעלעך, וועלכע דער עלטערער ברודער האָט אײַנגעקויפט. אַלץ איז געווען אַזוי, ווי אין די בעסטע צײַטן. טאָליאַ איז געזעסן אַפן פּאָטערס שטול, ערנסט, מיט גאַדלעס, אין אַ גימנאַסטיאָרקע מיט בלאַנקע קנעפּ און מיט אַ פעסט פאַרצויגענעם פּאַסעק. ער וועט שוין ווײַזן דעם פּאָטער, אַז אָן אים, וועלן זיי אויך קענען אויסגעצייכנט לעבן. ער וועט פאַרענדיקן די שול פאַר דער צײַט. די פרײַע שאָען וועט ער אַרבעטן אין צעך און וועט העלפן דער מוטער.

די מוטער, אָנגעטאָן אין אַ נײַעם, שיינעם געשטריקטן סוועטער, וועלכע זי האָט צוליב אַזאַ אויסערגעוויינלעכן פאַל, אַרויסגעשלעפּט פון סאַמע דעק פון דעם קאָמאָד, האָט אַ פריילעכע, אָנגעגאָסן פאַר אַלעמען טיי. בלויז צײַטנווײַז, ווען איר בליק פלעגט פאַלן אַפן טונקעלן פּירעק אַף דער וואַנט, פלעגט אַף איר פּאָנעם אַנלויפן אַ שאָטן פון טרויער, אָבער טייקעף פלעגט זי איבערטראָגן איר בליק אַפן שײַנענדיקן פּאַרצעף פון דעם יונגן האַנטווערקער — און אין אירע אויגן האָט זיך ווידער אָנגעצונדן אַ שטאָלצע פרייד פון אַ מוטער.

דאָס יינגל איז צוריקגעקומען אין אינטערנאַט אַ באַפליגלטער און עפּעס מיט איינמאָל אַ דערוואַקסענער. ער פלעגט זיך אָפּזאָגן פון קינאָ, בײַגעשטאַנען דעם ניסאָיען אין פאַבריק־רעסטאָראַן און דאָס גאַנצע געלט פלעגט טאָליאַ ברענגען פאַר דער מישפּאָכע. אָבער די הויפּט זאַך איז באַשטאַנען נישט בלויז אין דעם. דאָס יינגל איז מיט יעדן טאָג אַלץ מער און מער פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער אַרבעט, און באַגלײַך מיט דעם, ווי ער פלעגט באַקומען אַלץ מער קענטעניש, פלעגט ער אין דער אַרבעט אַנטדעקן אַלץ מער נײַע פרייד. און אָט, ווען פון זייער דירע האָט זיך שוין אינגאַנצן אָנגעהויבן אויסצוועפּן דער צאַר, און טאָליאַ האָט שוין געטרוימט, ווי ער וועט זיך, נאָכן פאַרענדיקן די שולע, אַ שטעל טאָן צו דער אויטאָמאַטישער טאָק־מאַשין און וועט זיך פאַרמעסטן מיט די בעסטע טאָקערס פון דער פאַבריק, האָט זיך אָנגעפאַנגען די

מילכאָמע. זי האָט מיט איין קלאַפּ צעשטערט דעם אַזוי שווער ווי־דער אויפגעבויטן לעבן. די יאָטן פון דער פ. ז. א. שול האָבן איינ־שטימיק אויסגעדריקט זייער פאַרלאַנג צוצושטיין צו די פאַבריק־פּרײַוויליקע, וועלכע זײַנען געגאַנגען בויען פאַרטיידיקונגס־ליניעס. דער דירעקטאָר, וועלכער האָט געדענקט טאַליאַן, האָט געהאָט בע־דייע אים צו פאַרהאַלטן אין דער פאַבריק. אָבער טאַליאַ איז אַפילע אין קאַס געוואָרן. ער האָט זײַנס אויסגעפירט און איז אַוועק צוזאַ־מען מיט די פּרײַוויליקע.

ס׳האָט זיך אָבער געמאַכט, אַז אַ דײַטשישע טאַנקען־אַרמיי האָט זיך דורכגעריסן דורך ליטע און אַרומגערינגלט די געגנט פון דער אַלטער גרענעץ, ווו צווישן טויזנטער פּרײַוויליקע טראַנשייען־בויער האָט אויך געאַרבעט טאַליאַ מיט זײַנע כאַווירים. די כעוורע האָבן זיך פלוצלונג געפונען אין טיפן הינטערלאַנד פון דער דײַטשער אַר־מיי. דער אינסטרוקטאָר, וועלכער איז מיט זיי צוזאַמען געקומען צופאָרן איז געהאַרגעט געוואָרן פון אַ גראַנאַט־שפּליטער. ווען די פאַרלוירענע, דערשלאָגענע יינגלעך האָבן ווי אַ מאַכנע איבערגע־שראָקענע פייגל זיך פאַרזאַמלט באַ דעם זאַמדיקן ברוסטווער פון די שוין איצט אומנוצלעכע פאַרפעסטיקונגען איז דאַווקע ער, דער קליינער, דאַרער באָכער, וועמען די כאַווײַרים האָבן אַ נאָמען גע־געבן יאָלקי־פּאָלקי, געווען דער, וואָס האָט פאַרגעשלאָגן זיך נישט צעשפּליטערן און אָרגאַניזירטערהייט זיך דורכשלאָגן צו די אייגענע דורכן פײַנטלעכן פראָנט. און נישט קוקנדיק אַף דעם, וואָס צווישן די אָנטווערקער זײַנען געווען באָכערים עלטער פון טאַליאַן, דאָך האָבן זיך אַלע גרופּירט אַרום זייער קליינעם כאַווער. אַן לאַנגע דיסקוסיעס האָבן זיך די אַנטווערקער געלאָזט אין וועג, איבער אומבאַקאַנטע שטעגן און וועגן. זיי טאַקע האָט מוסיאַ דערזען אין אָנהייב פון איר טראַגישן מאַרשרוט איבער די וועלדער. דאָס אי־בעריקע וועגן זיי איז איר שוין געווען באַקאַנט. אויך האָט זי גע־ווּוסט, אַז אין דער פאַרטיזאַנער אָפּטיילונג איז טאַליאַ פאַרבליבן דער אָנפירער פון זײַן יונגער גוואַרדיע.

— זײַט איר דאָס בראַווע יאָטן, כעוורע! — האָט מיט צערט־לעכקייט געזאָגט מוסיאַ, קוקנדיק אַף איר יונגן פרײַנט.

— דאָס האָב איך דערציילט נאָר אײַך, ווײַל איר זײַט עפּעס אַזאַ אויסערגעוויינלעכע... ניקאָלײַען זאָלט איר נישט איבער־

דערציילן, מען דאַרף נישט... איך דערצייל דאָך אַלעמען, אַז מײַן פֿאָטער איז געפֿאַלן אין דער פֿינלענדישער מילכאָמע... איר וועט נישט דערציילן? עמעס?

מוסיאַ האָט געשוויגן. דאָס קליינע מענטשעלע, מיט טרויעריקע ניט־קינדישע אויגן, וועלכער פֿלעגט שטעכיק ווערן ווי אַ יאָזש בײַ דער מינדסטער אומפֿאַרזיכטיקער באַרירונג, דער קאַמפּס־פּאַר־טיזאַן יאַלקאַ־פּאַלקאַ איז פֿון דער שאַ אָן געוואָרן איר נאָענט, ווי אַ ברודער. זי האָט צוגעצויגן טאַליאַס קאָפּ מיט די פֿאַרפּלאָנטערטע שאַרסטקע האָר און אים אַ קוש געגעבן אין שטערן.

אין וואַלד האָבן אָנגעהויבן צו קנאַקן די צווײַגן. גלײַך דורך די קוסטעס האָט צו זיי זיך דערנענטערט ניקאָלײַ. בײַ זײַן גאַרטל האָבן זיך געבאָמבלט צוויי דערשאָסענע פּעטע פֿייגל. צוקומענדיק צו די בײַדלעך האָט ער דערזען, אַז מוסיאַ און טאַליאַ קוקן אין הימל אַרײַן. זייער הויך איבערן שוואַרצן אָפּגעבערענטן וואַלד איז געפֿלויגן, סקריפּענדיק ווי אַ נישט קיין געשמירטער וואָגן, אַ גרויסע סטאַיע בושעלן. דער פּאַרטיזאַן האָט זיי באַגלייט מיטן בליק, שווער אַ זיפֿץ געטאָן און מיט מוירע זיך אומגעקוקט אויף מוסיאַן: אויב זי האָט כאָלילע נישט דערהערט זײַן נישטווילנדיקן זיפֿץ.

## IV

אין מעשעך פֿון די לעצטע טעג פֿלעגט ניקאָלײַ זייער אָפֿט און אָף לאַנג פֿאַרשווינדן פֿון דעם לאַגער. צוריק פֿלעגט ער קומען שוואַרץ, ווי אַ קוימענקערער און מוסיאַ האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז ער בלאָנדזשעט אַרום נישט איבערן אינדזל, נאָר ער גייט אַוועק אין וואַלד און וואַנדערט דאָרט אום איבער די אָפּגעברענטע ערטער. אַזוי איז דאָס טאַקע געווען. מיט יעדן טאָג האָט די אומגעזולד אַלץ מער באַהערשט דעם יונגן פּאַרטיזאַן. דאָרט אַפֿן מיזרעך קעמפֿט איצט די סאָוועטישע אַרמיי קעגן אַלע פֿאַשיסטישע קויכעס, פֿון מײַרעוו, אין די וועלדער, רודאַקאָוו און אַנדערע צאָלרײַכע פּאַרטיזאַנער־גרופּן גראָבן אונטער דעם הינטערלאַנד פֿון די פֿאַשיסטישע כאַיאָלעס און העלפֿן דערמיט לויט זייערע קויכעס דער סאָוועטישער אַרמיי. און ער, ניקאָלײַ זשעלעזנאָוו, אַ געזונטער, שטאַרקער מענטש, קאָמיוגיסט, אַ קאַנדידאַט אין דער פּאַרטיי, לעבט זיך אין די טעג, ווען עס ווערט אַנטשיידן דער גוירל פֿון זײַן היימלאַנד, פּונקט ווי אין אַן אָפּרו־הויז!

ווי אַ דיסציפּלינירטער פּאַרטיזאַן האָט ער אָן שום טײַנעס אײַנגעשטימט אויסצופֿאָלגן דעם קאָמאַנדירס קאָמפּליצירטע און געפֿערלעכע אויפֿגאַבע: אַריבערצופֿעקלען דאָס צירונג איבערן פֿראָנט. אָן דיסקוסיעס האָט ער דאַן געענטפֿערט רודאַקאָוון „יאָ“! אָבער איצט, ווען צוליב מוסיאָס ווונד זײַנען זיי געווען געצווונגען צו זיצן אַף דעם אינדזל, האָט די בענקשאַפֿט נאָך קאַמפֿס־טעטיקייט אינגאַנצן אויסגעמאַטערט דעם פּאַרטיזאַן. מיטן סייכל האָט ער פֿאַרשטאַנען, אַז ער האַנדלט ריכטיק, אַז אַנדערש קען ער ניט טאָן, אָבער דאָס האַרץ האָט געבלוטיקט.

ניקאָלײַ האָט געוווּסט, אַז מוסיאַ אַליין פּײַניקט זיך אויך,

וואָס זי איז די נישט ווילנדיקע סיבה פון זייער פאַרהאַלטן זיך. ביט איין מאָל האָט ער אומבאַמערקט, אַ פאַרבאָרגענער צווישן די קוסטעס געזען, ווי אָנגעשפּאַרט אָן אַ שטעקן איבט זי זיך אײַן אין גיין. נישט איין מאָל, ווען אין הימל זײַנען געפלויגן סטאַיעס וואַנדער־פייגל, פלעגט ער אויפכאַפּן דעם מיידלס אומרויִקן און בענקענדיקן בליק, מיט וועלכן זי פלעגט זיי באַגלייטן.

מוירע האָבנדיק אַרויסצוווײַזן זײַן אומגעדולד, פלעגט ניקאָלײַ פאַרלאָזן דעם לאַגער אָפטמאָל אויף אַ גאַנצן טאָג. ער איז געגאַנגען אַ סאַך קילאָמעטער ווײַט פון דער אָזיערע, געזוכט אַ וועג, ווו מען וואָלט געקענט איבערכאַפּן אַ פּײַנטלעכן אויטאָ; געפינען און אײַ־בערשנײַדן אַ טעלעגראַפן־ליניע, אָדער צום ווייניקסטן איבערפאַלן אַ זאַרגלאָזן פּײַנטלעכן זעלנער. דער פּאַרטיזאַן האָט נישט געהאַט קיין מאַפּע. ער האָט נישט געוווּסט, אַז די סרייפּע האָט זיי פאַריאָגט אין די ווילדסטענישן פון אַ גרויסן רעגירונגס וואַלד־פּאַרק און ער האָט זיך געוווּנדערט, וואָס אין זײַן וואַנדערן איבער דער אומגעגנט, האָט ער קיינמאָל נישט געזען קיין דורכרײַד־וועג, קיין וווינונג, אַפילו קיין שפּור פון אַ מענטשן. דער אויסגעלייַדיקטער פון דער סרייפּע וואַלד, איז געווען אײַנטאָניק שוואַרץ און טויט שטיל. די קוילן האָבן געקנאַקט, אַזוי ווי געקרעכצט, אונטער די פיס. דער סכאַך פון די זעלטענע, איבערגעבליבענע נאָך דער סרייפּע בוים־שפּיצן איז אויסגעטריקנט געוואָרן און פלעגט מיט אַ שאָרך זיך אָפּשיטן באַם קלענסטן ווינטל. עס האָט שוין ניט אַרויסגעבראַכט יענעם מעלאָדישן אָנגענעמען שאָרכעדיקן קלאַנג, וועלכן דאָס אויער איז צוגעוווינט געווען אויפצוכאַפּן אין וואַלד. אין דער אײמעדיקער שטילקייט פלעגט זיך אָפטמאָל אויף אַ קילאָמעטער ווײַט דערהערן אַ סקריפּען, ענלעך צו אַ קרעכץ, צו ציין קריצן, פון אַ טויטן סאָסנע־שטאַם, וועלכן דער ווינט האָט געוויגט.

די פאַרלאָזטע זוכענישן פון עפּעס אַ קאַמפּס־טעטיקייט האָבן שטאַרק געעגבערט ניקאָלײַען. אין אים האָט אָנגעפאַנגען צו וואַקסן אַ טויבע אויפרעגונג קעגן זײַן קאָמאַנדיר, וועלכער האָט אים געשיקט אין אַזאַ הייסער קאַמפּס־צײַט מיט עפּעס אַן אויסטערלישער אויפגאַבע, און אויך קעגן מוסיאַן, וועלכע האָט נישט ווילנדיק פאַרהאַלטן דאָס אויספירן פון דער אויפגאַבע, און אַפילו קעגן זײַן אייגענער הילפסלאָזיקייט. דער פאַרברענטער דורך די פאַשיסטן

וואַלד האָט אים דערמאָנט די וויסטענישן פון די טויטע זאָנעס. ניקאָלײַ האָט פאַרשטאַנען, אַז היטלער אין יעצט, וואָס ער קען אין קאַמף נישט באַזיגן די סאָוועטישע אַרמיי, וואָס ער קען נישט אויסראָטן די פּאַרטיזאַנער, שטרעבט צו פאַרוואַנדלען דאָס גאַנצע לאַנד אין אַ פּוסטן, מענטשנלאָזן מידבר. און דער פּאַרטיזאַן האָט מיט בענקשאַפט און מיט איבל געטראַכט, אַז ער איז געצוווּנגען צו זיצן מיט פאַרלייגטע הענט אין דעם בײַדל אַפן אינדזל אין דער צײַט, ווען די פאַשיסטן שטורעמען שוין עפּשער מאָסקווע.

אויך דאָס מאָל האָט ער זיך צוריקגעקערט אַ מאַרעשכוירע־דיקער און אַן אויפגערעגטער אַפן אינדזל. עס איז געשטאַנען איי־נער פון יענע קאַפּריזנע העלע טעג, וועלכע גיבן זיך אָפטמאָל אײַן אין דער געגנט בעשאַס די לעצטע טעג פון „ווײַבערישן זומער". פון דעם גרינלעכן, קילן הימל האָט נײַט שאַרף געלויכטן די קאַלטע זון. אַ ראַשיקער ווינט האָט אונטערגעשמיסן די שמאַטעס פון ווײַסע בלאַנדזשענדיקע וואָלקנס. די אָזערע, וואָס האָט זיך אַנט־פּלעקט הינטערן שוואַרצן בראַנד פון וואַלד האָט זיך באַדעקט מיט דינינקע קאַרבן. זי איז געווען האַרבסטיק פּוסט און עס זײַנען פון דער אויבערפלאַך ערגעץ פאַרשוווּנדן געוואָרן אפילו די גרינע בלע־טער פון די וואַסער־געוויקסן, וועלכע זײַנען ערשט נישט לאַנג געלעגן אַפן וואַסער. בלויז די פרענדזלעך פון דער וואַסער גריקע מיט שוואַרצע פּערל פון די שוין איבערצײַטיקע קערלעך, האָבן זיך ציטערדיק געוויגט אַף די וואַסער־קאַרבן. און הינטער דעם אַלעמען, פינקלענדיק מיט בונטע, העלע, געפלעקטע קאָלירן, האָט אַזוי ווי געשווומען אַפן קאַלטן וואַסער דער אינדזל אַ באַגאַסענער מיט זונען־שטראַלן. אַרויסגייענדיק אַפן זומפּיקן פּאַס איז דער פּאַרטיזאַן נישט ווילנדיק פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער שיינקייט. פּאַראַן אין דער נאַטור אַזאַ מין שיינקייט, וואָס צווינגט דעם מענטשן ניט אַף לאַנג, עפּשער בלויז אַף איין רעגע, צו פאַרגעסן אַלע דײַגעס. ניקאָלײַ איז אַזוי געשטאַנען אַפן זומפּ־פּאַס אַ צען מינוט. דאָס וואַסער האָט געלעקט דעם זאַמד אונטער זײַנע פיס. פונעם אינדזל האָט זיך דערטראָגן אַ האַסטיקער שעפּטשען פון די אויסגעטריקנטע האַרבסט־בלעטער, אַ טרוקענער שאָרך פון דעם נאָך גרינעם טשע־רעט און פון ווײַטן, פון הינטער דעם בונטן וואַלד־פּאַס האָט זיך

געהערט דער בייזער גערודער פון ווילדע גענדז, וועלכע האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אַף אָפּרו!

דעם פּאַרטיזאַן האָט זיך פּלוצלונג פאַרגלוסט זיך אויסצובאָדן. עס איז דאָך שוין לאַנג — פון זינט דאָס פײַער האָט זיי אַרויסגעיאָגט פון דעם פּאַרטיזאַנען־לאַגער — אַז ער איז נישט געווען אין אַ באָד. דער קערפּער האָט געבענקט נאָך זייף און אַ באָדבעזעמל. עך, ווי עס זאָל נישט זײַן! ניקאָלײַ איז מיטאַמאָל פרײלעך געוואָרן. ער האָט אָנגעריסן טרוקענע גראָז און געמאַכט עפּעס ענלעך צו אַ ראָגאָזשקע, זיך שנעל אויסגעטאָן און גלײַך פון ברעג זיך אַ וואָרף געטאָן אין אָזיערע. פון אָנהייב האָט דאָס וואַסער אים אַ ברי געטאָן און קימאַט ווי אַרויסגעשטויסן צוריק. ער האָט אַפילע אַ געשריי געטאָן פאַר קעלט, אָבער דאָך איז ער אַוועקגעשווומען. שפּעטער האָט ער זיך אָנגעהויבן צו קוליען, זיך אונטערצוטויכן און איז אַזוי דערוואַרעמט געוואָרן, אַז עס איז אים געוואָרן אָנגענעם, דאָס האַרץ האָט אָנגעהויבן פריידיק און שטאַרק צו קלאַפּן.

ניקאָלײַ איז אויסגעוואַקסן נישט ווײַט פון אַזאַ מין אָזיערע, וואָס איז געלעגן צוויי קילאָמעטער ווײַט פון זייער סטאַנציע־שטעטל. ווי נאָר דער פרילינג־ווינט פלעגט אויפברעכן דאָס אײַז, אים פאַריאָגן פון די ברעגן און אָפּרייניקן דאָס וואַסער, פלעגט דאָס קליינוואַרג פון דעם שטעטל דערפּענען דעם באָד־סעזאָן. דאָס קליינוואַרג פלעגט זיך אויסטאָן לעבן די קרוכקע אײַז־שטיקער, וועלכע זײַנען מיט אַ שאַרף צעגאַנגען אונטער דער זון. און איצט האָט דאָס אײַז־קאַלטע וואַסער דערמאָנט דעם פּאַרטיזאַן זײַן זאָרגלאָזע קינדהייט. עס איז אים געוואָרן פריילעך און לײַכט. ער איז אַרויסגעשפּרונגען אַפן ברעג און אָננעמענדיק זאַמד אַף זײַן פּרימיטיוון באָד־בעזעמל האָט ער אָנגעהויבן מיט קויעך צו רײַבן זײַן רויט געוואָרענעם פון קעלט קערפּער.

פאַרטיפט אין דעם וואַשן זיך האָט ניקאָלײַ ניט באַמערקט, ווי דער טאָג הייבט זיך אָן שנעל צו ענדערן. די זון האָט נאָך געלויכטן ווי פריִער, אָבער אַ גרויסע פאָרעמלאָזע שוואַרצע כמאַרע האָט זיך שנעל געררוקט פון צאָפּן פון הינטער דעם בערשטל פון אָפּגעברענטן וואַלד. עס האָט אַ ריס געטאָן אַ ווינט, אָנגעהויבן צו פײַפן, דרייען דעם שאָרכעדיקן אַש און די טרוקענע בלעטער, פאַרדרייט דאָס אַלץ און אויפגעהויבן איבער דער אָזיערע און דערנאָך

מיטאַמאָל שטיל געוואָרן און אָפן אומרויִקן וואַסער־פלאַך האָבן אָנגעהויבן צו שפּרינגען טויזנטער צאַפּלדיקע רינגעלעך. באַמערקנדיק ווי די אָפּגעפּאַלענע בלעטער נעמען זיך קלעפּן צו זיינע פיס, האָט זיך ניקאָלײַ אָפּגעריסן פון זײַן האַרטן שוואַם און זיך אומגעקוקט. דער ווינט האָט וואָרענענדיק אים אַ בלאָז געטאָן אין פּאָנעם אַרײַן מיט אַ געריך פון שניי. דער פּאַרטיזאַן האָט זיך שנעל אָפּגעטויוולט. נישט פילנדיק שוין מער דעם פרײדיקן צופלוס פון הייס בלוט, נאָר אַן איבלדיקן פראָסטיקן ציטער, האָט ער האַסטיק אָנגעהויבן זיך אָנטאָן. און אַרום אים איז געוואָרן פינצטערער, עס האָבן זיך אויסגעלאָשן די שרײַיִקע קאָלירן פון דעם גאָלדענעם האַרבסט. גאַנצע כמאַרעס האַרבסטיקע בלעטער, אַרומלויפנדיק און דרייענדיק זיך אין דער צעפלאָשעטער לופט, האָבן זיך געטראָגן איבער זײַן קאָפּ און זיך געקלעפּט צו דעם צעשויבערטן וואַסער. דערנאָך האָט עפּעס פלוצלונג אָנגעהויבן צו שאָרכלען און ניקאָלײַ, וועלכער האָט ערשט קוים באַוויזן אָנצוטאָן דאָס העמד, האָט דערפילט די דינע שטעך פון שניי־גרײַפּלעך, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו שעמערירן אין דער לופט. עס איז געפאַלן צו דער ערד אין געדיכטע, צעשויבערטע וואָלקנס.

דער פּאַרטיזאַן האָט זיך ווי נישט איז אָנגעטאָן און זיך געלאָזט לויפן לענגויס דעם שמאָלן זאַמדיקן פּאַס, קעדיי אײַנצושטילן דעם פראָסטיקן ציטער. און מיטאַמאָל האָט זיך די זאַווירוכע אײַנגעשטילט, עס איז פאַרשוווּנדן דער בלײַיִקער כוישעך, די לופט איז געוואָרן העל און אין דעם בלוי־געוואָרענעם הימל האָט ווידער אויפגעשײַנט די זון.

אָבער אין פאַרלויף פון די עטלעכע מינוטן האָט זיך דער פּײַזאַזש שאַרף געענדערט. די אָזיערע, אַ פאַרוואָרפענע מיט אָפּגעפאַלענע בלעטער האָט אויסגעזען ווי אַ בונטער טעפּיך. צו די בלייך געוואָרענע האַרבסט קאָלירן איז צוגעקומען נאָך אַ פאַרב — אַ קאַלטער, אַ ווײַסער. די שניי־גרײַפּלעך זײַנען געלעגן אויפן גראָז, אַף די צווײַגן פון די נאָדל־ביימער. נאָר די ווערבע־קוסטעס באַם ברעג, באַשאָטן מיט ווײַסן פּוך, זײַנען געוואָרן נאָך גרינער. אַלץ איז געוואָרן העל, אָבער די פריִערדיקע האַרבסט־געמיטלעכקייט איז פאַרשוווּנדן פון דעם וואַלד.

און אין הימל, נאָך דער שווערער, בלײַענער כמאַרע האָט זיך

געצויגן שוין אַ לענגלעכער דרײַעק פֿון אַ בושל־סטאַיע. די פֿליגלען פֿון די פֿייגל האָבן געגלאַנצט אַפֿן טונקעלן פֿאָן פֿון דער אַוועקגייענדיקער זאַוויערוכע. און ווידער איז אַן אומעט באַפֿאַלן דעם פּאַרטיזאַן.

ניקאָלײַ האָט זיך צוריקגעקערט אין לאַגער, ווען דער שניי איז שוין צעגאַנגען געוואָרן. אַלץ אַרום — דאָס גראָז, דיביימער, די גרויע פּיראַמידן פֿון די בײַדלעך, און דער באַרימטער פּניאַק מיט זײַנע צוויי בעריאָזקעלעך, — אַלץ האָט געפֿינקלט, געגלאַנצט. מוסיאַ און טאָליאַ זײַנען באַפֿאַלן זייער כאַווער:

— ענדלעך געקומען! ווו וואַנדערסטו דאָס אַרום? מען מוז דאָך גיין. מיר האָבן זיך שוין פֿון לאַנג אײַנגעפּאַקט.

און בעעמעס. ניקאָלײַ האָט דערזען באַם פּניאַק די זעק וועלכע דער באַלעבאַטישער טאָליאַ האָט פֿעסט און שטאַרק פֿאַרפּאַקט. אונטער דער נאַסער פּלאַשטש פּאַלאַטקע האָבן זיך געמערקט די אויטאָמאַטן. באַמיִענדיק זיך נישט אַרויסצווײַזן זײַן פֿרייד, האָט דער פּאַרטיזאַן פֿאַרשנדיק אַ קוק געטאָן אַף דעם קליינעם כאַווער און אַפֿן מיידל.

— מוסיאַ, און דײַן פֿוס? — האָט ער געפֿרעגט.

אַנשטאָט אַן ענטפֿער איז זיך דאָס מיידל דורכגעלאָפֿן איבער דער נאַסער לאָנקע, דערנאָך לײַכט אַרויפֿגעשפּרונגען אַפֿן פּניאַק און אַראָפּגעשפּרונגען פֿון אים. דאָ האָט שוין ניקאָלײַ נישט געקענט אײַנהאַלטן זײַן פֿרייד. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן מוסיאַן, זי אויפֿגעהויבן פֿון דער ערד און האָט זיך לײַכט, אָבער פֿאָרזיכטיק אָנגעהויבן צו דרייען מיט איר איבער דער לאָנקע:

— מוסקאַ, ביסט אַ מאָלאָדיעץ, אוי נאָך אַ מין מאָלאָדיעץ!

— איך בעט דיך, נאָר אָן נאַרישקייטן. לאָז מיך אָפּ. דו הערסט, לאָז מיך אָפּ, דו בער איינער! — האָט זיך געבייזערט דאָס מיידל, וואַרפֿנדיק אומבאַהאָלפֿן מיט די פֿיס אין דער לופֿטן.

ענדלעך האָט זיך ניקאָלײַ באַרויִקט. ער האָט פֿאָרזיכטיק אַנידערגעזעצט דאָס מיידל אַפֿן פּניאָק, אײַנבייגנדיק דערבײַ די צוויי בעריאָזקעלעך, און האָט מיט גליקלעכע אויגן געקוקט אַף זײַנע כאַווירים:

— אוי כעוורע, האָט איר דאָס מיך אָפּגעפֿרײַערט! — און מיט אַ וווּנק צו טאָליאַן האָט ער צוגעגעבן — יאָלקי־פּאַלקי!

ניקאָלײַ האָט אַרומגעכאַפּט טאָליאַן און אים צעקושט, ער האָט זיך אויך אַ לאָז געטאָן צו מוסיאַן, אָבער יענע האָט בײַז צוזאַמענגעצויגן די ברעמען, געוואָרן רויט ווי צונטער, ווי מען וואָלט זי באַגאָסן מיט געדיכטן מאָלינע־סאָק:

— נאָ, נאָ, איך בעט אײַך, אָן די נאַרישקייטן! — האָט אַ מרוקע געטאָן מוסיאַ, אויסגלײַכנדיק זאָרגעוודיק די אײַנגעבויגענע בעריאָזקעס אָפן פּניאַק. — ער איז פולשטענדיק אַראָפּ פון זינען, שיר נישט איבערגעבראָכן אַזעלכע צוויי פײַנע ביימעלעך... אָבער עס מאַכט נישט, איר מעגט זיך גאַנץ רויִק ווײַטער וואַקסן, דער בער וועט שוין מאָרגן אַוועקגיין פון דאַנען.

מען האָט באַשלאָסן אַרויסצוגיין קאַיאַר און דעריבער, נאָכן אָוונטברויט, ווען עס איז נאָך געווען ליכטיק איז מען אַרײַנגעקראָכן אין די בײַדלעך. טאָליאַ האָט זיך אײַנגעדרייט אין אַ קנויל, זיך צוגעטוליעט צו זײַן עלטערן כאַווער און איז גלײַך אַנטשלאָפן געוואָרן. ניקאָלײַ האָט אויך געוויסנהאַפט פאַרמאַכט די אויגן און זיך באַמיט צו אָטעמען רויִק און טיף. אָבער דער שלאָף איז נישט געקומען, אין קאָפּ האָבן געשווינדלט געדאַנקען וועגן דעם מאָרגנדיקן טאָג. ענדלעך — אין וועג אַרויס! און שפּעטער אַ מאַנאָט, העכסטנס אַנדערהאַלבן — און זיי זײַנען שוין מיט די אייגענע. ווי אַזוי לעבן איצט די סאָוועטישע מענטשן דאָרט, הינטער דער פראָנט־ליניע? ווו געפינט זיך איצט דער פראָנט? אַזויפיל טעג איז שוין, ווי זיי האָבן נישט געלייענט קיין באַריכטן. עפּשער אַוואַנסירט שוין די סאָוועטישע אַרמיי און קומט זיי אַנטקעגן? עפּשער איז שוין גאָרנישט אַזוי ווײַט?

ניקאָלײַ האָט געטראַכט, אַז ווען עס וואָלט נישט געווען קיין מילכאָמע, וואָלט ער איצט געזעסן אין אַ ליכטיקער אינסטיטוט אַודיטאָריע, ער וואָלט געהערט פאַרטראַגן, וואָלט געלייענט אינטערעסאַנטע ביכער, געאַרבעט אין אַ ביאָלאָגישן קאַבינעט, וואָלט דורכגעפירט עקספּערימענטן, וואָלט מיטגעהאָלפן דעם פּראָפעסאָר אין די פאָרשונגען. פּראָפעסאָרן, ביכער, דער ביאָלגישער קאַבינעט — ווי ווײַט דאָס אַלץ איז איצט. און ווי גוט עס האָט זיך געלעבט! און דער איקער איז, אַז מען האָט עס גאָרנישט באַמערקט, ווי אַ געזונטער שטאַרקער מענטש באַמערקט נישט די מעכטיקייט און שיינקייט פון זײַן אייגענעם קערפּער. וואָגן דען טאַקע די פאַשיס־

טישע אויסוווּרפן גאָר צו דענקען, אַז מיר וועלן דאָס אַלץ זיי אָפּטרעטן, אַז זיי וועט געלינגען צו שטויסן די געשיכטע אַף צוריק? אָבער וויפל האָבן זיי שוין פאַרברענט, צעטראָטן, פאַרפּאַסקודיעט, וויפל בלוט זיי האָבן שוין פאַרגאָסן! פאַר ניקאָלײַס אויגן איז אויפגעשווומען דאָס בילד פון זײַן אײַזנבאָן־קנופּ, אײַנגאַנצן אַ כאַרעווער.

פילנדיק, אַז פון צאָרן ווערט אים שווער צו אָטעמען, האָט דער פּאַרטיזאַן פאַרזיכטיק, קעדיי נישט אויפצווועקן זײַן יונגן פרײַנט, זיך אויסגעדרייט אַף דער אַנדערער זײַט. די לעצטע טעג, אינדערפרי פלעגן אַ כאַפּ טאָן גאַנץ שטאַרקע פרעסטלעך, פלעגן די פּאַרטיזאַנער באַנאַכט אַנלייגן אַף די פלאַשטש־פּאַלאַטקעס מיט וועלכע זיי פלעגן זיך צודעקן, יאָלקע־צווײַגן עס זאָל זיי זײַן וואַרעמער; דערפאַר האָט זיך אין דעם בײַדל געפילט אַ שטאַרקער רייעך פון פרישן סכאָך. דאָס האָט ניקאָלײַען דערמאָנט זײַן קינדהייט; די נאַכט ערעוו נײַ־יאָר, וועלכע פלעגט שטענדיק זייער פײַערלעך אָפּגעריכט ווערן אין דער מישפּאָכע פון דעם מאַשיניסט־אינסטרוקטאָר; דעם רײַכן יאָנטעוודיקן טיש; דעם פאָטער מיט זײַנע צעקעמטע, אָנגעשמירטע וואָנצעס; די מוטער אַ שטראַלנדיקע, אַ פריילעכע, טראָגנדיק פלינק פון דער קיך די נײַ־יאָר מאַכאָלים; די הילכיקע שטימעס פון זײַנע ברידער; דעם פריילעכן, בעגילופענעם טומל, וועלכער פלעגט יענעם טאָג אָנפילן דאָס ציכטיקע שטיבעלע, ווו אין אַ ווינקל פון צימער, וועלכן מען האָט לויטן פאַרצײַטיקן שטייגער נאָך אַלץ גערופן „סוועטליצע" איז געשטאַנען אַ גרויסע, רײַך־באַפּוצטע יאָלקע.

אינטערעסאַנט צו וויסן, אויב מוסיאַ וואָלט געפעלן געוואָרן זײַנע עלטערן. ניקאָלײַ האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי ער צוזאַמען מיטן מיידל קומען אָן צום פאַמיליען נײַ־יאָר־יאָנטעוו; די מוטער קוקט אַף איר מיט אַ צאַרטער נײַגיריקייט, דער פאָטער גלעט פאַרטראַכטערהייט זײַנע וואָנצעס, דער שאָכן קאַרפּאָוו, דער שטענדיקער ערן־גאַסט באַ די זשעלעזנאָווס, הוסט אונטער העפלעך... ווי ווײַט דאָס אַלץ איז!...

די קאַלטע לעוואָנע־שײַן, וואָס דרינגט אַרײַן אין בײַדל, באַזילבערט די דינע קרישטאָלן פון דעם טוי־פראָסט, וועלכער האָט זיך שוין באַוויזן אַף די יאָלקע־צווײַגן. און זי, די אָרעמע, פרירט

דאָרט מינאַסטאַם! אינטערעסאַנט, ווי איז געווען מוסיאַ פאַר דער מילכאָמע?

פילנדיק, אַז דער שלאָף איז אינגאַנצן פאַרשוווּנדן, קריכט ניקאָלײַ שטיל אַרויס פון אונטער דער פלאַשטש־פּאַלאַטקע, דעקט בעסער אײַן דעם קליינעם פּאַרטיזאַן, וואַרפט אָן אויף אים סכאַך און קריכט אַרויס פון דעם בײַדל. דאָס פאַרפרוירענע גראָז רייכערט זיך מיט אַ העל־בלויען שײַן און קרוכעט אונטער די פיס. די דיניקע, שלאַנקע, בעריאָזקע, וואָס שטייט אויסגעצויגן איבערן בײַדל, שאָקלט פאַרטראַכט מיט די לאַנגע פּאַסמעס פון אירע צווײַגן. די שוווער־געוואָרענע, פון דעם טוי־פראָסט, בלעטער, רײַסן זיך אָפּ פון די צווײַגן באַם מינדסטן אָטעם פון דעם שאַרפן ווינטל. עס דאַכט זיך אַז דאָס ביימעלע ציטערט פון קעלט. עפּשער ציטערט אויך דאָס מיידל באַ זיך אין בײַדל! דער באַזאָרגטער פּאַרטיזאַן דערנענטערט זיך שטיל צו מוסיאַס בײַדל און קוקט אַרײַן.

ווען דאָס אויג ווערט צוגעוווינט צום כוישעך, דערזעט ער דאָס מיידל. זי האָט זיך אײַנגעגניורעט פון קעלט אונטער דער קאָלדרע. ניקאָלײַ ציט אַראָפּ פון זיך פאַרזיכטיק די וואַטענע קורטקע, בלײַבט אַליין אין סוועטער, און דעקט צו דאָס מיידל ביז איבערן קאָפּ. ער טוט עס אַלץ זייער, זייער פאַרזיכטיק, אָבער פּלוצים דערפילט ער, ווי אַ קליין שטאַרק הענטל כאַפּט פעסט אָן זײַן האַנט.

— מען דאַרף נישט, מיר איז וואַרעם!

— שלאָפסט נישט?

— ניין. איך קען בעשום אויפן נישט אַנטשלאָפן ווערן. איך האַלט אין איין טראַכטן.

— וועגן וואָס?

— אָט אַזוי זיך... וועגן אַלץ... וועגן דיר אויך.

זיי ריידן זייער שטיל, און דאָס דערנענטערט זיי. ניקאָלײַ ווערט דרייסטער און פּרוווט אַרײַנגיין אין דעם קליינעם בײַדל, אָבער אַ גרויסער, נישט קיין געשיקטער, צערוקט ער די דרענגלעך און אַלץ פאַלט פּלוצלונג אײַן. ערגעץ פון אַ געפּלאָנטער פון שטעקנס און צווײַגן דערהערט ער אַ געלעכטער:

— אָך עמעסער בער! גיי, לאָד אײַן אַזעלכן צו גאַסט!

מוסיאַ קריכט אַרויס פון אונטער די כורוועס, רײַבט די הענט.

דער פּאַרשעמטער פּאַרטיזאַן בלײַבט זיצן אױפֿן אָרט, נישט װאַגנ־דיק אױפֿצוהײבן דעם קאָפּ.

— עפּשער האָבן דיך דערקװעטשט די צװײַגן? העלפֿן דיר מיט עפּעס? — לאַכט מוסיאַ.

זי שטײט אונטער דער בעריאָזקע, אַ האָפּערדיקע, אַ שלאַנקע, אַ לײַכטע, ענלעך צום װײַסן ביימעלע, װאָס שטײט באַגאָסן מיט לעװאָנע־שײַן. ניקאָלײַען קומען אױפֿן געדאַנק לידער פֿון אײגעם אַ לירישן דיכטער, װעלכן ער האָט שטאַרק ליב און אונטערן קישעפֿ־דיקן צויבער פֿון דער בלױער נאַכט, זאָגט ער:

— בלײַב אַזױ שטײן. שטײ און הער:

עס בייגט צו דער ערד זי דער שלאָקס־רעגן
קימאַט אַ נאַקעטע, און זי
גיט זיך אַ ריס, קוקט שטיל אַנטקעגן.
דער רעגן פֿאַרגײט באַם פֿענצטער,
און אין דער כױשעכדיקער װינטער־נאַכט,
אין זײַן ניצאָכן זיכער
זער פֿראָסט אַ פֿײַערדיקער ברענט.
די אַקסלען אירע גלעט דער װיכער
ער כאַפּט אַן אירע בלײכע הענט.

ניקאָלײַ זיצט נאָך אַלץ צװישן די כורװעס פֿון דעם אײַנגעפֿאַ־לענעם בײַדל, אַ האַלב פֿאַרדעקטער מיט זײַנע צװײַגן. און ער רע־ציטירט אױך נישט איבעריק גוט, צעציט די װערטער. אָבער אין זײַן שטימע קלינגט עפּעס אַזױנס, פֿון װאָס דאָס מײדל בלײַבט שטײן אַ פֿאַרגליװערטע אונטערן בױם, פֿון װאָס איר האַרץ װערט אָנגעפֿילט מיט װאַרעמקײט, מיט אױפֿברױזנדיקער פֿרײד.

— װײַטער, װײַטער — יאָגט זי אים אונטער שעפּטשענדיק, װען ניקאָלײַ װערט אַנטשװיגן.

דער פּאַרטיזאַן שטײט אױף, גײט צו צו דער מײדל. זײ שטײען אײנער לעבן צװײטן. דאָס בײמעלע װאַרפֿט אױף זײ אַ באַװעגלעכן, אַזשורנעם שאָטן:

נאָר ברעכנדיק זי, װעלן זײ פֿאַרלירן
די קױכעס זיכער סײַ װי סײַ . . .
זי איז פֿעסט און שטאָלץ, כאָטש אַזאַ דינע
און איז אַ דריטן גאָר געטרײַ . . .

— דאָס איז אַלץ ?
— אַלץ !
— וועמענס פּאָעזיע איז דאָס ?
— שטשיפּאַטשאָווס. זי הייסט ׳די בעריאָזקע״.
— און איך האָב גאָרנישט געוווּסט, אַז ער שרײַבט אַזוי.
— דאָס רעדט ער טאַקע וועגן דיר, מוסיאַ. דאָס ביסטו די בעריאָזקע; אַט אַזאַ ווי די: אַ שיינע, אַ שטאָלצע, אַ שלאַנקע, אַ גרוי־אויגיקע...
— אַ גרוי־אויגיקע בעריאָזקע ?
זיי האָבן זיך געהאַלטן בײַ די הענט, געקוקט איינער אויפן צווייטן און זיך צעלאַכט יוגנטלעך און זאָרגלאָז.
— און איך האָב גאָר שטיפּאַטשאָוון נישט געגלייבט ווי גע־העריק... ווי איז דאָס בײַ אים: „נאָר ברעכנדיק וועלן זיי פאַר־לירן, די קויכעס זיכער סײַ ווי סײַ. שיין, טאַקע עמעסדיק שיין! איצט וועל איך אומבאַדינגט אַלץ איבערלייענען.
— ריכטיק! וועסט מאָרגן קומען אין דער ביבליאָטעק און וועסט בעטן: „גיט מיר, זײַט אַזוי גוט, דאָס בוך מיט אַלע ווערק פון שטשיפּאַטשאָוון״.
ניקאָלײַ האָט אָנגענומען דעם מיידלס קאַלטע הענט און זיי אָנגעהויבן צו וואַרעמען אין זײַנע.
— האָסט דאָך געזאָגט, אַז דו האָסט נישט ליב קיין פּאָעזיע. פאַרוואָס ?
— אַזוי... איך ווייס אַליין נישט. לויט מײַן מיינונג מוז פּאָעזיע דערהייבן, אָנלאָדן מיט מונטערקייט... „העי, ווער שפּאַנט דאָרט מיט דער רעכטער! מיט דער לינקער, לינקער׳״... עס זאָל זײַן גרינגער צו גיין.
דאָס מיידל האָט באַפרײַט אירע הענט, שעלמיש אַ גלאַנץ געטאָן מיט די אויגן און דיריזשירנדיק זיך מיט די הענט האָט זי אָנגעהויבן שטיל זינגען:

נישט קיין שטורעם וואָלקנס, נישט קיין ווינט
הינטער טערעקס ברעגן ליגן טיף פאַרהילט.
אַ טרומייטער צו דער שלאַכט קאָזאַקן רופט,
שטויב פון פערדס קאָפּיטעס הייבט זיך אין דער לופט...

איר שטימע האָט אַזוי ווי צערוקט די שטילקייט פון דעם וואַלד, און אין איר האָט זיך געפילט אַזויפיל יוגנטלעכע, שפּרודל־דיקע האָפערדיקייט, אַזויפיל ברויזנדיקע יוגנט און פעסטן גלויבן אין אַלץ וואָס איז נאָר דאָ גוטס אויף דער ערד, אַז דאָס ליד האָט גלײַך פאַרכאַפּט דעם פּאַרטיזאַן, אוןביידע האָבן איבערקוקנדיק זיך און שמייכלענדיק געזונגען שטיל איין סטראָף נאָכן צווייטן.

— אָט דאָס איז פּאָעזיע! מיט אַזאַ ליד גייט זיך לײַכטער פאָרויס! געדענקסט, ניקאָלײַ, ווי דעמאָלט, אָפן זומפּ איז מען גע־גאַנגען מיט לידער? דאָס הייסט פּאָעזיע. עס דאַרף זײַן, אַז יעדע שורע זאָל זינגען, זאָל בויען, זאָל שיסן... אָבער, וואָס באַדײַט: „רויזן־ברויזן; ביסט מײַן לעבן — צו דיר שטרעבן", יעדנפאַלס, דאָס, וואָס דו האָסט געלייענט, איז זייער שײן... וועגן דער גרוי־אויגיקער בעריאָזקע... געדענקסט נאָך עפּעס פון שטשיפּאַטשאָווס לידער?

ניקאָלײַ, וואַרעמענדיק מיט זײַן אָטעם מוסיאָס הענט, האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— גאָרנישט. איך האָב אַ שוואַכן זיקאָרן. און דאָס איז גע־קומען עפּעס ווי פון זיך אַליין.

ביידע זײַנען אַנטשוויגן געוואָרן.

דער דינער שאָטן־נעץ פון דער בעריאָזקע האָט זיך אָפּגערוקט אויף רעכטס. די לעוואָנע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט און אָנגעהויבן בלאַס צו ווערן. די ביימער, וועלכע האָבן אַרומגערינגלט די לאָנקע זײַנען ביסלעכווײַז אַרויסגעטראָטן פון דעם בלויען כוישעך. דאָס גראָז איז געוואָרן ווײַסער און האָט זיך געזילבערט פון דעם גע־דיכט־געוואָרענעם טוי־פראָסט.

ניקאָלײַ און מוסיאַ זײַנען געשטאַנען ענג צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן. דער וויקועך וועגן פּאָעזיע האָט זיי נאָך מער דערנענ־טערט. זיי איז געווען גוט, אָבער אַביסל שרעקלעך. דאָס מיידל האָט פאַרטרוילעך פאַרלייגט איר קאָפּ אויף זײַן אַקסל און זײַן באַק האָט דערפילט די קילקייט פון איר באַק.

ניקאָלײַ האָט געוואָלט זיך צווינגען אַ קוש טאָן מוסיאַן: מען דאַרף נאָר מאַכן איין קליינע באַוועגונג פאָרויס און זי אָנרירן מיט די ליפּן. אָבער מאַכן אַזאַ באַוועגונג איז געווען אומגעהויער שווער און דעם פּאַרטיזאַנס האַרץ האָט געקלאַפּט, ווי ער וואָלט געשטאַ־

נען איבער אַן אָפּגרונט, געוואָלט אַרײַנקוקן אַהין, אָבער נישט געקענט דאָס בײַ זיך פּועלן.

די לעוואָנע איז אינגאַנצן בלאַס געוואָרן און האָט זיך אַראָפּ־געלאָזט הינטער דיביימער אין דעם שיטער־געוואָרענעם כוישעך האָט זיך שוין גאַנץ בוילעט געמערקט דער באַקאַנטער, אָבער עפּעס אַזוי ווי אָפּגעבליאַקעוועטער וואַלד, וועלכער האָט שוין פאַרלוירן זײַנע אַמאָליקע פאַרבן און איז געדיכט באַפּודערט געוואָרן פון דעם טוי־פראָסט. ניקאָלײַ האָט לײַכט צוגעצויגן צו זיך דאָס מיידל, זײַנע ליפּן האָבן אומגעלומפּערט אַ טאָרע געגעבן איר באַק הינטערן אויער. מוסיאַ האָט זיך אַ ביסל אָפּגערוקט פון אים, באַפרײַט אירע הענט פון די אַרבל. אין אירע אויגן, וועלכע האָבן געקוקט ערגעץ ווײַט, האָט ער נישט באַמערקט נישט קיין פרייד און נישט קיין פאַרוואָרף. אין זיי איז געווען טרויער. אָנגעכמורעט עטוואָס אירע אָפּגעבליאַקעוועטע ברעמען האָט זי שטיל אַרויסגערעדט:

— מען דאַרף נישט!

ווען זי זאָל ווערן ברויגעז, ווען זי זאָל אים אָפּשטויסן פון זיך, ווען זי וואָלט אים אַפילע געגעבן אַ קלאַפּ, וואָלט דעם פאַרטיזאַן נישט געוואָרן אַזוי שווער, ווי פון דעם פּאַשעטן: „מען דאַרף נישט!"

— אוף, וויפל! — האָט אויסגעשריִען מוסיאַ, אַראָפּשאַרנדיק פון זיך די טרוקענע קריסטאַלעכלעך. — אָט האָט אונדז באַשאָנקען די גרוי־אויגיקע בעריאָזקע! דאָס מיידל האָט שעלמיש אַ קוק געטאָן אָפן פאַרביטערטן פאַרטיזאַן: — אַגעוו, וועמען רופסטו דאָס — גרוי־אויגיקע?

— ניקאָלײַ האָט אַ ציטער געטאָן:

— קיינעם נישט, בענעמאָנעס, קיינעם נישט. איך האָב דען עמעצן אַזוי אָנגערופן?

— אַוואָדע, און נישט איין מאָל... אין שלאָף... קוק מיר גלײַך אין די אויגן און ענטפער אָרנטלעך: וועמען?

די גרויסע קײַלעכדיקע אויגן האָבן יאַטיש־אַרויספאָדעריש גע־קוקט גלײַך אָף אים.

— דיך! — איז זיך מוידע געווען, שעפּטשענדיק, ניקאָלײַ. — אַזוי האָב איך אַ טראַכט געטאָן וועגן דיר דאָן, ווען דו האָסט

מיר צוגעניט אַ קנעפּל, געדענקסט? דײַן כאַוועטע האָט דאָן געוואָרנט, אַז דו וועסט מיר נאָך צוניצן דאָס האַרץ.

— האָב איך טאַקע צוגעניט?

— צוגענייט. שטאַרק. אַף אייביק.

— און מײַן אייגן האַרץ אויך, — האָט שטיל אַרויסגערעדט מוסיאַ, זי האָט עס אַרויסגעזאָגט און זיך פונאַנדערגעלאַכט שטיל און טרוימעריש — האָבן מיר זיך, הייסט עס, דערקלערט אין ליבע, עמעס?

זי האָט דרײַסט אַרײַנגעקוקט דעם פּאַרטיזאַן אין די אויגן, אַנגענומען זײַן קאָפּ מיטביידע הענט, זיך אויפגעהויבן אַף די שפּיץ פינגער און אים שטאַרק אַ קוש געטאָן. נאָך איידער ער האָט באַוויזן זי אַרומצונעמען האָט זי זיך אַרויסגעגליטשט פון זײַנע הענט, אָפּגעשפּרונגען אָן אַ זײַט און, שמייכלענדיק, געזאָגט אונטערשטרײַכנדיק מיט אַ וואָכעדיקן טאָן:

— שוין צײַט זיך צו קלײַבן אין וועג. איך וועל צעלייגן דעם שײַטער און דו וועק אויף יאַלאָטשקאַן. געמאַכט?

אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט שוין אין קעסעלע געזידט אַ געקעכץ פון ברוסניצעס. אַף דרײַ שטיקער קאָרע זײַנען געלעגן היבשע שטיקער גערייכערטע האָזן־פלייש. נאָכן זאַטן צובײַסן און אויסטרינקען דאָס געקעכץ, האָבן זיך די פרײַנט געלאָזן אין וועג. באַם אַריבערגיין דעם דורכגוס איז פאָרגעקומען אַ קליינע פאַרווירוג. דאָס וואַסער איז געווען פלאַך, אָבער דאָך גענוג טיף אַז עס זאָל זיך אַריבערגיסן איבער די כאָלעוועקעס פון מוסיאַס קורצע שטיוול. דאָס מיידל האָט זיך אָפּגעשטעלט באַם ברעג. ניקאָלײַ האָט אַריבערגעטראָגן טאָליאַן איבערן וואַסער. דערנאָך די זעק און איז נישט דרייסט געבליבן שטיין קעגן מוסיאַן. דאָס מיידל האָט אים אַליין אַרומגענומען דעם האַלדז און ער, אַ צעשטראַלטער האָט פאָרזיכטיק זי געטראָגן איבערן קאַלטן גערונצלטן וואַסער, וואָס איז געווען באַדעקט ווי מיט אַ גענדזענעד הויט.

## V

פון דער אַזיערע זײַנען די וואַנדערער אַוועק גלײַך אַף מיזרעך. דער קאַלטער האַרבסטיקער קאַיאַר האָט זיך נאָך גערויטלט איבערן שוואַרצן מאַרעשכוירעדיקן פֿאַרברענטן וואַלד. ביכדיי נישט צו באַלעסטיקן דאָס מיידל, וועלכע האָט נאָך אַ ביסל געהונקען, האָט ניקאָלײַ זי איינגאַנצן באַפרײַט פֿון טראָגן די מאַסע, ער אַליין האָט געשלעפּט אַף זיךביידע זעק — זײַנעם און מוסיאַס.

געגאַנגען זיינען זיי נישט אײַלנדיק אָבער געמאָסטן. מוסיאַ האָט זיך באַמיט נישט צו פֿאַרמינערן איר טראָט. אָבער מיט טאַליאָן האָט אָנגעהויבן פּאַסירן עפּעס נישט קיין געוויינלעכס. עס איז נאָך נישט פֿאַריבער קיין שאָ, און דער קליינער פּאַרטיזאַן, וועלכער איז שטענדיק געווען אַזוי לײַכט אַפן גאַנג, האָט פּלוצלונג געמאָלדן, אַז ער האָט זיך אָנגעריבן אַ פוס און זיך געזעצט איבערצוטאָן די שטיוול. שפּעטער איז ער געגאַנגען אונטערשפּרינגענדיק עפּעס מיט אַ מאָדנעם קאָמישן האָז־שפּרונג; און דאָס האָט געשטערט דער באַוועגונג. אונטערשפּרינגענדיק אַף אַזאַ מין אויפֿן נאָך אַ שאָ, האָט ער אַנטשלאָסן אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך זײַן געפּעק און האָט געפּאָדערט אַן אָפּשטעל. ניקאָלײַ האָט אים אויסגעזידלט און געהייסן בעסער פֿאַרוויקלען די אָנעטשעס. דאָס באָכערל, וועלכער פּלעגט זיך שטענדיק אַזוי לײַכט באַליידיקן, האָט אָבער דאָס מאָל פֿאַרשוויגן, ער האָט נאָר אַ זיפֿץ געטאָן, רײַבנדיק זיך דעם פוס. דאָס אָפּשטעלן זיך איז געווען צום האַרצן נאָר מוסיאַן. עס איז איר נאָך געווען שווער צו גיין, נאָר זי וואָלט דאָס בעשום אויפֿן נישט מוידע געווען אירע כאַווײרים. די וווּנד האָט גענאָגט און באַ יעדן טראָט פּלעגן זיך ווי צונויפֿציִען די צעשעדיקטע מוסקולן. איר פוס פּלעגט איר אָפּשטאַרבן, נישט געפֿאָלגט און האָט ווײי געטאָן.

נאָך אַן אָפּרו פון צען מינוט איז טאַליאַ אויפגעשטאַנען און האָט ווידער אָנגעהויבן צו שפּאַנען פּאַוואָליע, צופאַלנדיק אָפן אָפּגעריבענעם פוס. אָבער ווען ניקאָלײַ האָט געמאַכט אַ פּרווו אים צו פאַרלײַכטערן און אַרויפוואַרפן צו זיך אַף די פּלייצעס אויך זײַן זאַק, איז דאָס ייִנגל רויט געוואָרן ביז טרערן, צוריקגענומען זײַן זאַק און אים געטראָגן אַליין. אַף אַזאַ מין אופן, מאַכנדיק צוליב טאַליאַן אָפטע פּויזעס, זײַנען זיי געגאַנגען ביז מיטאָג. דער צווייטער טייל וועג איז שוין געווען מוסיאַן אַ סאַך לײַכטער, דאָך, ווען ניקאָלײַ האָט פאַראָרדנט זיך אָפּשטעלן אַף נאַכטלעגער, האָט זי זיך אַן קויכעס אַראָפּגעלאָזט אַף דער אָפּגעברענטער ערד, טראַכטנדיק נאָר, ווי אַזוי נישט אַרויסצווײַזן פאַר אירע כאַווײרים איר מידקייט און ווייטיק.

זיי האָבן באַשלאָסן איבערצונעכטיקן אונטערן פרײַען הימל, לעבן אַ גרויסער, פון אַ שטורעם אומגעוואָרפענער, אָפּגעברענטער סאָסנע. זיי האָבן זי אַרומגעלייגט מיט טרוקענע צווײַגן, אַרומגעגראָבן אַביסל מיט ערד און אונטערגעצונדן. בײַ דעם לאַנגזאַם טלִיענדיקן, שיפּעדיקן שײַטער האָבן זיי באַשלאָסן צו פאַרברענגען די נאַכט.

בײַם צעלייגן דאָס פײַער האָט ניקאָלײַ די גאַנצע צײַט באַאָבאַכטעט טאַליאַן. דאָס ייִנגל האָט זיך געפּאָרעט מיט זײַן שטענדיקער פלינקייט און האָט אינגאַנצן נישט געהונקען. ניקאָלײַס בליק איז מיט יעדער רעגע געוואָרן אַלץ מער און מער אָנגעכמורעט. ווען די סאָסנע האָט זיך ענדלעך צעברענט און האָט אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן אַרום זיך אַן אָנגענעמע וואַרעמקייט, איז ער צוגעגנאַגען צום קליינעם פּאַרטיזאַן, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיטן צוגרייטן דעם אָוונטברויט, אים אָנגעכאַפּט בײַם אַקסל און בייז באַפוילן:

— טו אויס די שטיוול!

טאַליאַ האָט זיך אָנגעצונדן און אַרונטערגענומען די פיס אונטער זיך.

— טו אויס! — האָט איבערגעכאַזערט ניקאָלײַ שוין מיט קאַס. — האָסט אָפּגעריבן די פיס, לופטער זיי אויס, לאָז זיי זיך אויסרוען — ווייסט דען אַליין נישט. וואָס זשע, ווילסט מיר זאָלן צוליב דיר זיך ווידער שלעפּן, ווי די טשערעפּאַכעס?

טאַליאַ האָט געשוויגן. ניקאָלײַ איז געווען אויסער זיך. ער האָט געהאַט בעדייע אָנכאַפּן דאָס באַכערל פאַרן פוס, אָבער יענער איז אויפגעשפּרונגען, צונויפגעבײַלט די פויסטן און האָט אָנגע־הויבן צו שעפּטשען מיט די בלאַס־געוואָרענע, ציטערדיקע ליפּן:

— פּרוביר נאָר, זאָלסט נאָר וואַגן! זאָלסט נאָר אַ פּרוווּ טאָן!

מוסיאַ איז צוגעלאָפן צו זיי.

ניקאָלײַ האָט נאָך אַ ווײַלע געקוקט בייז אויף קליינעם אָקשן דערנאָך האָט ער אַ שמייכל געטאָן און האָט זיך שווײַגנדיק געלייגט לעבן דעם לאַנגזאַם־גלײַענדיקן קלאָץ. דער פּאַרטיזאַן האָט נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס האָט פּאַסירט מיטן ייִנגל: „זאָל ער מאַכן אַן אָנשטעל? פאַרוואָס? צוליב וואָס?"

שפּעטער ווען ניקאָלײַ איז אַנטשלאָפן געוואָרן באַם פייער האָט זיך מוסיאַ שטיל אויפגעהויבן און איז צוגעגאַנגען צו טאַליאַן. שוויַנענדיק דעם ייִנגלס אייגנליבע, האָט זי אים ווייך געאייצעט, ער זאָל פאָלגן זײַן מער געניטן כאָוועער און אויסטאָן די שטיוול. טאַליאַ האָט פאַראַקשנט זיך אַרויסגעדרייט פונעם שמועס און האָט זיך נאָר ייִנגלעריש געהענדלט:

— וואָס איז זײַן אייסעק? וואָס קריכט ער? איך טשעפּע דאָך אים נישט, זאָל ער זיך צו מיר אויך נישט טשעפּען... זאָל ער נאָר פּרובירן, זאָל ער נאָר וואַגן מיך אָנצורירן.

פונדעסטוועגן, באַם אײַנאָרדענען פאַר דער נאַכט צוויי ווענט־לעך פון די פּלאַשטש־פּאַלאַטקעס פון דער ווינטיקער זײַט, וועלכע האָבן אָפּגעשלאָגן די וואַרעמקייט פון דעם גלײַענדיקן קלאָץ אויף די שלאָפנדיקע, האָט טאַליאַ זאָרגעוודיק „באַוואַרעמט" ניקאָלײַען.

דער קלאָץ האָט געטליִעט אַ גאַנצע נאַכט. די וואַנדערער האָבן אויסגעצייכנט זיך אויסגעשלאָפן און אויפגעוואַכט מונטערע. דאָס נעכטיקע מיספאַרשטענדעניש איז שוין ווייזט אויס פאַרגעסן גע־וואָרן. אָבער ווי נאָר מען האָט זיך אַרויסגעריכט אין וועג האָט טאַליאַ ווידער אָנגעהויבן צו דערקוטשען מיטן אָפּגעריבענעם פוס. ער האָט פאַרהאַלטן דעם גאַנג און האָט געפּאָדערט אָפּט זיך אָפּצו־שטעלן. ניקאָלײַ האָט נאָר בייז געשאָקלט מיטן קאָפּ, אָבער גאָר־נישט געזאָגט. מוסיאַ איז אינערלעך געווען זייער צופרידן, ווײַל עס איז איר נאָך געווען שווער נאָכצוגיין ניקאָלײַען.

פֿאַרנאַכט זײַנען זיי אַרויס פֿון דעם אָפּגעברענטן וואַלד. פֿון פֿאָרנט, הינטער אַ גראָזיקן זומפּ האָט זיך אַנטפּלעקט אַ וואַלד אַ ניַשט קיין באַרירטער פֿון דער סרייפֿע. — אַ גרינער, אַ בונטער.

דערזעענדיק פֿון ווײַטן דעם בלוילעכן וואַלד־זוים האָט ניקאָלײַ צורעכט געמאַכט אַפֿן רוקן זײַן שווערע לאַסט און האָט זיך אַ לאָז געטאָן דעם וואַלד אַנטקעגן. נאָך אים האָט זיך אַ וואָרף געטאָן מיט זײַן שטענדיקער שנעלקייט אויך טאָליאַ. אויפֿהערנדיק אײַנגאַנצן צו הינקען.

ווען מוסיאַ איז צוגעקומען צום וואַלד־זוים האָט ניקאָלײַ געמוסערט טאָליאַן פֿאַר זײַן סימולירן. דער קליינער פּאַרטיזאַן האָט גאָרנישט געענטפֿערט, ער האָט נאָר מיט פֿאַרלעגנהייט געקוקט אַפֿן מיידל, וועלכע האָט זיך צו זיי דערנענטערט.

דער וואַלד האָט הילכיק גערוישט, עס האָט זיך געפֿילט אַן אָנגענעמער רייעך פֿון האַרבסטיקער פֿײַכטקייט, פֿון שוואָמען און מאָך. מוסיאַ האָט טיף אײַנגעאָטעמט די פֿרישע לופֿט, אויסגעגלײַכט די אַקסלען און האָט געזאָגט שמייכלענדיק:

— כאַוויירים! ווי גוט ס'איז דאָך צו לעבן! וואָס?

— ווען מיר וועלן אַריבערגיין דעם פֿראָנט, וועלן מיר גלײַך דערפֿילן דאָס זעלבע, וואָס איצט, ווען מיר זײַנען אַרויסגעקראָכן פֿון דעם פֿאַרשאָלטענעם טשאַד. — האָט געענטפֿערט ניקאָלײַ. — מיר שײַנט, אַז דאָרט דאַרף די לופֿט זײַן גאָר אַנדערש, און די ערד און דער וואַלד גאָר אַנדערע.

— דאָס איז דאָס טאַקע! מיר דאַכט זיך דאָס זעלבע! — האָט אויסגעשריִען מוסיאַ.

— ריכטיק! מיר, יאָלקי־פּאַלקי, ווײַזט זיך אויס, אַז זינט די פֿאַשיסטן זײַנען אַהער געקומען, האָט די זון אַפֿילו אָנגעהויבן ערגער צו שײַנען.

נאָך די מאָנאָטאָנע, פֿײַנלעכע פּײַזאַזשן פֿון דעם אָפּגעברענטן וואַלד איז דאָ געווען אַזוי גוט, עס האָט זיך אַזוי פֿרײַ געאָטעמט, אַז פֿון זיך אַליין איז געבוירן געוואָרן דאָס קאָזאַקן־ליד, וועלכע מוסיאַ און ניקאָלײַ האָבן שטיל געזונגען די לעצטע נאַכט אַפֿן אינדזל. טאָליאַ האָט אין שפּאַס מאַרקירט די טריט. אַלע דרײַ האָבן אונטערגעכאַפּט די מעלאָדיע און שפּאַנענדיק מונטער האָבן זיי אָפּגעזונגען דאָס ליד ביזן סאָף.

— וואָס זאָגסטו, כאָוועד ליריקער, שלעכט עפּשער ? — האָט געפרעגט מוסיאַ.

דער וואַלד, די זון, דער גרינער סכאַך, דאָס ליד, די פרישע לופט, די דערינערונגען פון דער לעצטער נאַכט אָפן אינדזל — אַלץ האָט געפרייט און געמונטערט דאָס מיידל.

— און דאָס איז דען שלעכט: „גיט זיך אַ ריס, קוקט שטיל אַנטקעגן...”

— וועגן וואָס איז דאָס ? — פרעגט טאַליאַ מיט כשק.

מוסיאַ און ניקאָלײַ האָבן זיך איבערגעקוקט, זיך פאַרשעמט אַ ביסל און נישט געענטפערט.

באַמיִענדיק זיך נישט צו טראַכטן וועגן ווונד, וואָס האָט זיך נאָך געלאָזט פילן און געשטערט גיין, האָט מוסיאַ געקלערט וועגן דעם, וואָס אַזוינס האָט אַזוי פאַרענדערט דעם וואַלד אין מעשעך פון די פאָר מעסלעס פון זייער וואַנדערן איבערן שוואַרצן מידבער. ערשט ווען ניקאָלײַ האָט פאַראָרדנט אָפּרו איז דעם מיידל געלונגען אויפצוכאַפּן דעם אונטערשייד. די בלעטער אָפּגעטויטעט פון די שטאַרקע פרעסטלעך זײַנען מאַסנווײַז געדונען פון די צווײַגן. דיביימער זײַנען אָפּגעקראַכן געוואָרן און אויסגעלאָשן איז געוואָרן דער העלער פלאַם פון זייערע פאַרבן. די סאָסנעס און יאָלקעס זײַ־נען איצט אַזוי ווי אַרויסגעטראָטן פאָרויס, פאַרדעקנדיק מיט זייער סכאַך די נאַקעטקייט פון די בעריאָזעס, אָסינעס און נוס־ביימער. נאָר די נידעריקע, צעקרימטע דעמבעס האָבן אָפּגעהיט דעם קאָ־ווער פון זייערע פליכיק־געוואָרענע בלעטערדיקע ברידער. זיי האָבן זיך אויסגעטיילט מיט געלע, זשאַווער־פלעקן אויף דער כמורנער איינטאָניקייט פונעם סכאַך.

ווען ניקאָלײַ איז אַוועק זוכן פרישן פאַנג צום מיטאָג, און מוסיאַ האָט זיך געגומען זאַמלען ברוסניצעס, וועלכע זײַנען גע־וואַקסן אַזוי געדיכט, אַז די זוניקע לאָנקעס זײַנען אַזש רויט געוועזן, האָט טאַליאַ ענדלעך אויסגעטאָן זײַנע שטיוול און אויסגעהאַנגען די אנעטשעס אויף די קוסטעס. ווען דאָס מיידל איז צוריקגעקומען מיט אַ פולן קעסל פאַרפרוירענע זיסע יאַגדעס, איז זי אומבאַמערקט צוגעקומען צום אָפּשטעל־פּלאַץ און האָט אויפמערקזאַם באַטראַכט די פיס פון זייער קליינעם מיטגייער: עס איז נישט געווען אַפילע קיין סימען פון אָפּגעריבנקייט. פון אָנפאַנג איז דאָס מיידל געוואָרן

אין קאָס. שפּעטער אָבער, ווען זי האָט זיך דערמאָנט, ווי טאָליאַ האָט זיך דערשראָקן, ווען ניקאָלײַ האָט געוואָלט טראָגן זײַן זאַק, האָט זי פּלוצלונג פאַרשטאַנען, פאַרוואָס ער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל.

מוסיאַ האָט דערפילט אַן אומגעהויערע צערטלעכקייט צו דעם שטעכיקן, אַקשאָנעסדיקן באָכערל. דערזעענדיק מוסיאַן, האָט דער קליינער פאַרטיזאַן שנעל פאַרבאַהאַלטן זײַנע פיס.

דעם אַנדערן טאָג האָבן זיי זיך שוין באַוועגט באַדײַטנד שנע־לער. פאַרנאַכט האָט זיך פּלוצלונג אין מיטן פון דעם שטענדיקן, געוויינטלעכן וואַלד־געריוש דערטראָגן צו זיי אַ קרייען פון אַ האָן. די פאַרטאַזינער זײַנען געבליבן שטיין ווי פאַרגלי־ווערטע. דער וואַלד האָט זיך געהויבן מיט אַ געדיכטער גרינער וואַנט, אַ כמורנער און אומהיימלעכער. ער האָט איינטאָניק און טויב געראַוישט. אָבער די וואַנדערער האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זיי כאַפּן אויף אַ לײַכטן גערוך פון רויך, און נישט פון יענעם ביטערן רויך, פון וועלכן זיי פלעגן פאַרציטערט ווערן בלויז באַם דערמאָנען זיך, נאָר אַ וואַרעמען, היימישן רויך, אין וועלכן עס פילט זיך די נאָענט־קייט פון מענטשן און אַ דופט פון געקאָכטע שפּײַז. און פּלוצלונג ווידער, און דאָווקע גאָרנישט ווײַט, האָט הייזעריק, ווי פון שלאָף, אַ קרייע געטאָן אַ האָן.

די פרײַנט האָבן זיך איבערגעקוקט.

אַ ישועה! דאָס האָט זיי דערפרייט און גלײַכצײַטיק איבער־געשראָקן. דאָס האָט געקענט באַדײַטן: געמיטלעכע וואַרעמקייט, אָפּרו אונטער אַ דאַך, ברויט, נאָך וועלכן זיי האָבן זיך אַזוי שטאַרק פאַרבענקט. אָבער, מעגלעך אויך, — אַ פאַסטקע, אַ צוזאַמענשטויס מיטן סוינע און פרישע אָפּקומענישן.

מען האָט באַשלאָסן: מוסיאַ מיט ניקאָלײַען וועלן זיך פאַר־שטעקן אין די קוסטעס, און טאָליאַ וועט גיין אויסשפּירן. דאָס ייִנגל האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם זאַק, אַרויפגעצויגן אַף זײַן באַ־וועגלעכן פּאָנעם אַ ראַכמאָנעסדיקן אויסדרוק, זיך אײַנגעקאָרטשעט ווי פון קעלט, פאַררוקט די הענט אין די אַרבל און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן אין די קוסטעס.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך דערהערט אַ בילן פון אַ הונט; עס האָבן זיך דערהערט שטימעס. מוסיאַ האָט צוגעדריקט די פויסטן

צו איר ברוסט און איז געבליבן ווי אַ פאַרשטיינערטע. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן אַז עס איז פאַרבײַ אַ זייער לאַנגע צײַט ביז טאַליאַ האָט זיך באַוויזן. אונטערן אָרעם האָט ער געטראָגן אַ גרויס שטיק ברויט.

— לאָמיר גיין — האָט ער קוים אַרויסגערעדט; זײַן מויל איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט ברויט.

ער האָט איבערגעבראָכן דאָס ברויט אויף צווייען און דער־לאַנגט זײַנע כאַווײרים.

פון דעם זויערלעכן געזאַך פון ברויט האָט מוסיאַן אָנגעהויבן שווינדלען דער קאָפּ. וואָס קען זײַן אָנגענעמער ווי אַרײַנבײַסן זיך מיט די ציין אין אַ ווייכן, שמעקעדיקן, נאָך וואַרעמען ברויט, וועלכן מען האָט ווײַזט אויס אָקאָרשט אַרויסגעשלעפּט פון אויוון? עט־לעכע מינוט האָבן זיי אַזוי בענימעסדיק געקייעט, פילנדיק דערבײַ אַן אומבאַשרײַבלעכן טײַנעג.

ענדלעך, אויפּעסנדיק זײַן כיילעק, האָט טאַליאַ צונויפגעקליבן די קרישקעס פון זײַנע בעגאָדים, אַרײַנגעשאָטן זיי אין מויל און אָנגעהויבן צו דערציילן.

— אַ וואַלד־וועכטער וווינט דאָרט, אַן אַלטער. בעשום אויפן נישט געוואָלט אַרײַנלאָזן: ווער און וואָס, און אַז עס איז אַ באַפעל פון דעם דײַטשן סטאַראָסטע קיינעם נישט אַרײַנצולאָזן, און דער־לאַנג אים גאָר אַ דײַטשן פּאַפּיר. ער טרײַבט, איך זע אָבער אַז עס איז נישט אַזוי געפערלעך, עס שיינט צו זײַן אַן אונדזעריקער. רייד איך צו אים אַזוי און אַזוי — ער איינמאָל ניין; „אַ סאָך אַזעלכע, ווי איר, בלאָנדזשען דאָ אַרום" צוליב אַזעלכע, ווי איר, צינדט אונטער דער פאַשיסט די פרידלעכע אײַנוווינער". און איך, יאַלקי־פּאַלקי, בין בייז געוואָרן, און שיס אים גלײַך אַרויס: „און וועט דיר בעסער זײַן, אַז דײַנע אייגענע וועלן דיך צעשיסן? וואָס?" ער האָט אויסגעליאַפּעט אויף מיר אַ פּאָר אויגן: „פון די פּאַרטיזאַ־נער?" ענטפער איך: „ריכטיק!" איז ער גלײַך אַנדערש געוואָרן: „און פון וועלכע זײַנט איר?" ענטפער איך: „איז דיר נישט אַלץ איינס? נישט פון היזיקע!" ער האָט זיך נאָך אַ ביסל געקווענקלט, געקראַצט די פּאָטילניצע: „מיילע, כאַפּט אײַך דער טײַוול, גייט, אָבער נישט מיטן וועג. הינטער אָרום, קומט צו פון וועלדל". האָבן

איך דאָן געבעטן באַ אים אַ שטיקל ברויט. איז דאָס באַ אים אָנ־געבאַקן ברויט — אַ שרעק! אַלע בענק פאַרלייגט מיט ברויט.

פאַרגראָבנדיק דעם זאַק מיטן צירונג אונטער אַ קענטיקן קוסט, האָבן מוסיאַ און ניקאָלײַ מיט די אויטאָמאַטן אין די הענט, פאַר־זיכטיק זיך געלאָזט גיין נאָך טאַליאַן.

דער וואַלד־וועכטער האָט זיי באַגעגנט באַ אַ געפלאָכטענעם פאַרקאַן, וועלכער האָט אָפּגעצוימט אַ קליין גערטנדל. ער האָט גע־מאַכט אַן אָנשטעל אַז ער מאַכט צורעכט אַן אײַנגעפאַלענעם סלופּ, אָבער לויט זײַן אָנגעשטרענגטן קוק און דעם אויפן ווי ער האָט גע־האַלטן די האַק אין האַנט איז געווען קלאָר, אַז דער סלופּ האָט צו דעם קיין שום שײַכעס נישט.

ניקאָלײַ האָט באַשלאָסן צו האַנדלען אָפן.

— גוט מאָרגן, זיידע, — האָט ער געזאָגט שפּאַנענדיק צום אַלטן מיטן אַן אויסגעשטרעקטער האַנט.

— גוט מאָרגן, אייניקל, — האָט יענער געענטפערט, פאַרבאַ־האַלטנדיק די האַנט מיט דער האַק הינטער דער פּלייצע און אָנ־כאַפּנדיק זי פלינקער באַם הענטל.

זיי האָבן אָנגעשטרענגט געקוקט אײנער אָפן צווייטן. דעם אַלטנס בליק האָט זיך אָף אַ רעגע פאַרהאַלטן אָפן סאָוועטישן אוי־טאָמאַט, וועלכער איז געהאַנגען אויפן פאַרטיזאַנס ברוסט. דער אויטאָמאַט איז געווען אַ נײַאינקער און ער האָט געשײַנט מיט אַ בלויער גלאַטקייט. אַזוי ווי נישט ווילנדיק האָט דער אַלטער אָנגע־טאַפּט מיטן פינגער דעם שאַרף פון האַק, איבערגעלייגט זי אין דער לינקער האַנט און מיט אַ זקייניש שנעלן ריידן געזאָגט:

— אַ גוט מאָרגן אײַך, וואַנדערער, פון וואַנען און וווהין טראָגט אײַך גאָט?

דעם וואַלד־וועכטערס בליק האָט זיך ווידער פאַרהאַלטן אָפן אויטאָמאַט, אַ שווים געטאָן איבער ניקאָלײַס פּנים, אָפּגעמאָסטן מוסיאַן פון קאָפּ ביז די פיס. ערשט נאָך דעם האָט דער אַלטער אויסגעשטרעקט צום פאַרטיזאַן זײַן צעקנייטשטע האַנט.

— מיילע, אויב אַזוי, לאָמיר זיך האַלטן פאַר די הענט. ווער זײַט איר דאָס, מײַנע טײַערע? — האָט ער געפרעגט, בײַטנדיק דעם טאָן.

ניקאָלײַ האָט באַמערקט דעם אַלטנס אינטערעס צו זײַן נײַעם

אויטאָמאַט. דאָס איז געווען אַ קיילע פון דער נײַסטער סאָוועטישער קאָנסטרוקציע, וואָס איז אַראָפּגעשיקט געוואָרן פון דער גרויסער ערד מיטן עראָפּלאַן. דער פּאַרטיזאַן האָט פאַרשטאַנען, אַז דער אַלטער איז גאָרנישט אַזאַ שוטע, ווי ער מאַכט זיך. אין יענע טעג איז אַף דער אָקופּירטער ערד דאָס געווער געווען נישט קיין שלעכטע לעגיטימאַציע. דער פּאַרטיזאַן האָט געוויזן דעם וואַלד־וועכטער דעם שפּאָגל נײַעם שלאָס פון דעם אויטאָמאַט:

— זעסט: „פ.ס.ס.ר. 1941 יאָר״ פאַרשטייסט? נאָר וואָס פון קאַנווייער, נאָך אַ וואַרעמער.

— אַ טשיקאַווער כײפּעץ — האָט אויסמײַדנדיק געענטפערט דער אַלטער און האָט שפּאָטיש צוגעגעבן: — שפּאַצירט עס הײַנט אַרום אַלע קאָלע מינים געווער איבער די הענט: אי דײַטשע, אי איטאַליענישע, פראַנצויזישע און אַפילע אויך פינלענדישע. וואָס פאַר אַ מין איז דען נישטאָ! און איר וואָס? איר זוכט וועמען, אָדער גייט ערגעץ, אָדער איר בלאָנדזשעט גלאַט אַזוי איבער די וועלדער?

דעם אַלטנס שטאַרק צעקנייטשט פּאָנעם אין אַ באָרד און אין ברעמען איז מוסיאַן נישט געפעלן געוואָרן. אַט אַזעלכע, האָט זי זיך פאָרגעשטעלט, זײַנען די פאַררעטער. אָבער קוזמיטשס אָפּגאָרנ־דיקער אויסזען, האָט אויסגעלערנט דעם מיידל נישט צו מישפּעטן אַ מענטשן לויט זײַן אויסערלעכקייט.

— און אויב, צום בײַשפּיל, מיר גייען אַרום פון אַן אַרומ־רינגלונג, וואָס דאַן? — האָט געפרעגט ניקאָלײַ קוקנדיק פאַרשנ־דיק אַפן וואַלד־וועכטער.

דעם אַלטנס וואַסערדיקע אויגן האָבן זיך אינגאַנצן פאַרבאַ־האַלטן אין דעם פלאָנטער פון טיפע קנייטשן.

— מיט שפּאָגל נײַע אויטאָמאַטן? פאַרשטענדלעך! מיילע, איר, אַרומגערינגלטע, שפּאַנט אין כאַטע אַרײַן, ווײַל אַט שפּריצט שוין אַ רעגן... הייסט עס פון אַן אַרומרינגלונג. ווייסט איר אָבער, איר האָבגעשעצטע אַרומגערינגלטע, אַז דער הער באַצירק פעלד־קאָמאַנדיר האָט באַפוילן אַזעלכע כעווערעלײַט ווי איר צו פאַר־האַלטן, אַנבעמען באַם קאַרק און אָפּפירן צו אים?

פון די ווערטער האָט מוסיאַ אַנגעהויבן זיך רוקן אַף צוריק, אָבער ניקאָלײַ האָט אַנשלאָסן זי אַרײַנגעפירט אין אַ נידעריקן,

האַלב־פֿינצטערן פּאַדערהויז. עס האָט אַ סקריפּע געטאָן אַ טיר, אַ באַשלאָגענע מיט שמאַטעס. פֿון דער כאַטע האָט אַ זעץ געטאָן אין נאָז אַ געדיכטער, ווונדערבאַרער, היימיש געמיטלעכער גערוך פֿון פֿריש געבאַקענעם פֿויערישן ברויט. אַף די בענק, לענגאויס די ווענט זײַנען געלעגן אויסגעלייגט אין געדיכטע רייען, גלאַנצנדיק מיט די ברוינע סקאָרינעס, פֿרישע קײַלעכדיקע לאַבנס ברויט. זיי האָבן זיך „אָפּגעקילט" באַדעקטע מיט יאַדלע־צווײַגן. פֿון דעם אויוון האָט זיך געפֿילט דער זעלבער הייסער ברויט־גערוך. לעבן אויוון איז גע־שטאַנען אַ גרויסע הילצערנע דײַזשע, באַדעקט מיט אַ רעדנע.

— אַ היבשע מישפּאָכעלע איז באַ אײַך: זע נאָר וויפֿל ברויט מען עסט עס! — האָט אַ שמייכל געטאָן ניקאָלײַ, נישטערנדיק מיט אַ פֿאָרשנדיקן בליק איבער אַלע ווינקלען פֿון דער פֿינצטערער כאַטע, און וואַרפֿנדיק אַ קרומען קוק אַפֿן אויוון.

— אַזוי ווי זי איז, נישטאָ צוליב וואָס פֿרעמדס צו ציילן! — האָט זיך אָפּגערופֿן אַן אויסגעדאַרטע זקיינע, וועלכע האָט זיך אַרומגעפּאָרעט באַם אויוון.

לעבן דער זקיינע איז געשטאַנען אַ דאַרע יונגע פֿרוי. זי איז געווען ענלעך אַף דער אויסגעטריקנטער זקיינע מיט איר שנאָבל־נאָז, ווי עס איז ענלעך אַ נײַע פֿינקלענדיקע ניקעלנע מאַטבייע מיט איר בוילעטער צייכענונג, אַף אַ טונקעלע אָפּגעריבענע. באַ דער יונגער אַף די הענט איז געווען אַ זויג־קינד. עס ווײַזט אויס, אַז זי האָט אים ערשט נאָר וואָס אָנגעזויגן און איז איצט געשטאַנען פֿאַרשטעלנדיק מיט דער פֿרײַער האַנט איר צעקנעפּלטע בלוזע. איר פּאָנעם איז געווען זייער כיינעוודיק, אָבער קרענקלעך בלייך און זייער טרויעריק.

די פֿרויען האָבן אומרויִק געקוקט אַף ניקאָלײַען, וועלכער האָט מיט זײַן פֿיגור אינגאַנצן אויסגעפֿילט די פֿאַדערשטע העלפֿט פֿון דער כאַטע און אַפֿן קריגערישן טאָליאַן, וואָס איז באַהאַנגען געווען מיט געווער. אָבער ווען איבערן שוועל איז אַריבער מוסיאַ, האָבן זיי זיך איבערגעקוקט און אָפּגעזיפֿצט מיט פֿאַרלײַכטערונג. אין אויוון האָט מעלאַדיש געקנאַקט אַ גאָלדענער גלי, און מיט אַ כליופּעדיקן, זומפּן־קלאַנג האָבן געפּלאַצט די בלאָזן אין דער ראַשטשינע.

— העלף אײַך גאָט — האָט געזאָגט מוסיאַ, וועלכע האָט פֿון

דער אַלטער פּראָסקאָוויאַ אויסגעלערנט די געזעצן פון דער דאָרפי־שער העפלעכקייט.

— אַ דאַנק, אויב איר כויזעקט נישט — האָט שטיל געענט־פערט די יונגע.

לויט דער שטימע און דעם אויפן, ווי זי האָט אַרויסגערעדט די ווערטער, האָט מוסיאַ פאַרשטאַנען, אַז די פרוי איז אַ שטאָטישע און גיכער פון אַלץ איז זי אַ גאַסט דאָ אין וואַלד־שטיבל.

— וואָס זשע מוטער, מען דאַרף די וואַנדערער אָנקאָרמענען.

— האָט מיט אַ דינעם פּאַלצעט געזאָגט דער וואַלד־וועכטער — ווערסט אַנגיסן פאַר זיי אַ ביסל באַרשטש, וואָס ? און איר זעצט אײַך, וואָס טויג אײַך צו שטיין ?

די פּאַרטיזאַנער האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די זעק און זיך געזעצט צום טיש, אָבער די אויטאָמאַטן אָוועקגעלייגט לעבן זיך אַפן באַנק.

— זעט נאָר ! — האָט אַ שעפּטשע געטאָן טאַליאַ צו מוסיאַן, ווײַזנדיק אומבאַמערקט אַפן וואַנט.

דאָס מיידל האָט אויפגעהויבן די אויגן און דערזען אין ווינקל אַ גרויסע פאָטאָגראַפיע אין פאַרבן,ווייזט אויס אַן אויסגעשניטענע פון אַ זשורנאַל. אַף דער פאָטאָגראַפיע איז געווען מאַטריאָנאַ ניקי־טימשנאַ, אַרומגעמענדיק בונטע קאַלבערנע מאַרדעלעך. די פרוי האָט געשמייכלט מיט אַ ברייטן ווײַסצייניקן שמייכל. און אַף אַ ווײַלע האָט זיך מוסיאַן אויסגעדוכט, אַז זי זעט, נישט אַ פּאָר־פלעקטן פון פליגן, געל־געוואָרענעם פּאַפּיר־בויגן, נאָר זי זעט איר ווײַטע כאַווערטע. און אַף דעם מיידלס נעשאָמע איז געוואָרן גוט און רויק.

די זקיינע האָט שווײַגנדיק געבראַכט אַ טאָפּ מיט באַרשטש, אָנגעגאָסן אין אַ ליימענער שיסל, אָוועקגעלייגט פאַר יעדן איינעם אַ הילצערנעם לעפל און האָט שטיל געזאָגט :

— עסט געזונטערהייט !

— מיר דאַנקען אײַך זייער ! — האָט געענטפערט מוסיאַ.

— גלײַך איר קענטיק, אַז איר זײַט נישט קיין דאָרפישע. אַזוי רעדט מען שוין לאַנג נישט אין די קאָלכאָזן, — האָט אַ שמייכל געטאָן מיט אירע בלאַסע ליפּן די יונגע באַלעבאָסטע. זי האָט מיט נײַגיריקייט באַטראַכט די געסט.

— ניין, זאָיעטשקאַ, פּאַרוואָס עפּעס, דאָס ווענדט זיך ווו, — האָט דיפּלאָמאַטיש פּאַריכט די אַלטע און אַ וואָרף געטאָן אַ קרומען בליק אַף די אויטאָמאַטן.

ניקאָלײַ און טאָליאַ האָבן נישט געקענט אײַנהאַלטן דעם שמייכל, און די פּאַרשעמטע מוסיאַ האָט זיך געגעבן דאָס וואָרט מער נישט צו באַנוצן דעם ווערטערבוך פון דער אַלטער פּראָסקאָוויאַ.

דער וואַלד־וועכטער, אָנגעטאָן אין וואָליקעס און אין אַ פּאַר־לאַטעטן גלאַנציקן פּעלצל איז געשטאַנען מיט צונויפגעלייגטע הענט באַ דער אַרײַנגאַנגס־טיר און האָט מיט אַ שמייכל געקוקט מיט וואָס פּאַר אַ שנעלקייט עס ווערט אויסגעליידיקט די גרויסע שיסל. נאָך איידער די אַלטע האָט באַוויזן צו דערלאַנגען זיי געקאָכטע קאַרטאָפל. פּונקט אַזוי בליץ־שנעל איז פּאַרשוווּנדן געוואָרן אַ גאַנצער, נאָך וואַרעמער, לאַבן ברויט. ניקאָלײַ און טאָליאַ האָבן געגעסן דעם קאַרטאָפל מיט די הענט טונקענדיק עס אין אַ טעצעלע מיט זאַלץ. נאָר איין מוסיאַ האָט באַנוצט אַ גאָפל. די קאַרטאָפל זײַנען פּאַרשוווּנדן מיט דער זעלבער שנעלקייט, ווי דער באָרשטש. נאָכן צונויפקלײַבן און מעשאַלייען זײַן די לעצטע ברעקלעך פון די צעקאָכטע קאַרטאָפל אין מויל אַרײַן האָט ניקאָלײַ אַ שמייכל געטאָן.

— מיר האָבן אַלץ פּאַרצערט, ווי דער היישעריק, זײַט שוין אונדז מויכל.

— עסט געזונט און זאָל אײַך נאָר ווויל באַקומען — האָט געענטפערט די אַלטע. זי האָט אָנגעפילט דאָס אויסגעליידיקטע קעסעלע מיט פרישע קאַרטאָפל און עס אַרײַנגערוקט אין אויוון.

דערפילנדיק אין דעם גאַנצן קערפּער אַן אָנגענעמע זאַטקייט האָבן די פּאַרטיזאַנער לויז געמאַכט זייערע גאַרטלען.

— איר ווונדערט זיך אַוואַדע אַף אַזעלכע פרעסער? — האָט געפרעגט ניקאָלײַ.

— וואָס איז דאָ פאַראַן זיך צו ווונדערן, אַלע זײַנען איצט אַזוי: מען קומט צו גיין און מען עסט! אַמאָל פלעגן צו אונדז אַרײַנקומען בלויז די יעגער און דאָס אויך מערסטנטייל פרילינג־צײַט, אָדער ערעוו ווינטער, און איצט — די אַלטיטשקע האָט גע־געבן אַ שטאַרקן זיפץ — איצט האָבן אַ סך פּאַרלאָזט זייערע

וווינערטער און זיי בלאָנדזשען אַרום איבער די וועלדער, ווי ווילדע
כּײַעס.

— איר גייט אַקאָרשט אַרויס אין קאַמער, איך דאַרף דאָ זיך
אויסטײַנען אַביסל מיט די וואַנדערער — האָט געזאָגט דער וואַלד־
וועכטער אַרויסרוקנדיק זיך פאָרויס.

די אַלטע האָט אַרײַנגעקוקט אין אויוון, אַ מיש געטאָן מיט
דער קאָטשערע דעם הייסן זשאַר אַנגענומען איר טאָכטער אונטערן
אָרעם און ביידע זײַנען אַרויסגעגאַנגען פון דער כאַטע.

דער וואַלד־וועכטער האָט אַרויסגעצויגן פון הינטערן אויוון אַ
האַלב ליטערדיק פלעשל מיט אַ מוטנער פליסיקייט, פאַרשטאָפּט
מיט אַ גרינער יאַלקע־שישקע, דערלאַנגט פון שאַפקעלע, וואָס איז
געהאַנגען אַף דער וואַנט, פיר פאַרשיידענע טעפלעך און דאָס אַלץ
אַוועקגעשטעלט אַפן טיש.

— איצט, איר אַרומגערינגלטע, זײַט זיך מוידע, ווערט זײַט
איר? אַט דער אַ... — ער האָט אַנגעוויז אַף טאַליאַן, וועלכער
האָט פון זאַטקייט שוין אַנגעהויבן צו דרעמלען — אַט דער „אַרום־
גערינגלטער" האָט אַפּאַנעם געדינט אין דער גוואַרדיע? — אַפן
אַלטנס, ראַזירטן פּאַנעם האָט זיך באַוויזן אַ קרומער שמייכל.

— און איר דינט אַפּאַנעם בײַ די דײַטשן אין דער פּאָליציי
— אַלץ דאַרפט איר וויסן? — האָט זיך אָפּגערופן מוסיאַ און
צורעכט מאַכנדיק קלוימערשט איר גימנאַסטיאָרקע האָט זי אויפ־
געשפּילעט דאָס שיידל פון איר רעוואָלווער וועלכער איז געהאַנגען
בײַ איר אַפן גאַרטל הינטער דער פּלייצע.

— פאַרוואָס עפּעס אין דער פּאָליציי?... און אויב איך
האָב כיישעק צו וויסן, ווער זיצט דאָס בײַ מיר, ווער עסט בײַ מיר
און טרינקט? — האָט זיך אָפּגערופן דער אַלטער, און די אויס־
דרוקספולע קנייטשן האָבן זיך אויסגעלייגט אַף זײַן פּאַנעם אין
כּויזעקדיקע שטראַלן. — און דו, ליבינקע, לאָז צו רו דײַן פּיס־
טאָלעט, שרעק נישט, לעצטנס בין איך עפּעס געוואָרן אויס שרע־
קעווודיק. דאָס באַכערל האָט געזאָגט, אַז איר זײַט אויסשפּירער
פון די פּאַרטיזאַנער, און דאָס געווער, וואָס איר טראָגט, איז אויך
צוגעפּאַסט האָב איך אײַך אַרײַנגעלאָזט. ווען נישט... פון דאָרטן
קומט איר? — ער האָט אַנגעוויזן אַפן הימל. — עפּשער האָט

איר זיך נישט אַפּן געהעריקן אָרט אַראָפּגעלאָזט, אָדער זוכט איר וועמען ?... אַלץ קען געמאָלט זײַן.

באַמערקנדיק, אַז ניקאָלײַ האָט צונויפגעקליבן פון טיש די ברויט־ברעקלעך און קײַט זיי מיט פאַרגעניגן, האָט דער וואַלד־וועכטער געבראַכט נאָך אַ לאַבן ברויט, צעשניטן אים אַף גרויסע מויצעס און אַוועקגעלייגט אַפּן טיש.

מיט דער געלאַסנקייט פון אַן עלטערן מענטשן האָט ער געוואָרט אַף אַן ענטפער. אַלע דרײַ האָבן זיך ווידער גענומען צום ברויט.

— אַט אַפּאַנעם איר האָט זיך שטאַרק אויסגעהונגערט. שוין אַ לאַנגע צײַט ווי איר זוכט ? — האָט געפרעגט דער וועכטער.

ניקאָלײַ האָט זיך איבערגעקוקט מיט מוסיאַן. האַגאַם דעם וואַלד־וועכטערס אויסזען האָט פון דעם ערשטן בליק נישט געמאַכט קיין אַנגענעמען אײַנדרוק, דאָך האָט מען, ווײַזט אויס, געמוזט אַרויס מיטן גאַנצן עמעס.

זאָל זײַן, אַפילע אַז דער וואַלד־וועכטער איז אַ פאַררעטער, וואָלט ער אויך נישט געקענט אַרויסרופן פּאָליציי צו זיך אין שטיבל. אָבער די צוויי באַלעבאָסטעס, אַזעלכע פאַרשיידענע און אין דער זעלבער צײַט אַזעלכע ענלעכע איינע אַף דער צווייטער, האָבן אַרויסגערופן צוטרוי צו זיך.

— טאַליאַ האָט געזאָגט דעם עמעס : מיר זײַנען פּאַרטיזאַנער.מיר מוזן אַריבערגיין דעם פראָנט — האָט געזאָגט ניקאָלײַ קוקנדיק דעם אַלטן גלײַך אין די אויגן. אַזוי פלעגט שטענדיק האַנדלען רודאַקאָוו, ווען ער האָט געוואָלט דערגיין, וואָס עס טוט זיך בײַ יענעם אַף דער נעשאָמע.

די קנייטשן אַף דעם אַלטנס פּאָנעם זײַנען זיך צעלאָפן און אַף די באַקן האָט זיך באַוויזן אַ ביטערער שמייכל :

— „אַריבערגיין דעם פראָנט !“ און וויפל מען דאַרף גיין ביז צום פראָנט ווייסט איר ?

— און איר ווייסט ? — האָט געפרעגט מוסיאַ. זי האָט אויפגעכאַפּט אין דעם וואַלד־וועכטערס שטימע אַ טרויעריקן קלאַנג און איר איז קאַלט געוואָרן פון אַ שרעקלעכן פאַרגעפיל. — איז דען מאָסקווע...

דער אַלטער האָט אַ זיפץ געטאָן.

— אט שרייבן די פאשיסטן אין זייערע בלעטלעך : ניט נאר מאסקווע, אפילע לענינגראד איז שוין קלוימערשט געפאלן. אונ־דזערע, לויט זיי זאגן, טרעטן אפ צום אוראל. מען האט באפוילן אלע סטאראסטעס דאס צו מעלדן דעם אוילעם אף פארזאמלונגען... מען קלעפט בלעטלעך פאר די פארטיזאנער אף די וועגן : קומט ארויס און גיט זיך אונטער, איר האט פארשפילט אייער קאן.

— זיי זאגן ליגן, די אויסוואורפן ! — האט אויסגעשריען ני־קאליי און איז אזוי ראשיק אויפגעשפרונגען, אז דער טיש האט זיך אונטערגעהויבן, און אלץ, וואס אף אים איז געשטאנען : דאס קעסל, די קריגלעך, די לעפל האבן זיך א וויג געטאן, און די שיסל איז אראפגעפאלן אפן פאל און צעבראכן געווארן. דער טומל האט אויפגעוועקט טאליען, ער האט זיך א כאפ געטאן פארן געווער.

— ווער ? ווו ? — האט ער געפרעגט אומרויק, ארומקוקנדיק זיך א האלב־פארשלאפענער.

— אויך איך דענק אזוי, אז עס איז א ליגן, איז טאקע ניטא פארוואס צו ברעכן דאס געפעס, — האט רויק געענטפערט דער וואלד־וועכטער. די צאלרייכע קנייטשן זיינען זיך ווידער צונויפ־געלאפן ארום זיינע אויגן, זיי זיינען אזוי ווי יונגער געווארן און האבן געשמייכלט מיט גוטסקייט. קלייבנדיק פון פאל די שערבלעך פון דער צעבראכענער שיסל, האט דער וועכטער פארגעזעצט :

— אויך איך רעכן, אז מאסקווע האבן זיי ניט נאר ניט איינגענו־מען, זיי וועלן זי אפילע אין זייער לעבן ניט איינגעמען. זיי זאלן אפילע זייער גאנץ היטלערלאנד אין קרעפל־פלייש פארוואנדלען . . . עס גייט ארום א קלאנג איבערן וואלד, אז קאלינין, דאס יא, האט ער איינגענומען און אפילע נענטער צו מאסקווע צוגעקומען, און דא האט אים דער כאווער סטאלין א זאג געטאן : „האלט, גענוג, שטיי !" און צו לענינגראד, שמועסט מען, איז ער אויך צוגעקומען און ווידער האט אים דער כאווער סטאלין א זאג געטאן : „ווייטער גייסטו ניט !" און ער, דער פאשיסט, זאגט מען, גייט אויס אין בלוט אין פארצויגענע שלאכטן.

— איז דאס עמעס ? פון וואנען ווייסט איר ? — האט שנעל א פרעג געטאן ניקאליי.

אפן באלעבאס שטערן האט זיך צונויפגעזאמלט א געדיכטע נעץ קנייטשן.

— דאָס איז, מיר שײַנט, באָכער, שוין ניט דײַן אײסעק. איך פֿרעג דאָך בײַ אײַך ניט, װיאַזױ איר הײסט, צו װעמען און מיט װאָס האָט מען אײַך געשיקט. איצט ברודער איז דער פּאַספּאָרט ניט װיכטיק, איצט דאַרף מען װיסן, װער דו ביסט: אַן ערלעכער סאָװעטישער מענטש, אָדער אַ שפּיצל פֿון געשטאַפּאָ. דו, גוטער ברודער, געפֿינענדיק זיך בײַ די דײַטשן הינטערן רוקן, זאָלסט פֿאַר־געסן די װערטער: „װער" און „װו" און „װיפֿל". אַז ניט קענסטו זיך נאָך פֿאַרדינען און דאַװקע פֿון אַן ערלעכן מענטשן אַ קויל אין נאַקן. דו פֿרעג ניט „פֿון װאַנען", דו הער! עס גײט אױך אַרום אַ קלאַנג איבערן װאַלד, אַז דער כאַװער סטאַלין האָט פֿאַרדרײט פֿאַר זײ אַזאַ מין מילעכל, װאָס דער הינטישער זון, דער פֿאַשיסט, װעט אין איר צעמאָלן װערן צוזאַמען מיט זײַנע אַלע אײַזנס. אַט װאָס!

דער װאַלד־װעכטער האָט מיט אַ פֿלינקן קלאַפּ איבערן דעק פֿון פֿלעשל אַרױסגעזעצט פֿון גאָרגל דעם שישקע־קאָרעק און האָט פֿונאַנדערגעגאָסן די מוטנע פֿליסיקײט אין די טעפּעלעך:

— װעלן מיר, הײסט עס, כאַװײרים װאַנדערער, אױסטרינקען פֿאַרן ניצאָכן?

דער װאַלד־װעכטער האָט אַרײַנגעגאָסן אין מויל אַרײַן דעם ברענענדיקן געטראַנק, די קנײטשן האָבן זיך אין אַ האַלב־קרײַז אַרומגעלײגט אַרום זײַן מויל.

— עך, ניט אַזאַ פּאַסקודסטװע װאָלט מען באַדאַרפֿט טרינ־קען פֿאַרן ניצאָכן! אָבער עס װעט קומען די צײַט, גאָט װעט געבן און מיר װעלן אַרױסשטױסן דעם פּריץ, װעלן מיר לעקאָװעד דעם ניצאָכן עפֿענען אַ װײַס־קעפּיק פֿלעשעלע.

ניקאָלײַ האָט מיט אײן שלוק אױסגעלײדיקט זײַן קענדל. מו־סיאַ האָט געגעבן אַ זופּ און האָט זיך פֿאַרהוסט. טאָליאַ האָט אָפּ־גערוקט זײַן טעפּל און רויק אָבער פֿעסט געמאָלדן:

— איך טרינק ניט.

דער װאַלד־װעכטער האָט אים באַקוקט מיט פֿרײלעך־געװאָ־רענע אויגן און אַ טאָרע געטאָן מיטן פֿינגער צװישן די ריפּן.

— קוק אים נאָר אָן „איך טרינק ניט!". װאָס־זשע ביסטו פֿאַר אַ פּאַרטיזאַן, אױב דו טרינקסט ניט? אַ װאַלד־מענטש קען

זיך ניט באַגיין אָן דעם. און עפּשער ביסטו גאָר אַן אַגענט פון געשטאַפּאָ? זײַ זיך נאָר מודה!

די צונג האָט זיך באַם באַלעבאָס צעבונדן. ער האָט אַרײַנגערופן די פרויען. זיי זײַנען שווײַגנדיק אַרײַן אין כאַטע און אָנגעהויבן זיך צו פּאָרען באַ אַ פרישער פּאַרטיע ברויט. די עלטערע האָט מיט אַ דינער לאָפּעטע פלינק אַרויסגעשלעפּט פון אויוון די לאַבנס און די ייִנגערע פלעגט באַנעצן די אייבערשטע סקאָרינקע מיט וואַסער און איבערוואַרפנדיק דעם לאַבן פון איין האַנט אַף דער אַנדערער, אַוועקטראָגן צום באַנק און דאָרט באַדעקן מיט סכאַך. זיי האָבן דאָס געטאָן פלינק און געניט, ניט לייגנדיק קיין אַכט אַף די געסט. עס איז געווען קענטיק, אַז פאַר זיי איז ניט קיין נײַס אַנצובאַקן אַזאַ באַרג מיט ברויט און עס איז אויך ניט קיין כידעש צו זען אין זייער כאַטע אומבאַקאַנטע באַוואָפנטע מענטשן.

ווען דער וואַלד־וועכטער איז צום סאָף אַרײַן אין אַ גאָר געהויבענער שטימונג, האָט ער באַשלאָסן:

— אַט וואָס, כעוורע, עפּעס קראַצט איר מיר זיך צופיל. מינאַסטאַם האָט איר אַנגעפּלאַדיעט באַ זיך אַ סאַך פּאַשיסטן, וואַנדערנדיק איבער די וועלדער. לאָמיר אײַך אײַנאָרדענען אַ בעדל.

און בעיס די וואַנדערער, צעפרייעטע פון זאַטקייט, פון דער טרוקענער שטוב־וואַרעמקייט און פון דער היימישער געמיטלעכקייט, האָבן געדרימלט אַפן באַנק צוגעטוליעטע איינער צום אַנדערן, האָט דער וואַלד־וועכטער אײַנגעהייצט די באַד און אָנגעשלעפּט וואַסער. ניקאָלײַ און טאַליאַ זײַנען אײַנגעלאַדן געוואָרן זיך אויסצובאָדן „מיט דער ערשטער פּאַרע".

זעענדיק אַז די פּאַרטיזאַנער נעמען מיט מיט זיך דאָס געווער, האָט ער באַלעבאָס געזאָגט אין שפּאַס:

— און דאָס נעמט איר אַנשטאָט אַ בעזעם און אַ ראַהאָזשקע?

— אָבער באַמערקנדיק אַז די געסט האָבן זיך גלײַך אָנגעשפּיצט, האָט ער מיט אײַלעניש צוגעגעבן — איך שווײַג, איך שווײַג, דאָס האָב איך אַזוי זיך געמאַכט אַ שפּאַס. טוסט ריכטיק, באַכער: וווינסטו צווישן וועלף — מוזטו זיך פירן ווי אַ וואָלף. מיט די ציין זאָלסטו זיך באַנאַכט ניט שיידן, אויב ניט וועט מען דיך גלײַך אויפפרעסן.

וואַרטנדיק ביז עס וועט קומען איר טורנע זיך צו באָדן, איז מוסיאַ אַנטשלאָפֿן געוואָרן אויף דער באַנק. דורכן וואַרעמען נעפּל פֿון זיסן שלאָף האָבן זיך צו איר טויב דערטראָגן פֿרויען־שטימען.

— זי איז נאָך גאָר אַ יונגיטשקע. פֿאַר אַזאַ וואָלט בעסער געפּאַסט זיך צו שפּילן מיט ליאַלקעס, און זי בלאָנדזשעט גאָר אַרום איבער די וועלדער מיט געווער אין האַנט... מיילע מאַנצבילן — פֿאַר זיי פּאַסט עס, אָבער נאָך וואָס דאַרף מען אַזעלכע? זי איז דאָך נאָך אַ מיידעלע! אַך־אַך־אַך אַ צײַט געקומען!

עמעצנס האַנט האָט באַדעקט מוסיאַן מיט אַ פּעלץ. עס האָט זיך איר געוואָלט מיט אַ דאַנקבאַרקייט דריקן די האַנט, אָבער זי האָט ניט געהאַט קיין קויעך זיך אַ ריר צו טאָן, און זי האָט נאָר באַוועגט מיט די ליפּן מיינענדיק, אַז זי זאָגט „אַ דאַנק".

— מיסטאמע נאָך אַ שילערן... — האָט זיך אָפּגערופֿן אַ צווייטע שטימע. — איר זעט ווער עס קעמפּט, אַלע קעמפֿן, דאָס גאַנצע פֿאָלק האָט זיך אויפֿגעהויבן און מיך לאָזט איר ניט.

די אַלטע שטימע האָט געענטפֿערט מיט שרעק און צאָרן:

— זאָלסט ניט וואַגן אַפֿילע צו טראַכטן! האָסט נאָך דאָס פּיצל ניט אַנטווייַנט פֿון דער ברוסט, און טײַנעט אויך... דערציִ דײַן קינד, באַק ברויט, וואַש דאָס וועש — דאָס וועט זײַן דײַן מילכאָמע, און דערפֿאַר קומט אויך אַ דאַנק. די מילכאָמע נייטיקט זיך ניט בלויז אין קוילן, ברויט דאַרף מען אויך... זע נאָר, די אָרעמע, ווי זי קראַצט זיך אין שלאָף. דו, זאָיושקאַ, פֿאַרכאַפּ שוין פֿאַר איר עפּעס פֿון דײַן וועש, מינאַסטאַם האָ זי ניט וואָס איבערצובײַטן.

דערנאָך האָבן זיך די שטימעס דערווײַטערט, זיי זײַנען צעשוומען געוואָרן אין אַ נעפּל פֿון כאַלוימעס, און מוסיאַ, פֿילנדיק אַ טײַנעג פֿון וואַרעמקייט און רו איז אַזוי געשמאַק אײַנגעשלאָפֿן, אַז ווען אין אַ שאָ אַרום זײַנען אירע כאַווייריִם צוריקגעקומען פֿון באָד צעפּאַרעטע, רויטע און גליקלעכע, האָט מען זי מיט גרויס מי אויפֿגעוועקט. לעבן מוסיאַן איז געשטאַנען זאָיאַ, דעם וועכטערס טאָכטער, מיט אַ שיסל און אַ פּעקל וועש, פֿאַרוויקלט אויף אַ דאַרפֿישן שטייגער אין אַ טוך און אָנגעטאָן אין פּעלצל פֿול מיט קאָלירטע לאַטעס.

— הייסט עס, אַז אויך מיר וועלן גיין, ס׳איז אונדזער ריי. איר האָט זיך געוויס פאַרבענקט נאָך אַ באָד ?

מוסיאַ האָט ניט געדענקט דעם געשפּרעך, וואָס זי האָט גע־הערט דורכן שלאָף, אָבער אין איר נעשאָמע איז פאַרבליבן אַן אינסטינקטיווער געפיל פון דאַנקבאַרקייט צו דער דינינקער, דעלי־קאַטער פרוי. דאָס מיידל האָט זיך פאַרטרווילעך צוגעטוליעט צו איר און ביידע, ווי אַלטע כאַווערטעס, זיינען פריילעך געלאָפן אי־בערן שטעגל, אַ דורכגעטראָטענעם צווישן צוויי גאָרטן־בייטלעך, צו דער פאַררייכערטער דאָרפישער באָד.

דאָס שפּעטערדיקע: אַן אייזיקע קילקייט פון פּאָדערהויז, די הייסע ביטערקייט פון דער באָד־לופט, שטייפע וואָלקנס פּאַרע, דאָס שיפּען און פּלעסקען פון וואַסער און די אומבאַשרייבלעך אָנגענעמע באַרירונג פון דער האַרטער ראָהאָזשקע — דאָס אַלץ האָט זיך שפּעטער צונויפגעגאָסן אין מוסיאָס זיקאָרן אין אַ פריידיקן געפיל פון אַ געמיטלעכער היימישקייט, נאָך וועלכער איר נעשאָמע האָט זיך אַזוי שטאַרק פאַרבענקט.

צאַנקענדיק און קנאַקנדיק האָט געקאָפּטשעט אין ווינקל אַ קליין קעראָסין־לעמפּל. צווישן די וואָלקנס פּאַרע האָט זיך מעטושטעש געוויזט דער סילועט פון דער יונגער פרוי, אַ דאַרע און שלאַנקע, ווי אַ יונג מיידעלע. צווישן דעם פּלעסקען און שיפּען פון וואַסער אַף די צעגליטע שטיינער האָט זיך געהערט איר שטילע, טרויעריקע שטימע. אין דער צייט וואָס מוסיאַ האָט זיך אַכזאָריעסדיק געריבן מיט דער ראָהאָזשקע, איז איר ביידע באַקאַנטע געזעסן אָנגעשפּאַרט מיטן קין אָן די שפּיציקע, מיידלשע קני און האָט אויספירלעך דער־ציילט וועגן דעם, ווי־אַזוי זי קומט דאָ, אין דעם וואַלד־וועכטערס כאָטע, באַ אירע עלטערן.

זאָיאַ איז געווען אַ פרוי פון אַ קאָמאַנדיר פון דער גרענעץ־וואָך. צוזאַמען מיט דער גאַנצער מאַנשאַפט פון דעם וואך־פּאָסטן איז זי שוין אין די ערשטע טעג פון מילכאָמע געבליבן אָפּגעשניטן פון די אייגענע דורך צוויי פיינטלעכע טאַנקען־קאָלאָנעס. די גרע־נעץ־וואַך האָט באַשלאָסן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד ביז צו לעצט. זיי האָבן זיך פאַרפעסטיקט אין די בלינדאַזשן און בלאָקאַוזן און מוטיק אָפּגעשלאָגן די אומענדלעכע אַטאַקעס. באַנאַכט פלעגן די פרויען פון די קאָמאַנדירן אוועקטראָגן די פאַרוווּנדעטע אין קעלער

פון דעם וואַך־פּאָסטן, וועלכער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שפּיטאָל. אונטער באַשיסונג און באָמבאַרדירונג האָבן זיי באַנדאַזשירט און געהיילט די פאַרוווּנדעטע. די צאָל מענטשן איז קעסיידער שיטערער געוואָרן אין דעם ניט־גלײַכן קאַמף, אָבער מען האָט זיך ניט אונטערגעגעבן. אָפן פינפטן טאָג פון דער פאַרטיידיקונג איז פון אַ וווּנד געשטאָרבן זאַיאַס מאַן, אַ לייטענאַנט, דער לעצטער פאַרטיידיקער פון דעם צאָפּנדיקן בלאָקאַוז. אַ שטערבלעך־פאַרוווּנדיקטער האָט ער נאָך אַ גאַנצן טאָג געקעמפט און זאַיאַ, וועלכע איז געקומען צו אים אין בלאָקאַוז אים איבערצובינדן, האָט געלאָדן פאַר אים די קוילנוואַרפער־סטענגעס. געשטאָרבן איז ער בײַ איר אויף די הענט און זי אַליין האָט געבראַכט דעם נאַטשאַלניק פון וואַך־פּאָסטן זײַנע מיליטערישע אויסצייכענונגען און זײַן פּאַרטייי־בילעט.

אָפן אַכטן טאָג פון דער פאַרטיידיקונג, ווען פון דעם גאַנצן מענער־באַשטאַנד פון דעם קליינעם גאַרניזאָן זײַנען געבליבן בלויז נײַן, און פון זיי זעקס פאַרוווּנדעטע, האָט דער נאַטשאַלניק, אויך אַ פאַרוווּנדעטער, וועלכער האָט פונדעסטוועגן פאַרגעזעצט אָנפירן די פאַרטיידיקונג, אַרויסגערופן צו זיך אַלע פרויען, וואָס האָבן קינדער און זיי פאַראָרדנט בײַנאַכט אַרויסצוקלײַבן זיך פון דאָרטן דורך דעם גראָבן.

— איך האָב אים געפרעגט: און וואָס וועט זײַן מיט די פאַרוווּנדעטע? — האָט זיך געהערט פון דעם פאַרע־נעפּל אַ טרויעריקע פרויען־שטימע, — האָט ער מיר געענטפערט, אַז אַלע, סײַ די געזונטע און סײַ די פאַרוווּנדעטע האָבן באַשלאָסן צו קעמפן ביז לעצט. האָב איך אים געזאָגט, אַז איך האָב נאָך ניט קיין קינד און דעריבער וועל איך פאַרבלײַבן מיט די פאַרוווּנדעטע און ער האָט געענטפערט: „אַ קינד, זאַיאַ, וועט בײַ דיר אינגיכן געבוירן ווערן, און דו מוזט אַוועקגיין צוזאַמען מיט אַלע מוטערס". האָב איך אים געזאָגט אַז איך וועל פון מײַן מאַנס קערפּער אין ערגעץ ניט גיין, אַז איך וויל שטאַרבן מיט אים צוזאַמען, אַזוי ווי ער. האָט דער נאַטשאַלניק מיר געענטפערט מיט אַ שפּאַס, „אַז אויב אַלע זעלנערישע פרויען וועלן אַזוי דענקען, וועט סאָפּקאָלסאָף ניט בלײַבן, ווער עס זאָל פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד. האָב איך דערקלערט, אַז איך וועל דאָך ניט אַוועקגיין פון די פאַרוווּנדעטע, און

ער האָט מיר געענטפערט, אַז ער איז דער נאַטשאַלניק און איך מוז זײַן געהאָרכזאַם. בין איך אַוועק אַף מײַן מאַנס קייוועך. באַנאַכט האָט מען אים באַגראָבן לעבן די כורוועס פון דעם שטיבל ווו מיר האָבן געוווינט. איך האָב זיך אָפן קייוועך אויסגעוויינט. שפּעטער האָט דער נאַטשאַלניק געשיקט נאָך מיר אַ זעלנער. „גייט, קאָלזמאַן עס איז פינצטער, אַזוי האָט באַפוילן דער קאַפּיטאַן" — האָט מיר געזאָגט דער זעלנער. און איך בין אַוועק. די, וואָס זײַנען געבליבן באַ דער גרענעץ, וואָלטן אויך געקענט אַוועקגיין, אָבער זיי האָבן באַשלאָסן צו קעמפן ביזן סאָף. און זיי האָבן געקעמפט. און איך האָב זיך דערקליבן אַהער, צו מײַנע עלטערן, און דאָך פאַרדריסט מיר, וואָס איך בין דאַן אַוועק. בעסער וואָלט איך אומגעקומען דאָרט צוזאַמען מיט אַלע און וואָלט געלעגן לעבן מײַן מאַן. עמעס ? ס'איז דאָך ריכטיק אַזוי ?

מוסיאַן האָט זיך געדוכט, אַז דער פרויס שטימע קומט ערגעץ פון ווײַטן. די טרויעריקע געשיכטע האָט זי געהערט מיט אַ האַלבן אויער, האָרעווענדיק פאַרביסן מיט דער ראָהאָזשקע, באַגיסנדיק זיך מיטן מוטנעם פעטן וואַסער צעמישט מיט סאָדע, שווענקענדיק זיך מיט הייס וואַסער פון דער ראַשקע און פאַרטאָן אין איר אַרבעט פלעגט זי פון צײַט צו צײַט אַרויסריידן מיט מיטגעפיל :

— יאָ, יאָ, אײַ־אײַ־אײַ !

אָבער די דאָרע פרוי האָט, ווי עס שײַנט, גאָרניט געוואָרט אַף אירע ענטפערס. עס האָט זיך באַ איר פּאָשעט אַרויסגעריסן דאָס, וואָס אין מעשעך פון די אַלע שווערע כאָדאָשים האָט זי געטראָגן אין זיך.

— מיר שטייט אַלץ פאַר די אויגן ער, מײַן קאָליאַ, ווען מען האָט אים אַריבערגעטראָגן פון בלאָקאַוז. אַ פאַרבלוטיקטער, אַ בלאַסער און נאָר די האָר באַ אים אַזעלכע ווייכע־ווייכע, ווי אַ צעקעמטער פלאַקס. דער ווינט באַוועגט זײַנע האָר, און מיר דוכט זיך, אַז ער לעבט, ער איז מיד געוואָרן און שלאָפט... און דאָ אַ ייִנגל איינער, דעם נאַטשאַלניקס זון, טאָרעט אים: „פּעטער קאָליאַ, פּעטער קאָליאַ וואַך אויף". און איך טראַכט איצט קעסיידער, פאַרוואָס בין איך אַוועק פון אים ? כ'האָב ניט באַדאַרפט אַוועקגיין. מיר וואָלטן געלעגן צוזאַמען. און איצט, וואָס בין איך ? אַן אַראָפּגעפאַלן בלעטל. איך טײַנע די גאַנצע צײַט צו דער מאַ־

מען: „לאָז מיך גיין צו די פּאַרטיזאַנער”. און די מוטער: „זאָלסט אַפילע ניט דערוועגן זיך צו טראַכטן: האָסט אַ קינד!” און וואָס איז אַ קינד? אויב מירן זיגן, וועט ער אָן מיר אויך אויסוואַקסן אַ פֿײַנער מענטש, און אויב מיר וועל ניט זיגן — וואָס טויג אים לעבן? איז דען אַ לעבן באַ די פֿאַשיסטן? עמעס? איך זידל זיך אַליין שטענדיק, פֿאַרוואָס בין איך דאַן אַוועקגעגאַנגען. אָבער דער נאַטשלניק האָט דאָך געזאָגט „איך באַפֿעל”, און אין די גרענעץ־אָפּטיילונגען ווייסט איר דאָך — שטרענג.

ווען מוסיאַ, אַ פֿאַרדרויטלטע, אַ שטראַלנדיקע, אָנגעטאָן אין אַ פּעלצל און אין אַן אַלטמאָדישער בלוזע פֿון דער באַלעבאָסטע, אויפֿגעגנייט פֿון גראָבן היימישן לײַוונט און אויסגעהאָפֿטן מיט צלאָמימלעך, איז צוריקגעקומען אין כאַטע צוזאַמען מיט איר נײַער כאַווערטע, האָט טאַליאַ שוין געשמאַק געכראָפּעט אַפֿן אויוון. ניקאָלײַ, אַ באָרוועסער אין אַ אונטערהעמד איז געזעסן מיטן באַלעבאָס באָם טיש מיט אַ פֿלעשל. דער באַלעבאָס האָט לעבהאָפֿטיק געפֿאָכעט מיט די הענט און האָט געליאַרעמט אַף דער גאַנצער כאַטע מיט אַ דינעם ווײַבערישן קעלכל:

— אָט דו, באָכער, ווען איר זײַט אין באָד געגאַנגען, האָסטו מיטגענומען דעם אויטאָמאַט! פֿאַרוואָס האָסטו אים מיטגענומען? ווײַל דו געטרויסט מיר ניט. און מיר פֿאַרדריסט עס ניט, ניין! פֿאַרוואָס פֿאַרדריסט מיר ניט? ווײַל איך ווייס: דער באָכער איז פֿאָרזיכטיק, הייסט עס, אַז דער באָכער וועט דעם פֿאַשיסט אַ טאָפּלטן שאָדן ברענגען; הייסט עס, גוט אַזוי, געטרוי מיר ניט. איך, מײַן ליבער, ווייס אַז מיר דאַ צופּן נאָר דעם פֿאַשיסט, אָבער שלאָגן, שלאָגט מען אים, דעם הונט, דאָרטן. די רויטע אַרמיי קאַטעוועט אים. פֿונדעסטוועגן זײַנען מיר און ניט אָן אַ נוץ... אָט! מען דאַרף אים, דעם הינטישן זון ניט לאָזן שלאָפֿן ניט באַטאָג און ניט באַנאַכט, ער זאָל פֿון קיין רו ניט וויסן. און אָט אַזאַ אָן אָפּגעפּליקטן, אָן איבערגעשראָקענעם, דערצו נאָך ניט קיין אויסגעשלאָפֿענעם, קען מען אים זעסטו, דאָרט לײַכטער שלאָגן. דאָס איז, גוטער ברודער, אַ סטראַטעגיע, אַ קעגנזײַטיקע קאַמפּס־מיט־אַרבעט פֿון קויכעס. אַזוי דוכט זיך הייסט עס באַ אײַך לויטן קאָדעקס? אָט וואָס!

דערזעענדיק די אָרײַנגעקומענע איז ניקאָלײַ אויפגעשפּרונגען מיט פרייד.

— מוסיאַ, דו ווייסט, דער באַלעבאָס זאָגט... — ער האָט אָבער ניט פאַרענדיקט און איז געבליבן שטיין און האָט מיט אַנט־ציקונג געקוקט אָף זײַן כאַווערטע.

דעם מיידלס פּאָנעם, אַרומגעוואַשן פון דער סאַזשע, האָט גע־פלאַמט מיט אַ העלער רויטקייט. אירע אויסגעוואַקסענע אין וועג האָר האָבן זיך געקרײַזלט אין שטײַפע רינגען. אַפילו דער וואַלד־וועכטער האָט זיך פאַרקוקט אָף איר.

— אַ נו, פּאַרטיזאַנקעלע, זעץ זיך מיט אונדז, — האָט איר אײַנגעלאַדן דער באַלעבאָס.

מוסיאַ האָט געוואָרפן אַ קרומען בליק אָפן פלעשל.

— שלאָפן דאַרף מען, אָט וואָס, — האָט זי אומצופרידן אַ זאָג געטאָן, פאַרבײַגייענדיק ניקאָלײַען און איז פאַרשוווּנדן נאָך זאַיאַן הינטער דעם ציצענעם פאַרהאַנגל.

דאָ איז געשטאַנען אַ שמאָל מיידלש בעטל און לעבן דעם אין אַ געפלאָכטענעם קויש, וועלכער איז געהאַנגען אָף אַ דיקער ספּרענזשינע צוגעטשעפּעט צום באַלקן, איז געשלאָפן מיט פאַר־וואָרפענע הענטלעך אַ קליין ראָזעווע מענטשעלע: דער זעלבער, וועלכער האָט נאָך איידער ער איז געבוירן געוואָרן, שוין אַנטייל גענומען אין אַ שלאַכט באַ דער גרענעץ פון זײַן קעמפנדיקן פאָ־טערלאַנד.

ביידע כאַווערטעס האָבן זיך געשווינד אויסגעטאָן און זיך געלייגט אין בעט, אַרומנעמענדיק זיך ווי שוועסטער. ערשט איצט, ווען זאַיאַ האָט זיך צוגעטוליעט צו מוסיאַן און באַהאַלטן איר פּאָנעם באַ איר אָפן ברוסט, האָט דאָס מיידל פאַרשטאַנען די גאַנ־צע ביטערקייט פון דעם אַלעם, וואָס דעם וואַלד־וועכטערס טאָכ־טער האָט איר דערציילט. זי האָט דערפילט אַ ראַכמאָנעס צו דער פרוי, וועלכע האָט אויסגעזען ווי אַ יונג מיידעלע. מוסיאַ האָט זי געגלעט איבערן קאָפּ, ווי אַ קינד, און יענע האָט זיך נאָך פעס־טער געטוליעט צו איר און זיך צעוויינט יאָמערלעך און ביטער.

פון הינטערן פאַרהאַנגל האָט זיך נאָך אַלץ דערטראָגן אַ הי־ציקער געשפּרעך:

— דער פריץ, זעסטו, האָט זיך שוין צוגעוווינט אַרומשפּאַ־

צירן מיט די טאַנקען איבער אייראָפּע. און בײַ אונדז וועט ער זיך ניט אָנשפּאַצירן, ניין — האָט געשריִען דער וואַלד־וועכטער; עס האָט זיך געהערט דאָס קלאַפּן פֿון די טעפּלעך, עס האָט געבורבלט די אָנגעגאָסענע אין זײַ פּליסיקייט, — ער, דער הונט, וואָס מיינסטו האָט געטראַכט, איך וועל דורכקריכן מיטן טאַנק און בײַץ — די ערד איז מײַנע. אײַנגעגראָבן אַ טליִע אין מיטן פּלאַץ, אײַנגעפירט קאָמענדאַטורן און אונטערקאָמענדאַטורן, אַרויפגעזעצט בירגער־מײַסטערס און אונטערבירגערמײַסטערס, פֿאַרשיידענע שאַכער־מאַכערניקעס און — אַט האָט איר אײַך, זײַט מויכל, „אַ נײַע אָרדענונג". באַוואָפנט איז ער ביז צו די ציין, אָבער בלויז פֿון איין וואָרט „פּאַרטיזאַן", כאַפּט אים אָן די בערישע קרענק. דער פּראַנט איז דאָך העט ווו, ער אָבער האָט מוירע באַנאַכט אויסצוטאָן דעם רעקל און די פּלודערן. שלאָפט ער טאַקע אַזוי אָן אָנגעטוענער, אַרומגענומען מיטן אויטאָמאַט... דאָ, באַכערל, איז דיר ניט קיין מײַרעוור־אייראָפּע, וועסט זיך קיין סאַך ניט אָנשפּאַצירן, אַט וואָס!

— און וואָס הערט זיך באַלעבאָס, אַ סאַך פּאַרטיזאַנער זײַנען דאָ פֿאַראַן?

— ווידעראַמאָל „וויפל" און „ווו", און „ווער" און „וואָס". איך זאָג דאָך דיר, זאָלסט ניט פֿרעגן. זעסט דעם ברויט אָף דער באַנק? עס וועט קוים אָף צוויי טעג סטאַיען. פֿאַרשטאַנען? דו שטעל ניט קיין פֿראַגעס, דו הער! איך בין זיך מעשאַער. עפּשער האָבן מיר אים ניט אומזיסט צוגעלאָזט ביז מאָסקווע. עפּשער האָט דער כאָוועך סטאַלין אַזאַ פּלאַן: זאָל ער זיך, דער הונט, אויסמאַרדעווען אין די שלאַכטן, און דאָ וועט מען אים טאַקע פּונקט איבערן קאָפּ — בײַץ... האָסט ניט געהערט, וויִאַזוי מען גייט בײַ אונדז פֿרילינגס־צײַט אָף אַ בער, ווי מען פֿאַרנאַרט אים?... עפּשער איז דאָס בײַ מיר בלויז נאַרישע רייד, איך גיב צו, אָבער בײַ אים, בײַ דעם כאָוועך סטאַלין, איז שוין פּאַרטיק אויב ניט דער, איז אַן אַנדערער געהיימער פּלאַן. דאָס, באָכער, איז שוין זיכער, אָן שום צווייפל. אַט וואָס!

— וואָס די אויבער־קאָמאַנדע טראַכט דאָרט, דאָס קענען מיר ניט וויסן. אָבער אַז די מילכאָמע וועלן מיר פֿאַרענדיקן אין בערלין, דאָס זעסטו, ווייס איך. דאָס איז שוין אָף זיכער.

— אַט, ריכטיק! בעפּיירעש אין בערלין. ניטאָ אַזאַ מין

קויעך, וואָס זאָל אונדז צעברעכן ! אָט שלעפן זיי איצט נאָכאַנאַנד איבער אַלע וועגן סאַניטאַרע מאַשינען צו זיך „נאָך האַוז״. מען שלעפּט באַטאָג, מען שלעפּט באַנאַכט. אַן אַ סאָף. מיר, גוטער ברודער, זײַנען טאַקע איצט „באַזעצטע״, אָבער מיר ווייסן : יאָסיף וויסאַריאָנאָוויטש האָט אַן אונדז ניט פאַרגעסן, ער געדענקט וועגן אונדז, ניט הײַנט איז מאָרגן, אָבער ער וועט אונדז באַפרײַען, אָט וואָס !

— וואָלסט שוין געגאַנגען שלאָפן און אויך דעם גאַסט געלאָזט זיך אויסרוען, — האָט זיך דערהערט פון איווען דער באַלעבאַטעס שטילע שטימע. — קוים כאַפּט ער נאָר אַ שלוק בראָנפן, לאָזט ער זיך אַרויס אין קאַמף מיטן צונג. און איר וואָלט זיך אויך בעסער צוגעשפּאַרט, פון וועג. איך האָב פאַר אײַך אויסגעבעט אַפן באַנק.

— וואַרט, מוטער, וואַרט. און דו, באָכער, הער : דו ביסט נאָך יונג, און איך בין שוין אין צוויי מילכאָמעס געווען און אין ביידע מילכאָמעס האָב איך שוין צוויי מאָל געזען די דײַטשן צעקײַלטע. און ווי זײַנען מיר דאַן געווען, וואָס זײַנען מיר דאַן געווען ? וואָס ? און וואָס זײַנען מיר איצט געוואָרן ? אָט דאָס איז טאַקע די מײַסע !

הינטערן פאַרהאַנגל, אונטער דער געשטעפּטער, פון שמאַטקעס צונויפגענייטער קאָלדרע, האָט זיך געפירט אַן אַנדער שמועס.

— איך ווייס ניט ווער איר זײַט און איך פרעג אײַך ניט. אַהער קומט מען פון וואַלד, מען נעמט דעם ברויט, מען ברענגט וועש צום וואַשן, און איך פרעג אויך גאָרניט. אָבער אײַך בעט איך, איך בעט אײַך זייער : נעמט מיך מיט. איך בין ניט קיין פּאַכדנטע. דאָרטן באַם גרענעץ בין איך צוויי מעסלעס געזעסן צוזאַמען מיט מײַן מאַן אין אַ בלאָקאַוז. איך האָב געלאָדן פאַר אים די קוילנוואַרפער־טאַשמעס, און שפּעטער ווען אַ באַמבע־שפּליטער האָט אָפּגעריסן דעם קאָפּ באַם נומער 2, האָב איך אים פאַרטראָטן... נעמט מיך מיט. זאָל זײַן פאַר אַ קראַנקן־שוועסטער, אָדער פאַר אַ קעכן, איך קען דאָ ניט זײַן. די דײַטשן קומען אַהער צופאָרן, און איך בין דאָך אַ ווײַב ... אַן אַלמאָנע פון אַ קאָמאַנדיר . .. אויב איך וועל ניט אַוועקגיין צו אײַך פון דאַנען, וועל איך זיכער באַגיין

אַ נאַרישקייט און וועל אומקומען אָן שום נוצן. נעמט מיך, טײַערינקע, נעמט מיך!

דער פּרויס דאַרער קערפּער האָט זיך געטרייסלט אין אַ יאָמער־געוויין. מוסיאַ, האָגאָם זי איז געווען פיל ייִנגער פון איר, האָט זיך געפילט לעבן איר אַ סאָך עלטער און באַהאַוונטער... זי האָט שטיל געגלעט זאָיאַס קאָפּ.

— וואָס טויג וויינען? יעדער קעמפּט ווי ער קען. באַקן ברויט און וואַשן וועש איז אויך וויכטיק. אַבי ניט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט. ניט וואַרטן ביז אַנדערע וועלן דעראָבערן דעם ניצאָכן... איך אַליין וואָלט אויך מיט פרייד איבערגעבליבן אין דער אָפּטיילונג... — מוסיאַ האָט פאַרביסן די ליפּ; די כאַוועריטע האָט זיך פון איר גלײַך אָפּגערוקט, זי איז פּלוצים ווי פאַרקילט געוואָרן, אירע נאַסע אויגן האָבן איצט געקוקט אָפן מיידל קאַלט און מיט אומצוטרוי, — אויב מען וואָלט מיר ניט אָנפאַרטרויט אַן אַנדער אויפגאַבע, — האָט זיך מוסיאַ צוגעאײַלט צו פאַריכטן.

פּלוצים האָט הינטער די פענצטער אָנגעהויבן צו בראַזגען מיט דער קייט און בילן דער הונט. דורכן בילן האָט זיך דורכגעריסן אַ ווײַטער גערויש פון אַ מאָטאָר. זאָיאַ איז ראַשיק אויפגעשפּרונגען, אַראָפּגעלאָזט אירע באָרוועסע פיס און האָט אָנגעשטרענגט אויסגעצויגן דעם האַלדז. דער מאָטאָר איז דאָ אַנטשוויגן געוואָרן און דאָ זיך ווידער געלאָזט הערן. מיט יעדער רעגע האָט ער גערוישט אַלץ נענטער און נענטער.

— דאָס זײַנען זיי, טוט זיך אָן! — האָט אַ שעפּטשע געטאָן זאָיאַ.

דער וואַלד־וועכטער האָט פאַרלאָשן דעם לאָמפּ, אָבער דאָס בלויע ליכט פון די אויטאָ־לאַמטערנס האָט שוין געשלאָגן אין די לאָדנס. איבער דער כאַטע האָבן זיך ציטעריק געשלײַכט גרויסע שוואַרצע שאָטנס. אַלע מוסיאַס קליידער האָבן זיך געלופּטערט אין באָד. אַראָפּשפּרינגענדיק פון בעט, האָט זיך דאָס מיידל געוואָרפן איבערן צימער זוכנדיק אין דער פינצטער דאָס פעלצל, אָדער כאָטש אַ בלוזע. ניקאָלײַ האָט געטאָרעט טאָליאַן, אָבער אַ צעפּריִעטער פון דער ניט געוווינטער שטויביקער געמיטלעכקייט, האָט דער קליינער פאַרטיזאַן, שטענדיק אַזאַ וואַכזאַמער, בעשום אויפן ניט געוואָלט זיך אויפכאַפּן, ער האָט נאָר געברומט און געוואָרפן מיט די הענט.

ענדלעך האָט ער געעפֿנט די אויגן, אַראָפּגעשפּרונגען פֿון אייוועלע און זיך גלײַך געכאַפּט פֿאַרן געווער.

אויפֿן פֿאָרפֿרוירענעם גאַנעק האָבן הילכיק געטופּעט טריט. דער הונט האָט זיך אין דרויסן פֿאַרקײַכט אין בילן. דונערנדיק, ווי אַ קאַנאָנאַדע, האָט זיך אין דער אײַנגעשטילטער כאַטע דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר.

— אויפֿן בוידעם! — האָט אַ שעפּטשע געטאָן דער אַלטער און האָט צעעפֿנט די טיר אין פֿאָדערהויז.

מוסיאַ און טאַליאַ האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אַהין און אָנגעהויבן צו קלעטערן אויפֿן צוגעשטעלטן לייטער. אָבער ניקאָלײַ האָט געוואַרט, ווײַזט אויס ניט טרויערנדיק צופֿיל דעם וואַלד־וועכטער.

— צווייפֿל ניט, צווייפֿל ניט, — האָט געשעפּטשעט דער אַלטער שטופּנדיק אים צום לייטער. — איך בין דאָך אַ פֿאַרבינדלער, אַ פּאַרטיזאַנישער פֿאַרבינדלער. איך טאָר דאָך זיך ניט אויסגעבן. איך האָב אַ באַפֿעל זיך צו כאַווערן מיט די דײַטשן.

אין טיר האָט מען שוין געקלאַפּט אומגעדולדיקער. אין לאָדן האָט מען געהאַקט מיט עפּעס אַ שווערער זאַך. דעם הונטס בילן איז דערגאַנגען ביז צו דער העכסטער נאָטע, אָבער עס האָבן אָפּגעשאָלט אַ פּאָר טויבע שאָסן און דאָס בילן האָט זיך גלײַך אָפּגעהאַקט.

— שוין, גלײַך, עס טראָגט אײַך אַרום אין די נעכט! — האָט הויך אויף אַ קאָל געוואָרטשעט דער וואַלד־וועכטער, שטופּנדיק מיט אַלע קויכעס ניקאָלײַען צום לייטער.

— געדענק, טאָמער וואָס, וועלן מיר צוזאַמען אַרויספֿליִען אין הימל אַרײַן. — האָט געשעפּטשעט דער פּאַרטיזאַן.

מיט עלאַסטישע שפּרונגען פֿון אַ ספּאָרטלער האָט ער זיך אויפֿגעהויבן אַרויף און גלײַך נאָך זיך אַרויפֿגעשלעפּט דעם לייטער.

די לעוואָנע האָט דורכן בוידעם־פֿענצטערל אַרײַנגערוקט אַ קאַלטן שאַרפֿן שטראַל. ער האָט באַלויכטן אַ פֿאַרשטויבטן קוימען פֿון ציגל, בעריאָזע־בעזעמער, וועלכע זײַנען פֿאַרלעכווײַז געהאַנגען אויף אַ דרענגל.

ניקאָלײַ, מוסיאַ און טאַליאַ האָבן זיך ענג צונויפֿגעטוליעט. זייער אויפֿגערעגטער אָטעם האָט זיך מיט אַ פּראַסטיקן וואָלקן אָפּ־

גערדיסן פון די ליפּן און זיך פֿאַרביק איבערגעגאָסן און זיך גע־
קרײַזלט אין דעם בלויען אומהיימלעכן שײַן.

די פּאַרטיזאַנער האָבן פֿאַרכאַפּט מיט זיך דאָס גאַנצע געווער,
אָבער אָנטאָן זיך האָט קיינער פֿון זיי ניט באַוויזן. ניקאָלײַ איז
געווען אָנגעטאָן וואַרעמער פֿון די איבעריקע, ער האָט געטראָגן
וואַטאָווע הויזן, טאָליאַ איז געווען בלויז אין אונטערוועש, און
מוסיאַ — אין אַ לאַנגער נאַכט־העמד. שטאַרק איבערראַשטע, האָבן
זיי אין די ערשטע מינוטן ניט געפֿילט קיין קעלט. מיטן געווער
אין די הענט האָבן זיי זיך אײַנגעהערט צו די שטימעס, וועלכע
האָבן זיך צו זיי דײַטלעך דערטראָגן דורך די שפּאַלטן פֿון באַלקן,
און זיי האָבן זיך אָנגעשטרענגט צו דערגיין, וואָס ס'איז געשען:
איז דאָס אַ צופֿעליקער וויזיט פֿון די ניט־געבעטענע געסט, אָדער
אַ פּאַסטקע, וועלכע ס'האָט פֿאַר זיי צוגעגרייט דער וואַלד־וועכ־
טער? און די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך געגרייט טײַער צו פֿאַרקויפֿן
זייערע לעבנס.

דער געשפּרעך, וועלכן זיי האָבן געהערט, האָט זיי ביסלעכ־
ווײַז איבערצײַגט, אַז דאָס אָנקומען פֿון די דײַטשן איז אַ צופֿע־
ליקייט און דער באַלעבאָס האָט גאָרניט בעדייע אַרויסצוגעבן זײַ־
נע געסט. זייער געשפּאַנטקייט האָט נאָכגעלאָזן. און דאָן ערשט
האָט דער אײַז־קאַלטער גליווער פֿון דעם שטאַרקן נאַכט־פֿרעסטל
זיך אײַנגעביסן אין די קערפּערס, צעהיצטע פֿון באָד און פֿון דער
ניט געוווינטער שטוביקער וואַרעמקייט. אַן אומבאַזיגבארער פֿראָס־
טיקער ציטער האָט באַהערשט זייערע מוסקולן און די ציין האָבן
קעגן ווילן אָנגעהויבן צו פּויקן אַזוי איבלדיק דראָבנע. וואַרעמענ־
דיק איינער דעם צווייטן האָבן זיי די גאַנצע צײַט זיך אײַנגעהערט
צו דעם וואָס עס קומט פֿאַר אונטן.

ריכטנדיק זיך לויט די שטימעס און טריט האָבן אין דער כאַ־
טע געזאָלט זײַן אַ פֿינף־זיבן דײַטשן. אַ טייל פֿון זיי זײַנען פֿאַר־
בליבן הינטער דעם וועגטל אין קיך, און צוויי, צווישן זיי איינער,
וואָס האָט גערעדט אַ געבראָכענעם רוסיש, זײַנען אַרײַן אין עס־
צימער, וואָס האָט זיך געפֿונען פּונקט פֿון אונטן ווו עס זײַנען גע־
זעסן צונויפֿגעקאָרטשעט, די פּאַרטיזאַנער. דער וואָס האָט גערעדט
רוסיש, ווײַזט אויס אַ דאָלמעטשער, האָט געפֿירט אַ שמועס מיטן
וואַלד־וועכטער. די פּאַרטיזאַנער האָבן פֿאַרשטאַנען אַז דער אויטאָ

מיט די זעלנער איז געפאָרן פון עפּעס אַ „ספּעציעלער עקספּעדיציע" און די דערפרוירענע דײַטשן זײַנען אַרײַנגעגאַנגען זיך אָנװאַרעמען. דער װאָס האָט זיך באַזעצט אין עס־צימער איז געװען אַפּאָנעם דער הויפּט. ער האָט גערעדט אונטערן נאָז צעציִענדיק די װערטער. דער דאָלמעטשער װענדנדיק זיך צו אים האָט אים געטיטלט „מײַן אָפיציר". דער אָפיציר האָט געבעטן באַם װאַלד־װעכטער, לויטן דאָלמעטשערס פאַרטײַטשן „מאַכן דאָס װאַסער װאַרעם". די זעלנער האָבן זיך צעלייגט אין קיך, געקלאַפּט מיט קאָנסערװן־פּושקעס, געשניטן ברויט און זיך געװיצלט איבער דעם װעכטערס טאָכטער, װעלכע האָט, װי עס איז געװען צו פאַרשטיין פון די קלאַנגען, אָנגעגאָסן װאַסער אין סאַמאָװאַר.

שפּעטער האָט זיך פון דעם אויװן אָנגעהויבן צו שפּירן אַ געשמאַקער רייעך. די ציגל האָבן אָנגעפאַנגען עטװאָס זיך אָנצוװאַרעמען. ניקאָלײַ האָט אָנגעטאַפּט אַ פלאַץ, װאָס האָט זיך אָנגעװאַרעמט שנעלער און האָט דאָרט אײַנגעאָרדנט מוסיאַן און טאַליאַן. דאָס מיידל האָט אַראָפּגעצויגן דאָס העמד ביז איבער די פּיאַטעס, זיך אײַנגעדרייט אין אַ קנויל און האָט געאָטעמט אין די אײַנגעבויגענע קני. אין דעם כוישעך פון בוידעם, דורכגעשניטן פון אַן אײַזיקן שטראַל, האָט זי אויסגעזען װי אַ קליין שניי־בערגל. עס האָט איר געװאָרפן אַ קאַדאָכעס. טאַליאַ האָט זיך געלייגט אַף די װאַרעמע ציגל. ניקאָלײַ האָט זיך געזעצט אין אַ װינקל, דאָרט װוּ דער אויװן איבערגייענדיק אין קוימען, פאַרבייגט זיך אַף אַרויף און גייט צום דאַך.

— אַלס קליינער ייִנגל האָב איך, יאָלקי־פּאַלקי, געטרוימט צו פאָרן צום אַרקטיק. בין איך דאָס דאַן געװען אַ נאַר! — האָט אַ שעפּטשע געטאָן טאַליאַ קלאַפּנדיק מיט די ציין.

— און איצטער ביסטו עלטער געװאָרן און האָסט באַשלאָסן ניט צו פאָרן. ריכטיק! כאַפּט זי דער טײַװל, זאָלן דאָרט פרירן די װײַסע בערן! — האָט אַ שמייכל געטאָן ניקאָלײַ, אַרומנעמענדיק דעם ייִנגל.

— זײַט שטיל!... אוי, װען זאָיאַ זאָל זיך אָנשטויסן אײַנצוהייצן הייסער דעם אויװן. באַ מיר װערט די נעשאָמע פאַרװאַנדלט אין אַ שטיק אײַז. — האָט זיך אָפּגערופן מוסיאַ.

קלאַפּנדיק מיט די שטיװל איבער דער פאַרפרוירענער ערד

איז פֿאַרן הויז אומגעגאַנגען אַ וואָך־זעלנער. די לעוואָנע־שײַן האָט זיך לאַנגזאַם גערוקט איבערן בוידעם. די בעזעמער זײַנען שוין גע־ווען אין דער פֿינצטערער טייל און די שײַן האָט איצט באַלויכטן אַ גרויסן געפּלאָכטענעם קויש, ביז צו דער העלפֿט אָן אָנגעפֿילטן מיט גלעזערנע קליוקווע־קײַקעלעך. טאָליאַ האָט זיך אָפּגעריסן פֿון די הייסע ציגל, ער איז ווי אַ פֿויגל צוגעפֿלויגן צום קויש און זיך צוריקגעקערט מיט אַ פֿולן הויפֿן יאַגדעס, וועלכע ער האָט פֿאַר־טיילט צווישן זײַנע כאַווייריִם. אײַנהערנדיק זיך צו דעם, וואָס עס קומט פֿאָר אונטן, האָבן די פּאַרטיזאַנער געקײַט די קליוקווע־יאַג־דעס, אַזעלכע זויערע און קאַלטע, אַז פֿון זיי פֿלעגט די צונג פֿאַר־גליווערט ווערן. איצט, ווען די אָנגעהייצטע ציגל האָבן שוין אָנ־געהויבן צו אָטעמען מיט פֿילבאַרער אָנגענעמער וואַרעמקייט און עס איז געלונגען צו באַהערשן דעם איבלדיקן פּראָסטיקן ציטער, איז זייער אויפֿמערקזאַמקייט געוואָרן קאָנצענטרירט אַף דעם, וואָס עס קומט פֿאָר אונטן.

לויטן קלאַפּן פֿון די מעסערס און גאָפּלען, לויטן שיסן פֿון די קאָרקעס און קלינגען פֿון די גלעזער, איז געווען צו פֿאַרשטיין אַז דער אָפֿיציר האָט געגעסן אָוונטברויט אין דער געזעלשאַפֿט פֿון זײַן דאָלמעטשער. אין קיך — מיט געלעכטער און היצן — האָבן געפֿרעסן די זעלנער.

— זיי וועלן אונדז אויספּרירן, די גנידעס! — האָט געשעפּ־טשעט טאָליאַ אַרומנעמענדיק מיט די הענט דעם קוימען.

דער שמועס אין צימער איז וואָס אַמאָל געוואָרן טומלדיקער.

ציטערנדיק פֿאַר זאָיאַן האָט זיך מוסיאַ מיט שרעק צוגעהערט צום וויקועך. אָבער די גאַנצע צײַט האָט אָן אויפֿהער געוויינט דאָס קינד און די ווערטער פֿלעגן זיך פֿאַרלירן אין דעם קינדס פֿאַרקײַכטן געוויין. בלויז לויט די טענער האָט מען זיך געקענט אָנשטויסן, אַז דער דאָלמעטשער רעדט אײַן זאָיאַן זי זאָל טרינקען און יענע זאָגט זיך אָפּ. אָבער ענדלעך איז דאָס קינד אַנטשוויגן געוואָרן.

— דער הער אָפֿיציר דערקלערט, זאָל די פּאַני ניט טרינקען וואָדקאַ, זאָל די פּאַני איבערקערן, איבערדרייען מיט אונדז אַ בעכערל פֿראַנצויזישן קאָניאַק מאַרטעל... מאַרטעל... האַ... האַ.

— זאָגט אים, אַז איך טרינק ניט קיין קאָניאַק, איך טרינק גאָרניט: באַ מיר איז אַ ברוסט־קינד, איר זעט דאָך? דער דאָקטער

האט מיר פארווערט, איר פארשטייט, דער דאקטער האט פארבאטן, — האט זיך געהערט זאיאס פיינפולע שטימע.

— דער הער אפיציר בעט די ליבנסווירדיקע פאני, זי זאל זיך אליין אוועקזעצן בא אונדזער טיש. דער הער אפיציר האט כיישעק אויסצוטרינקען ריטערלעך פאר דער פאניס געזונט. ביטע זייער, מיר בעטן, מיר האבן צו אייך א באקאשע, זייער א דרינגלעכע.

— א, גאט, איך קען דאך ניט, איר פארשטייט, איך טאר ניט: איר זעט דאך, מיין קינד איז קראנק... פארשטייסט דען ניט דו, גוילעם, מיין קינד, מיין זון, דער זאן, ווי איר רופט עס.

עס האט זיך דערהערט א קלאפ פון א געפאלענעם בענקל, א בראזג פון א צעבראכענעם טעלער און א פארקיכטער געוויין פון דעם קינד. מוסיאן איז קלאר געווארן אז זיי שלעפן זאיאן מיט געוואלד צום טיש. קעדיי ניט צו שרייען, האט דאס מיידל פארביסן איר ליפ. עס האט זי ווידער באהערשט יענער געמישטער געפיל פון שרעק, עקל און הילפסלאזיקייט, וועלכן זי האט איבערגעלעבט דאן, באהאלטנדיק זיך אין מיטראפאן איליטשעס שטיבל. עס איז איר פלוצים אן א פארוואס געקומען אפן געדאנק, אז דארט אין צימער הענגט מאטראנא ניקיטיטשנאס בילד, אויסגעשניטן פון א זשורנאל, און פון דעם איז איר באפאלן נאך א גרעסערער פאכאד.

— וואס טוט מען, וואס הייבט מען אן צו טאן? עפעס מוז מען דאך טאן! — האט זי יאמערלעך געשעפטשעט.

— מען וואלט באדארפט א רוק טאן אהין א פאר גראנאטן!

— האט געשעפטשעט מיט אויפרעגונג טאליא, מיט זיינע בלויגעווארענע ציטערנדיקע ליפן.

ניקאליי האט זיך צוגעבויגן צום פאל. קיין קעלט האט ער שוין ניט געפילט. ער האט איצט געציטערט פון עפעס אנדערש. דער סוינע געפינט זיך דערנעבן. מען מוז עפעס אונטערנעמען. זיין מויעך האט פיבערדיק געארבעט. מיילע, דעם וואך־זעלנער וואס שטייט אונטערן פענצטער וועט זיכער נישט זיין שווער אפצוראמען מיט א געלונגענעם אויטאמאטן־שאס. די סופיטברעטער זיינען נישט צוגעקלאפט, זיי קען מען אראפנעמען. צוויי גראנאטן וועט גענוג זיין. אבער וואס טוט מען מיט די באלעבאטים? זיי וועלן דאך

אויך אומקומען. און נאָך אַ זאַך: דער אַלטער האָט אין דער לעצ־טער רגע אַ שעפּטשע געטאָן, אַז ער איז אַ פאַרבינדלער פון די פּאַרטיזאַנער. מעג מען דען, פאַרפירנדיק אַ געשלעג, איבעררײַסן אַ פּאַרטיזאַנישע פאַרבינדונג? מעג מען דען צום ווינטער איבער־לאָזן דעם אומבאַקאַנטן פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד אָן אַ בעקערײַ און אָן אַ וועשערײַ?

ווען ניקאָלײַ האָט נאָך געאַרבעט אין דעם קאָמיוג־קאָמיטעט, איז ער געוווינט געווען צו קאָנטראָלירן זײַנע געפילן און שטרע־בונגען מיט דער הילף פון סייכלדיקע אַרגומענטן. און ער האָט דערשטיקט אין זיך דעם ברענענדיקן פאַרלאַנג שוין איצט, אָפן אָרט מיט אָן אומדערוואַרטעטן קלאַפּ זיך אָפּצורעכענען מיט די אומגעבעטענע געסט. אײַנהערנדיק זיך צו די קלאַנגען, וואָס האָבן זיך דערטראָגן פון אונטן, האָט ער מעכאַניש געוואָרפן אין מויל אַרײַן די פאַרפרוירענע זויערע יאַגדעס.

— לאָמיר אַ שלײַדער טאָן, וואָס? לאָמיר! — האָט געשעפּ־טשעט טאָליאַ; ער האָט שוין אַרײַנגעלייגט די צינדערס און האָט דער געפרוירענער ערד, אונטן האָבן געהודיעט די שטימען פון די

אָפן הויף האָבן געסקריפּעט דעם וואַך־זעלנערס טריט איבער געדרייט די גראַנאַטן אין די הענט. — ווי נאָר די אַלטע מיט דער יונגער וועלן אַרויסגיין, וועלן מיר אַ שלײַדער טאָן! וואָס? נו, וואָס אַרט עס דיר?

— גיב אַהער, — האָט באַפוילן ניקאָלײַ.

ער האָט צוגענומען די גראַנאַטן און פאַרזיכטיק זיי אַוועקגע־לייגט אָפן קוימען, לעבן זיך. שפּעטער האָט ער זיך באַטראַכט, אַ טאַפּ געטאָן די וואַרעמע ציגל און האָט אַנידערגעלייגט די גראַ־נאַטן בײַ זיך צופוסנס.

די לעוואָנע־שײַן האָט פאַרענדיקט איר האַלבן קרײַז און איז פאַרשוווּנדן. בלויז דאָס בוידעם־פענצטערל האָט נאָך געשײַנט בלוי־לעך און קיל, און פון דעם איז אָפן בוידעם געווען נאָך פינצטערער. די פּאַרטיזאַנער זײַנען געזעסן אָפן אָפּגעקילטן קוימען ענג צוגעצ־טוליעט איינער צום צווייטן. איצט האָבן זיי אַפילו ניט געפּרוווט קעמפן מיטן פראָסטיקן ציטער, וואָס האָט זיי באַהערשט. זייערע ציין האָבן פיבערדיק געקלאַפּט.

פּײַנטלעכע זעלנער, און עס האָט זיך געהערט ווי מיט אַ כראָמשטשען קייט ניקאָלײַ די געפּרווירענע יאַגדעס.

ווי לאַנג זיי זײַנען אַזוי אָפּגעזעסן, האָט מוסיאַ ניט געוווּסט. ווען אונטן האָט זיך ענדלעך דערהערט דאָס סקריפּען פון דער טיר און דאָס טופּען פון פיס אין פּאָדערהויז, איז זי ניט געווען בעקויעך זיך אויסצוגלײַכן און איז געבליבן זיצן אַן אײַנגעקאָרטשעטע. דער קערפּער האָט ניט געפאָלגט, די הענט און די פיס האָבן זיך געטרייסלט אין אַ אומבאַצוימטן קאַדאָכעס. ערשט דאַן ווען אָפן הויף האָט אָנגעפאַנגען צו גיסן, פאַרכקען און שפּעטער אַ רעווע געטאָן דער מאָטאָר, איז איר געלונגען מיט ניקאָלײַס הילף אויפצושטעלן זיך אַף די פיס. טאָליאַ הענגענדיק אַף די הענט אין דער בוידעםעפענונג, האָט זיך שוין געגרייט אַראָפּצושפּרינגען אין פּאָדערהויז.

— איר לעבט דאָרט? לאָזט זיך אַראָפּ, עס האָט זיי שוין אָוועקגעטראָגן! — האָט זיי פון אונטן גערופן דער באַלעבאָסטעס אויפגערעגטע שטימע.

אויגנבליקלעך איז געוואָרן אַראָפּגעלאָזט דער לייטער. בעייס מוסיאַ, נאָך אַלץ ניט קומענדיק צו זיך פון איר פאַרגליווערונג, האָט זיך אומגעלומפּערט אַראָפּגעלאָזט פון לייטער, איז ניקאָלײַ אַראָפּגעשפּרונגען און האַלטנדיק גרייט דאָס געווער איז ער צוזאַמען מיטן יונגן פּאַרטיזאַן אַרײַן אין כאַטע.

אין דער קיך, וואָס איז ערשט געווען אַזוי ריין און צוגערוימט איז אַלץ געווען צעשלײַדערט, פאַרמיסטיקט מיט שטיקער פּאַפּיר, מיט איבערגעבליבענער שפּײַז און מיט אַש. עס האָט זיך געפילט אַ געדיכטער רייעך פון אַ שלעכטן, פרעמדן טאַבאַק און מיט צעווייקטן ערזאַץ־לעדער און נאָך מיט עפּעס אַ שאַרפן אומבאַקאַנטן רייעך, — מיט איין וואָרט, עס האָט זיך געפילט דאָס וואָס מוסיאַ האָט פון איר ערשטער באַגעגעניש אָן מיט די פרעמדע זעלנער אָנגעפאַנגען צו באַטראַכטן פאַר אַ פּײַנטלעכן רייעך.

און בעייס די פּאַרטיזאַנער האָבן גענישטערט אין די ווינקלען, איז דאָס מיידל אַרײַנגעלאָפן אין צימער. דאָ באַם טיש מיט רעשטלעך פון רײַכע מײַכאָלים איז געזעסן זאָיאַ, אַ בלאַסע, אַן אומבאַוועגלעכע מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און אויגן אָנגעשטעלטע אַף איין פּונקט. אירע גרויסע אויגן זײַנען געווען פול מיט אַ טויבן יאָמער.

מוסיא האט זיך אפגעשטעלט לעבן איר נײַער באַקאַנטער מוי־רע האַבנדיק זי צו באומרויִקן. ענלעך האָט זאָיאַ אויפגעהויבן איר קאָפּ. זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט, ביידע האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן איינע צו דער צווייטער, זיך אַרומגענומען און האָבן זיך ביטער און הילכיק צעוויינט. די פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן זיך באַוויזן אין טיר, דערזעענדיק זיי, זײַנען שטיין געבליבן, דערנאָך האָט ניקאָלײַ זיך צוריקגעצויגן, זאָגנדיק שטיל צו טאַליאַן:

— עס איז אַ ווײַבערישער איניען, זיי וועלן זיך אויסוויינען אָן אונדז!

— איך קען ניט, מער קען איך שוין ניט... איר האָט דאָך געזען. זיי קומען צופאָרן אָפּט אַהער — האָט געשעפּטשעט די פרוי טרייסלענדיק זיך פון געוויין.

מוסיאַ האָט געפּרוווט זי טרייסטן, אָבער דער פּראַסטיקער ציטער האָט זי אַזוי געשלײַדערט, אַז זי איז ניט געווען אימשטאַנד אַרויסצוברענגען אַ מענטשלעכן קלאַנג.

— זיי זיצן דאָ און טרינקען, כראַמשקען, לאַכן, און איר דאַרט אַפּן פּראַסט, אין אַ בלויז העמד. איך האָב געהערט ווי איר זײַט אומגעגאַנגען איבערן סופיט, האָב איך זיך אַפילע איבערגע־שראָקן, אַז זיי וועלן דערהערן. שפּעטער זײַט איר שטיל געוואָרן... טראַכט איך: זײַט איר עפּשער פאַרפרוירן געוואָרן? אַ שרעק, וואָס איך האָב איבערגעלעבט! — די יונגע באַלעבאָסטע האָט זיך צו־גערוקט צום מיידל, אירע אומרויִקע אויגן האָבן געבעטן, געמאָנט, געפאָדערט, — איר וועט מיך מיטנעמען מיט זיך? איר הערט, איר טאָרט מיך ניט איבערלאָזן דאָ, איך בין דאָך אַן אַלמאָנע פון אַ קאָמאַנדיר פון דער גרענעץ־וואַך.

די אַלטע באַלעבאָסטע איז געשטאַנען לעבן מוסיאַן און האָט זיך באַמיט אַרויפצוואַרפן אַ פּעלצל אָף אירע קסלען.

— טוט זיך אָקערשט אָן! עס איז דאָך אַזאַ קעלט! די יאַטן האָבן שוין גענומען אַ קאָפּעטשקע, וואָלט איר זיך אויך דערוואַ־רעמט... איך בין דאָך דאָ צוליב אײַך שיר ניט אויסגעגאַנגען.

פון שכיינעסדיקן צימער האָט זיך דערהערט אַן אומרויִקע פראַגע:

— באַלעבאָסטע, און ווו איז דער אַלטער?

שוין אַן אָנגעטוענער, פּעסט אַרומגעגאַרטלט איז געשטאַנען

ניקאָלײַ פאַרשטעלנדיק מיט זײַן פיגור די גאַנצע טיר. שטרענג און פאָרשעריש האָט ער געקוקט אױף דער אַלטער. פון הינטער זײַן פּלײצע האָט אַרויסגעקוקט טאַליאַ שוין אָן אַנגעטועניער, גרייט צום וועג.

— ער איז אַוועקגעפאָרן אַרויסבאַגלייטן זיי... יענע ביז צום קרייץ־וועג — האָט פּאַשעט געענטפערט די אַלטע.

זאַיאַ איז אַרויסגעגאַנגען פון הינטערן פּאָרהאַנגל, וווּ מוסיאַ האָט זיך אָנגעטאָן און האָט אין אײַלעניש אויפגעקלערט:

— איר, זײַט מויכל, צווייפלט ניט, דער פאָטער האָט אַזאַ אויפגאַבע. מען האָט אים באַפוילן אָנצוהאַלטן באַציִונגען מיט די דײַטשן... עס איז שרעקלעך. דאָס איז נאָך ערגער ווי קעמפן, — אָנצוהאַלטן באַציִונגען מיט זיי. אַ פאַרשאָלטענע אַרבעט. מענטשן טראַכטן גאָט ווייס וואָס וועגן אים.

פון דער קליינער פּרויס אויגן, אַזעלכע טיפע, שוואַרצע, האָט זיך אַרויסגעלויכטן אַזאַ אויפריכטיקער פּאַכאַד, אַז די אָנשטרענגונג איז זיך צעגאַנגען פון זיך אַליין. פון הינטערן פּאָרהאַנג איז אַרויסגעגאַנגען מוסיאַ. אַ שלאַנקע, אַן אונטערגעצויגענע, מיט אַ געדיכטן היטל בלאָנדע געקרײַזלטע האָר האָט זי הײַנט, מער ווי שטענדיק, געמאַכט אַן אײַנדרוק פון אַ ביינעוודיקן אַזעסדיקן יונגאַטש.

— איר וועט מיך מיטנעמען מיט זיך, יאָ? — האָט געפרעגט זאַיאַ.

מוסיאַ האָט אַראָפגעלאָזט די אויגן, דערנאָך האָט זי זיי לאַנגזאַם אויפגעהויבן און קוקנדיק גלײַך אין פּאָנעם דער יונגער פרוי, האָט זי מיט גרויס מי אָבער פעסט אַרויסגערעדט:

— ניין! — דערזעענדיק אָבער ווי טרערן האָבן אויגנבליקלעך אָנגעפילט די פאַרפײַניקטע אויגן, האָט זי שוין ווייכער צוגעגעבן: — מיר טאָרן ניט, מיר האָבן ניט קיין רעכט; מיר פירן דורך זייער אַ וויכטיקע אויפגאַבע.

— מוסיאַ! — האָט אַרויסגערעדט ניקאָלײַ מיט אַ וואָרענונג.

— זייער אַ וויכטיקע אויפגאַבע, — האָט נאָך פעסטער איבערגעכאַזערט דאָס מיידל, — און מיר טאָרן קיינעם ניט מיטנעמען מיט זיך, אָפילע די בעסטע, די געטרײַסטע.

זאַיאַ איז געבליבן שטיין אַ דערשלאָגענע. שפּעטער איז זי

אַוועק הינטערן פאַרהאַנג און האָט זיך דאָרט געפּאָרעט אַ שטיקל צײַט און דערנאָך זיך אומגעקערט טראָגנדיק אַן אַלטן שוואַרצן שאַל און שפּאָגל־נײַע וואַליקעס.

— נעמט עס, באַ אײַך איז אַ קלײנע פוס, וועט אײַך זײַן אַקוראַט, — האָט זי געזאָגט לײגנדיק דאָס אַלץ פאַר מוסיאַן און וואַרפנדיק אַ בליק אַף איר מוטער, וועלכע איז געשטאַנען מיט שטרענג צונויפגעפּרעסטע ליפּן און האָט מיט אומצופרידנקײט געקוקט אַף איר, האָט זי צוגעגעבן — זײ איז דאָס נײטיקער, דו הערסט, מאַמע, זײ איז דאָס נײטיקער ווי מיר.

אין פאָדערהויז האָבן זיך דערהערט ווײכע טריט. ניקאָלײַ האָט זיך אַ ריר געטאָן צו דער טיר און איז פאַרגליווערט געוואָרן באַ דער ראָם מיט די פינגער אַרויפגעלײגט אַפן הענטל אַפּו גראַנאַט. עס האָט זיך באַוויזן דער וואַלד־וועכטער. וואַרפנדיק אַ קרומען בליק אַפן פּאַרטיזאַן האָט ער אַ שמײכל געטאָן מיד און אומעטיק:

— אָפּשטעלן... רויק שטײן...

ער האָט שלײַדער געטאָן זײַנע הענטשקעס אַף אַ באַנק, צע־קנעפּלט דאָס פּעלצל און מיט אײן אָטעם אויסגעטרונקען אַ גאַנץ קענדל וואָסער. באַקוקנדיק די אָנגעטועגע געסט האָט ער געזאָגט:

— שויך גרײט? זײער וויל!... דער דאָלמעטשער, אָך איז דאָס אַ שטיק געשוויר... די גאַנצע צײַט מיך אויסגעפרעגט וועגן דעם ברויט: צוליב וואָס, פרעגט ער, האָט מען אַזויפיל אָנגעבאַקן? זאָג איך: אַ מיסכער וויל איך מאַכן, פּריוואַטע איניציאַטיוו און אַזוי ווײַטער אין דעם זין... זײ האָבן דאָס ליב. אָבער, צי האָט ער מיר געגלויבט, אָדער נײן, דאָס ווײס איך ניט. איר גײט בעסער אַוועק, קײן בײזע שאָ זאָל ניט טרעפן... אָט וואָס!

אין דער צײַט, וואָס דער אַלטער האָט אויסגעמאָשלט ניקאָ־לײַען דעם וועג און טאָליאַ איז אַוועק אין וואַלד אויסגראָבן דעם זאַק, איז מוסיאַ געזעסן פאַרטראַכט אַף דער באַנק און אָן אויפהער געקוקט אַף מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַס באַלד. זי האָט ניט געקענט זיך אײַנהאַלטן און איז צוגעגאַנגען צו דער עלטערער באַלעבאָסטע:

— שענקט עס מיר, איך בעט אײַך זײער.

— צו וואָס דאַרפט איר עס? — האָט זיך יענע פאַרוווּנדערט, אָבער אַף אַן ענטפער האָט זי ניט געוואַרט, אַראָפּגענומען פון דער

וואַנט דעם צוגעקלעפּטן מיט ווייכן ברויט, באַפּלעקטן פון פליגן געל־געוואָרענעם בילד און האָט עס דערלאַנגט דעם מיידל.

שוין אין טיר, באַם געזעגענען זיך האָט פּלוצים דער וואַלד־וועכטער אַראָפּגעשלעפּט פון ניקאָלײַס קאָפּ די פּילאָטקע און אים אָנגעטאָן זײַן קודלוואַטע קוטשמע פון האָזן־פעל. ער האָט אַ קלער געטאָן און אויך אים צוגעגעבן אַ פּאָר הענטשקעס, גרויסע, צונויפ־געניייטע און פאַרלאַטעטע מיט אַרויסגעקראָכענע שטיקער וואַטע.

— גיט איבער דאָרטן, אַז דאָס פאָלק האַלט זיך... וואַרט, ציילט די שאָען און די רעגעס. זאָל שוין זײַן וואָס שנעלער... אַט וואָס!

אין פינצטערן פּאַדערהויז האָט זאָיאַ אַרומגעכאַפּט מוסיאַן, זיך צוגעטוליעט צו איר און אַרײַנגעשעפּטשעט גלײַך אין אויער אַרײַן הייס און אויפגעברויזט:

— איך וועל סײַ ווי אַוועקגיין, אַז מען וועט פון וואַלד אָנ־קומען נאָכן ברויט, וועל איך מיט זיי טאַקע אַוועקגיין.

דאָס מיידל האָט שווײַגנדיק אַ דריק געטאָן אירע דינע, קאַל־טע פינגער.

באַם אויסבייג פון דעם וועג האָט זיך מוסיאַ אומגעקוקט. אין דער טונקעלער שײַן פון אומהיימלעכן האַרבסטיקן פרימאָרגן, וועל־כער האָט צונויפגעקאָוועט די ערד מיט אַ שטאַרקן פרעסטל, איז געשטאַנען אָפן גאַנעק פון דעם וואַלד־וועכטערס שטיבל אַ דאַרע, טרויעריקע פרוי. זי איז געשטאַנען אין אַ פאַרטראַכטער פּאָזע און האָט צעשטרײַט געקוקט ערגעץ אַראָפּ. שפּעטער, ווי זי וואָלט זיך דעצידירט אָף זייער אַן ערנסטן שריט, האָט זי זיך אויסגעגלײַכט און שטאָלץ פאַרוואָרפן איר קאָפּ.

מוסיאַ האָט צו איר ליבלעך אַ פאָכע געטאָן מיט דער האַנט.

ווײַזט אויס, אַז דער וואַלד־וועכטער האָט טאַקע בעעמעס געהאַט ריכטיקע יעד׳עס וועגן דער לאַגע אַף די פראָנטן. ווען מיט עטלעכע טעג שפּעטער זײַנען די וואַנדערער אַרויס פון דער מענטשנלאָזער וויסטעניש פון דעם וואַלד, ווו אַף דעם ניט־געטראָטענעם באָדן האָט מען געקענט מערקן בלויז וועלפישע, פוקסענע און האָזן־שפּורן, און זײַנען אַרויסגעקומען צו אַ באַוווינטער געגנט, דורכגעשניטן מיט וועגן, האָבן זיי טייקעף באַמערקט בוילעט דײַטלעכע סימאָנים פון יענער גרויסער שלאַכט, וועלכע די סאָוועטישע אַרמיי האָט געפירט אַפן גיגאַנטישן פראָנט.

שפּאַנענדיק צווישן געדיכטע קוסטעס האָבן זיי פון דערווײַטנס אָבסערווירט צוויי קעסיידערדיקע, קעגנזײַטיקע לאַסט־שטראָמען. פון דער רעכטער זײַט זײַנען געגאַנגען אַף מיזרעך באַפּאַרבטע מיט ווײַס־ברוינע פלעקן — טאַנקען, לאַסט־אויטאָס ענלעכע אַף פּרעסאײַזנס, אומענדלעכע צוגן פון מאַשינען פון אַלערליי מאַרקעס און סיסטעמען. אויסגעצויגן אַף לאַנגע קילאָמעטערס האָבן זיך גערוקט אינפאַנטעריע־אָפּטיילונגען. זיי אַנטקעגן האָבן זיך אָן אונטערברוך געצויגן מאַשינען פון די זעלבע מאַרקעס און סיסטעמען. אָבער וואָס איז פון זיי געוואָרן ?! ריזיקע שלעפּ־טראַקטאָרן האָבן געצויגן נאָך זיך אוממעכטיקע גופים פון אונטערגעשלאָגענע טאַנקען. דיזעל־לאַסט־אויטאָס האָבן געטראָגן אַף זייערע מעכטיקע רוקנס רעשטלעך פון צעקאַליעטשעטע געפּאַנצערטע טראַנספּאָרטירער. וויגנדיק זיך לאַנגזאַם אַף די פאַרהאַרטעוועטע פון פראָסט גריבער, האָבן זיך געשלעפּט איבערגעדעקטע אויטאָ־פורגאָנען. אַף די ברעזענטענע צודעקן זײַנען געווען אויסגעמאָלן אַף שנעל, ניט גענוט, רויטע קרייצן.

יאָ, דער וואַלד־וועכטער איז געווען גערעכט. ערגעץ דאָרט, ווײַט אַף מיזרעך האָט געאַרבעט אַ גיגאַנטישע קריגס־מאַשין, און אַלץ, וואָס האָט געשטראָמט אַף איין זײַט, פון דעם מיט קלעצער איבערגעדעקטן וועג, פול מיט קויעך, קראַפט, נײַ, פינקלענדיק, אַהין אַף די פעלדער פון די גיגאַנטישע שלאַכטן, איז אַף דער צווייטער זײַט פון דעם זעלבן וועג געקראָכן צוריק צעשעדיקט, צע־קאַליעטשעט און צעבראָכן. די פרײַנט פלעגן אָפטמאָל אַ לאַנגע צײַט באַטראַכטן די טאָפּלטע באַוועגונג און עס האָט זיך זיי גע־דוכט, אַז דאָס ציִען זיך צוויי סטענגעס פון עפעס אַ ריזיקן קאָנ־ווייער. און די פאַרטיזאַנער פלעגט ווערן פריילעך אָפן האַרצן, פונקט ווי זיי וואָלטן מיט זייערע אייגענע אויגן געזען די זיגרײַכע העלדן־טאַטן פון דער סאָוועטישער אַרמיי.

און אין דער פרייד האָבן זיי געשעפּט קויעך און מוט.

קיין עכטער שניי איז נאָך נישט אויסגעפאַלן, אָבער דער ערשטער אויסשיט, וועלכער האָט באַדעקט די פאַרפרוירענע ערד האָט זיך פעסט געהאַלטן און פלעגט נישט צעגיין אַפילע באַטאָג. דער שוואַרצער וועג האָט זיך שוין געענדיקט און יעדער טראָט פלעגט זיך אָפּשטעמפּלען מיט אַ בוילעט אַנזעעוודיקן שפור. די פראַקטיק האָט אונטערגעזאָגט די פאַרטיזאַנער, אַז אין די וועלדער נויגן זיך די דײַטשן קיינמאָל נישט אָפּ אין אַ זײַט פון דעם וועג. קעדיי זיך צו באַוועגן שנעלער און נישט דאַרפן זיך דורכרײַסן דורך די וואַלד־געדיכטענישן האָט ניקאָלײַ פאַרגעשלאָגן צו גיין לענגויס די פײַנטלעכע קאָמוניקאַציעס, האַלטנדיק זיך פון זיי אַף אַ בעקאָוועדיקער דיסטאַנץ. דאָס איז געווען פראַקטיש אויך פון דעם שטאַנדפונקט, אַז די צופעליק באַמערקטע שפורן נישט ווײַט פון דעם וועג, זאָלן נישט רופן די אויפמערקזאַמקייט. אַף נאַכט־לעגער, מען זאָל קענען פונאַנדערלייגן אַ שײַטער, פלעגן זיך די פרײַנט דערווײַטערן פון וועג אַף אַ דרײַ קילאָמעטער אין אַ זײַט און זיך אײַנאָרדענען ערגעץ אין אַ גראָבן אָדער פאַרקריכן אין אַ געדיכטעניש.

איצט איז זיי אויסגעקומען צו זײַן די גאַנצע צײַט זייער וואָכ־זאַם. באַם שלאָפן גיין האָט מען יעדן מאָל איבערגעלאָזט אַ וועכ־טער. דער וועכטער פלעגט אָנהאַלטן דאָס פײַער פון שייטער, אַכ־טונג געגעבן אַז דער פלאַם זאָל נישט זײַן צו שטאַרק, געצווונגען

די שלאָפנדיקע זיך איבערצודרייען פון איין זײַט אױפן צווייטן און געקוקט, אַז פון די פּנקעס זאָלן זיך נישט אַנכאַפּן די קליידער. מען האָט געהאַלטן וואך צו צוויי שאָ יעדער נאָך דער ריי.

איינמאָל האָט זיך מוסיאַן געכאָלעמט: אין אַ פּראָסטיקן טאָג לויפט זי מיט אַלע אירע קויכעס אַף סקי איבער אַ שאַרף פינקלענדיקן, מיט זונען־שײַן פאַרגאָסענעם שנייִיקן טאָל. זי לויפט צו אַ באַרג, פון וועלכן זי דאַרף זיך אַראָפּגליטשן. און אָט איז דער באַרג, אַ מעשופעדיקער, אַ גלאַטער, ווי ער וואָלט געווען אַרומגעלעקט און אָפּגעפּאָלירט פון די ווינטן. די סקי זײַנען אַריבער איבערן באַרג־רוקן און פאַרשנעלערנדיק דעם גאַנג, גליטשנדיק זיך ראַשיק טראָגן זיי זי באַרג אַראָפּ. דער ווינט פײַפט אין די אויערן. עס פאַרכאַפּט דער אָטעם פון אַזאַ ווילדער באַוועגונג. און פּלוצלונג פילט מוסיאַ, אַז די סקי גליטשן זיך איר אַרויס פון אונטער די פיס. אָט־אָט, און זי וועט פאַלן, זיך אַ זעץ טאָן מיטן קאָפּ און וועט געהאַרגעט ווערן. זי ווערט פאַרגליווערט פון שרעק, מאַכט אַ קאָנווולסיווע באַוועגונג קעדיי זיך צו פאַרהאַלטן, אָבער פּלוצלונג דערפילט זי ווי אַ שטאַרקע האַנט נעמט זי אָן באַ דער טאַליע און דריקט זי צו זיך. מוסיאַ ווייס, וועמענס האַנט דאָס איז און איר איז ליב זיך אָנצושפּאַרן אַף איר. זיי טראָגן זיך צוזאַמען. די מוירע פאַרשווינדט. מעג דער באַרג זײַן נאָך מעשופעדיקער, די סקי מעגן לויפן נאָך שנעלער, זאָל דער שאַרפער שניי־פּולווער שטעכן איר פּאָנעם און זאָל פאַרפּעלן לופט צו אָטעמען — זי ווייס, אַז די האַנט, אַף וועלכע זי שפּאַרט זיך אָן וועט נישט דערלאָזן, אַז זי זאָל אומפאַלן, זי וועט איר דורכפירן דורך אַלע געפאַרן.

דאָס מיידל האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ געפיל פון גרויסער פרייד און מיט אַן אומרואיק קלאַפּנדיק האַרץ. דער שייטער האָט געברענט, אָבער קיין פלאַם האָט זיך נישט געזען. אַרום איז געווען אויסערגעוויינלעך העל און שטיל. עס איז געפאַלן אַ געדיכטער שניי, ער האָט שוין באַדעקט אַלץ: דאָס בערגל טרוקענע צווײַגן אָנגעגרייטע נאָך פון פאַרנאַכט, די ערד און די צווײַגן פון די ביימער. ווי מיט שטיקלעך ווײַסן קראָליק־פעל האָט ער אויך באַדעקט ניקאָלײַען, וועלכער איז געלעגן צונויפגעקאָרטשעט באַם שייטער, און טאַליאַ, וועלכער האָט געהאַלטן וואך, האָט מיט אַ

סאָסנע־צווײַג באַלעבאַטיש אַראָפּגעקערט דעם שניי פון זײַן עלטערן כאַווערס גוף.

די מעטושטעשע פרייד, וועלכע דער כאָלעם האָט איבערגע־לאָזט איז געוואָרן נאָך העלער פון דער פּלוצלונג אַנטפּלעקטער ווײַס־קייט און שטילקייט, פון דעם פּאַלנדיקן שניי. מוסיאַ איז אויפגע־שפּרונגען און, באַטראַכטנדיק דעם פאַרענדערטן וואַלד, האָט זי פריילעך אויסגעשריִען:

— איך באַגריס דיך מיטן ווינטער, יאָלאָטשקאַ!

— און איך באַגריס דיך מיטן יאָנטעוו פון דעם פינפונצוואַנ־ציקסטן יאָרטאָג פון דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטאָבער־רע־וואָלוציע? — האָט זי ערנסט אָפּגעענטפערט טאָליאַ.

אָבער ניין, ווי האָט דאָס פּאַסירט, אַז מוסיאַ האָט זיך גלײַך נישט דערמאָנט וועגן דער געשעענישן, וועגן וועלכן זיי האָבן אַזוי פיל גערעדט באַנאַכט? אַפן פרישן שניי־לײַלעך, אַף די ווײַסע קוסטעס האָט טאָליאַ פונאַנדערגעלייגט דעם פרישטיק, פאַרטיילט אַף דרײַ גלײַכע כאַלאָקים. צוליב יאָנטעוו האָט דער קליינער פאַר־טיזאַן צוגעגרייט דעם פרישטיק מיט אַ ברייטער האַנט: ער האָט אַרויסגעגעבן יעדן אַ דאָפּלטע פּאַרציע געריכערטע האָזן־פלייש און פאַרטיילט די רעשטלעך פון דעם לעצטן לאַבן ברויט, וועלכן דער וואַלד־וועכטער האָט זיי געשענקט. דער ליפּאַווער צוויט, מיט וועלכן זיי האָט פאַרזאָרגט באַם געזעגענען זיך דעם וועכטערס ווײַב האָט שוין געזידט אין קעסל און האָט פאַרשפּרייט אַ זומערדיקן האָניק־דופט.

די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך אָרומגעוואַשן מיטן פרישן שניי, מיט פאַרגעניגן פאַרשלונגען דעם יאָנטעוודיקן פרישטיק, און זיך מוטיק ווידער געלאָזט אין וועג.

די דײַטשע אויטאָס גליטשנדיק זיך אַפן נאַסן שניי האָבן הײַנט געקרעכצט אַף אומגעהויער הויכע קוויטשעדיקע נאָטעס. די פּאַרטיזאַנער זײַנען ווידער געגאַנגען פּאַראַלעל צום וועג און דאָס ווײַטע וואָיען פון די מאָטאָרן האָט זיי קעסיידער באַגלייט. דער יונגער שניי האָט געסקריפּעט אונטער די זוילן.

— מיר ווײַזט זיך אַלץ אויס, אַז הײַנט וועט אַפן פראָנט פאַרקומען עפּעס אַן אויסערגעוויינלעכע, אַ היסטאָרישע געשעעניש, — האָט געזאָגט מוסיאַ.

— מיר אויך, כאַווײרים, וואָלטן באַדאַרפט מיט עפּעס באַצייכענען דעם יאָנטעוו, — האָט געזאָגט ניקאָלײַ פאַרטראַכט.

— ריכטיק! — האָט אויסגעשריִען טאָליאַ אַן אָנגעצונדענער און איז אַפילע אונטערגעשפּרונגען שוין גאָר אַף אַ ייִנגלשן אויפן.

פון דער פריסטער קינדהייט איז ער געוווינט געווען מיט עפּעס באַצייכענען דעם טאָג — אין קינדערגאָרטן מיט אַ זאָרגעווודיק אויסגעמאָלענעם בילדל, אַף וועלכן מע האָט געקענט זען אַ טאַנק, וואָס שפּריצט מיט פײַער מיט אַ רויטאַרמייער אין אַ שפּיציקן העלם מיט פיס — צוויי שטעקעלעך און הענט, ווי גראַבלעס; אין דער שולע — מיט אַ גוטער אויסצייכענונג אין זײַן קלאַסיפיקאַציע־ביכל; און דעם פאָריקן יאָר — דורך באַדײַטנדיק איבערשטײַגן דעם פּלאַן פאַר פּראַקטישער אַרבעט אין צעך. דער קלײנער פאַרטיזאַן האָט געוואָלט מער פון אַלע, אַז אויך דאָ אין וואַלד, אָפּגעריסן פון די אייגענע, זאָלן זיי בלײַבן טרײַ דער רומפולער טראַדיציע און זיך אײַנשליסן צו די יעניקע, וועלכע וועלן פײַערן די גרויסע דאַטע הינטער דער פראָנט־ליניע.

מוסיאַ האָט זיך געפרייט אַף איר שטייגער. דער אָנגענומער כאָלעם, וועלכער האָט נאָך אַלץ אומקלאָר געלעבט אין איר זיקאָרן האָט זיך ווי ווײַטער געצויגן אין דעם פינקלענדיקן טאָג. דאָס האַרץ האָט באַ איר געקלאַפּט עפּעס גאָר אַף אַ נײַעם אומבאַקאַנטן אויפן ווען זי פלעגט ביגנייווע, פון אַ זײַט וואַרפן אַ בליק אַפן ברייטפלייציקן פאַרטיזאַן, וועלכער האָט געשפּאַנט אַ פאָר טריט פאַר איר. ניקאָלײַ האָט געשטעלט ברייטע טריט; די אַלטע האָזן־פעל הוט איז געווען פאַרוקט אָן אַ זײַט, די צעבונדענע אויערשיצער האָבן געסטאַרטשעט אין פאַרשיידענע זײַטן, דער בלאָנדער טשוב האָט געפלאָטערט אַפן ווינט.

הײַנט האָט ניקאָלײַען אַלץ געפרייט: דער גרויסער יאָנטעוו, דער יונגער ווייכער שניי, דער זאַטער פרישטיק, מיט וועלכן זיי האָט אָנגעהאָדעוועט דער עקאָנאָמישער טאָליאַ און אויך דאָס, וואָס מוסיאַ איז הײַנט עפּעס אויסערגעוויינלעך פריילעך, גייט אונטערזינגענדיק און קוקט אַף אים ליבלעך. דער פאַרטיזאַן האָט נישט געמערקט, אַז שוין פון לאַנג אָן פלעגט זײַן באַגלייטערנס שטימונג זיך אָפּשפּיגלען, ווי אין אַ שפּיגל, אין זײַן אייגענער נעשאָמע.

און דעם טאָג איז בעעמעס געווען אַזוי גוט, אַז אַפילע דאָס

וואָיען פון די מאַטאָרן, וועלכער האָט זיך קוים דערטראָגן צו זיי, איז נישט געווען בעקויעך אים צו פאַרכוישעכן. ווען די געלע זון האָט זיך אויפגעהויבן איבער די ביימער, האָט זיך דער הימל אײַנגאַנצן אויסגעלײַטערט. אָבער אַ לײַכטער פרעסטל האָט נישט דערלאָזט, אַז דער שניי זאָל צעגיין, און ער איז געלעגן אַ ווײַסער, אַ נישט גערירטער, פינקלענדיק אַ בלענדנדיקער אין די שאַרפע שטראַלן. ער האָט אַזוי ווי מיט פוטער פאַרשפרייט די ערד. ער האָט מיט הויכע קישעלעך באַדעקט די צווײַגן פון די קוסטעס, די סענקעס פון די ביימער און די אָפּגעזעגטע שטאָמען. פון אונטן איז דער שניי עטוואָס צעגאַנגען און האָט געשאַפן אַ דינעם אײַז־שיכט, און ווען מוסיאַ האָט געקוקט אַף דער זון דורך די ביימער, האָט זיך איר אויסגעדוכט אַז זיי זײַנען געמאַכט פון פאַרצעלײַ אָדער קרישטאָל.

און אַרום איז געשטאַנען אַזאַ שטילקייט, וועלכע קען זײַן נאָר באַם ערשטן שניי. בלויז דער גערויש פון פרעמדע מאַשינען האָט געוואָרנט צו זײַן אַף דער וואָך.

ניקאָלײַ האָט פאַרשטאַנען, אַז אָפּן פאַן פון דעם פאַרשנייטן וואַלד קען מען זיי לײַכטער באַמערקן און האָט דעריבער אָפּגעפירט זײַן אָטריאַד ווײַטער פון דעם וועג. מוסיאַ באַמיִענדיק זיך צו פאַרגעסן די נאָענטע שכיינעשאַפט פון דעם סוינע, האָט אָנגעהויבן ווידער צו דערמאָנען דעם כאַלעם, וועלכער האָט זי אויפגעברויזט. דער כאַלעם האָט אַזוי ווי איבערגעוואָרפן אַ בריקל צו דער צוקונפט — צו יענע טעג, ווען די מילכאָמע וועט זײַן פאַרענדיקט, עס וועט זיך אומקערן דאָס אַמאָליקע לעבן און מען וועט קענען אין די זונטיק־טעג זיך אָנטאָן וואַרעם, צובינדן צו די שיך לײַכטע גוט־אויסגעפּאָלירטע סקי און אַרויסלויפן אַף זיי הינטער דער שטאָט אין אַזאַ פרעכטיקן וואַלד, ווי דער. אָבער ווי ווײַט איז נאָך דאָס אַלץ! אָבער עס וועט דאָך אַזוי זײַן, עס איז נישט מעגלעך, אַז אַזוי זאָל נישט זײַן! און דאַן וועט זי זיכער כאַסענע האָבן מיט ניקאָלײַען. אַוואַדע אַזוי, וואָס פאַראַ אויסערגעווײנלעכעס איז דען פאַראַן אין דעם? זיי וועלן זיך לערנען צוזאַמען, צוזאַמען פאַרברענגען די אָוונטן באַ די באַליבטע ביכער, זיי וועלן זיך אַמפּערן איבער פּאָעזיע, גיין אין טעאַטער, צוזאַמען דערציִען די קינדערלעך...

און ווען מען אַרט עס, אויב זיי זײַנען פאַרשיידענע מענטשן. קיין שום אומגליק, זאָל ער זיך פאַרנעמען מיטן איבערפּעקלען די אַלע ביבערס, ווידרעס, יענאָטן, ווען מען אַרט עס, און זי וועט זינגען. קומענדיק אַהיים נאָך אַ געלונגענעם קאָנצערט, וועט זי אים דערציילן ווי וואָרעם מען האָט זי אויפגענומען, ווי מען האָט זי אַרויסגערופן נאָך און נאָך, וואָס פאַר אַ בוקעט בלומען מען האָט איר דערלאַנגט. און שפּעטער, ווען זי וועט שוין אַלץ אויסדערציילן, וועט ער ריידן וועגן נישט זייער פאַרשטענדלעכע און אַביסל מאָדנע, אָבער פונדעסטוועגן אינטערעסאַנטע זאַכן פון זײַן עקספּעדיציע אין ווײַטע געגנטן... ניין, זאָל דאָס נישט זײַן קיין עקספּעדיציע, עקספּעדיציע באַדײַט זיך צעשיידן אַף לאַנג, זאָל דאָס זײַן בעסער אַן אויסערגעוויינלעכע עקסקורסיע אין אַ וואַלד מיט זײַנע שילער. ניין, בעסער אפילע נישט מיט קיין שילער, נאָר מיט סטודענטן. ער וועט דאָך זיכער זיך נישט באַגרענעצן בלויז מיט אַן אינסטיטוט, ער וועט זיך לערנען ווײַטער, וועט ווערן אַ דאָצענט, אַ פּראָפעסאָר. ער איז אַ קלוגער, אַן אַקשאָנעסדיקער און אַ טאַלאַנטירטער. און ווי גוט ער קען און פילט די נאַטור! מוסיאַן דוכט זיך שטענדיק, אַז ער פאַרמאָגט זײַן אייגענע אַ צוגאָב־ריִע, אַ באַזונדערן געהער, אַ ספּעציעלן כוש. אין וואַלד זעט ער, הערט און פילט דאָס, וואָס אַנדערע באַמערקן אַפילע נישט. פאַר אים זײַנען די וואַלד־געדיכטענישן אַזוי ווי דורכזיכטיק. אַלזאָ, אויסגעצייכנט, אַזוי וועט עס זײַן — ער וועט זײַן אַ פּראָפעסאָר און זי אַ זינגערין. און פאַרוואָס זאָל אָס אַלץ נישט זײַן? זיי ביידע זײַנען דאָך נישט קיין צעקראָכענע פוילענצער — זיי קענען זיך דערשלאָגן צו זייער ציל. אָבער קעדיי דאָס זאָל געשען, מוז מען קוידעם קאָל געווינען די מילכאָמע... — נישט מער און נישט ווייניקער.

— ׳איז דען מעגלעך צו טרוימען וועגן עפּעס קאָלזמאַן אָט די אַ גייען אַרום איבער אונדזער ערד״ — דאָס מיידל כמורעט זיך אָן. אַריבערטראָגן די ווערטזאַכן איבערן פראָנט, אָט וועגן וואָס מען מוז איצט טראַכטן, נישט וועגן פאַרשיידענע נאַרישקייטן און קאָנצערטן״.

גוט וואָלט געווען נאָכן אָפּגעבן די ווערטזאַכן, זיך אומצוקערן צוזאַמען מיט ניקאָלײַען צו רודאַקאָוון, און אַזוי נישט צעשיידן זיך און צוזאַמען קעמפן ביז צום ניצאָכן. אָדער צושטיין צו וועלכע עס

איז מיליטערישע אָפּטיילונג, אָבער אומבאַדינגט צוזאַמען. דאָן איז שוין קיין שום ־מילכאָמע נישט שרעקלעך. מיט אַזאַ ווי ניקאַלײַ איז קיין זאַך נישט שרעקלעך. אַט שפּאַנט ער איבערן וואַלד, ווי אַ לעגענדאַרישער גיבער, אַ גרויסער, אַ ברייטפּלייציקער, טראָגנ־דיק לײַכט דעם זאַק אַף די פּלייצעס, און עס שיינט אַז ער באַמערקט גאַרנישט זײַן וואָג. הערסט, ער זינגט זיך אונטער אַפּילע עפּעס! אָבער אַ געהער פאַרמאָגט ער, מאַמע טײַערע, וואָס פאַראַ שלעכטער געהער! ווי קען גאָר געבוירן וועָן אַ מענטש מיט אַז געהער!

— אַ סאָלאָ אַף אַ סאַמאָוואַר־טרובע: פּירט דורך דער נישט איבערגעשטיגענער קינסטלער פון דעם אָרט — ניקאַלײַ זשעלעז־נאָוו, — מעלדעט מוסיאַ.

— דער הומאָריסט און סאַטיריקער מוסיאַ וואָלקאָוואַ וועט אויפטרעטן אין איר רעפּערטואַר — ענטפערט אַפּ קאַלטבלוטיק ני־קאַלײַ.

„ניין, דעם כאַוער זשעלעזנאָוו וועט מען הײַנט נישט צעטומ־לען. זשעלעזנאָוו וועט זיך נאָך הײַנט באַווײַזן". טראַכט ניקאַלײַ וועגן זיך אין דריטן פּערזאָן. ער האָט שוין פון לאַנג געטראַכט אי־בערצוצײַגן די כויזעקמאַכערקע, אַז עָר איז עפּעס ווערט, אָבער עס איז אַלץ נישט געלונגען. אין לאַגער איז געשען אַזוי אַז מיט מוסיאַס אָנקומען האָט זיך נישט ווילנדיק פאַרענדיקט זײַן קאַמפּס־טעטי־קייט. ער האָט געבויט אַן ערדראַם, אויך מיר אַ העלדישקייט — זיך גראָבן ווי אַ קראָט אין דער ערד און אָנפירן מיט ווײַבער און קינדער, באַם פאַרשיטן מיט זאַמד די זומפּיקע גריבער! אָבער הײַנט איז זײַן טאָג! אויב עס איז באַשלאָסן צוצוטראָגן דעם לאַנד אַ מאַטאָנע, וועט עס טאָן ער, ניקאַלײַ זשעלעזנאָוו!

און דער פּאַרטיזאַן איז געגאַנגען אויסאַרבעטנדיק אַ פּלאַן. מען מוז אויסוואַרטן ביז עס וועט ווערן פינצטער, דערנאָך וועט מען דאַרפן מיטן גלעלעגער פון עפּעס אַ וואַלד־טײַכל דערנענטערן זיך צום וועג, צעשטערן אַ בריקל זיך פאַרשטעקן און וואַרטן ביז עס וועט אָנקומען אַן איינצלנע לײַכטע מאַשין. דער שאָפער מיטן פּאַסאַזשיר וועלן זיכער אויסשטײַגן קעדיי צו געפינען אַן אומוועג. און דאַן טאַקע דאַרף מען זיי איבערקערן מיט אַ גע־לונגענער סעריע פון אויטאָמאַט. מיט וואָס איז דאָס נישט קיין פּלאַן? און די הויפּט זאַך — עס איז זיכער. דאָס אַלץ קען מען

דורכפירן נישט פאַרהאַלטנדיק זיך צו פיל און נישט אײַנשטעלנדיק דאָס צירונג. מיילע ווער־ווער, אָבער ער, זשעלעזנאָוו האָט זיך גאַנץ גענוג אָנגעשפּאַצירט אין דעם דײַטשן הינטערלאַנד, אים זײַנען גוט באַקאַנט די דײַטשן מידעס. אַ דײַטש אין סטראָי — איז טאַקע אַ שלאַכטמאַן, און בעפֿיירעש נישט קיין שלעכטער און אַן אויס־געהאַלטענער שלאַכטמאַן, אָבער קוים פאַרכאַפּט מען אים ערגעץ אויסערן סטראָי, ווהין ווערט עס אַלץ פאַרשוווּנדן? וויפל מאָל פלעגט דעם סוינעס פאַרלוירנקייט און צײַטנווײַז אַפילע אוממעכטיקייט באַ אַן אומדערוואַרטן איבערפאַל, אַרויסרופן שטוינונג באַ די פאַרטיזאַנישע אָנפירער. אַף אַלע באַראַטונגען און שמועסן צווישן די קאָמאַנדירן פלעגט רודאַקאָוו שטענדיק אַרויסרוקן דעם סורפּריז און די שנעלקייט, ווי די הויפּט־באַזע פון דער פאַרטיזאַנישער טאַקטיק. וועט טאַקע הײַנט ניקאָלײַ דערווײַזן מוסיאַן וואָס אַזוינס איז רודאַקאָווס שולע.

ניקאָלײַ האָט אַ כוץ דעם געהאַט נאָך אַ מיין דערבײַ. דאָס שפּײַז האָט שוין געהאַלטן באַם אויסגיין און פון דער פּראַקטיק האָט ער געוווּסט, אַז די דײַטשע אָפיצירן האָבן ליב צו מאַכן זייערע רײַזעס מיטן פולסטן קאָמפאָרט, מיט אַ רעזערוו פון פּראָדוקטן, מיט ווײַן און צובײַסן. אַ געלונגענער איבערפאַל וואָלט געקענט באַוואָרענען מיט שפּײַז זייערע שוין מאָגער געוואָרענע רעזערוון. שוין עטלעכע טעג ווי זיי דערנערן זיך קוים און באַגנוגענען זיך בלויז מיט קליינע שטיקלעך גערויכערטן פלייש. „ניין, ניין, אָבער הײַנט וועט זיך שוין דער כאַוווער זשעלעזנאָוו אויסצייכענען".

און בעעמעס דער טאָג איז געווען באַ זיי אַ מאַזלדיקער. אין אָוונט האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אַף אַ קליינעם וואַלד־טײַכל, וועל־כער האָט שטיל געמורמלט אַפן דעק פון אַ טיפן גראָבן. די שניי־קישנס האָבן נאָך אַלץ באַדעקט דעם גראָז און די קוסטעס, אָבער אַף דער ערד איז שוין דער שניי קימאַט ווי צעגאַנגען געוואָרן. ריינע שטראָמען האָבן דין געקלונגען צווישן פאַרפרוירענע אײַז־רעמלעך. די וואַנדערער האָבן זיך אָנגעטרונקען אין דעם טײַכל און זיך אַנידערגעזעצט אַף אָפּרו. ניקאָלײַ האָט זיי געמאָלדן זײַן פּלאַן. דער פּלאַן איז געווען אַ גוטער, אָבער מוסיאַ און טאָליאַ האָבן זיך אײַנשטימיק קעגנגעשטעלט, אַז דעם איבערפאַל זאָל דורכפירן ני־קאָלײַ אַליין: דאָס האָט שוין קיין נאָמען נישט. די יאָנטעוודיקע

מאַטאָנע מוזן דורכפירן אינאיינעם, אַלע דרײַ. דער פּאַרטיזאַן האָט אַפּעלירט צום סייכל פון זײַנע באַגלייטערס. פאַרשטייט זיך, אויך ער איז מיט דער מיינונג אַז אין איבערפאַל מוזן זיך באַטייליקן אַלע. אָבער דאָס גאָלד? אַלע צוזאַמען האָב זיי פּאַשעט נישט קיין רעכט צו ריזיקירן. — באַם גאָלד וועלן מיר איבערלאָזן יאָ־לאָטשקען, און גיין זאַלבענאַנד — האָט געמאָלדן מוסיאַ.

— און פאַרוואָס גראַדע מיך? — איז געוואָרן אויסער זיך דער קליינער פּאַרטיזאַן. — שוין גאָר אַ נײַעס!

דערויף איז טאַקע געווען שווער צו ענטפערן. האָט ניקאָלײַ באַשלאָסן: צו דער דיווערסיע וועלן גיין צוויי. און וועמען ער זאָל מיטנעמען, וועט באַשטימען דער גורל. מען האָט אַרײַנגעוואָרפן אין ניקאָלײַס היטל צוויי גילזן פון אויסגעשאָסענע דײַטשע פּאַטראָנען: איינע מיט אַ רויטן זוים אַרום דעם פּיסטאָן און די צווייטע מיט אַ שוואַרצן. די גילזע מיטן רויטן זוים האָט באַדײַט „גיין". און האַגאַם טאַליאַ, וועלכער האָט געצויגן דער ערשטער, האָט לאַנג געקלונגען מיט די גילזן אין היטל און האָט גרינטלעך באַטאַפּט יעדע איינע, דאָך האָט ער אַרויסגעצויגן מיטן שוואַרצן זוים. פון פאַרדרוס האָט ער די גילזע אַ שלײַדער געטאָן ווײַט פון זיך און אײַנהערנדיק זיך צו איר פּײַף באַם פליִען, האָט ער פון דעם גאַנצן האַרצן זי נאָכ־געשפּיגן. דערנאָך האָט ער זיך פאַרשטעקט צווישן די קוסטעס און איז פון דאָרטן נישט אַרויסגעגאַנגען ביז ניקאָלײַ און מוסיאַ זײַנען פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער געדיכטעניש פון די אַלכע־ביימער, ערשט ווען עס זײַנען אײַנגעשטילט געוואָרן די טריט פון זײַנע כאַווייריס, איז ער אַרויסגעקראָכן פון די קוסטעס, זיך אומגעקוקט און מיט אַלע קויכעס אַ קאָפּע געטאָן דעם שווערן זאַק.

באַם צוגאַנג צום בריקל האָט ניקאָלײַ איבערגעלאָזט דאָס מיידל און אַליין איז ער שטיל פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דעם נעפּל פון דעם געדיכטן געוואָרענעם ביין האַשמאָשעס. ווער קען וויסן, עפּשער, אָנגעשראָקענע פון די פּאַרטיזאַנער, באַשיצן די אָקופּאַנטן אויך אַזעלכע בריקלעך?

אַ רעגע שפּעטער האָט זיך פון דעם כוישעך דערהערט אַ פאַר־זיכטיקער פּײַף. מוסיאַ האָט זיך געלאָזט גיין איבערן דעק פון דעם גראָבן. דאָס וואַסער האָט מעלאָדיש געקלונגען אָפּשלאָגנדיק זיך אָן דעם דינעם אײַז פון די ברעגעס. פון אויבן האָט זיך געהערט

אַ טויבער טופּען פון פיס. דאָס האָט שוין ניקאָלײַ געבאַלעבאָטעוועט אויפן בריק. צוקומענדיק צו די גליטשיקע הילצערנע זײַלן, האָט זיך דאָס מיידל אַרויפגעדראַפּעט אויפן אַנשיט. דער פּאַרטיזאַן איז געשטאַנען איינגעבויגן און האָט באַטראַכט די קלעצער. זיי זײַנען געווען ענג צוזאַמענגערוקט און צוגעפּרעסט פון אויבן מיט אַ דיקן איבערדעק.

— אַ גוט שטיקל אַרבעט, דער רועך זאָל עס נעמען! — האָט געוואָרטשעט ניקאָלײַ.

עס איז געווען אוממעגלעך אויפצוהייבן אַ קלאָץ. ניקאָלײַ האָט פאַרקלערט עפּעס אַנדערש. אייניקע קלעצער זײַנען שוין געלעגן נישט גאַנץ פעסט און האָבן זיך אָפּילע גערוקט אין זייערע נישעס, ווײַזט אויס אַז זיי זײַנען צעטרייסלט געוואָרן פון די רעדער און טאַנקען־קייטן, און אַזעלכע קלעצער האָבן טאַקע מוסיאַ מיט ניקאָלײַען געפּרוּווט אַרויסצושטופּן מיט דער הילף פון דעם דראַנג, ווי מען שטופּט אַרויס קאָרטן פון אַ טאַליע. די אַרבעט האָט בײַ זיי פאַרנומען אַ שפּאַר שטיקל צײַט. ביידע האָבן זיך פון קאָפּ ביז צו די פיס אויסגעשמירט אין קלעפּיקער קאַלטער בלאָטע, זיך צעבראָכן די נעגל, צעדראַפּעט די הענט. און דאָך האָבן זיי אויסגעפירט דאָס זייעריקע. איין קלאָץ איז מיט אַ טויבן הילך אַראָפּגעפאַלן אין דער קאַנאַווע. אַ צווייטער, וועלכער האָט זיך געהאַלטן פעסטער, איז אַרויסגעפאַלן פון דער ריי בלויז מיט איין עק. אויפן בריק האָט זיך געעפנט אַ ברייטער לאָך, וואָס איז זייער געפערלעך פאַר רעדער. פאַרשטייט זיך, אַז צוליב מער זיכערקייט וואָלט מען באַדאַרפט אַרויסשלעפּן אַמווייניקסטן נאָך אַ צוויי קלעצער, אָבער איבער די שפּיצן פון די וואַקסנדיקע באַם וועג סאָסנעס האָבן שוין אַרומגעוואַנדערט ווײַסע, העלע ליכט־רעפלעקסן.

אַ מאַשין! די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך איבערגעקוקט און שנעל אַראָפּגעלאָפן אין גראָבן. זיי האָבן זיך פאַרשטעקט אַ מעטער פופציק ווײַט פון דאָרטן צווישן געדיכטע אַלכע־ביימער. פון דעם וועג האָט מען זיי נישט געקענט זען. זיי אָבער, זיצנדיק אין כוישעך וואָס איז באַזונדערס געדיכט געווען אין גראָבן, איז געווען גוט אָנזעעוודיק די בריק און דער אַנשיט, באַלויכטענע פון דער אויפגעגאַנגענער לעוואָנע און צאַלרײַכע קאַלטע שטערן.

דער מאַטאָר האָט געהודיעט אָנגעשטרענגט און לויט די צי־

טערדיקע ליכט־רעפלעקסן פון די אויטאָ־לאַמטערנעס, וועלכע האָבן דאָ אַרויסגעכאַפּט פון דעם כוישעך די סאָסנע־שפּיצן און דאָ אָנ־געצונדן מיט ליכט די קוסטעס, וועלכע זײַנען געוואַקסן לענגויס דעם וועג, האָט מען געקענט פאַרשטיין, אַז די מאַשין באַוועגט זיך זייער לאַנגזאַם, שווער גליטשנדיק זיך אין דער טיפער צעווייקטער קאַלייע.

זיצנדיק אין דעם באַהעלטעניש האָבן די פּאַרטיזאַנער געפּילט אַ גליווערנדיקן אויפבּרויז, וועלכן עס לעבט איבער אַ יעגער, ווען ער שטייט בײַ דער נאָרע פון אַ גרויסער געפערלעכער כאַיע. די מי־נוטן האָבן זיך געצויגן, ווי שאָען. יעדער פון זיי האָט זיך שוין נישט איינמאָל פאַרגעשטעלט אין די געדאַנקען, ווי די מאַשין בלײַבט שטיין אַפן בריקל, ווי פון דער קאַבינע קריכן אַרויס טונ־קעלע פיגורן. מוסיאָס פינגער האָבן זיך אײַנגעקלאַמערט אין דעם הילצערנעם אָרעם פון איר אויטאָמאַט און זײַנען פאַרשטאַרט גע־וואָרן פון אָנשטרענגונג. ניקאָלײַ, וועלכער איז נישט געווען קיין אָנפאַנגער אין אַזעלכע איניאַנים איז געשטאַנען אַן אומגעדולדיקער, איבערטרעטנדיק פון איין פוס אַפן צווייטן.

לויטן געוויש פון דעם מאָטאָר האָט ער זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס גייט אַ לאַסט־מאַשין. אין איר קענען זיך געפינען אַ סאַך זעלנער. מיילע, איז נאָך בעסער. מוסיאָ מוז זען און זיך איבערצײַגן אַף וואָס איז פעיִק איר כאַוועך. ניקאָלײַ האָט נישט געהאַט קיין מוירע פאַר זייער איבערוואַג אין צאָל. ער האָט זיך שוין נישט איינמאָל איבערצײַגט, אַז אין אַזאַ אומגעריכטן נאַכט־איבערפאַל האָט איין קאָלטבלוטיקער, געניטער אומזיכטבאַרער פאַרן סוינע שלאַכטמאַן, מער ווערט ווי אַ פּאָר צענדליק קעגנער, וועלכע פאַר־לירן זיך און געפינען זיך בײַ אים אַפן אויג. און אָט האָבן שוין נישט די אָפּשײַנען, נאָר טאָקע דירעקטע שאַרפע פלאַמען אַ לעק געטאָן די בלוטיקע קאַרבן פון דער צעשטערטער קאַלעע. הינטער די סנאָ־פּעס פון אַ העלן ליכט האָט זיך באַוועגט עפּעס אַ טונקעלע און זייער גרויסע מאַסע.

— אַ לאַסט וואָגן! — האָט שטיל געזאָגט מוסיאָ, פילנדיק ווי פון די שפּיץ פינגער פון די פיס ביז צו די וואָרצלען פון אירע האָר כאַפּט איר אײַנגאַנצן אַרום אַן אײַנערלעכע קעלט.

— אַן אַכט־טאָניקער „דעמאָג" — האָט פעסטגעשטעלט ני־קאָלײַ — ציל זיך אין דעם ברעזענט!

ער האָט זיך געשטעלט אַף אַ קני און זיך צוגעגרייט צום שיסן.

— קיין שלאַכט נישט אָננעמען: באַשיסן — און אַנטלויפן — האָט ער זיך געווענדעט צו מוסיאַן.

אָבער פלוצלונג האָט די הינטערשטע טייל פון דעם לאַסט־אויטאָ, די קוסטעס באַם וועג, די סאָסנעס אַלץ אָנגעהויבן ווידער צו פינקלען אין אַ ווײַסן, נישט זיכערן, ציטערדיקן ליכט. בלויע קאַלטע פײַערלעך האָבן זיך אָנגעצונדן אַף די שניי־קישעלעך, וועלכע זײַנען געלעגן אַף די צווײַגן.

— וואָס איז דאָס? — האָט שעפּטשענדיק געפרעגט מוסיאַ; די לופּע פון איר אויטאָמאַט האָט זיך געוואָרפן אַף אַלע זײַטן און זי האָט עס בעשום אויפן נישט געקענט אָפּשטעלן.

— נאָך מאַשינען... אַ קאָלאָנע, — האָט מיט פאַרדרוס גע־זאָגט ניקאָלײַ; ער האָט אַראָפּגעלאָזט זײַן געווער, דער גאַנצער אָנפלוס פון דער פריידיקער ענערגיע, איז מיטאַמאָל באַ אים אויס־געשעפּט געוואָרן

וואָס טוט מען? ווען ער איז פרײַ, וואָלט ער זיכער באַשאָסן אויך די גאַנצע קאָלאָנע. ער וואָלט זי באַשאָסן און פאַרשווונדן געוואָרן אין דעם נעפּל. אָבער ער איז דאָך נישט אַליין. מיט אים צוזאַמען איז אויך געווען דער טײַערסטער מענטש פאַר אים. און נישט דאָס איז די הויפּט זאַך, נישט נאָר דאָס אַליין. מען טאָר אַפילע נישט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז די ווערטזאַכן זאָלן איבער־בלײַבן בלויז אונטער טאָלעס אויפזיכט. איצט, ווען דער צוזאַמענ־שטויס מיטן סוינע האָט נישט פאַרויסגעזאָגט קיין שום גוטס פאַר זייער ווײַטערדיקן מאַרש, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ער האָט נישט קיין רעכט צו ריזיקירן.

דאָס אַלץ האָט אַ בליץ געטאָן אין דעם פּאַרטיזאַנס מויעך אין דעם אויגנבליק, ווען די ערשטע מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט אַפן בריק פונקט ווי זי וואָלט זיך אָנגעשטויסן אַף אַן אומזעבאַרע שטע־רונג. אַלץ איז פאַרגעקומען אַזוי, ווי זיי האָבן אויסגערעכנט. דער שאָפער מיט זײַנע באַגלייטער זײַנען אַרויסגעקראָכן פון דער קאַ־בינע. עס האָבן אָנגעפאַנגען זיך צו באַוועגן שטראַלן פון טאַשן־לאַמטערנעס. די העכסטע צײַט זיי צו נעמען אַפן ציל! אָבער עס

איז אָנגעקומען אַ צווייטע, אַ דריטע און פֿינפֿטע מאַשין. איצט האָבן זיך אָפּן בריק באַוועגט אַ סאַך טונקעלע פֿיגורן, באַטראַכטנ־דיק דעם דורכברוך. צו זייער באַהעלטעניש האָבן זיך דײַטלעך דער־טראָגן אויסגעשרייען פֿול מיט שרעק און זידלערײַען. אין דעם געמיש פֿון פֿרעמדע אומבאַקאַנטע ווערטער האָט זיך זייער אָפֿט איבערגעכאַזערט איין באַקאַנט וואָרט: „פּאַרטיזאַנען", „פּאַרטי־זאַנען". און האַגאַם עס האָבן זיך אָפּן בריק פֿאַרזאַמלט אַ סאַך זעלנער, האָבן זיי אַלע מיט מוירע געוואָרפֿן בליקן צום וואַלד. און פֿון ווײַטן האָבן אַלץ געוואָיעט און געוואָיעט מאָטאָרן, בלאַסע ליכט־ש־נען האָבן אַן אויפֿהער אַרומגעטאַנצט איבער די סאָסנע־שפּיצן. דאָס איז געווען אַ ריזיקע אויטאָ־קאָלאָנע.

צופֿאַלנדיק צו דער ערד, ציטערנדיק פֿון קעלט און אויפֿרעג־גונג האָט מוסיאַ נאָכגעקוקט וואָס עס קומט פֿאָר. ניקאָלײַ האָט בעעמעס מײַסטערהאַפֿט אויסגעקליבן אַ פּלאַץ פֿאַר אַ פּאַסטקע! מען זאָל פֿונדאַנען אַ לאָז טאָן אַ צוויי־דרײַ לאַנגע פֿײַער־סעריעס — וואָלט ווייניק וועך גאַנץ געבליבן פֿון דעם האַמוין, וואָס האָט זיך אַרומגעפּאַרעט אָפּן בריק, ווי אַף אַ טעאַטער־בינע! דאָס מיידל האָט באַקומען אַזאַ שטאַרקן כיישעק אָנצודריקן דאָס שיס־ציִנגל און באַשיסן די טונקעלע פֿיגורן, אַז זי האָט שנעל אַפּגע־לייגט אָן אַ זײַט איר אויטאָמאַט. „עך, צום וויפֿלטן מאָל קומט שוין אויס, צוליב די ווערטזאַכן, מאַקריוו זײַן דאָס פּערזענלעכע און דערשטיקן אין זיך די געגאַרטסטע פֿאַרלאַנגען.

מוסיאַ האָט אַ זיפֿץ געטאָן.

— לאָמיר גיין, — האָט זי שטיל געזאָגט אָנרירנדיק די האַנט פֿון איר באַגלייטער.

ער האָט לײַכט אַ דריק געטאָן אירע פֿינגער, אָבער זיך נישט גערירט פֿון אָרט. ווײַזט אויס, אַז ער אַליין האָט אויך נישט געקע־נען אין זיך קיין קויעך אָפּצורײַסן דעם בליק פֿון דער מאַכנע סאָנים. די מאָטאָרן האָבן שוין איצט געהודיעט ווײַט, און עס האָט זיך גע־דוכט, אַז דער גאַנצער וואַלד איז אָנגעפֿילט מיט אַן אָנגעשטרענגטן וואָיען און מיטן פֿינקלען פֿון די לאַמטערנעס.

— קום שוין, לאָמיר גיין! — האָט געשעפּטשעט מוסיאַ מיט אַ זיך פֿאַרהאַקנדיקן פֿון פֿאַרדרוס קאָל.

די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך ענדלעך מיט גוואַלד אָפּגעריסן פֿון

דער רייצנדיקער ציל און זײַנען אַוועקגעקראָכן צוריק זיביערן דעק פון גראָבן, ווו דאָס וואַלד־טײַכל האָט געגלאַנצט ווי אַ שוואַרצע געקאַרבטע סטענגע. זיי האָבן אָבער נאָך נישט באַוויזן זיך צו דערווײַטערן אַף אַ פּאָר צענדליק מעטער, ווי זיי האָט פאַרהאַלטן אַ אומבאַקאַנטער, באַסאַווער, שטײַפער קלאַנג, וועלכער האָט זיך ראַשיק און מעכטיק אַרײַנגעריסן אין וואַלד. זיי האָבן פאַרשטאַנען — דאָס איז אַן עראָפּלאַן. אָבער דער קלאַנג איז נישט ענלעך געווען צו קיין שום פון די נאַכט־באָמבאַרדירער, וועלכע זיי איז אויסגעקומען צו הערן. ער האָט נישט געדראָפּעט מיט וויברירנדיקע כוואַליעס, ווי דאָס טוען די דײַטשע עראָפּלאַנען, און אויך נישט געקלונגען אַף הויכע טענער, ווי דאָס טוען די מאָטאָרן פון די גרויסע סאָוועטישע לופט־שיפן, וועלכע פלעגן זיך אַרויסלאָזן אין די נעכט צו באָמבאַרדירן דײַטשלאַנד. דער געוויש פון יענע ביידע פלעגט געוויינלעך קומען צעשוווּמען פון אויבן, פון דער ווײַטנס, אַזוי ווי גלײַך פון אונטער די שטערן, פון לופט־כאָלעל. אָבער דער, אַ הייזעריקער און אַ שטײַפער איז אַנטשטאַנען מיטאַמאָל, ווי ער וואָלט זיך אַרויסגעריסן פון אונטער דער ערד. פון אים האָט אַזש די לופט געציטערט און דער שניי איז געפאַלן פון די צעטרייסלטע צווײַגן.

מוסיאַ און ניקאָלײַ האָבן קוים באַוויזן זיך איבערצוקוקן מיט גאַרנישט פאַרשטייענדיקע בליקן.

פון דעם וועג האָט זיך דערטראָגן אַ ווילדער יאָמער, פול מיט כאַיעשן פאַכאַד.

— שוואַרצער טאָד!

און די נאַכט איז מיטאַמאָל אָנגעפילט געוואָרן מיט אַ פאַנישן טומל, מיט מוירעדיקע געשרייען, מיט טופּען פון פיס. און בעעמעס אין דעם אַנוואַקסנדיקן, מיט אַ שטורמישער שנעלקייט, געהילך איז געווען עפּעס אומפאַרמײַדלעך שרעקלעכס. מוסיאַ און ניקאָלײַ האָבן זיך צוגעטוליעט איינער צום צווייטן און זײַנען פאַרשטיינערט געוואָרן פון דער אומבאַוווסטער געפאַר. און איידער זיי האָבן נאָך באַוויזן צו באַנעמען, וואָס אַזוינס קומט פאָר, האָט אַפּן פאָן פון בונטן שטערנדיקן אויסשיט אַ שווינדל געטאָן איבערן בריק אַ שוואַרצער שאָטן, שפּריצנדיק פון זיך צוויי רייען שאַרפע רויטע בליצן. ראַשיקע פײַערן פון רויט־פאַרב האָבן באַלויכטן דעם וועג,

דעם וואַלד, די צונויפגעמישטע מאַכנע אויטאָפּורגאָנען באַדעקטע מיט ברעזענטן, אומבאַוועגלעכע פיגורן, וועלכע זײַנען געלעגן ווי וואַנצן צוגעטוליעט צום אַראָפּהאַנג פון דעם אָנשיט. נאָכן ערשטן שאָטן האָט דורכגעשווינדלט אַ צווייטער, אַ דריטער און נאָך ווער ווייס וויפל. זיי האָבן זיך דורכגעטראָגן מיט אַזאַ שנעלקייט, אַז עס איז געווען אוממעגלעך זיי איבערצוציילן.

די פּאַרטיזאַנער זײַנען געלעגן מיטן פּאָנעם אַראָפּ אַף אָפּגע־פּאַלענע נאַסע בלעטער אָנשטרענגענדיק זיך אַרײַנצוקוועטשן זייערע קערפּערס אין דער פּײַכטער קאַלטער ערד. די בליצן, וועלכע די עראָפּלאַנען האָבן אַרויסגעשפּריצט האָבן געהאַט פאַרבאַרגן אין זיך עפּעס נאָך אַ געפאַר. די מאָטאָרן זײַנען שוין אַנטשוויגן גע־וואָרן, אָבער אין דעם גרויען רויך, וועלכער האָט פאַרהילט דעם וועג, האָבן נאָך אַלץ אויפגעפלאַקערט שאַרפע פײַערן, ענלעכע אַף די פונקען פון עלעקטראָדן.

איבער דער קאַלאָנע האָט זיך אויפגעהויבן אַ געלער פלאַם. עס האָט זיך דערהערט אַ דונערן פון אַ דראָבנעם קײַקלדיקן אויפ־רײַס. ניקאָלײַ האָט טייקעף דערקענט די קלאַנגען, באַ וועלכע ער האָט באַקומען זײַן קאַמפּס־טויפונג נאָך דאָרט באַ זיך, אַפן אײַזנ־באַן־קנופּ: דאָס האָט אויפגעריסן די אַמוניציע, מיט וועלכע די אויטאָמאַשינען זײַנען ווײַזט אויס געווען אָנגעלאָדן.

ערשט איצט איז דער פּאַרטיזאַן געקומען צו זיך. ער איז אויפ־געשפּרונגען און, פאַרכלינענדיק זיך פון פרייד, אַ געשריי געטאָן:

— אונדזערע!

מוסיאַ האָט אים אַ שלעפּ געטאָן באַם האַנט:

— שטילער! ביסט פון זינע אַראָפּ!

די שרעק איז באַם מיידל פאַרשוווּנדן, ווי קיינמאָל נישט גע־ווען. אַף אַ רעגע האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז דער פראָנט געפינט זיך נאָענט, אַז זיי זײַנען שוין נאָענט באַם ציל. און אויב עס איז אַפילע נאָך ווײַט, מאַכט אויך נישט אויס. הערן זיי דאָך שוין דעם אָפּהילך פון זייער פאָלקס־געווער. די האַנט פון דער סאָוועטישער אַרמיי דערלאַנגט שוין ביז אַהער, אין די וועלדער, אין טיפן הינ־טערלאַנד פון די פאַשיסטישע אַרמייען. און ווײַל דאַ, נאָענט, דער־נעבן, האָבן סאָוועטישע עראָפּלאַנען דערלאַנגט נאָר־וואָס אַזאַ גלענצנדן קלאַפּ דעם סוינע, האָט דאָס מיידל ווידער דערפילט אַזאַ

פרייד, פּונקט ווי דאָ זיצנדיק אין באַהעלטעניש האָט זי אונטערגעהערט נישט דעם הילך פון עפּעס מאָדנע קאַנאָנען, וועלכע שפּײַען אַרויס אויף סוינע אַזעלכע שרעקלעכע רויטע פײַערן, נאָר זי הערט דעם מוטיקן זיכערן קאָל פון דער סאָוועטישער אַרמיי. אָבער צוליב דעם דאַרף מען דאָך נישט פאַרלירן דעם קאָפּ. אָט זײַנען זיי דאָך די סאָנים, דאָ נישט ווײַט פון זיי, און ניקאָלײַ שרײַט ווי אַ ייִנגל.

— שווײַג ! — שעפּטשעט זי און דריקט אים מיט גוואַלד צו דער ערד.

— מוסינקאַ, טײַערע מײַנע, ליבע, דאָס זײַנען דאָך אונדזערע. דאָס זײַנען דאָך יענע שטורמערס, וועגן וועלכע אונדז האָט דאָן דערציילט דער לופטפליִער, דו געדענקסט ? זיי שיסן מיט רעאַקטיווע גראַנאַטן. און מיר ביידע, איך מיט דיר האָבן זיי צוגעהאָלפן. עך ווי גוט ! מיר האָבן מיטגעהאָלפן די אונדזעריקע ! געהאָלפן דער רויטער אַרמיי !

מוסיאַ האָט זיך דערמאָנט דעם ווילדן יאָמער אויפן וועג.

— „שוואַרצער טאָד !” דו ווייסט, זיי האָבן דאָרט געשריִען : „שוואַרצער טויט !” קאָלינקאַ, ליבער, ווי זיי האָבן זיך עס דערשראָקן !

און בעיס זיי האָבן זיך דורכגעשמועסט אין דער שטיל איז איבערן וועג אַלץ העכער און העכער געשטיגן דער סרייפער־אָפּגלאַנץ. די נאַכט האָט אָנגעהויבן אָפּצוטרעטן און אַלץ אַרום זיי האָט ביסלעכווײַז אָנגעפאַנגען אַרויסצוקומען פון דעם כוישעך. די פאַניק אויפן וועג איז אַלץ מער געוואַקסן. טונקעלע פיגורן האָבן זיך אַרומגעשלײַדערט צווישן ברענענדיקע מאַשינען. עס האָבן זיך געהערט וויי־געשרייען, זידלערײַען, היסטערישע קוילעס פון די קאָמאַנדירן, עמעצער האָט אין עמעצן געשאָסן. מאָטאָרן האָבן ספּאַזמיש געריעוועט. מיסטאָמע אַ פּאָר שאָפערן, פון די מער מוטיקע, האָבן געפּרוווט אַרויסצושלעפּן די גאַנץ געבליבענע מאַשינען פון דער ברענענדיקער קאָלאָנע.

אָבער אָט איז שוין ווידער, דאָס מאָל פון אַן אַנדער זײַט אַנטשטאַנען דער איימעדיקער הייזעריקער גערויש. דאָס מאָל ווײַסנדיק ווער און צוליב וואָס פליט, האָבן מוסיאַ און ניקאָלײַ אויסגעצויגענע אויף דער ערד, גוייווער געוועזן די שרעק און נײַגעריק זיך צוגעקוקט, ווי צום צווייטן מאָל טראָגן זיך פאַרבײַ די ערא־

פּלאַנעץ גאָר נידעריק איבערן וועג. אין די ברוין רויטע אָפּגלאַנצן פון דער סרייפע האָבן די פּאַרטיזאַנער באַמערקט אַפילע די טונ־קעלע שטערן אַף די פליגל. און ווידער האָבן זיך מאָדנע באָמבעס אָפּגעריסן פון די עראָפּלאַנען און זײַנען געפאַלן איבערלאָזנדיק נאָך זיך לאַנגע עקן, און גענומען אויפרײַסן אַף דער ערד אונ־טערציינדנדיק און פאַרניכטנדיק אַלץ אַרום.

די סרייפע האָט שוין באַלויכטן אויך די פּאַרטיזאַנער. ני־קאָלײַס אויגן האָבן פיבערדיק געברענט. איבער מוסיאַס פּאָנעם זײַנען גערונען גרויסע טרערן. אייגענע! מען זאָל נאָר אַ קלער טאָן — אייגענע! האָט זי דען געקענט הײַנט, אַפילע אין אַזאַ וונדערבאַרן יאָנטעוודיקן פרימאָרגן, טרוימען וועגן אַזאַ פרייד!

ד'ער באָכער און דאָס מיידל האָבן זיך איבערגעקוקט און אָן ווערטער פאַרשטאַנען אײנער דעם צווייטן. זיי זײַנען אויפגעשטאַנען און זיך געלאָזט גיין פרײַ נישט מאַסקירנדיק זיך, וויסנדיק, אַז איצט איז שוין נישטאָ ווער עס זאָל זיי נאָכשפּירן. די מאַטאָנע, וועלכע זיי האָבן געגרייט צום יאָנטעוו, האָבן גלענצנד צוגעטראָגן מיט זיי צוזאַמען די אומבאַקאַנטע סאָוועטישע לופטפליִער. מוסיאַ און ניקאָלײַ זײַנען געגאַנגען נישט אומקוקנדיק זיך, געגאַנגען, ווי באַלעבאָטים, ווײַל זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז די וועלכע וואָלטן געקענט זיי באַמערקן, אָדער נאָכיאָגן ליגן דאָרטן אַפן אָפּהאַנג פון וועג פאַרקוילטע אָדער צעשמעטערטע אַף פּיצלעך. און יענע, וועל־כע זײַנען געבליבן גאַנץ, וועלן שוין אַזוי גיך נישט קומען צו זיך פון דער איבערגעלעבטער שרעק.

און פאַרגעסנדיק אינגאַנצן, אַז ערגעץ נאָנט, בלויז עטלעכע קילאָמעטער פון זיי געפינט זיך דער סוינע, פאַרגעסנדיק די נאָגנ־דיקע פוסטקייט אין מאָגן, נישט פילנדיק דעם שאַרפן אומרויִקן ווינט, נישט די דורכדרינגענדיקע נאַכט־קעלט, האָט מוסיאַ אָנגע־נומען ניקאָלײַען באַ דער האַנט און וואַרפנדיק אַף אים שעלמישע בליקן האָט זי שטיל קוים צו הערן אָנגעהויבן צו זינגען: „נישט קיין שטורעמדיקע וואָלקנס — נישט קיין ווינט”. ניקאָלײַ האָט אויך שטיל אונטערגעכאַפּט דאָס ליד, באַמיִענדיק זיך צו גיין מיט איר אין טראַט.

עס איז געווען זייער אָנגענעם צו גיין אַזוי צוזאַמען איבערן פינצטערן וואַלד, פילנדיק די וואַרימקייט פון אַ פרײַנטלעכער

האַנט, פאַרכאַפּט פון איבערפלוס פון אַזעסדיקער פרייד, וואָס מען דאַרף זיך נישט אויסבאַהאַלטן, נישט אומקוקן זיך, פילן זיך ווי באַלעבאַטים אַף דער אָקופּירטער ערד.

טאָליאַ האָט זיי באַגעגנט אין מיטן וועג. ער האָט זיך מיט נײַגעריקייט געדרייט אַרום זײַנע כאַווײרים:

— איך האָב אַלץ געהערט. אוי יאָלקי־פּאַלקי איז דאָס געווען ריזעדיק! וויאַזוי האָט איר דאָס...

— ווען דו זאָלסט נאָר וויסן, ווער!

— דאָס איז די רויטע אַרמיי, יאָלאָטשקאַ, דאָס זײַנען געווען אונדזערע עראָפּלאַנען! — האָט מיט היספּײַלעס אַרויסגעשריִען מוסיאַ און אַרומכאַפּנדיק דעם ייִנגלס קאָפּ מיט אירע אויסגעשמירטע אין ליים דלאָניעס האָט זי אָפּגעשטעמפּלט אַף זײַן שטערן אַ פאַרשייטן מיידלשן קוש.

די שטים פון דער סאָוועטישער אַרמיי, וועלכע האָט אומדערוואַרט אָפּגעהילכט אין אַ טויבער שאָ פון דער יאָנטעוודיקער נאַכט, האָבן פון דעמאָלט אָן די וואַנדערער געהערט אָפט. גייענדיק דורך וועלדער, אָדער מיט פאַרלאָזטע פעלד־שטעגן פלעגן זיי אָפט זען הויך איבער זייערע קעפּ די שלאַנקע קרײַצן פון די העל־בלויע באָמבאַרדירער, וועלכע האָבן אין דער פּראָסטיקער בלויקייט פון הימל איבערגעלאָזט ווײַסע עקן, וואָס פלעגן לאַנג נישט צעגיין אין דער לופט. פון דער ווײַטנס, פון די דײַטשע הויפּט־שאָסייען, פון די אײַזנבאַן־ליניעס פלעגן זיך דערטראָגן טויבע אויפרײַסן פון אַוויאַבאָמבעס און אַ האַסטיקער טראַסקען פון אויטאָמאַטישע זעניט־קאַנאַנען. אָפּטמאָל פלעגן זיך באַווײַזן אַפן האָריזאָנט פוכקע קנוילן פון אויפרײַסן און איבערן פינקלענדיקן שניי, דאָרט ווו ער פלעגט זיך צונויפגיסן מיטן זוים פון דעם בלייכן, ווינטערדיקן הימל, האָט מען געמערקט אויפשטײַגנדיקע שוואַרצע באַוועגלעכע בערג פון רויך.

עטלעכע מאָל האָבן די וואַנדערער געזען אויך יענע עראָפּלאַנען, וועלכע האָבן אין דער יאָנטעוודיקער נאַכט מיטגעהאָלפן זיי ברענגען דעם לאַנד אַ מאַטאָנע. גרופּנווײַז צו צוויי, פיר, אָדער זעקס, פלעגן די עראָפּלאַנען אומדערוואַרט זיך אַרויסרײַסן פון הינטערן וואַלד־זוים און אויפטרייסלענדיק די אומגעגנט, מיט אַ באַסאָוועץ רעווען, זיך דורכטראָגן איבערן קאָפּ און זיך צונויפגיסן מיטן מוטנעם ווינטערדיקן האָריזאָנט.

די סאָוועטישע עראָפּלאַנען, וועלכע פלעגן זיך איצט נישט זעלטן באַווײַזן איבער דער אָקופּירטער ערד, האָבן אַזוי ווי געטראָגן פאַר די אויסגעמאַטערטע וואַנדערער אַ גרוס פון דער ווײַטער, היימישער וועלט, צו וועלכער זיי האָבן טאָג און נאַכט געשטרעבט.

און דאָס ווײַטערדיקע גיין איז מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ
שווערער. פון דעמאָלסט אָן, ווען אין די יאָנטעוודיקע נאַכט האָבן
די כאַוויירים אויפגעגעסן די רעשטלעך פון דעם געראויכערטן האָזן־
פלייש און ברידערלעך פאַרטיילט צווישן זיך דאָס לעצטע שטיקל
ברויט, האָבן זיי זיך דערנערט נאָר מיט דער עקלדיקער, קלעפּיקער
קאָשע פון דין צעהאַקטער קאָרע פון יונגע ליפּעס און מיט געפּרוי־
רענע קאַרטאָפל, וועלכע עס איז זיי צײַטנווײַז געלונגען אויס־
צוגראָבן פון דער פאַרפרוירענער ערד אָף די פאַרלאָזטע קאָלכאָזישע
פעלדער.

איינמאָל, האָבן די פאַרטיזאַנער דערזען אָף א שייד־וועג אַ
גרויסע שוואַרצע ברעט, צוגעשלאָגן צו אַ סלופּ. „די טויטע זאָנע״
— איז געווען אָנגעשריבן אָף רוסיש, און ווײַטער האָט מען גע־
וואָרנט, אַז יעדער ציווילער, וועלכער וועט אָן אַ באַזונדערע דער־
לויבעניש זיך דערוועגן אַריבערצוטרעטן די טויטע זאָנע, וועט אָן
אַ געריכט און אָן אויספאָרשונג דערשאָסן ווערן לויטן באַפעל פון
דער קאָמענדאַנטור. ניקאָלײַ און מוסיאַ זײַנען גלײַכצײַטיק פאַרבײַ־
געגאַנגען די מעלדונג. נאָר טאָליאַ האָט זיך נישט אײַנגעהאַלטן
און איבערגעלאָזט אָף איר אַ זאַפטיקן שפּײַ. די וואַנדערער האָבן
זיך נישט דערשראָקן נישט פאַרן שרעקלעכן נאָמען און נישט פאַר
דער דראָונג; זיי האָבן נאָר פאַרשטאַנען, אַז זייער וועג וועט
ווערן נאָך שווערער.

און ווירקלעך נאָך דעם סלופּ האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שניי־
איקער מידבער. דאָס ראָוו דערפער זײַנען געווען פאַרברענט. איי־
ניקע, מייַנסטנס די, וואָס זײַנען געלעגן נאָנט באַם וועג, זײַנען
געבליבן גאַנץ, אָבער אָן אײַנוווינער. די הײַזער זײַנען געווען באַ־
זעצט דורך דײַטשישע זעלנער. דאָ פלעגן אָפּרוען און זיך איבער־
פאָרמירן די צעשלאָגענע, צעמיימעסטע אויסגעבלוטיקטע מיליטע־
רישע אָפּטיילונגען. אין די פעלד־וואַרשטאַטן האָט מען צורעכט גע־
מאַכט די צעקאַליעטשעטע טעכניק. אַהער האָט מען צונויפגעצויגן
פרישע אָפּטיילונגען פאַר דעם צוקונפטיקן אָנגריף; פלעגן אָנקומען
רעזערוון פון הינטערלאַנד און פון אַנדערע אייראָפּעיִשע פראָנטן.
די גאַנצע געגנט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ריזיקן מיליטע־
רישן לאָגער. אָף די וועגן, וועלכע זײַנען ווי טראַנשייען אויסגע־
גראָבן געווען אין דעם טיפן שניי האָבן זיך געצויגן הין און צוריק

מיליטערישע אויטאָמאַשינען. קעדיי צו פאַרהיטן די וועגן פון פאַר־טיזאַנען האָב די סאַפּיאָרן אויסגעהאַקט אַלע דערבייאיקע וועלדער און קוסטעס, אין די גראַבנס בּאַ די בריקלעך האָט מען פאַרלייגט מינעס און זיי אַרומגעגאַרטלט מיט שטעכיקן דראָט.

באַוועגן זיך אין אַ געגנט אַן ציווילער באַפעלקערונג האָט מען געקענט נאָר באַנאַכט און דאָס אויך דורך די וועלדער. אין מעשעך פון אַ מעסלעס פלעגט זיך איינגעבן דורכצוגיין נישט מער ווי אַ פינף־זעקס קילאָמעטער. איצט איז אויסגעקומען אַפילע קאַרטאָפל צו עסן רויערהייט. נישט שטענדיק איז מעגלעך געווען אָנצוצינדן אַ שייטער. נאָר איינמאָל האָט זיי אָפּגעגליקט אָנצוטרעפן אַף אַן אָפּגעברענטער וואַלד־כאַטקע, וועלכע האָט אַמאָל ווײַזט אויס גע־הערט צו אַ וואַלד־וועכטער. אין גאָרטן האָט טאַליאַ געפונען אַף די פאַרלאָזטע בײַטן פאַרהאַרטעוועטע פון דעם פראָסט קעפּלעך קרויט. די וואַנדערער האָבן זיך גײַציק אַרויפגעוואָרפן אַף זיי, זיי אויסגעבראָכן פון אונטערן שניי, און עס געגעסן רויערהייט נישט האָבנדיק קיין געדולד זיך צו דערוואַרטן ביז עס וועט אויפקאָכן דאָס וואַסער. שטײַפע פאַרפרוירענע קרויט־בלעטער האָבן געסקריי־פּעט אונטער זייערע ציינער. ווען דאָס וואַסער האָט סאָף־קאָל־סאָף אויפגעקאָכט האָבן זיי אויפגעגעסן נישט נאָר די גליטשיקע בלע־טער, נאָר אַפילע מיט טײַנעג אויסגעזופּט דאָס וואַסער, וואָס האָט געהאַט פאַר זיי דעם טאַם פון אַ געשמאַקן זופּ.

דאָס געפרוירענע קרויט, מיט וועלכן זיי האָבן אָנגעפילט זייער זעק האָט זיי אַ געוויסע צײַט אונטערגעהאַלטן. אָבער די קויכעס פון די פאַרטיזאַנער האָבן זיך מיט יעדן טאָג אַלץ קענטיקער אויסגעשעפּט. זיי זײַנען געוואָרן אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז די מינ־דעסטע באַוועגונג פלעגט זיי אָנקומען מיט גרויסע שוועריקייטן. די מוסקולן האָבן געוויייטיקט, ווי צעמיימעסטע און אין די אָוונטן, ווען ניקאָלײַ פלעגט נאָך אַ טאָג אָפּרו אויפהייבן זײַנע פרײַנט אין וועג, פלעגן זיי אויפשטיין מיט קרעכצן.

— ווייסט איר, כעוורע, ווען נישט אונדזער באַגאַזש, וואָלט איך בעשום אויפן נישט אויפגעשטאַנען. איך וואָלט געלעגן און געלעגן, געקוקט אין הימל און וואָלט געדרימלט. ווי גוט וואָלט געווען, ווען מען דאַרף זיך נישט רירן פון אָרט, — האָט איינמאָל געזאָגט מוסיאַ.

צווייי גרויסע, געדיכטע, ווי טראָפּנס שמאַלץ, טרערן זײַנען געבליבן שטיין אין אירע טיף אײַנגעפאַלענע אויגן.

ניקאַלײַ האָט מיט שרעק אַ קוק געטאָן אָפן מיידל. אָבער מיט אַ רעגע שפּעטער האָט זי שוין געלאָשן דעם שייטער, אײַנגעבונדן איר זאַק און אַפילע אונטערגעזונגען אַ לידל. אָבער עס איז נישט לײַכט געווען אים אָפּצונאַרן. ער האָט געוווסט, אַז די ווערטער האָבן זיך אַרויסגעריסן גאַרנישט צופעליק, אַז אויך אים אַליין שמידט צונויף אָפטמאָל אַ געפיל פון אוממעכטיקער גלײַכגילטיקייט צו אַלץ. אין מעשעך פון אַ גאַנצע נאַכט אויסטרעטנדיק אַ וועג פאַר זײַנע פרײַנט איבער דעם פאַרשנייטן פעלד, דורכשטופּנדיק זיך דורך קוסטעס, קלעטערנדיק איבער שנייאיקע בערג האָט ער געהאַלטן אין איין טראַכטן ווי:אַזוי און אַף וואָס פאַר אַן אויפן אויפצומונטערן זײַן אַנציגדן זײַנע כאַווײרים.

ווען זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַף אָפּרו און אין דעם וואַלדגראָבן האָט פריילעך אָנגעהויבן צו קנאַקן אַ שייטער האָט זיך ניקאַלײַ, וועלכער איז ביז איצט געזעסן אַ פאַרקלערטער לעבן אַ בוים, פּלוצלונג זיך אויסגעגלײַכט:

— כאַווײרים!

מוסיאַ, וועלכע האָט שוין אָנגעפאַנגען צו דרימלען, האָט צעעפנט די אויגן און פאַרכידעשט אַ קוק געטאָן אַף אים: אַף די באַקן פון דעם יונגן פאַרטיזאַן, דורך דעם געדיכטן שיכט סאַזשע פון די שייטערס או טונקעלער ווינטערדיקער אָפּגעברענטקייט, האָט אַדורכגעשלאָגן זיך אַ רויטקייט.

— אין איינעם פון סטאַלינס ווערק, — האָט פאָרגעזעצט ניקאַלײַ, — איז פאַראַן אַ באַשרײַבונג, אַ וווּנדערבאַרע באַשרײַבונג. אַ געוויטער, אַ בייזער, שלעכטער שטורעם האָט פאַרכאַפּט אַ גרופּע פישער אָפן יעניסיי... און אָט, אייניקע האָבן זיך דערשראָקן, פאַרוואָרפן די רודערס און לייגן זיך אויס אָפן דעק פון דעם שיפל: טראָג, ווו עס זאָל אַרויסטראָגן. און זיי ווערן צעשמעטערט אָן די פעלדזן.

ניקאַלײַ איז אַף אַ ווײַלע אַנטשוויגן געוואָרן. באַם שייטער איז געוואָרן שטיל, עס האָט זיך נאָר געהערט, ווי טריפנדיק שיפּעט אין דעם פײַער אַ פײַכטע צווײַג.

— אָבער אַנדערע פונקט פאַרקערט — ווי נאָר עס טראָגט זיך

אָן אַף זיי די ערשטע כוואַליע, נעמען זיי פעסטער די רודערס און רודערן דעם ווינט אַנטקעגן, רודערן קעגן דעם שטראָם, קעגן שטורעם. זיי רודערן ביזן לעצטן אָטעם... און זיי באַזיגן דעם שטורעם.

דאָס נאַסע צווײַגל האָט אַ קנאַק געטאָן אין פֿײַער. איבערן שײַטער שיסט אַרויף אַ בינטל פונקען, וועלכע צעגייען זיך טייקעף אין דעם קאַלטן כווישעך.

— האָסט עס דערציילט פֿאַר מיר, עמעס? — האָט מיט פֿאַרביטערונג געפרעגט מוסיאַ.

— ניין, פֿאַר אַלע. אונדזער שטורעם האָט זיך נאָך נישט אָנגעהויבן. עס דערנענטערט זיך קוים די ערשטע כוואַליע.

די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך פֿאַרטראַכט. דער ווינט האָט שורשענדיק איבערגעוואָרפֿן פֿאַסן טרוקענעם שניי. דאָס פֿײַער פֿון שײַטער האָט אומרויִק געטאַנצט און באַלויכטן מוסיאַן. זי איז געזעסן, אַרומגעכאַפּט די קני מיט די הענט, אַרויפגעלייגט אַף זיי דעם קין און מען האָט געזען, אַז אירע געדאַנקען געפֿינען זיך ערגעץ ווײַט. ניקאָלײַ האָט זיך צוגערוקט צום מיידל.

— וועגן וואָס טראַכסטו?

— איך שטעל מיר איצט פֿאַר דאָס קאַלטע, ברויזנדיקע וואַסער. שוואַרצע כוואַליעס, אַזוי הויך ווי די סאָסנעס... פּיצינקע שיפלעך וויגן זיך אַף זיי, ווי זוימען פֿון פוכל־בלומען אַפן טײַך. און אַלץ איז קעגן זיי: די כוואַליע, דער ווינט, און זיי שווימען און שווימען און קומען אָן צום ציל. דאָס איז דערפֿאַר, וואָס יענע מענטשן פֿאַרמאָגן מוטיקע הערצער, אַ שטאַרקן ווילן און אַ פעסטן גלויבן אין די אייגענע קויכעס.

— דער ווילן פֿון אַ באָלשעוויק קען אַלץ מענאַצייעך זײַן, מיר שײַנט, אַז אַפילע דעם טויט!

— ווי גוט ער האָט עס געזאָגט וועגן די פישערס! — האָט פֿאַרטראַכט געזאָגט מוסיאַ.

— אָך, כעוורע! — האָט אויסגעשריִען טאָליאַ, וועלכער איז געזעסן פֿון דעם אַנדערן זײַט שײַטער; דער פלאַם האָט באַלויכטן בלויז דעם יינגלס שפּיציקן פּאָנעם און זײַנע שמאָלע אויגן. — זאָל זײַן כאָטש מיט איין אויג, כאָטש פֿון דערווײַטנס, אַף איין רעגע בלויז קענען אַ קוק טאָן אַף אים.

— און איך האָב געקענט אַ פרוי, וועלכע האָט אים געזען

עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד, געזעסן נאָנט פון אים, געהערט זײַן רעדע. דאָס איז מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ, איר געדענקט דאָך זי ? — האָט געזאָגט מוסיאַ.

— און וואָס האָט זי דערציילט ?

די וואַנדערער זײַנען לאַנג נישט געשלאָפן. מוסיאַ האָט זיי איבערדערציילט מיט אַלע פּראָטים אַלץ, וואָס זי האָט געהערט פון מאַטריאָנאַ רובצאָווא, וועגן די טעג, וועלכע אַ פּאָשעטע פויערטע האָט פאַרבראַכט אין קרעמל אַף אַ באַראַטונג פון די פּי־ציכטלער.

יענעם אָוונט האָבן זיך די פּאַרטיזאַנער אויפגעהויבן פריִער ווי געוויינלעך און דורכגעמכט אַ גרעסערן וועג ווי אין די פריִער־דיקע נעכט. און נאָך אַ לאַנגע צײַט שפּעטער, ווען, קלעטערנדיק איבער שנייאיקע בערג, פאַרלירנדיק די לעצטע קויכעס און עס האָט זיך שוין געדוכט, אַז ווײַטער איז שוין אוממעגלעך צו גיין, פלעגט עמעצער פון די דרײַ דערמאָנען סטאַלינס ווערטער וועגן די פּישערס — און די מידקייט פלעגט אָפּטרעטן פאַר אַ פרישן צופלוס פון ענערגיע.

אָבער פונדעסטוועגן זײַנען מיט יעדן טאָג אַלץ מער אויסגע־שעפּט געוואָרן די קויכעס פון די כאַווײרים ; און עס פלעגט ווערן אַלץ שווערער איבערצוקומען די שלאַבעריקייט פון דעם אָפּגע־שוואַכטן קערפּער.

צום גרעסטן ווונדער פון אַלע דרײַ, האָט פריִער פון אַלע אָנ־געפאַנגען זיך אונטערצוגעבן ניקאַלײַ. ער איז מיטאַמאָל אײַנגע־פאַלן, זײַן פּאָנעם איז געוואָרן כוישעך, זיך אויסגעצויגן, אָפּן פּאַר־שפּיצטן נאָז האָט זיך אַפילע באַצייכנט, דער נישט באַמערקבאַרער ביז איצט, זשעלעזנאָווישער האָרבל. אין די פרימאָרגנס פלעגט ער אַ לאַנגע צײַט רײַבן מיט שניי זײַנע יאַסלעס און אויסשפּײַען אין די קוסטעס אַ בלוטיקן שפּײַעכץ. זײַנע באַוועגונגען זײַנען געוואָרן פויל, צעצויגן, נישט זיכער. ער פלעגט זייער שנעל מיד ווערן. דעם זאַק מיטן צירונג, וועמענס וואָג ער האָט ביז איצט קימאַט ווי נישט באַמערקט פלעגט ער איצט אויפהייבן מיט גרויס מי, באַגיסנדיק זיך דערבײַ מיט אַ געדיכטן שווייס. איינמאָל האָט מוסיאַ באַמערקט, ווי פאַרנאַכט, ווען עס איז נאָך געווען גאַנץ ליכטיק, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אַף אַ בוים.

ניקאַלײַ האָט נאָך אַלץ, ווי ביז איצט, אָנגעפירט מיט דער

קלײנער מאַכנע. זײַן גײַסט איז נאָך געװען שטאַרק. דער פּאַרטיזאַן האָט זיך קײנמאָל נישט געלײגט, אײדער ער האָט זיך נישט איי־בערגעצײַגט, אַז זײַנע כאַװײרים זײַנען באַקװעם אײַנגעאָרדנט באַם שײַטער, ער פּלעגט פּאַרטײלן די װאַך־טורנעס און אַלײן פּלעגט ער אַף זיך נעמען די שאָען פּאַרן זון אונטערגאַנג, װען עס פּלעגט זיך אַמשטאַרקסטן װעלן שלאָפן. און דאָך האָט מען געמערקט, װי די קױכעס פֿאַרלאָזן אים מיט יעדן טאָג אַלץ מער און מער.

טאַליאַ, כאָטש ער האָט זיך געפילט שטאַרקער פֿון זײַן עלטערן כאַװער, איז אױך גאָר קענטיק אָפּגעשװאַכט געװאָרן. זײַן טונקל פּענעמל האָט זיך פֿאַרשפּיצט, ער האָט אױסגעזען װי צונױפגע־שטוקעװעט פֿון װינקלען, צװישן װעלכע עס האָבן געגלאַנצט גרױס געװאָרענע, שטרענגע, נישט קײן קינדישע אױגן. דאָס ייִנגל איז שװײַגנדיק געװאָרן. אָבער נישט קוקנדיק דערױף האָט ער מיט אַ מין פֿאַנאַטישער אַקשאָנעס װי ביז איצט דורכגעפֿירט אַלע פֿרײַ־װיליק געגומענע אַף זיך פּליכטן: געזאַמלט טרוקענע צװײַגן, צעצונדן דעם שײַטער, געקאָכט אין װאַסער יונגע סאָסנע קנאָספּן און סכאָך, װעלכע זײ האָבן געטרונקען, װי טײ.

מוסיאַ האָט זיך געהאַלטן מונטערער פֿון אַלע. זי איז נאָך געגאַנגען מיט דער פֿריערדיקער לײַכטקײט, געװען רירעװודיק און טעטיק. אָבער אױך זי איז שטאַרק אױסגעדאַרט געװאָרן און האָט מער װי שטענדיק אױסגעזען װי אַ ייִנגל, קימאַט אין די זעלבע יאָרן װי טאַליאַ. זי האָט זיך אױסגעצײכנט אָריענטירט אַף די װאַלד־װעגן, װי זי װאָלט נישט געבױרן געװאָרן אין אַ שטאָט, נאָר ערגעץ אין אַ שטיבל פֿון אַ װאַלד־װעכטער. נישט ערגער פֿון מיט־ראָפּאַן איליטשן האָט זי אין אַ כמורנעם טאָג, בעיס אַ נעפּל, גע־קענט פֿעסטשטעלן די ריכטיקע ריכטונג, און נישט ערגער פֿון ניקאָלײַען געקענט אױסגעפֿינען באַקװעמע פּלעצער פֿאַר אָפּרו. נישט ערגער װי טאַליאַ פּלעגט זי צעפֿירן אַ שײַטער.

נאָר װיכטיקער פֿון אַלץ איז געװען פֿאַר דער קלײנער גרופּע, װעלכע האָט געבלאָנזשעט אין די װעלדער, צװישן פֿײַנטלעכע װאַך־פּאָסטנס און פּאַסטקעס, דאָס, װאָס מוסיאַ האָט נישט פֿאַרלױרן איר גײַסטיקע מונטערקײט. האַגאַם אין די אָװנטן, װען מען האָט געמוזט זיך אָפּרײַסן פֿון דער אָנגענעמער װאַרעמקײט פֿון שײַטער, פּלעגט אױך באַ איר שװינדלען דער קאָפּ פֿון שװאַכקײט און די

קני פלעגן זיך אונטערברעכן, דאָך פלעגט זי געפינען אין זיך גענוג קויעך אָף צו מאַכן אַ שפּאַס און אַ לאַך טאָן. איינמאָל האָט מוסיאַ, זעענדיק ווי ניקאָליי איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן, אַרויפגעוואָרפן זײַן זאַק אָף אירע פּלייצעס. דער יונג איז אָף אַן ערנסט בייז געוואָרן ער האָט מיט געוואַלד צוגענומען פון איר זײַן מאַסע. ער האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז דאָס אַלץ איז פאַר אים נישט שווער, אָבער זײַן שטערן האָט זיך גלײַך באַדעקט מיט שווייס, וועלכער האָט גענומען רינען איבערן נאָז און די באַקן. דער פּאַרטיזאַן האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און זיך אַפילו אָנגעכאַפּט בײַ אַ בוים קעדיי נישט אומצופאַלן אונטערן דרוק פון דער מאַסע. אָף זײַן פּאָנעם האָט זיך באַוויזן אַן אויסדרוק פון פאַרלוירנקייט און פּײַן, וועלכע ער איז נישט געווען בעקויעך צו פאַרבאַרגן.

„שלעכט, זייער שלעכט!“ האָט אַ טראַכט געטאָן מוסיאַ, קוקנדיק אָף זײַנע נישט זיכערע טריט. אין די אָוונטן, אויפכאַפּנדיק זיך פריער פון די איבעריקע, פלעגט זי מיט גרויס מי באַהערשן די נאָגנדיקע, פּײַניקנדיקע אַפּאַטיע, אָנוואַרפן צווײַגן אין שײַטער און וואַרעמענדיק אירע אויסגעדרטע הענט מיט בלויע בוילעטע אָדער־לעך, זיך ברעכן דעם קאָפּ: „וואָס טוט מען?“ און דאָס קרויט האָט זיך שוין אויך פאַרענדיקט. דער וועג האָט זיך געצויגן דורך וואַלד־וויסטעונישן. באַוווּנטע פּלעצער פלעגן זיך זייער זעלטן באַגעגענען. די עטלעכע דערפער, וועלכע די אָקופּאַנטן האָבן איבער־געלאָזט גאַנץ, זײַנען געווען אַזוי געדיכט אָנגעשטופּט מיט מיליטער, אַז די סאָלדאַטן האָבן זיך אײַנגעאָרדנט אַפילו אין די קאַל־ווירטישע סטאַדאָלעס, שפּײַכלערס, שטאַלן, אויסגעגראָבן זעמליאַנקעס אַרום די דערפער און דאָרט געוווינט. די וואַנדערער האָבן נישט געקענט כאַלעמען אַפילו נישט נאָר וועגן אַ דאַך איבערן קאָפּ, נאָר אַפילו וועגן אַ מעגלעכקייט זיך צו דערנענטערן צו אַ קאַרטאָפל־פעלד, צו פאַרלאָזטע גערטנער, אָדער סטויגן.

און דער סוינע איז אויך געוואָרן אַנדערש. עס איז פאַרשוווּנדן געוואָרן די כוצפּעדיקע זאָרגלאָזיקייט פון די ערשטע טעג. נישט געקוקט דערויף וואָס די גאַנצע באַפעלקערונג פון יענער געגנט איז שוין לאַנג געווען אַרויסגעשיקט פון דאָרט און עס האָבן זיך גע־שפּרייט אַרום און אַרום צענדליקער קילאָמעטערס מענטשנלאָזע שטאָכים, פלעגן דאָך די פאַשיסטן באַם אָפּשטעלן זיך אָף אָפּרו

זיך אײַלן אַרומצוזינגלען זײערע װוינונגען מיט סעקרעטן, פּולע־מיאָט־נעסטן און אַרויסשטעלן װאַך־פּאָסטנס. פון פאַרנאַכט ביזן פרימאָרגן האָבן איבער די דערפער געפלאַטערט גרינלעכע ראַקעטן, באַטאָג פלעגן איבער די װעגן קורסירן הין און צוריק געפּאַנצערטע אויטאָס. באַנאַכט פלעגט זיך די באַװעגונג איבעררײַסן און די װעגן פלעגן אַזוי װי אָפּשטאַרבן, נאָר בײַ די בריקן און װיכטיקע קרײַץ־פונקטן, װוּ מען האָט אויפגעשטעלט קלײנע פּעסטונגען, האָט דער סוינע זיך דערלויבט איבערצולאָזן סאָלדאַטן אַף איבער נאַכט.

נישט אײנמאָל האָט געטראָפן, אַז צוקומענדיק באַנאַכט ביז צו אַ קאַרטאָפל־פעלד, װעלכן מען האָט געקענט אַפילע אין דער פינצטער לײַכט דערקענען לויט די אַרויסשטאַרצנדיקע, פון אונטערן שנײ, ברוינע בלעטער, פלעגן די פּאַרטיזאַנער װערן באַשאָסן פלוצלונג פון אַ פײַנטלעכן סעקרעט, אײדער זײ האָבן נאָך באַװיזן אויסצוגראָבן אַ קאַרטאָפל, מען האָט געמוזט קריכן צוריק, זיך אויסבאַהאַלטן. די נאָנטקײט פון שפּײַז האָט נאָך מער פאַרשאַרפט דעם הונגער.

פון אָנפאַנג האָבן די פּאַרטיזאַנער נישט פאַרשטאַנען דעם סוינעס טאַקטיק. עס האָט זיך אויסגעװיזן זײער נאַריש צו פאַרשװענדן אַזױפיל קױכעס און קריגס־מאַטעריאַל אָן אַ נוץ. שפּעטער אָבער האָט ניקאָלײַ דאָס פאַרטײַטשט אַף אַזאַ מין אופן:

— לויטן שפּריכװאָרט האַנדלען די פאַשיסטן אַזוי: „הונט, װאָס בילסטו?“ — „איך שרעק די װעלף!“ — „װאָס־זשע האָסטו אַראָפּגעלאָזט דעם װײדל?“ — „איך האָב מוירע פאַר די װעלף!“

די איבערגעטריבענע פאָרזיכטיקײט פון דעם איבערגעשראָקענעם סוינע האָט נאָך שװערער געמאַכט פאַר די דרײַ פרײַנט דעם אָן דעם אויך אומגעהויער שװערן װעג. און דאָ האָט זיך נאָך צעבושעװעט אַ שטורעמדיקער װינטער. אין צװײ־דרײַ װאָכן צײַט זײַנען די װעלדער פאַרשאָטן געװאָרן מיט פולע שנײ־בערג. גײן איבערן אָפענעם פעלד האָט שוין נישט געסטײַעט קײן קױכעס.

ניקאָלײַ האָט באַשלאָסן אויסצונוצן דעם סוינעס מוירע פאַר דער פאָלקס־נעקאָמע. איצטער פלעגן די פּאַרטיזאַנער באַנאַכט דרײסט אַרויסגײן אַף װײניק באַלעבטע װעגן און געגאַנגען גלײַך מיט זײ. אָפטמאָל זײַנען זײ געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט. אַפן װעג געבראָכן די אַנװײַזערס, אַװעקגעטראָגן און איבערגעשטעלט

די דײַטשע וועג־ווײַזערס. ווערנדיק מיד, פלעגן זיי זיך אָפּנויגן פון וועג אין אַ וואַלד און דאָרט רוען צווישן די שניי בערג. די גאַנצע צײַט האָבן זיי נישט אויפגעגעבן די האָפענונג אָנצוטרעפן אַפן וועג פּאַרטיזאַנער אָדער זיך צו פאַרבינדן מיט איינעם פון די אָפּ־טיילונגען, וואָס האָבן אָפּערירט אין דער געגנט.

אָבער צו דעם האָבן זיי נישט געהאַט קיין מאַזל. זיי האָבן זייער אָפט אָנגעטראָפן אָדער אַן אויפגעריסענע בריק, אָדער אַ סקעלעט פון אַ פאַרברענטן לאַסט־אויטאָ, וואָס האָט זיך געוואַל־גערט מיט די רעדער אַרויף, אַן אומגעוואָרפענעם אַף אַ זייט טאַנק מיט איבערגעהאַקטע טאַנק־קייטן, אַן אָפּגעקראָכענעם און רויטן, ווי דער שאָלעכץ פון אַן אָפּגעקאָכטן ראַק. אָפטמאָל פלעגן זיי זיך אָנשטויסן אין עפּעס אַ פאַרוואָרפענעם גראָבן באַם וועג אַף גאַנצע בעסוילעמס אויטאָמאָביל־סקעלעטן. אָט דאָס אַלץ האָבן די וואַנ־דערער פון אָנפאַנג אָנגענומען פאַר סימאָנים פון פּאַרטיזאַנער אַרבעט.

אינגיכן אָבער האָבן זיי זיך אויסגעלערנט אונטערצושיידן די פאָלגן פון די פאַרטיזאַנישע איבערפאַלן פון דער אַרבעט פון די סאָוועטישע שטורעם־עראָפּלאַנען וועלכע די דײַטשן האָבן אַ נאָמען געגעבן „דער שוואַרצער טויט". די פּאַרטיזאַנער פלעגן איבערפאַלן די דײַטשן מערסטנס אין די וועלדער, אַף די אויסבויגן פון וועגן, אויפרײַסנדיק פריִער אַ בריק, אָדער פאַרצוימענדיק דעם וועג מיט אַן אומגעשלײַדערטן בוים. אין אַזעלכע פאַלן האָט מען אַרום די צעשמעטערטע און אָפּגעברענטע מאַשינען געקענט זען אַפן שניי שפּורן פון אַ סאַך פוסטריט וואָס שײַך די שטורעם־עראָפּלאַנען, זיי פלעג פאַרכאַפּן גאַנצע קאָלאָנעס אַף אָפענע פלעצער, בעשאַס אַ פאַרשטאָפּונג בײַ אַן איבערפאָר איבער אַ טײַך, אָדער אין די טראַנשייען נישט ווײַט פון די מיט שניי פאַרשאָטענע וועגן, אין טאָלן און אויסהוילונגען. די מאַשינען פלעגן אַרויסשטאַרטשען פון די שניי־בערגלעך, ווי אַן איבערגעשראָקענע, צעפּלאָשעטע סטאַדע. אויב די קאָלאָנע איז צעשמעטערט געוואָרן דורך יענע ווײַלדיקע באָמבעס, וועלכע האָבן באַנאַכט געפינקלט ווי רויטע קאָמעטן, פלעגט דאַן די שנייאיקע ווײַסקייט זײַן באַדעקט מיט אַ שוואַרצן בראַנד.

די בילדער פון די בעסוילעמס פון דעם סוינעס טעכניק,

װעלכע זיי פלעגן װאָס אַ טאָג אַלץ אָפּטער אָנטרעפן אויף זייער װעג, האָבן אָנגעפילט די װאָגדערער מיט פרישע קױכעס. אין דער צייט פון אָפּרו האָבן זיי געפירט לאַנגע שמועסן װעגן די פאַלגן פון די װאַלד־קאַמפן און אַלץ פעסטער פלעגט װערן באַ זיי די האָפענונג, אַז די סאָװעטישע אַרמיי איז שוין איבערגעגאַנגען צום אָנגריף און קומט זיי אַנטקעגן.

זיי האָבן שוין פון לאַנג פאַרלאָרן דעם כעזשבן פון די טעג. מוסיאַ האָט שוין אַפילע אויפגעהערט אָנצודרייען איר זייגערל. עס איז נישט געװען גייטיק צו װיסן די צייט. דאָס לעבן איז באַשטאַנען פון דעם טויש פון טאָג אויף נאַכט. זיי האָבן זיך אײַנגעװױנט צו שלאָפן באַטאָג און אויפכאַפּן זיך װען עס פלעגט װערן טונקל. פון אָנפאַנג פלעגט זיי דאָס אָנקומען זייער שװער, אָבער מיט דער צייט האָט זיך זייער אָרגאַניזם צוגעפּאַסט צו אַזאַ אַרט לעבן. באַטאָג האָבן אַלע דרײַ געפילט שאַרפע װייטיקן אין די אויגן, די װײַסע פאַרשנייטע פעלדער באַלויכטענע פון דער זון האָבן מיט זייער שאַרפער העלקייט, געשניטן די אויגן.

אין דער זעלבער צייט װאָס זייערע קױכעס זײַנען אָפּגעשװאַכט געװאָרן, איז צו דער מידקייט און הונגער, װאָס האָט זיי אויף איין רעגע נישט פאַרלאָזט, אויך צוגעקומען אַ קעסיידערדיקע שלעפּער־קייט. אין דעם איז מוסיאַ אויך געװען שטאַרקער פון די איבע־ריקע. זי פלעגט נעמען אויף זיך די שװערסטע פרימאָרגן־שאָען צו האַלטן װאַך, יענע שאָען, װען אירע באַגלייטער אויסגעמאַטערטע פון דעם װעג, פלעגן אַנטשלאָפן װערן מיט אַ בלייענעם שלאָף. אײַנאָרדענענדיק זיך באַקװעם באַם פײַער פון שײַטער האָט זי זיך באַמיט נישט צו פאַרשװענדן אירע קױכעס מיט דער מינדסטער איבעריקער באַװעגונג.

אַרום זײַנען געװען אָנגעװאָרפן אויסטערלישע שניי־בערג. די װינטן האָבן אַזוי געדיכט באַקליידט דעם װאַלד מיט שניי, אַז די צװײַגן פלעגן זיך בייגן און טוליען צום שטאַם. װען די קאַלטע זון פלעגט פאַרשװוינדן װערן הינטער די װאָלקנס און ס׳פלעגט זיך אויסלעשן די פינקלענדיקע װײַסקייט, האָבן די ביימער אויסגעזען װי סאָלדאַטן אָנגעטאָנענע אין װײַסע מאַסקיר־כאַלאַטן צעשפּרייטע איבערן פעלד. װען אָבער די זון האָט געשײַנט אין דעם פראָסטיקן, גרינלעכן הימל, און אָפּן שניי צופוסנס די ביימער האָבן זיך אויס־

געלייגט געדיכט בלויע שאָטנס, פלעגט דער מיט שניי באַדעקטער שיטערער וועלדל באַקומען אַ פאַנטאַסטישן אויסזען. און מוסיאָס מידע אויגן האָבן בוילעט געזען אָדער אַ צונויפגעקאָרטשעטן גרויסן בער, וואָס זויגט זײַן לאַפּע, אָדער דעם פּראָפיל פון מיטראָפאַן אי־ליטשס פּאָנעם, אַ הירשן־קאָפּ, אַ קאָמיוגיסטיש פענדל, אָדער גאָר אַ רעכן־מאַשינקע.

דאָס מיידל פלעגט צומאַכן די אויגן, ווערן אַנדרימלט, זיך פלוצלונג אויפכאַפּן פון דער שאַרפער קעלט, צוואַרפן צווײַגן צום שייטער, צורעכט מאַכן דאָס ברעזענטענע שוץ־וועגטל פון דער פּלאַשטש־פּאַלאַטקע, צווינגען די שלאָפנדיקע זיך איבערצודרייען אַף דער אַנדער זײַט און זיך ווידער מיט שרעק אַרומקוקן.

די זאָרגן האָבן אַף קיין איינציקע רעגע נישט פאַרלאָזט מוסיאַן. וועלן זיי האָבן קויכעס זיך אויפצוהייבן, ווען ניקאָלײַ אומשטאַנד זײַן צו שלעפּן זײַן זאַק, ווען זיי געלינגען דורכצוגיין די הונדערט קילאָמעטער, וועלכע לויט זייערע אויסרעכענונגען האָבן זיי אָפּגע־טיילט פון דעם פראָנט ? אָבער אין דער זעלבער צײַט וואָס די דיסטאַנץ פלעגט פאַרקלענערט ווערן, אַלץ לאַנגזאַמער או שווע־רער האָבן זיך אַלע דרײַ גערוקט פאָרויס. יעדע שאָ קימאַט פלעגן זיי מוזן זיך פאַרקערעווען אין וואַלד אַרײַן אַף אָפּרו. דאָס אָפּ־שטעלן זיך אָפּצורוען פלעגט אַלץ פאַרלענגערט ווערן און דער שעטעך וועג פאַר אַ נאַכט גאַנג איז וואָס אַ מאָל אַלץ קלענער גע־וואָרן.

„קען דען געמאָלט זײַן אַז מיר זאָלן נישט דערגיין ? ווען אונדז טאַקע אויסקומען צו שטאַרבן דאָ. שטאַרבן נוצלאָז, נישט דורכפירנדיק אונדזער אויפגאַבע ? און אַרום אונדז איז דאָך אַזוי שיין. עס איז דאָך אַזוי גוט צו לעבן ! — דאָס מיידל האָט אײַליק געיאָגט פון זיך די מאָרעשכוירעדיקע געדאַנקען, — ניין, ניין, דאָס קען נישט מעגלעך זײַן ! מיר מוזן אָנקומען !"

מוסיאָ האָט געפילט, אַז אויך זי, פונקט ווי ניקאָלײַ, ווערט באַזיגט פון דער מאָדנער אומבאַקאַנטער קרענק. אַזאַ באַנגנדיקע פוילקייט פענטעט צונויף דעם גאַנצן קערפּער, ווי מיט גומענע שטריק. דער קאָפּ שווינדלט אַזוי, אַז אָפּטמאָל קומט אויס זיך אָנצוכאַפּן באַ אַ בוים קעדיי נישט אומצופאַלן. אין די אויערן קלינגט די גאַנצע צײַט. נאָר ערגער פון אַלץ איז דאָס וואָס עס

בלוטיקן קעסיידער די יאַסלעס. די ציינער שאָקלען זיך און די פיס ווערן געשוואָלן און ברעכן זיך אונטער בײַ די קני. ׳ניין, ניין, נישט אונטערגעבן זיך; נאָר נישט אונטערגעבן זיך! נישט אַוועקוואַרפן די לודערס. רודערן קעגן דעם ווינט, קעגן דעם שטורעם, רודערן מיט די לעצטע קויכעס״ אַזוי פלעגט זיך באַאײַנפלוסן דאָס מיידל, דערמאָנענדיק זיך די געשטאַלטן פון די פישערס אַפן יעניסיי־טײַך, וועלכע ס׳האָט געמאָלן דער כאַווער סטאַלין אין זײַן רעדע.

אָבער איר פערזענלעכע קראַנקייט האָט זי נישט געשראָקן. זי האָט נאָך גענוג קויכעס. זי איז נאָך אומשטאַנד צו גיין. מיט ניקאָלײַען אָבער איז שלעכט. אָפטמאָל טרעפט אַז דער בליק בײַ אים ווערט אַ פאַרלוירענער, אַ גלײַכגילטיקער. נעכטן בייסן שלאָפן האָט ער ווידער אָפגעפרווירן זײַן שוין געפרווירענע באַק. ווען מוסיאַ האָט דערזען אַ ווײַסן פלעק לעבן דער אַלטער שוין בלוי־געוואָרענער ווונד, האָט זי שנעל געכאַפט אַ הויפן שניי און אָנגעהויבן צו רײַבן די באַק. ניקאָלײַ האָט אויפגעוואַכט, געעפנט די אויגן, אָבער אין זיי איז נישט געווען קיין כידעש און נישט קיין דאַנקבאַרקייט. זיין קאָפ האָט זיך נאָכגיביק געשאָקלט, ווי בײַ אַ ליאַלקע. מוסיאַס האַרץ איז פאַרקלעמט געוואָרן: „וואָס איז דאָס, זאָל דאָס זײַן דער סאָף?״

פול מיט שרעק האָט זי אָנגעפאַנגען אים צו טרייסלען און מונטערן. ניקאָלײַ איז געלעגן, ווי אַ טויטער. פאַרנאַכט אָבער איז ער געקומען צו זיך און זיך אויפגעשטעלט אַליין אַף די פיס. אַפן וועג האָט ער זיך איר מוידע געווען, אַז ער האָט געהערט ווי זי מונטערט אים אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין קויעך צו באַזיגן זײַן שלעפעריקייט.

עס האָט זיך אַזוי ווי פון זיך אַליין באַקומען, אַז אַלע פליכטן פון דעם אָנפירער זײַנע ביסלעכווײַז איינס נאָכן אַנדערן אַריבערגעגאַנגען צו דעם מיידל.

„מען דאַרף נאָר זען אַליין נישט ווערן צעקראָכן, נישט אָפלאָזן זיך נישט אונטערגעבן זיך דער שרעקלעכער שוואַכקייט! עס איז דאָך שוין נאָנט, גאָר נאָנט! אַפילע פון די פאַשיסטישע אַפישן, וועלכע טרעפן זיך אָן אַף די וועג־ווײַזערס, זײַנען דאָך אויך פאַרשווונדן די באַרימערישע ליגנס וועגן אײַננעמען מאָסקווע. הייסט עס, אַז די געשעפטן גייען בײַ זיי שלעכט; הייסט עס, אַז די

רויטע אַרמיי אַוואַנסירט שוין. עס איז געבליבן גאָר ווייניק! מאַמע טײַערע, וואָס טוט מען, וויאַזוי דאַרף מען האַנדלען קעדיי נישט צו פאַרלירן דעם מוט און ווילנסקראַפט אין די לעצטע טעג?״

אין די שלאָפלאָזע שאָען פלעגט פאַרן מיידלס אויגן זייער אָפט זיך פאָרשטעלן אַ בילד: נידעריקע סאָסנעס, באַדעקטע מיט פוכיקע שניי־בערגלעך, און צווישן זיי, לעבן אַ גרויען פלעק פון אַן אויסגעלאָשענעם שײַטער, דרײַ צונויפגעקאָרטשעטע, פאַרשאָטענע מיט שניי פיגורן. און אין קאָפּ האָט געפינקלט אַ געדאַנק: דאָרט הינטער דער פראָנט־ליניע וואָרט מען שוין לאַנג אַף די פאַרטיזאַנישע שעליכים מיט זייער ווערטפולן באַגאַזש. דאָרט שפּאַנט אום מיט שווערע טריט דער כאַוועד טשערעדניקאָוו, פאַרלייגט זײַן איינציקע האַנט הינטערן רוקן, ער שפּאַנט און ברומט בייז: „מיטראָפאַן איליטש, יאָ, ער איז געווען אַן עמעסער פּאַטריאָט! אָבער ווען איז דאָס אײַנגעפאַלן דער געדאַנק אָנפאַרטרויען אַזאַ וויכטיקן איניען דער פוסטער מויד?״

פון אַזעלכע ראַיוינעס פלעגט מוסיאַ ביז טרערן באַקומען ראַכמאָנעס אַף זיך אַליין. עס וועלן דאָך נישט דער כאַווער טשערעדניקאָוו און נישט אַלע איבעריקע באַנק־באַאַמטע קיינמאָל נישט דערוויסן זיך וויפל קאָרבאָנעס האָט געבראַכט, וויפל מי און קויעך האָט אַוועקגעלייגט אָט „די פוסטע מויל״, קעדיי דורכצופירן די אויפגאַבע. צווייטנס טראַכטנדיק וועגן דעם פלעגט דאָס מיידל אַזש ווייגען פון פאַרדרוס, אָבער מערסטנטייל האָט זי זיך געבייזערט אַף זיך אַליין, אַף רודאַקאָוון, אַף טשערעדניקאָוון, מיט איין וואָרט אַף אַלע, און צוליב דעם קאָס פלעגט זי ווערן אָנגעפילט מיט פרישער ענערגיע און פלעגט אַן ראַכמאָנעס אָנהייבן מונטערן אירע מיטגייער און הייבן זיי אין וועג.

די קליינע גרופּע האָט זיך אַקשאַנעסדיק גערוקט אַף מיזרעך.

# VIII

און אָט איז געקומען דער מאָמענט, פֿאַר וועלכן מוסיאַ האָט מער פֿון אַלץ געציטערט.

איינמאָל פֿאַרן זון־אונטערגאַנג, ווען דער וואַלד האָט זיך נאָך געדרייטלט און דער גרויער, שנעלער ביינהאַשמאָשעס האָט גענומען הויערן נאָר אין דער וואַלד געדיכטעניש, ווו די וואַנדערער האָבן יענעם טאָג גערוט, האָט מוסיאַ באַשלאָסן אַז עס איז שוין צײַט זיך אויפֿצוהייבן. טאָליאַ האָט לאַנג נישט געקאָנט זיך אויפֿכאַפּן. שפּעטער, קומענדיק צו זיך, איז ער אויפֿגעשפּרונגען, אָנגעריבן דאָס פּאָנעם מיט שניי און האָט אַפֿילו געפּרוווט מאַכן עטלעכע גימנאַסטישע איבונגען, אָבער ער האָט פֿאַרלוירן דאָס גלײַכגעוויכט, זיך אַ וואַקל געטאָן און איז שיִער נישט אומגעפֿאַלן.

דערנאָך האָבן זיי זאַלבעדריט אָנגעפֿאַנגען אויפֿשטעלן ניקאָלײַען. דער פּאַרטיזאַן איז געווען זייער שווער. זײַן קערפּער האָט זיך נאָכגיביק געוואַקלט אַף אַלע זײַטן, אָבער ווי נאָר מען האָט אים אָפּגעלאָזט, איז ער מאַכטלאָז צוריקגעפֿאַלן. אַ פּאַכעד איז באַפֿאַלן מוסיאַן. זי האָט זיך געבעטן, אײַנגערעדט, געדראָט. עס האָט גאָרנישט געהאָלפֿן. ערשט נאָך דעם, ווי זי האָט אײַנגעריבן ניקאָלײַס ברוסט מיט שניי, האָט דער פּאַרטיזאַן געעפֿנט לאַנגזאַם די אויגן און שוואַך אַ שמייכל געטאָן דערזעענדיק נאָנט פֿון זיך דעם אויסגעדאַרטן מיידלשן פּאָנעם. ער האָט פֿאַרהאַלטן מוסיאַס האַנט אַף זײַן ברוסט. עס איז אַריבער אַ מינוט, צוויי און ניקאָלײַ האָט זיך אויפֿגעזעצט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. די פֿרײַנט האָבן מיט שרעק געקוקט אַף זײַנע לאַנגזאַמע, שלאַבעריקע באַוועגונגען.

— איך גליטש זיך, — האָט ער שטיל אַרויסגערעדט, באַמיִענדיק זיך צו שמייכלען. — די פּאָמפּע איז אָפּגעשוואַכט. די טרײַבשטאַנגען אָפּגענוצט, זיי שלעפּן נישט.

ער איז געזעסן אונטערן בוים, אַזאַ גרויסער און הילפלאָזער. אַ שאַרפער ראַכמאָנעס־געפיל האָט געריסן מוסיאַס האַרץ. דאָס מיידל האָט זיך אַ שליידער געטאָן צו אים, געפאַלן אַף די קני, צוגעדריקט צו זיך זײַן קאָפּ, אָנגעהויבן אים צו גלעטן מיט ציטערדיקע הענט.

— ליבער, מען דאַרף נישט, מען דאַרף נישט! מיר וועלן דערגיין, דו הערסט מיר וועלן אומבאַדינגט דערגיין! מיר וועלן זיגן, מיר וועלן זײַן גליקלעך... ווען דו זאָלסט נאָר וויסן, ווי גליקלעך מיר וועלן זײַן.

דעם פּאַרטיזאַנס קאָפּ איז געלעגן, ווי נישט קיין לעבעדיקע. אין דעם שפּאַלט פון די טונקל־געוואָרענע, צעפּלאַצטע ליפּן האָט נאָך אַלץ געצאַפּלט אַ פאַרכידעשטער און עטוואָס פאַרשולדיקטער שמייכל.

— דו הערסט מיך, וואָס איך רייד? — האָט געפרעגט מוסיאַ און האָט שאַרף אַ קוק געטאָן אין זײַנע טרויעריקע אויגן.

ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. מוסיאַ איז געוואָרן פאַר־צווייפלט. „וואָס זשע טוט מען, קעדיי אויפצוּוועקן די ענערגיע אין דעם גרויסן אָפּגעשוואַכטן קערפּער?"

די טונקלקייט האָט שוין אַרומגענומען דעם פאַרשנייטן וועלדל. אַן איינזאַמער אומגאַטירלעך העלער שטערן האָט זיך אָנ־געצונדן אין הימל, שוין צײַט צו גיין.

— זשעלעזנאָוו! — האָט געזאָגט דאָס מיידל בייז און באַ־פעלעריש, — ווילסט, אַז די ווערטזאַכן זאָלן אַרײַנפאַלן צו די פאַ־שיסטן אין די הענט? דאָס ווילסטו? שטיי די מינוט אויף!

ניקאָלײַ האָט אויפגעהויבן זײַנע אויגן. מוסיאַס ייִנגלערישער פּאָנעם האָט אָפּגעשפּיגלט אַן אַקשאָנעסדיקן, נישט געצוימטן ווילן. דעם פּאַרטיזאַנס געשוואָלענע ליפּן האָבן זיך פאַרקרימט אין אַ ליבלעכן שמייכל.

— דו ביסט אַ גוטע, מוסיאַ, — האָט ער געענטפערט, זיך אונטערגעהויבן אַפן עלנבויגן און האָט אָנגעהויבן אַזוי ווי אָפּצורײַסן זײַן קערפּער פון דער ערד.

זײַנע פיס האָבן זיך געגליטשט, די הענט געציטערט. ער האָט זיך פּײַנלעך לאַנגזאַם געהויבן. עס איז שווער געווען צו זען דעם גיבער אַזוי כאָרעוו און שוואַך. מוסיאַ האָט זיך אָפּגעקערט, און טאָליאַ האָט זיך געוואָרפן אים צו העלפן. אָבער ניקאָלײַ האָט שוין

באַזיגט זײַן פאַרגליווערונג. ער האָט בײַז אָפּגעשטופּט דעם קלײנעם פּאַרטיזאַן, זיך אַלײן אויפגעשטעלט אויף די פּיס און מיט אַ שווערן גאַנג זיך דערנענטערט צום שנײ־בערגל, ווו עס איז געווען פאַרגראָבן זײַן זאַק. דאָרט איז ער געבליבן שטײן, ווי ער וואָלט געזאַמלט קויכעס, אַראָפּגעשטויסן מיטן שטיוול דעם שנײ־אָנשיט, אַנגעטאַפּט די ליאַמקעס, אַרויסגעריסן דעם זאַק פון שנײ, אָבער אויפהייבן אים האָט ער שוין נישט געקאָנט. דער פּאַרטיזאַן האָט זיך אָנגעשטרענגט און געוואָלט פּרוּוון מיט אײן ריס אַרויפוואַרפן דעם זאַק צו זיך אויף די פּלײצעס, אָבער עס איז אים ווידער נישט געלונגען. ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, שיר נישט אומגעפאַלן, אָבער, נאָך אַ ווײַלע שטײן, זיך ווידער גענומען פאַר די ליאַמקעס. מוסיאַ און טאַליאַ זײַנען צוגעלאָפן צו אים.

— איך פאַרוועהר דיר, דו הערסט! איך וועל טראָגן, — האָט אָנטשלאָסן געזאָגט דאָס מײדל, פּרוּוונדיק אַרויסרײַסן דעם זאַק פון זײַנע ציטערדיקע הענט.

ניקאָלײַ האָט זיך אָנגעכמורעט.

— נײן, — האָט ער דורכגעזײַט צווישן די צײן, און אויף זײַן ברײטן גוטמוטיקן פּנים האָט זיך באַוויזן אַן אויסדרוק פון אָקשאָנעס.

ער האָט טיף אײַנגעאָטעמט, ווי אײדער מען גיט אַ שפּרונג, ווידער אָנגעכאַפּט דעם זאַק און מיט אַ פאַרצווייפלטער אָנשטרענגונג אים פאַרוואָרפן אויפן רוקן.. די כאַווײרים האָבן אים געהאָלפן דורכצורוקן די הענט אין די ליאַמקעס. עס איז שוין געווען פינצטער. דער אָפּהילך פון דער באַוועגונג, וואָס האָט זיך אין מעשעך פון גאַנצן טאָג געטראָגן פון דעם שליאַך איז שוין אײַנגעשטילט געוואָרן. מוסיאַ האָט זיך געלאָזט גײן די ערשטע אויף די שפּורן פון זײערע נעכטיקע טריט. נאָך איר האָט זיך אַ ריר געטאָן טאַליאַ, אָבער פון הינטן האָט זיך דערהערט אַ פאַל פון אַ שווערן קערפּער. דער שנײ האָט מיט אַ קרעכץ אַ סקריפּע געטאָן.

מוסיאַ האָט זיך אומגעקוקט. אויפן שנײ האָט געשוואַרצט אַן אומבאַוועגלעכע פיגור. ניקאָלײַ איז געלעגן אויפן רוקן מיטן פּנים אַרויף.

— לאָזט מיך איבער... גײט... נעמט עס און גײט...

גייט אַליין, איך באַפעל איַיך. איר הערט, איך באַפעל! אַזוי מוז עס זײַן — האָט ער האַסטיק געשעפּטשעט.

אַ גרענעצלאָזער ראַכמאָנעס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס מיידל, ווען זי האָט דערזען, ווי גרויסע, געדיכטע טראָפּנס רינען איבער זײַנע שלייפן. באַלד אָבער איז דער ראַכמאָנעס איבערגעגאַנגען אין אַן אָנפאַל פון אַ בריאיקן קאַס.

— אַוועקגיין? דיך איבערלאָזן? ווער זײַנען מיר דאָס לויט דײַן מיינונג? ווי וואַגסטו דאָס גאָר...

זי האָט אים שנעל באַפרײַט פון די ליאַמקעס פון דעם זאַק:

— שטיי אויף! שוין זאָלסטו אויפשטיין!

ניקאָלײַ איז אַלץ געלעגן אין דער זעלבער פּאָזע, אַן אַרײַנגעפּרעסטער אין דעם שניי. דאָס מיידל האָט אים אַ שלעפּ געטאָן פאַרן קאָלנער, אָבער אים אויפצוהייבן האָט זי נישט געהאַט קיין קויעך. ער אַליין האָט נישט צוגעהאָלפן. אַ ווילדע רעציכע האָט אָנגעכאַפּט דאָס מיידל.

— הייב זיך אויף! הייב זיך שוין אויף!

ניקאָלײַ איז געלעגן מאַכטלאָז און גלײַכגילטיק. דאַן האָט זי אָנגעהויבן אומבעראַכמאָנעסדיק אים צו צופּן, רײַסן, טרייסלען, שטאַרכען אין אַ זײַט. ענדלעך האָט זיך אין זײַנע טרויעריקע, גלײַכגילטיקע אויגן באַוויזן אַן אויסדרוק פון פאַרוווּנדערונג.

— וועסט אויפשטיין אָדער נישט? דערמאָן זיך, וואָס דער כאַווער סטאַלין האָט געזאָגט וועגן די פּישערס... זיי רודערן קעגן דעם ווינט... קעגן דעם שטורעם... זיי רודערן, רודערן ביז צום לעצטן הויך פון זייער אָטעם, ביז צום לעצטן קלאַפּ פון זייער האַרץ... און דו, אַ באָלשעוויק, לייגסט צונויף די רודערס? אַזוי גאָר?

ניקאָלײַ האָט מיט גרויס מי זיך ווידער געשטעלט אַף די פיס. די כאַוויירים האָבן אים צוגעהאָלפן.

— גיי פאָרויס! — האָט באַפוילן דאָס מיידל.

און ער איז נאָכגיביק, נישט אומקוקנדיק זיך אַוועק איבער די נעכטיקע שפּורן.

באַוויגן אַלץ פון דעם זעלבן נערוון־אויפבראויז האָט דאָס מיידל אַ כאַפּ געטאָן דעם זאַק, אים אָפּגעריסן פון דער ערד און דרייסט דורכגענומען די הענט דורך די ליאַמקעס. די שווערקייט האָט זי

דערפילט ערשט דאַן, ווען די מאַסע איז שוין געלעגן אַף איר רוקן. טאַליאַ האָט אויפגעהויבן ביידע אויטאָמאַטן. זיי האָבן שנעל אָנגע־יאָגט ניקאָלײַען. ער האָט געשפּאַנט, ווי אַ לונאַטיקער, אָבער אין זײַנע באַוועגונגען איז שוין געווען זיכערקייט. ער האָט אַפילע אויסגעשטרעקט די האַנט, קעדיי צו באַפרײַען מוסיאַן פון איר לאַסט, אָבער זי האָט ליבלעך נאָר פעסט אָפּגעווענדט.

— מען דאַרף נישט, ליבער, גיי!

זיי האָבן זיך אַרויסבאַקומען אַפן וועג. איבערן פעסטן שניי, וועלכער איז געווען אויסגעפּאָלירט פון די שינעס און האָט הילכיק געסקריפּעט אונטער די קנאַפּל, איז געווען לײַכטער צו גיין. און עפּעס אַ מאָדנע זאַך: וואָס מער זיי האָבן זיך דערווײַטערט פון דעם פּלאַץ פון זייער אָפּרו, אַלץ זיכערער זײַנען געוואָרן זייערע טריט.

— דו פילסט זיך דאָך בעסער, עמעס? — האָט געפרעגט מוסיאַ, קוקנדיק מיט האָפענונג אַף ניקאָלײַען.

— יאָ, יאָ, אַוואַדע — האָט ער געענטפערט מיט אַ הייזעריקן שעפּטשען, נישט אויסדרייענדיק זיך.

סוואיז געווען קענטיק אַז ער איז מונטערער געוואָרן. נאָר זײַן גאַנג איז געווען ווי פריִער אַ נישט קיין לעבעדיקער, אַ הילצערנער. זײַנע באַוועגונגען זײַנען געווען עפּעס מאָדנע, מעכאַנישע.

אײַנגעהויקערט אונטער דעם שווערן דרוק פון איר לאַסט איז מוסיאַ געגאַנגען פאַר אים, און ער האָט געקוקט אַף איר נאַקן און האָט זיך באַמיט צו גיין אין טאַקט מיט אירע טריט. אַ שטילער שמייכל האָט געבלאַנדזשעט אַף זײַנע פאַרשוואַרצטע, צעפּלאַצטע ליפּן. קעדיי צו פאַרגעסן דעם פּײַנלעכן ווייטיק, דעם גליטשיקן אומענדלעכן וועג, דאָס שאַרפע פינקלען פון די קאַלטע שטערן וועלכע האָבן מיט זייערע שטראַלן אַזוי ווי געדראָפּעט זײַנע אויפ־געלאָפענע אויגן, האָט דער פאַרטיזאַן שטיל געכאַזערט פאַר זיך יענץ ליד, וועלכע איז אים געקומען אַפן זין בײַ דער ערשטער באַ־געגעניש מיטן מיידל.

די דערינערונגען האָבן אים אָנגעפילט מיט וואַרעמקייט און געצוווּנגען זײַן מיד האַרץ, קלאַפּן ענערגישער. זיי האָבן אים צע־שטרייט פון דעם שאַרפן ווייטיק, פון די אָפּגעשוואַכטע מוסקולן, וועלכע האָבן שוין נישט געפאָלגט די באַפעלן פון זײַן מאַרך. ווידער

איז געגאַנגען ניקאָלײַ זשעלעזניאָוו, אַ יונגער און שטאַרקער איבערן וואַלד, אַ פֿאַרפּלייצטן מיט זון־שײַן, אַן אָנגעפּילטן מיטן זומערדיקע דופטן און מיט געזאַנג פֿון פֿייגל. אים איז געווען אַזוי גוט און לײַכט, און מוסיאַ אַ שנעלע, ווי אַ פֿייגעלע איז געשפּרונגען פֿון איין בערגל אויפֿן צווייטן, ווי זי וואָלט געשווומען איבער די שמאַראַגד־גרינע פֿעלדער, ווי אַ וואָלקנדל האָט זי געשוועבט צווישן די ביימער און קוסטעס און אים גערופֿן, גערופֿן נאָך זיך . . .

אַ הייזעריקע, שרעקלעכע שטימע האָט זיך פּלוצלונג דערהערט אין דער פּראָסטיקער שטילקייט: ניקאָלײַ האָט עפּעס אומדײַטלעך געזונגען.

מוסיאַ האָט זיך אומגעקוקט. טאַליאַ האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום כאָוועך. ניקאָלײַ האָט אַלץ געשפּאַנט מיטן פֿריערדיקן הילצערנעם טראָט, נאָכשלעפּנדיק די פֿיס. אויף זײַן געל־געוואָרענעם אויסגעדאַרטן פּנים האָט געציטערט אַ גליקלעכער שמייכל.

אין זײַן אומפֿאַרשטענדלעכן ברומען האָט מוסיאַ געהערט איר נאָמען, זי האָט זיך באַמיט נישט אײַנצוהערן זיך. איז דען מעגלעך, אַז ער זאָל שטאַרבן און עס וועט זיי אויסקומען אים איבערצולאָזן דאָ, אויפֿן שניי? ניין, ניין, אַזוינס קען נישט געשען, עס טאָר נישט געשען. זי וועט נישט דערלאָזן, זי וועט אָפּראַטעווען ניקאָלײַען, ווען איר זאָל אַפֿילע אויסקומען צו באַצאָלן דערפֿאַר מיט איר אייגן לעבן!

אַ פּאַכעד האָט אַרומגעכאַפּט טאַליאַן פֿון דער הייזעריקער שטימע, פֿון דעם גליקלעכן שמייכל אויף זײַן כאָוועס אויסגעמאַטערטן פּנים, ער האָט מיט שרעק געטאָרעט דעם פּאַרטיזאַנס האָנט:

— ריר אים נישט, זאָל ער, — האָט געזאָגט מוסיאַ.

— וואָס איז מיט אים?

— ער רעדט פֿון וועג . . .

אַזוי, מיט קורצע איבעררײַסן זײַנען זיי אָפּגעגאַנגען עטלעכע שעה. אָבער וויפֿל, וואָלט קיינער פֿון זיי נישט געקענט פֿעסטשטעלן — זיי האָבן שוין נישט געלייגט קיין אַכט אויף דער צײַט. און וואָס האָט זיי בעעמעס געטויגט נאָכצוקאָנטראָלירן די צײַט, אַז זייער לעבן האָבן זיי שוין איצט נישט געמאָסטן לויט די שאָען, נאָר לויט דער צאָל קילאָמעטערס, וועלכע האָבן זיי דערנענטערט צו

דער פּראָנט־ליניע. דאָס מיידל האָט זיך שוין צוגעפּאַסט צום גע־וויכט פון זאַק, געוווינט געוואָרן מיטן ווייטיק פון די אָנגעמאָ־טערטע אַקסלען. איר גאַנצע ווילנסקראַפט האָט זיך איצט קאָנ־צענטרירט בלויז אַף איין פּונקט, באַצווינגען זיך און אירע כאַ־ווײירים וואָס שנעלער גיין פאָרויס. די אַרומיקע וועלט איז פאַר־שווונדן. אין איר מויעך איז פאַרבליבן בלויז דער געפּרעסטער וועג און דער באַוווסטזיין, אַז מען מוז אומבאַדינגט גיין אַף אים.

אָבער זיי זײַנען געוועזן זעלגער און דערצו נאָך גוטע, געניטע זעלנער. ווי נאָר, ערגעץ, גאָר ווײַט נאָך, האָט זיך דערהערט אַ טראַסקען פון אַ מאָטאָר, זײַנען זיי אַרויס אַלע דרײַ מיטאַמאָל פון זייער פאַרגליווערטן צושטאַנד און אָנגעשטרענגט זיך צוגעהערט. דער גליקלעכער שמייכל איז אויסגעלאָשן געוואָרן אַף ניקאָלײַס פּאָנעם, אין זײַנע אויגן האָט אַ לויכט געטאָן אַ בליץ פון וואַכ־זאַמקייט. מיט אַ פּינקטלעכער זיכערער באַוועגונג האָט ער אַרויס־געריסן פון טאָליאַס הענט איין אויטאָמאַט און איז אַראָפּגעגאַנגען פון וועג דורך דער קאַנאַווע אין די דערבייִקע קוסטעס. זײַנע באַגלייטער האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן נאָך אים. מוסיאַ, באַהאַל־טנדיק זיך אין שניי האָט פון אַ זײַט נאָכגעקוקט ניקאָלײַען. די באַטויבונג איז פאַרשווונדן, ווי קיינמאָל נישט געוועזן, ער האָט זיך אויפגעפירט סייכלדיק און פּינקטלעך. די טראַסקערײַ פונעם מאָ־טאָר איז געוואַקסן. די נישט־גלײַכמעסיקע וויבראַציעס האָבן איידעס געזאָגט, אַז עס איז אַ מאָטאָציקלעט.

ניקאָלײַ האָט מעכאַניש אויפגעהויבן דעם אויטאָמאַט, אַראָפּ־געלאָזט דעם פאַרזיכערער און אָנגעשטעלט אַף אַ סעריע־מעסיקע שיסערײַ. דאָס זעלבע האָט אויך באַוויזן צו טאָן טאָליאַ. אין דעם זעלבן אויגנבליק, ווען פאַר זיי האָט אַ שווינדל געטאָן, כאָרכלענדיק מיטן מאָטאָר, אַ מאָטאָציקל מיט אַ וועגעלע, האָבן אויפגעפלאַקערט אין די קוסטעס צוויי רויטע פּונקטן מיט בייזע ציטערדיקע פײַערן.

נאָך איידער דער ווייכער ווינטערדיקער ווידערקאָל האָט באַ־וויזן זיך צו פאַרשפּרייטן איבערן וואַלד, האָט דער מאָטאָציקל, דורכלויפנדיק דורך דער אינערציע אַ צוואַנציק מעטער, זיך אַ שלײַ־דער געטאָן אין דער קאַנאַווע. 2 שוואַרצע פיגורן האָבן אַ שווינדל געטאָן אין דער לופט און זײַנען פאַרשווונדן אין אַ וואָלקן שנייִקן שטויב. טאָליאַ האָט זיך דער ערשטער אַ וואָרף געטאָן צו זיי מיטן

אויטאָמאַט גרייט און שרײַענדיק מיט אַלע קויכעס „הענד האָך“. אָבער עס איז נישט געווען, ווער עס זאָל אויפהייבן די הענט. דער אָנפירער איז געלעגן אומבאַוועגלעך אין אַ פאַרשמאַלצענעם פרטערנעם קאָמבינעזאָן לעבן אַ סאָסנע. אַרום זײַן קאָפ, וואָס איז געלעגן פאַרזונקען אין שניי, האָט זיך לאַנגזאַם צעשווומען אַ שוואַרצער פלעק. דער פאַסאַזשיר, וועלכער האָט זיך אָן באַוווסטזײַן געוואַלגערט עטוואָס ווײַטער האָט שטיל געקרעכצט. טאַליאַ האָט זיך אײַנגעבויגן צו אים.

— שיס נישט, מען וועט דערהערן — האָט געוואָרנט מוסיאַ.

האַלטנדיק אין האַנט איר „וואַלטער“ איז דאָס מיידל געבליבן שטיין לעבן דעם פאַסאַזשיר אין אַן אָפיצירן אוניפאָרם. וואָס טוט מען? דער באַטויבטער פון דעם פאַל סוינע, קען קומען צו זיך, מאַכן אַ ליאַרעם און אַרויספירן אַף זייערע שפורן. איז דען באַ זיי, אָפגעשוואַכטע, אָן קויכעס פאַראַן כאָטש די מינדסטע האָפענונג זיך אויסצובהאַלטן און ראַטעווען, אין פאַל ווען די דײַטשן וועלן געפינען זייערע שפורן און וועלן זיי פאַרפאָלגן.

מוסיאַ איז געשטאַנען אַ פאַרצווייפלטע איבערן סוינע. דער אָפיציר איז געלעגן אָן באַוווסטזײַן. דאָך אַפילע אין אַזאַ צושטאַנד איז פון זײַן פאָנעם נישט פאַרשווונדן דער אויסדרוק פון זאָאָלאָגישן פאַכעד. דאָס מיידל האָט אַראָפגענומען פון זײַן רימען דעם רעוואָלווער. נישט ווײַט האָט פון שניי אַרויסגעסטאַרטשעט אַ רימענדל. זי האָט אים אַ צי געטאָן און אַרויסגעשלעפט אַ פלאַנשעט. אין אים איז געלעגן אַ מאַפע און אַ פאַקעט, אַ פאַרזיגלטער באַ די ווינקלען מיט גרינע טריוואַקס־סטעמפלען. הייסט עס, אַז דער אָפיציר איז געווען אַ פאַרבינדלער און האָט געפירט עפעס אַ ‚באַפעל. לעהייפעך דער אָרדענונג, וועלכע האָט געהערשט די לעצטע וואָכן אַף די פײַנטלעכע מיליטערישע וועגן, איז ער געפאָרן באַנאַכט, אַ סימען אַז דער באַפעל איז געווען אַ דרינגלעכער און אַ וויכטיקער. דאָס מיידל האָט פאַרשטעקט די מאַפע מיטן פאַקעט צו זיך אין בוזעם; מיט באַדויערונג האָט זי באַטראַכט דעם רעוואָלווער און אים פאַרשלײַדערט ווײַט אין שניי.

דערנאָך האָט זי אָנגעהויבן צו באַזוכן דעם אָפיציר. אין די ראַנג־אָפצייכענונגען האָט זי זיך גאַנץ ווייניק פונאַנדערגעקליבן אָבער דער דינער געוואַנט פון דעם אָפיצירס אוניפאָרם, דער פוטער־

נער אונטערשלאַק פון זײַן מאַנטל, האָט איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס איז אַ שטאַב־אָפיציר. עס האָט זיך איר פאַרוואָלט אויס־געפינען זײַנע דאָקומענטן. אַנשטאָט זיי האָט זי אַנגעטאַפּט אין זײַן קעשענע, אַ פּעקל, פאַרוויקלט אין אַ נאָז־טיכל און צוגעשפיליעט צום רעקל מיט אַ זיכער־נאָדל. אין פּעקל זײַנען געווען צוויי אַלטע פרויען־זייגערלעך פון גאָר געוויינלעכער אויסאַרבעטונג, צוויי קי־דושין־פינגערלעך און עפּעס גלאַנציקע, גאָלדענע שטיקלעך, פון אויסטערלישע פאָרמען, וועמענס באַדײַטונג זי האָט לעכאַטכילע נישט פאַרשטאַנען. אָבער ווען זי האָט זיי גענויער באַטראַכט באַם לעוואָנע־שײַן האָט זי אין זיי דערקענט גאָלדענע ציין און קרוינדלעך. עטלעכע רעגעס האָט זי ווי אַ טאָם געקוקט אַף די שטיקלעך גאָלד, וועלכע האָבן געציטערט אין איר האַנט. פון וואַנען האָבן זיי זיך צו אים געקענט נעמען ?

און פלוצלונג איז דערגאַנגען צו איר באַוווסטזײַן, אַז דער פאַשיסט, וועלכער ליגט דאָ באַ אירע פיס, האָט דאָס אַלץ אַראָפּ־געשלעפּט פון לעבעדיקע מענטשן. ער האָט באַגאַזלט עפּעס אַ וויערע אין אַ סטיאָפּאַ די אוירינגלעך האָט ער זיכער אַרויסגעריסן גלײַך פון עמעצנס אויערן . . . און די קרוינדלעך . . . די ציינער . . . דאָס איז שוין געווען צו העסלעך.

וואָס זשע וואַקלט זי זיך? מעג מען דען דערלויבן, אַז דער פאַשיסט זאָל אויפשטיין, געזונט ווערן און ווידער רײַסן אוירינגלעך פון 'עמעצנס אויערן און שלעפּן גאָלדענע קרוינדלעך פון עמעצנס מיילער ?

און דאָס מיידל האָט מיט אַנטשלאָסנקייט אַרויסגעכאַפּט פון איר כאַלעווע דאָס טראָפּיי־שווערדל, מיט וועלכן זיי פלעגן האַקן האָלץ פאַרן שײַטער . . .

פון ערגעץ, פון גאָר ווײַט, ווי מוסיאַן האָט זיך אויסגעדאַכט, האָט זיך דערטראָגן טאָליאַס פריילעכע שטימע :

— יאַטן, כעוורע, אַהער ! — האָט ער גערופן. שמייענדיק באַם איבערגעקערטן מאָטאָציקלעט האָט ער מיט עפּעס געפאָכעט איבערן קאָפּ.

דער קליינער פאַרטיזאַן האָט געהאַלטן עטלעכע פּעקלעך אין די הענט. פון זיי האָט זיך געפילט אַ לייכטער רייעך פון ברויט. אין די טיפענישן פון דעם צוגעטשעפּעטן וועגעלע האָט ניקאָלײַ געפונען

אַ טאָרבע מיט עסנוואַרג, אַ לאַבן ברויט, אַ פלאַש מיט עפּעס אַ פליסיקייט און אַ קעסעלע מיט אַ הערמעטיש פאַרמאַכטן דעקל.

ער האָט אומגעדולדיק אַראָפּגעריסן פון דעם לאַבן ברויט דאָס צעלאָפאַנענע וויקל־פּאַפּיר, און, ווי מוסיאַן האָט זיך אויסגעדוכט, האָט זיך מיטאַמאָל איבערן שטעטך פון עטלעכע קילאָמעטערס פאַרשפּרייט אַ שאַרפער גערוך פון שוואַרצן ראַזעווען ברויט.

באַם מיידל האָט פאַרשווינדלט דער קאָפּ. זי האָט זיך געמוזט אָנהאַלטן באַ אַ בוים, קעדיי נישט אומצופאַלן. אָבער די שאַרפע ספּאַזמעס אין מאָגן האָבן דאָך נישט אָפּגעטויט דאָס געפיל פון געפאַר. מען מוז אַוועקגיין, זיך אויסבאַהאַלטן, פאַרווישן די שפּורן. אין פאַל פון דער מינדסטער פאַרפאָלגונג וועלן זיי דאָך נישט זיַין בעקויעך אַוועקצוגיין.

אָבער וואָס טוט מען מיט ניקאָלײַען. נאָכן נערוון־אויפברויז, וועלכן עס האָט אין אים אַרויסגערופן די באַגעגעניש מיטן סוינע, האָט אים באַהערשט נאָך אַ פיל שווערערע אַפּאַטיע. ער איז גע־זעסן אין שניי, צוגעפאַלן צו אַ בוים, הייזעריק געאָטעמט און האָט נישט אַרויסגעוויזן די מינדסטע נייגעריקייט נישט צו די פאָלגן פון דער אָפּעראַציע און נישט צו די שפּײַז־טראָפּעען.

מוסיאַ האָט שנעל אַרויסגעשרויפט דעם קאָרעק פון דער פלאַש און האָט אַ זופּ געטאָן די פליסיקייט. זי האָט אָבער טייקעף אויס־געשפּיגן, זיך פאַרקרימט מיט עקל און זיך אָנגעכאַפּט באַם מויל. „ספּירט" האָט זי זיך אָנגעשטויסן.

זי האָט זיך איבערגעקוקט מיט טאָליאַן און צוגעטראָגן די פלאַש צו ניקאָלײַס ליפּן. יענער האָט גאָכגיביק אַ שלונג געטאָן, זיך פאַרכליניעט און פאַרהוסט. די פליסיקייט האָט אַרויסגערופן שאַרפע שנײַדנדיקע ווייען, און פונדעסטעגן איז עפּעס אַ מאָדנע וואַרעמקייט צוגעפלאָסן צו זײַנע מוסקולן. אין דעם פאַרטיזאַנס אויגן האָט זיך באַוויזן אַ פאַרשטענדלעכער אויסדרוק. ווי ער וואָלט זיך דערשראָקן, האָט ניקאָלײַ אַ וואָרף געטאָן אין מויל אַ הויפן שניי, דערנאָך אויסגעשפּיגן און האָט אָנגעהויבן זיך אויפשטעלן, אָנשפּאַרנדיק זיך אָן בוים און קלאַמערנדיק זיך מיט די הענט אין דער קאָרע.

מוסיאַ האָט פאַראָרדנט טאָליאַן אַרויסצוגעבן יעדן איינעם אַ שטיקל ברויט. יענער האָט שנעל צעטיילט דעם לאַבן אָף דרײַ

מויצעס. דאָס מיידל האָט געהייסן פאַרקלענערן די פּאַרציעס אַף אַ העלפט. באַם אָנבליק פון די טראָפּייען האָט זיך באַ איר אַליין דערוועקט אַ כאַיעשער אַפּעטיט. עס האָט זיך געגלוסט אָנצושטאָפּן דאָס מויל און עסן, עסן, נישט טראַכטנדיק פון קיין שום אַנדער זאַך, אויפעסן אַלץ ביז צום לעצטן ברעקל. אָבער זי האָט דרייסט געזאָגט:

— דאָס וועט אויך גענוג זײַן.

און ווידער האָט זיך געצויגן דער וועג, אַן אײַנגעשטײַפּטער, אַ גלײַכער, פּונקט ווי עמעצער וואָלט אים מיט אַ פּאַכע פון אַ שווערד אויסגעהאַקט אין דעם געדיכטן וואַלד. די ביימער האָבן מאָרעשכוירעדיק געשוויגן, אָנגעפּעלצטע אין זייערע שנייִקע פּעלצן. די פּאַרשנייטע קוסטעס זײַנען, ווי אויסשפּירער אין מאַסקיר־כאַלאַטן, געקראָכן ביז צום וועג. דער הימל האָט געפיבערט פון דעם ווײַטן פינקלען פון די ליכט־ראַקעטן, וועלכע פלעגן יעדע רעגע אויפפלאַקערן הינטערן וואַלד. דער ווידערקאָל פלעגט ווײַט פאַר־טראָגן דאָס סקריפּען פון זייערע טריט, און מוסיאַן האָט זיך צײַטנווײַז אויסגעדוכט, אַז זיי פּאַרויס גייט עמעצער, וועמען זיי קענען בעשום אויפן נישט אָניאָגן.

אַמאָל פלעגט אַפן וועג אַרויסלויפן אַ האָז. שטעלנדיק זיך אַף די הינטערשטע פיסלעך פלעגט ער בלײַבן אַ פאַרגליווערטער שטיין, און מיט אָנגעשפּיצטע אויערן לאַנג קוקן אַ פאַרכידעשטער אַף די מאָדנע באַשעפענישן, וואָס דערנענטערן זיך לאַנגזאַם צו אים. דערנאָך, כאַפּנדיק זיך אַז דאָס זײַנען מענטשן, פלעגט ער שאַרף אַ שפּרונג טאָן, אַריבערפליִען די קאַנאַווע באַם וועג און אָנהייבן אַ זיג־זאַגעוועז איבער דער מיט לעוואָנע־שײַן באַגאָסענער לאָנקע, איבערלאָזנדיק אַפן שניי פאַרשיידענע פאַרדרייטע שלייפן און אויסטערלישע צייכנס. ערגעץ ווײַט האָבן אָן אויפהער פויל געוואָיעט וועלף.

אַזוי זײַנען זיי דורכגעגאַנגען נאָך אַ פינף קילאָמעטער ביז צו אַ שייד־וועג. דאָס מיידל האָט גוט געוווסט, אַז באַגינען, ווי נאָר עס וועלן זיך אַ ריר טאָן אין וועג אַרײַן די ערשטע אויט־קאָלאָנעס, וועט מען גלײַך געפינען די טויטע קערפּערס פון די מאָטאָציקליסטן און מען וועט, מיסטאָם, אײַנאָרדענען לענגויס דעם וועג אַן אָבלאַווע. דעריבער, ווי נאָר עס האָט זיך באַוויזן דער

שייד־וועג, האָט זי פאָרגעשלאָגן זיך אָפּצווענדן צו צאָפּן, אַף אַ גאָר ווייניק באַנוצטן, ערטערווײַז אינגאַנצן אַ פאַרשאָטענעם מיט שניי זײַטיקן וועג, קעדיי אַף וויפל עס איז נאָר מעגלעך, זיך צו דערווײַטערן פון דעם הויפּט־שאָסיי.

אַזוי האָבן זיי טאַקע געטאָן. דורכגעגאַנגען מיטן זײַטיקן וועג אַ צוויי דרײַ קילאָמעטער און זיך אָפּגעשטעלט אַף אָפּרו. דאָס מאָל האָבן זיי פאַרן אָפּרו אויסגעקליבן אַן אַראָפּהאַנג פון זייער אַ טיפן גראָבן, וואָס איז געווען געדיכט פאַרוואַקסן מיט ביימער, און ווו אַפּן דעק אונטער פוכיקע שנייִקע אָנשיטן האָבן זיך גע־מערקט די שפּורן פון אַ שנעלן טײַכל. ערטערווײַז פלעגט דאָס טײַכל זיך אַרויסרײַסן דורכן אײַז און האָט געוווּנקען מיט האָפּער־דיקע שטראָמען, וועלכע האָבן אַרויסרופעריש געפינקלט אין די דורכגעווייקטע אײַז־לעכער. אָט די לעכער האָבן זיך געדיכט געריכער און אַלץ אַרום איז געווען באַדעקט מיט פוכיקע שנייִקע קריסטאַלן. פון דעם מעשופעדיקן אַראָפּהאַנג האָט דער ווינט אַראָפּגעבלאָזן דעם שניי, און טאַקע דאָ לעבן אַ גרויסן סאָסנע בוים וואָס איז מיט די וואָרצלען אַרויסגעריסן געווען און געלעגן אומגעוואָרפן, האָבן די וואַנדערער אײַנגעאָרדנט זייער לאַגער. אונ־טער דער שוץ פון די ברייטלאַפּיקע וואָרצלען איז געווען רויִק. מען האָט געמעגט גאַנץ דרייסט צעלייגן אַ גרויסן שײַטער, אָן מוירע, אַז מען וועט אים באַמערקן פון דעם וועג. מען האָט אָנגעצויגן דאָס ברעזעגטענע ווענטל, אָנגעזאַמלט טרוקענע צווײַגן, און ערשט דאַן האָט מוסיאַ דערלויבט טאָליאַן אַרויסצוגעבן נאָך צו שטיקלעך ברויט.

יענעם קלאָרן פרימאָרגן האָבן זיך אַלע דרײַ — אַרײַנגערעכנט אויך ניקאָלײַען — געפילט אַ סאַך מונטערער. דעם פאַרטיזאַנס בלויע אויגן האָבן נאָכגעפאָלגט דאָס מיידל מיט אַ ליבלעכן אויס־דרוק.

— עך, זאָל שוין גיין, ווי עס גייט! דערלאַנג, יאָלאָטשקאַ דאָס, וואָס געפינט זיך באַ זיי דאָרט אין שיסל! — האָט פלוצלונג געזאָגט מוסיאַ.

מיט דער הילף פון שווערדל האָט דאָס ייִנגל שנעל געעפנט די פעסט פאַרלייטעטע שאַכטל — און האָט אַזש אויפגעשײַנט פון פאַרגעניגן. דאָרט איז געווען געקאָכטער רײַז מיט שמאַלץ. מען

האָט געשטעלט דאָס שאַכטל אַף קוילן און אַלע דרײַ האָבן מיט אַ הונגעריקן אומגעדולד געקוקט, ווי אָנוואָרעמענדיק זיך הייבן אָן שמאַלציק צו גלאַנצן גרויסע צעקאָכטע רײַז־קערנער, ענלעכע צו בינטלעך פּערסישן בעז. ענדלעך האָט טאַליאַ מיט די הוילע הענט אַרויסגעשלעפּט דאָס שאַכטל פון שײַטער און אַרויסגעוואָרפן דעם רײַז אָפן ברעזענט פון דער פּלאַשטש־פּאַלאַטקע. ער האָט עס צע־טיילט אַף דרײַ כאַלאָקים און לויטן מינעג, וואָס איז אָנגענומען געווען נאָך אין אַטריאַד, האָט ער געצוווּנגען זיי זאָלן זיך אָפּקערן און אָנווײַזנדיק אַף די קופּקעס געפרעגט: „פאַר וועמען?" דער רײַז איז פאַרשווונדן געוואָרן אויגנבליקלעך, און נאָך אַ צײַט נאָכ־דעם האָט טאַליאַ באַלעקט דאָס אויסגעליידיקטע שאַכטל, געהאַלטן עס באַם פּאָנעם און זיך געקוויקט מיטן דופט פון דעם מײַכל.

פאַרשיקערטע פון דעם עסן זײַנען די פּאַרטיזאַנער אַנטשלאָפן געוואָרן פאַרוויגטע פון דעם שאַרף פון דעם קאַלטן ווינטל, און זיי זײַנען אָפּגעשלאָפן דעם גאַנצן טאָג און אַ העלפט פון דער נאַכט. אין שלאָף האָט זיך זיי געדוכט אַז זיי הערן, דאָ אַ וואַקסנדיקן און דאַן ווידער אַ פאַרלעשנדיקן, דאָ אַ נאָענטן און דאַן ווידער אַ ווײַטן דונער, וועלכער פלעגט צײַטנווײַז איבערגעריסן ווערן דורך אַ טראַסקען פון די באַקאַנטע הייזעריק־וואָיענדיקע מאָטאָרן.

אָבער נישט דאָס דונערן האָט זיי אויפגעוועקט. זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט פון קעלט. די לעוואָנע האָט אַלץ באַגאָסן מיט אַן אײַזיקן שײַן, דער אַרומיקער שניי האָט געפינקלט מיט אַ וויאָלעט־קאַליר, די לעכער אָפן טײַכל האָבן זיך געדרויכערט מיט וואָלקנס געדיכטע פּאַרע. די פּאַרע, די שפּיצן פון די סאָסנעס וועלכע זײַנען געוואָקסן פון ביידע זײַטן גראָבן, די דערפרוירענע וואָלקנדלעך, וועלכע זײַנען האָסטיק געשוווּמען פאַרבײַ דער לעוואָנע — אַלץ איז געווען אָנגעגאָסן מיט אַן אויסערגעוויינלעכער, שווערער רויט־קייט.

די פּאַרטיזאַנער האָבן לאַנג געקוקט אַף די באַאומרוּיקנדיקע טונקל־רויטע אָפּשײַנען.

— אַ טרייפע — האָט ענדלעך געזאָגט מוסיאַ.

— וואָס זשע, יאָלקי־פּאַלקי, מען האָט אונטערגעצונדן דעם וואַלד ?

— ווינטער ברענט נישט דער וואַלד, — האָט זיך הייזעריק

אפגערופן ניקאָלײַ. אָנגעשפּאַרט אָפּן עלנבויגן האָט ער זיך אונטער־געהויבן און אויך געקוקט אָפּן הימל. — און וואָס טויג זיי נעבן זייער פּראָנט אונטערצוציינדן דעם וואַלד? דאָס זײַנען אונדזערע, אונדזערע!

— ייִנגלעך, זײַנען דאָס בעעמעס אונדזערע? מאַמע מײַנע! און מיר האָט זיך די גאַנצע צײַט אין שלאָף אויסגעדוכט, אַז איך הער אַ קאַנאָנאַדע.

— דיר אויך? אויך איך האָב געהערט, די עראָפּלאַנען האָב איך אויך געהערט, יענע, אונדזערע — „דעם שוואַרצן טויט".

ניקאָלײַ האָט זיך אויפגעזעצט אָנשפּאַרנדיק זיך מיטן רוקן אָן די וואָרצלען פֿון דעם אומגעוואָרפענעם בוים. טאַליאַ האָט זיך אים אַרויפגעוואָרפן אָפּן האַלדז און האָט מיט ברייט צעעפֿנט אויגן מיט אַ פּאַרטויבטער שטימע געשריִען:

— הוראַ!

די שווערע טונקל־רויטע אָפּגלאַנצן זײַנען געוואָרן מערקבאַרער אין דער מאָס ווי די נאַכט איז געוואָרן פֿינצטערער. עס האָט נישט אָנגעוואָרפן קיין איימע. עס האָט זיך געדוכט, אַז די ריזיק־גרויסע פֿרײַנטלעכע האַנט האָט זיך אויפגעהויבן איבערן וואַלד און האָט פֿון דערווײַטנס געפּאַכעט צו די פּאַרטיזאַנער, זיי צוגעזאָגט אַ דערלייזונג. מוסיאַ איז פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון אַ דראַנג צו טעטי־קייט. איצט מוז מען שפּאָרן די קויכעס. זי האָט צוגעוואָרפֿן צווײַגן אין שײַטער און מיט אַ ברייטער האַנט פֿאַרטיילט דעם רעשט פֿון ברויט. און האַגאַם די אויגן פֿון אירע באַגלייטער האָבן געמאַנט מיט געבעט אַ צוגאַב, האָט זי דאָך פֿאַרבאַהאַלטן אין זאַק דאָס לעצטע פֿון די פֿאַרכאַפּטע שפּײַז־רעזערוון — אַ בלעכל מיט קאָנ־סערוון. נאָך אַ ווײַלע טראַכטן האָט זי אָפּגעשוויפּט דעם קאָרעק פֿון פֿלאַש און געגעבן אירע כאַווײרים אַ זופּ טאָן צו אַ שלוק ספּירט, וועלכן טאַליאַ האָט שוין צעפּירט מיט שניי.

— און איר אויך, איר אויך! — איז צוגעשטאַנען דער קליי־נער פּאַרטיזאַן.

— עך, אויב אַ יאָנטעוו, זאָל שוין טאַקע זײַן יאָנטעוו! — באַצווינגענדיק דעם עקל, האָט מוסיאַ אויך אַ זופּ געטאָן אַביסל.
— אַזוי אַרום וועל איך לעבן אײַך אינגיכן ווערן אַ שיקערטע! — האָט זי געזאָגט מיט אַ שמייכל.

דער ספּירט איז איר געווען פּונקט אַזוי עקלדיק ווי פריער, זי האָט אָבער געהאַלטן נישט פאַר באַרעכטיקט זיך אָפּצוזאָגן פון איר כיילעק: מען מוז דאָך מיט אַלע מעגלעכע מיטלען זען אָנ־האַלטן די קויכעס.

אין איינעניש האָבן זיי צונויפגעגלייגט זייערע זאַכן און זיך געלאָזן אין וועג, דערפרייטע, וואָס זיי פילן זיך שטאַרקער. טאַליאַ, וועלכער איז דער ערשטער אַרויסגעקראָכן פון גראָבן איז געבליבן אויבן שטיין, ווי אַ פאַרגליווערטער. דאָרט, ווו הינטערן וואַלד איז דורכגעגאַנגען דער וועג האָט ער דערזען אַן אומאויסטערבראָכענעם פינקלען פון אויטאָמאָביל־לאַמטערנעס. בלויזלעכע פייערן האָבן זיך דיטלעך דורכגעלויכטן צווישן דיביימער־שפּיצן. עפּעס איז געשען: קעגן אַלע רעגילעסן זיינען די פיינטלעכע מאַשינען געפאָרן באַ־נאַכט.

גיין מיטן פעלד איבערן טיפן שניי האָט מען אַפילו נישט געקענט טראַכטן, און דער וועג איז געווען באַזעצט. אונדזערע פריינט איז נישט געבליבן קיין אַנדער ברייטע, ווי ווידער זיך אַראָפּצולאָזן אין גראָבן, אָנצינדן דעם שייטער און שלאָפן, טוליענ־דיק זיך לעבן דעם ליבלעכן שטילן פייער.

דער אומבאַוויילעכער שפּייז־רעזערוו פון די דייטשע מאָטאָציק־ליסטן האָט אויפגעהאַלטן זייערע קויכעס נאָך אַ מעסלעס. אָבער די שפּייז האָט דערוועקט דעם אַפּעטיט. ווען זיי האָבן דעם נעכסטן פרימאָרגן פאַרצערט דאָס לעצטע בלעכל פיש־קאָנסערוון — וועלכע טאַליאַ האָט פאַרטיילט מיט אַן אַפּטייקערישער פּינקטלעכקייט, האָבן אַלע דריי דערפילט אַזאַ הונגער, אַז זיי האָבן אַ לאַנגע צייט נישט געקענט איינשלאָפן, און פאַרנאַכט האָבן זיי זיך אויפגעכאַפּט מיט שאַרפע קרעמפּן אין מאָגן און מיט אַ שווערער שלאַבעריקייט אין גאַנצן קערפּער.

מוסיאַ האָט געעפנט די אויגן און געמאַכט אַ פרווו זיך אויפ־צוהייבן, אָבער זי האָט נישט געקאָנט. אָנשפּאַרנדיק זיך מיט די הענט אין שניי האָט זי זיך ענדלעך אויפגעזעצט. דער שייטער האָט שוין פון לאַנג אויסגעברענט, עס איז געווען פינצטער, אַ דורכזיכ־טיקער גאַרדין פון פוכיקע לאַנגזאַם פאַלנדיקע שניייעלעך האָט פאַרהילט אַלץ אַרום זיי. נישט קענענדיק אויפשטיין איז דאָס מיידל אַף אַלע פיר צוגעקראָכן צום אָרט, ווו לויט איר האָט זיך

געדוכט, האָבן זיך נעכטן צוגעשפּאַרט אירע פּרײַנט. זיי זײַנען געלעגן אָרומגענומען. אַ שיכט פּײַכטער שניי האָט שוין אויך זיי באַדעקט מיט אַ ווײַסער גלאַטער קאָלדרע און דורך דעם שנייִיקן צודעק האָבן זיך אַרויסגעזעזן נאָר זייערע פּענעמער מיט פאַרפראָ־שעטע ברעמען. „מאַמינקע! נישט שוין זשע זײַנען זיי פאַרפרוירן געוואָרן?" — האָט אַ טראַכט געטאָן מוסיאַ און אָנגעהויבן זיי צו וועקן. — „ניין, זיי לעבן, זיי לעבן!"

די פּאַרטיזאַנער האָבן געמרוקעט אין שלאָף, אָבער זיך נישט אויפגעכאַפּט. דאַן האָט זיך מוסיאַ אָנגענומען מיט קויכעס, אויפ־געהויבן טאַליאַן און אים אַנידערגעזעצט. ער האָט זיך אומגעקוקט מיט אַ גאָרנישט פאַרשטייענדיקן בליק, ווידער פאַרמאַכט די אויגן און איז געפאַלן אָפּן פרייערדיקן אָרט. מוסיאַ האָט זיך דערשראָקן, זי האָט אים ווידער אָנגעהויבן צו טרייסלען, רײַבן אים די אויערן, ציִען פאַרן נאָז, שלעפּן פאַר די הענט.

ענדלעך איז טאַליאַ געקומען צו זיך. ער האָט אַ לאַנגע צײַט געקוקט אַף איר און דערנאָך געפרעגט:

— וואָס איז מיט אײַך?

דעם מיידלס פּאָנעם איז געווען פאַרווײנט:

— איך האָב שוין געמיינט, אַז אירביידע . . .

טאַליאַ האָט זיך אַ צי געטאָן און זיס געגענעצט.

— אוי, ווילט זיך דאָס שלאָפן, יאָלקי־פּאַלקי! — און ווי־דער אָנגעהויבן זיך ציִען צו דער ערד.

אָבער מוסיאַ האָט אים שטאַרק אַ טרייסל געטאָן פאַר די אַקסלען און באַפעלעריש אויסגעשריִען:

— זאָלסט נישט וואַגן!

זאַלבענאַנד האָבן זיי אויפגעוועקט ניקאָלײַען. יענער איז אַ לאַנגע צײַט געזעסן רײַבנדיק זיך ווייטיקלעך דעם שטערן, דערנאָך האָט ער געמאַכט אַ שאַרפע באַוועגונג מיטן געדאַנק אויפצושפּרינ־גען, און האָט זיך מאַכטלאָז אויסגעצויגן אַפן שניי.

— איך וועל זיך שוין נישט אויפהייבן — האָט ער געזאָגט.

די ווערטער האָט ער אַרויסגערעדט אַזוי שטיל, אַז אין דעם שאָרך פון דעם פאַלנדיקן שניי האָט מען זיי קימאַט נישט געהערט.

— נישקאָשע, נישקאָשע, וועסט גיין, וועסט אומבאַדינגט גיין! איצט איז שוין נאָנט, עס איז גאָר ווייניק געבליבן! — האָט גע־

שעפּטשעט מוסיאַ, אַפּשרויפנדיק מיט ציטערדיקע הענט דעם קאַ־רעק פון דער רעטונגס־פלאַש.

— כעוורע, כעוורע! — האָט מיט אַן אויפגערעגטער שטימע גערופן טאַליאַ.

ער איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט מיט דער באַק צו אַ סאָסנע און געקוקט אַף מיזרעך דורכן לײַכטן טול פון דעם פּאַלנדיקן שניי. דער רויטער סרייפע אַפּגלאַנץ האָט זיך באַוועגט נאָך שווערער און גערדיכטער ווי די פּאַריקע נאַכט. אַפילע דער פּאַלנדיקער שניי האָט אים נישט געקאָנט פאַרשטעלן. דורך דעם געדעמפּטן פײַף פון ווינט, דורך דעם גערויש פון די סאָסנעס און שאָרך פון דער שניי־זאַוויע־רוכע האָט זיך פון דעם וועג געהערט אַ צעצויגענער וואָיען פון מאָ־טאָרן.

— איך הערט, כאַוויירים, איר הערט? — האָט געשעפּטשעט דער קליינער פּאַרטיזאַן.

— ווידער פאָרן זיי באַנאַכט, — האָט זיך שטיל אָפּגערופן ני־קאָלײַ.

פאַר זיי איז קלאָר געווען, אַז אַפן פראָנט קומט פאָר עפּעס אַזוינס, וואָס צווינגט די פאַשיסטן צו פאַרגעסן זייער כאַיעשע שרעק פאַר די פּאַרטיזאַנער. ניקאָלײַ וואָלט נישט קלערנדיק אָפּגע־געבן צען יאָר פון זײַן לעבן, אַבי ער זאָל נאָר קענען אַ קוק טאָן, וואָס אַזוינס טוט זיך אַפן וועג. אַלע דרײַ האָבן פאַרגעסן זייער געוואָלדיקע שוואַכקייט, די שאַרפע קרעמפן אין ליידיקן מאָגן און האָבן געקוקט צום וועג.

— ווו גייען די מאַשינען? — האָט שטיל געפרעגט זיך ני־קאָלײַ.

מוסיאַ האָט זיך אויך באַמיט דאָס צו טרעפן. און דערווײַל איז די פאַרגעסענע פלאַש געלעגן אַן איבערגעקערטע און די פליי־סיקייט, אַף וועלכע זי האָט געלייגט אַזויפיל האָפענונגען האָט זיך לאַנגזאַם געגאָסן אַפן שניי. קיינער פון זיי האָט עס אַפילע נישט באַמערקט.

דורך דעם שיטערן נעץ פון פּאַלנדיקן שניי איז געווען שווער עפּעס צו זען. אָבער מוסיאַן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די ווײַסע בליצן, וועלכע פליען פון צײַט צו צײַט אויפפלאַקערן אַף די שפּיצן פון דיביימער, באַלייכטן זיי פון דער לינקער זײַט. גייען הייסט

עס די מאַשינען אַף מײַרעוו ? פֿון דער פֿראָנט־ליניע ? וואָס זשע
זאָל עס באַדײַטן ? זיי טרעטן דאָך אָפּ ! אַוודאי טרעטן זיי אָפּ !
די פֿרייד איז געווען גרויס. איידער זיך צו טיילן מיט די כאַווײרים
מיט איר האַשאָרע, האָט דאָס מיידל זיך לאַנג קאָנטראָלירט. די
אַנטוישונג וואָלט געווען צו שרעקלעך. אָבער די ביימער זײַנען
ווידעראַמאָל, או נאָכאַמאָל באַלויכטן געוואָרן פֿון דער לינקער זײַט.
אַ וואַרעמער קנויל האָט געשפּאַרט איר האַרץ.

ענדלעך האָט זי זיך אָפּגעריסן פֿון באַטראַכטן די ליכט־רע־
פֿלעקסן, האָט זיך צוגערוקט צו אירע באַגלייטער, ווען דער שנײ
האָט שוין ווידער אָנגעהויבן צו באַדעקן. זי האָט זיי געוואָלט דער־
ציילן, אַז דעם סוינעס מאַשינען גייען אַף מײַרעוו, אַז זיי שטראָמען
אומאונטערבראָכן, אַז די סאָוועטישע אַרמיי האָט, זיכער, צעשלאָגן
די פֿאַשיסטן און טרײַבט זיי, אָבער דער וואַרעמער קנויל האָט
זיך דערקײַקלט ביז צום האַלדז, זי איז אָן קויכעס געפֿאַלן לעבן
אירע כאַווײרים און, פֿאַרגראָבנדיק דאָס פּאָנעם אין ניקאָלײַס ברוסט,
האָט זי זיך צעוויינט. אירע טרערן האָבן געזאָגט מער ווי די ווער־
טער. און ווידער האָבן אירע באַגלייטער, שטיקנדיק די שטימעס,
קימאַט ווי קלאַנגלאָז, אָבער דאָך אויסגעשריגן :

— אוראַ !

און שפּעטער זײַנען זיי געזעסן דערמוטיקטע, ענג צוגעטוליעט
איינער צום אַנדערן, געקוקט אַף די עלעקטרישע בליצן, וועלכע זײַ־
נען געוואָרן וואָס אַ מאָל דײַטלעכער אין דער מאָס ווי עס איז
אײַנגעשטילט געוואָרן די שניי־זאַוויערוכע. הייסט עס אַז די קאַ־
באָנאַדע וואָס זיי האָבן געהערט די פֿאָריקע נאַכט איז נישט געווען
קיין כאָלעם. נישט אומזיסט האָט אַפֿן מיזרעך געפֿלאַמט דער
סרייפֿע־אָפּגלאַנץ. דאָס אַלץ איז געווען אַזוי גוט, אַז אַפֿילע דער
געדאַנק, אַז די יעשועס וועט קומען צו שפּעט, וועלכער האָט געלעבט
אין יעדן פֿון זיי און וועלכן זיי האָבן פֿאָרזיכטיק אויסבאַהאַלטן
איינער פֿון דעם אַנדערן, איז אָפּגעטראָטן אַפֿן צווייטן פּלאַן. און
דאַווקע איצט האָט מוסיאַ, וועלכע האָט זיך געפֿילט פֿאַרן אָנפֿירער,
באַשלאָסן צו ריידן וועגן דעם.

— כאַווײרים, טײַערע מײַנע, און אויב מיר וועלן זיך נישט
דערוואַרטן ? מיר האָבן דאָס געטראָגן . . . געטראָגן ערלעך, עמעס?
מיר דאַרפֿן זיך דאָך נישט שעמען איינער פֿאַרן צווייטן ? איז

לאָמיר טאַקע, אַף יעדן פאַל, אויב מיר וועלן שוין נישט זײַן אומ־שטאַנד צו גיין ווײַטער, אָנשרײַבן זיי, צו די וואָס וועלן אַהערקו־מען, זיי זאָלן דאָס דערטראָגן, אנשטאָט אונדז... — און זאָל מען דאָרט וויסן, אַז מיר האָבן אונדזערס אָפּגעטאָן... אָפּגעטאָן אַלץ וואָס איז געווען אין אונדזערע קויכעס... אַלץ וואָס מיר האָבן נאָר געקאָנט... ווי נאָר מיר וועלן זען, אַז ווײַטער גיין זײַנען מיר שוין נישט בעקויעך, וועלן מיר אויפהענגען דאָס צעטל אַף אַן אָנ־זעעוודיקן אָרט.

— לוינט דען דאָס צו טאָן? מען וועט איבערלייענען דעם צעטל, מען וועט געפינען דעם זאַק און מען וועט פאַרבאַהאַלטן אָדער גאָר צוגאַנווענען עפּעס — האָט געזאָגט טאָליאַ מיט צווייפל.

— ווער וועט צוגאַנווענען? די פאַשיסטן? זיי וועלן שוין אין זייער לעבן אַהער נישט אַרײַנשטעקן זייערע נעזער. זעסט דאָך ווי זיי אַנטלויפן פון דער רויטער אַרמיי! און אייגענע! זאָלן זיי געפינען, צו זיי שרײַבן מיר דאָך... דאָס זײַנען דאָך מעלוכע־ווערטן, ווער וועט זיי צונעמען? — האָט שטיל געזאָגט ניקאָלײַ.

ער איז געלעגן אומבאַוועגלעך אַפן רוקן, זיין שטימע האָט זיך דערטראָגן ווי פון הינטער אַ וואַנט. מען האָט געזען, אַז עס איז אים נישט באַקוועם, נאָר ער האָט שוין, ווײַזט אויס, נישט געהאַט קיין קויכעס זיך אויסצודרײַען, לייגן זיך באַקוועמער.

— עך, יאָלקי־פאַלקי, עס איז צו ווײַט פון וועג. אונדזערע וועלן אויך פאַרבײַגעז מיט אַ זײַט.

— אויב נישט איצט, וועט זײַן שפּעטער, אויב נישט ווינטער איז זומער, און אויב נישט דעם זומער איז איבעראַיאָר, אין צוויי יאָר אַרום, גאָלד זשאַווערט דאָך נישט, — האָט אַ זיפץ געטאָן מוסיאַ.

טרערן האָבן זיך באַוויזן אין אירע אויגן. עס האָט זיך איר לעבעדיק פאָרגעשטעלט אַ קלאָרער זומער־טאָג, סנאָפּעס זונען־שטראַלן שטעכן דורך דעם גרינעם סכאַך, אַ פריילעכער סוויטשערן פון פייגל, אַ בלויער הימל, ווייכע וואָלקנס, אַזעלכע לײַכטע, פּור־כיקע, באַגילדטע און דאָ, אונטערן אויסגעוואָרצלטן בוים — דרײַ סקעלעטן אין שמאַטעס. דאָס מיידל האָט באַקומען ראַכמאָנעס אַף זיך און אַף אירע פרײַנט, אָבער קעדיי נישט צעקראָכן ווערן האָט זי בייז באַשלאָסן:

— גענוג צו פלאַפּלען, מען דאַרף שרײַבן!

זי האָט אַרויסגענומען פון דער גימנאַסטיאָרקע אַ קליינעם נאָטיץ־ביכל און אויסדרייענדיק זיך מיטן רוקן צו דער קאַלטער לעוואָנע, וועלכע האָט זיך צעלויכטן אַף דעם אָפּגערייניקטן, אָפּגע־פּאָלירטן פון דער זאַוויערוכע הימל, און האָט פאַרטראַכט געפרעגט:

— וואָס שרײַבט מען?

איר האַנט האָט דריבנע געציטערט. דער בלײַפעדער איז גע־פאַלן פון די פינגער. קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן.

— „כאָווער, וועלכער וועט געפינען אָט דאָס ביכל! — האָט נישט טראַכטנדיק אָנגעשריבן דאָס מיידל מיט דער נישט געהאָרכ־זאַמער האַנט, אונטערגעשטראָכן די ווערטער מיט צוויי גראָבע שטריכן און פאַרגעזעצט ברומענדיק — צו דיר ווענדן מיר זיך, דרײַ סאָוועטישע פאַרטיזאַנער... — נאָך אַ רעגע טראַכטן האָט זי פאַר־מערקט דאָס וואָרט „פאַרטיזאַנער" און אָנגעשריבן: „דרײַ סאָ־וועטישע מענטשן". — ווען דו וועסט עס געפינען, וועלן מיר שוין, געוויס, נישט זײַן צווישן די לעבעדיקע".

— רעכן אויס אונדזערע נעמען — האָט אַרויסגעשעפּטשעט ניקאָלײַ.

— און אויך די אַדרעסן... זאָל מען מײַן מאַמען צוויסן געבן, זאָל מען צו וויסן געבן אַלע קרוווים... — האָט צוגעגעבן טאַליאַ.

— ריכטיק!

— „מיר אַלע דרײַ — ניקאָלײַ זשעלעזנאָוו, אַ קאָמיוגיסט פון דער סטאַנציע אוזלאָוואַיאַ, מאַריאַ וואָלקאָוואַ, קאָמיוגיסטקע, וואָס האָט געאַרבעט אין דער אָפּטיילונג פון מעלוכע־באַנק... — האָט שטיל געשעפּטשעט מוסיאַ, אין דער צײַט וואָס דער בלײַפע־דער האָט מיט אַ פײַנלעכער לאַנגזאַמקייט אַרויסגעבראַכט אָפּ פּאַ־פּיר נישט קיין זיכערע אויסיִעס, — אין דער אָפּטיילונג פון מע־לוכע־באַנק און..." יאַלאָטשקאַ, ווי איז דײַן פאַמיליען נאָמען?

— אַנאַטאַלי ניקאַלאַיעוויטש זלאַטאָוסטאָוו, אַ קאָמיוגיסט פון דער שולע פ. ז. א. באַם מאַשינען־זאַוואָד אָפּן נאָמען פון אָרדזשאָני־קידזע, — האָט אונטערגעזאָגט טאַליאַ מיט פאַרדרוס, און מוסיאַ אַליין האָט זיך פאַרכידעשט, וואָס ביז היינט, קען מעגלעך זײַן, אַז ביזן לעצטן טאָג פון איר לעבן, איז איר גאָרנישט אײַנגעפאַלן

געוויר צו ווערן דעם פאַמיליען־נאָמען פון איר קליינעם פרײַנט.

— זאָלסט, יאָלקי־פּאַלקי, אומבאַדינגט אָנשרײַבן ניקאָלאַיעוויטש. ווײַל בײַ אונדז אין שטעטל איז געווען נאָך אַ טאָלקאַ זלאַטאָוסטאָוו, זאָל מען נישט פאַרטוישן;

— „באַם מאַשינען־זאַוואָד אָרדזשאָניקידזע, — האָט צוגע־שריבן מוסיאַ, — מיר ווענדן זיך צו דיר, כאַווער, און בעטן דיך זאָלסט צוויסן געבן אונדזערע אָרגאַניזאַציעס, אַז מיר... — מוסיאַ האָט געזוכט אַ פּאַסיק וואָרט און נאָך אַ רעגע קווײַנקלען זיך, אָנגעשריבן: — ...אַז מיר האָבן ביז די לעצטע מינוט פון אונדזער לעבן דורכגעפירט אַ קאָמפּס־אויפגאַבע צוצושטעלן מע־לוכע־ווערטן איבער דער פראָנט־ליניע”.

— נישט דאָס, נישט וועגן זיך דאַרף מען שרײַבן פון אָנפאַנג...

— דו שרײַב אים, ער זאָל זיך לאַנג נישט קראַצן, יאָלקי־פּאַלקי, נאָר ער זאָל טייקעף אָפּטראָגן דעם זאַק צו דער נאַטשאַל־סטווע.

— „מיר בעטן דיך, כאַווער, זאָלסט נעמען דעם באַהאַלטע־נעם”... — דאָ וועל איך שפּעטער צושרײַבן דאָס אָרט, ווו עס איז באַהאַלטן, — „זאַק מיט די ווערטזאַכן, וועלכע געהערן צו דער מעלוכע און אים צושטעלן”... ווו זאָל מען אים צושטעלן? — האָט געפרעגט מוסיאַ, וועלכע איז געווען נישט זייער באַהאַוונט אין די איניאַנים.

עס האָט איר געשווינדלט דער קאָפּ, די אויסיִעס האָבן זיך גע־לייגט קרום און לאָם, ווי דער ווינט וואָלט זיי געיאָגט.

— שרײַב מען זאָל צושטעלן אין דער נאָענטסטער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, אָט ווהין! זאָל ער דאָס אַוועקטראָגן אין דער פּאַר־טיי־אָרגאַניזאַציע, דאָרט וועט מען זיך שוין פונאַנדערקלײַבן.

— „אין דער נאָענטסטער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע”. שוין אָנגע־שריבן. מוסיאַ האָט געשטעלט אַ פּינטל און אַ טראַכט געטאָן, ווער ווייס זשוויב דער אומבאַקאַנטער אַדרעסאַט וועט קענען פאַרשטייך זייער שריפט. און פּלוצלונג האָט זי מיט אַן אומבעראַכמאָנעסדי־קער דײַטלעכקייט פאַרשטאַנען, אַז אַף דעם בויעקל פּאַפּיר, ריידן זיי, עפּשער, צום לעצטן מאָל מיט יענע, וואָס געפינען זיך אַף יענער זײַט פראָנט־ליניע. — מיט דער מוטער, מיטן פאָטער, מיט

כאָווײדים און כאַוועטעס, מיט אַלע באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע מענטשן, וועלכע באַוווינען זייער פֿאָטערלאַנד. און ווידער האָט אַ הייסער קנויל זיך אָנגעהויבן צו דערנענטערן צום האַלדז. באַמיִענ־דיק זיך צו קאָנצענטרירן, האָט דאָס מיידל אָנגעהויבן מיט אַ שנעלקייט, אַף וועלכע עס זײַנען נאָר פֿעיִק געווען אירע פֿאַר־שטײַפֿטע, ציטערדיקע פֿינגער, אַרויסצופֿירן אַ שורע נאָך אַ שורע.

— „און מיר, דרײַ קאַמיוגיסטן, בעטן דיך, כאָוועך, איבער־צוגעבן אונדזער לעצטן גרוס אונדזערע ליבע עלטערן און דער רומפֿולער רויטער אַרמיי, און אונדזער לעניניסטישן קאַמיוג, און דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי... גיב זיי איבער, אַז מיר האָבן געטאָן אַלץ, וואָס מיר האָבן געקאָנט און נישט אויסגעפֿירט די אויפֿגאַבע נאָר דערפֿאַר, ווײַל מיר זײַנען קראַנק און אָפּגעשוואַכט געוואָרן און עס האָט אונדז פֿאַרפֿעלט קויעך. גיב אויך איבער, אַז אין די לעצטע מינוטן האָבן מיר געטראַכט וועגן אונדזער ליבן היימלאַנד, פֿון דעם כאָווער סטאַלין, און מיר האָבן געגלויבט, אַז די רויטע אַרמיי וועט גיך אָנקומען און וועט אונדז באַפֿרײַען, אָבער מיר האָבן זיך נישט דערוואָרט, נישט צוליב אונדזער שולד".

מוסיאַ האָט איבערגעקוקט דעם סאַף פֿון צעטל. פֿון די ווער־טער אָן „אָבער מיר האָבן זיך נישט דערוואָרט" האָט זי אַלץ אויס־געמעקט. דערנאָך האָט דאָס מיידל איבערגעלייענט דעם בריוו. אירע כאָווײרים האָבן גוטגעהייסן דאָס וואָס זי האָט אָנגעשריבן. יעדער האָט אונטערגעשריבן זײַן נאָמען, ווען ניקאָלײַ האָט גע־שטעלט זײַן אונטערשריפֿט האָט זיך דער בלײַער אַרויסגעגליטשט פֿון זײַנע פֿינגער און מען האָט אים לאַנג געזוכט אין שניי. מען האָט באַשלאָסן, אַז ערשט אין דער לעצטער מינוט, ווען עס וועט שוין אינגאַנצן קלאָר זײַן, אַז ווײַטער קענען זיי שוין נישט גיין, זאָל מען אַרײַנשרײַבן אין בריוו דאָס אָרט, ווו עס געפֿינט זיך פֿאַרבאַהאַלטן דער זאַק און אַוועקלייגן דאָס ביכל אַף אַ גוט אָנזע־עוודיקן פּלאַץ. נאָך דעם זײַנען ניקאָלײַ און טאַליאַ אָנדרימלט גע־וואָרן, און מוסיאַ האָט אַכטונג געגעבן אָפּן וועג, עפּשער וועלן שוין דורכגיין די מאַשינען און מען וועט קענען גיין ווײַטער.

די באַוועגונג האָט נישט אויפֿגעהערט ביז באַגינען, און ווען איבערן וואַלד האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ געלער דורכזיכטיקער, ווי בורשטין, פֿרימאָרגן און די אַלטע ביימער האָבן אָנגעהויבן צו

טרעשטשען פון פראָסט, איז דאָס רעווען פון די מאַשינען אַפן וועג צונויפגעגאָסן געוואָרן אין אַן אומאונטערבראָכענעם געהילך.

אין וואַלד איז געווען שטיל, נאָר זעלטן פלעגט זיך פון אַ צווײַג אַראָפּרײַסן און פאַלן אַ שווערע שניי־קישעלע. די ווײַטע מאָטאָרן האָבן געהילכט נודנע, אַזוי ווי האַרבסט פליגן.

דער פראָסט האָט זיך געשטאַרקט. עס איז געוואָרן געפערלעך צו שלאָפן. מוסיאַ האָט אויפגעוועקט אירע באַגלייטער. קעדיי צו שפּאָרן די אויסגייענדיקע קויכעס זײַנען זיי געזעסן אומבאַוועגלעך באַם שײַטער, וואַרעמענדיק איינער דעם צווייטן. ווען עמעצער פלעגט אַנדרימלט ווערן האָט אים מוסיאַ אַף אַן אומבעראַכמאָנעסדיקן אויפן געוועקט. איר אַליין האָט אויך די גאַנצע צײַט געצויגן דער שלאָף, זי האָט אָבער געוווסט: אײַנשלאָפן אַפן פראָסט — איז אַ זיכערער טויט פאַר אַלע דרײַ. און דעריבער האָט זי מיט קאָלערליי מיטלען, אַפילע מיט קנײַפּן און קלעפּ, פאַריאָגט פון אירע כאַווײרים דעם שלאָף.

דער געדאַנק אַז זייערע לעבנס געפינען זיך איצט אין אירע הענט האָט אַף אַ רעגע נישט פאַרלאָזט דאָס מיידל. אירע אויגן האָבן זיך געקלעפּט, ווי זיי וואָלטן געווען מאַגנעטיזירט. זי האָט זיך קעסיידער געריבן די אויגן מיט שניי, געקייט אַ סאָסנע צווײַג, אָנגענומען פאַרשיידענע נישט באַקוועמע פּאָזעס, און ווען זי האָט געפילט, אַז דער שלאָף באַהערשט זי דאָך, פלעגט זי זיך ביז בלוט בײַסן די הענט.

אָבער די קויכעס האָבן זיך בוילעט אויסגעשעפּט. דעם שלאָף צו פאַרטרײַבן פלעגט איר נאָך געלינגען, אָבער דער באַוווסטזײַן איז שוין געווען פאַרנעפּלט. אין קאָפּ האָט זיך אַלץ געמישט. צײַטנווײַז, קומענדיק צו זיך, האָט זי געפרוווט אויפשטיין, אויסגלײַכן די ביינער, אָבער די פיס האָבן שוין נישט געדינט. פאַרנאַכט האָט זיך איר אויסגעדוכט, אַז דורכן רויש פון די מאָטאָרן רײַסט זיך דורך אַ קאַנאָנען דונער. די געדאַנקען האָבן ווידער גענומען אַרבעטן קלאָר. וואָס איז דאָס, זאָל זיך דאָס איר דוכטן, אָדער עס דונערט טאַקע אין דער ווירקלעכקייט דאָרט, ווײַט הינטערן וואַלד? באַשליסנדיק, אַז דאָס קלאַפּט אַזוי דאָס בלוט אין אירע אויערן, איז מוסיאַ ווידער אַרײַנגעפאַלן אין אַ הלבן דרימל.

די געדאַנקען האָבן זיך געצויגן פויל. ווידער פלעגט איר קומען

אַפֿן זיקאָרן אַ פּראָזע, וועלכע רודאַקאָוו האָט אַמאָל געזאָגט צו אַ שווער פֿאַרוווּנדעטן פּאַרטיזאַן: „אַ באָלשעוויק, ברודערקע, האָט נישט קיין רעכט צו שטאַרבן, ביז ער האָט נישט אָפּגעטאָן אַלץ וואָס ער האָט געקאָנט, וואָס זײַנע קויכעס האָבן דערלויבט". ווען מוסיאַ האָט עס געהערט אין שפּיטאָל, האָט זי געמיינט, אַז דער קאָמאַנ־דיר מאַכט אַ שפּאַס, קעדײַ צו דערמוטיקן דעם פֿאַרוווּנדעטן. איצט אָבער האָט די פּראָזע באַקומען אַ טיפֿן זין. האָבן דען מוסיאַ מיט אירע כאַווײרים אַ רעכט איצט צו שטאַרבן? „אָבער וואָס זאָל מען טאָן, וואָס? די פֿאַרשאָלטענע אויטאָס שלעפּן זיך דאָך אומ־אונטערבראָכן איבער די וועגן, און איבערן פֿעלד דורכן שניי איז דאָך נישט מעגלעך צו מאַכן אַפֿילע צוויי טריט!"

עס בלײַבט איבער נאָר איינס — וואַרטן. אָבער די מאַשינען האָבן קעסיידער גערוישט, און דער שווערער דרימל האָט ווי מיט אַ ווייכער וואַרעמער פּוך־קאָלדרע אָנגעהויבן צו פֿאַרהילן פֿון מוסיאַן די אַרומיקע וועלט.

עס האָט איר אויסגעניכטערט פֿון דער פֿאַרטויבונג אַן אומ־קלאָרער געפֿיל פֿון אַ נאָענטער געפֿאַר. עפּעס קלאַנגלאָזע שאָטנס און פֿאַספֿאָר־פֿײַערלעך האָבן דאָ פֿאַרשווינדנדיק און דאָ ווידער באַווײַזנדיק זיך, געשוועבט אין דעם כוישעך. „ווידער כאָלעמט זיך מיר? אָבער ניין, דאָס זײַנען דאָך וועלף. עמעסדיקע, עכטע וועלף און גאָר!" האָט זיך אָנגעשטויסן דאָס מיידל און דאָס האָט זי אַפֿילע באַרויִקט. וויפֿל מאָל גייענדיק באַנאַכט איבער די וועלדער פֿלעגט זי זען די צוויי גרינע פֿײַערלעך, וועלכע האָבן געפֿינקלט פֿון דער ווײַטנס הינטער די קוסטעס, אָדער זיך באַוועגט, ווי שטערנדלעך אין דער געדיכטעניש פֿון וואַלד. די וואַנדערער האָבן אַף זיי נישט געלייגט קיין שום אַכט. דעם ווינטער זײַנען די וואַלד־כאַיעס גע־ווען זאַט. נאָר די נײַגעריקייט האָט מיסטאָמע געשטויסן די וועלף אַרויסצוגיין צום וואַלד־זוים ווען זיי פֿלעגן דערהערן טריט.

פֿונדעסטוועגן האָבן די גרינע פֿײַערלעך, וואָס האָבן אומדײַט־לעך געפֿינקלט אַפֿן אַראָפּהאַנג פֿון דעם גראָבן, פֿאַרטריבן דעם שווערן דרימל. זיי האָבן זיך נישט דערנענטערט און אויך נישט דערווײַטערט. עס האָט זיך שוין געהערט דאָס הייזעריקע אָטע־מען פֿון די כאַיעס, ענלעך צו דעם אָטעמען פֿון אַ פֿאַרמאַטערטן הונט. צײַטנווײַז פֿלעגט זיך דערטראָגן אַ טויבער דראָענדיקער

ברום. דער שניי האָט שטיל געסקריפּעט אונטער די פּאַרזיכטיקע לאַפּעס. די אומדײַטלעכע שאָטנס האָבן די גאַנצע צײַט געביטן זייערע ערטער.

די וועלף זײַנען נישט אַוועקגעגאַנגען. זייער צאָל האָט זיך געמערט. די געפּאַר האָט אינגאַנצן אויפגעמונטערט מוסיאַן. די קעפּ פון אירע כאַווייערים זײַנען געלעגן אומבאַוועגלעך אַף אירע קני. די לעוואָנע איז אינגאַנצן פאַרדעקט מיט וואָלקנס. אָבער דאָס בלויליכע פינקלען פון דעם שניי דערלויבט צו באַמערקן, אַז די שנייעלעך צעגייען אין ניקאָלײַס פאַרטונקלטע אויגן־לעכער און אַף טאָליאַס פאַרשפּיצטער נאָז. זיי לעבן. אַ געפּאַר דראָט זיי, די מאַכטלאָזע, אומבאַוועגלעכע. מוסיאַ האָט שוין אויסגעפּרוווט אַלע מיטלען קעדיי אויפצוּוועקן אירע באַגלייטער. זיי האָבן נישט אויפגעוואַכט, אַפילע נישט געעפנט די אויגן. דאַן האָט זי באַשלאָסן אָנצוּווענדן דעם זיכערסטן מיטל און האָט אָנגעהויבן צו זוכן די פלאַש. די ליידיקע פלאַש מיטן אָפּגעשרויפטן קאָרעק האָט זיך געוואַלגערט אפן שניי.

ערשט איצט האָט דאָס מיידל דערפילט דעם עמעסן פּאַכעד. און צוזאַמען מיטן פּאַכעד איז איר באַפאַלן אַ שוואַכקייט. זי האָט זיך באַקוועמער צוגעטוליעט מיטן רוקן צו דער סאָסנע און האָט פאַרמאַכט די אויגן. דער שניי האָט שוין געסקריפּעט גאָר נאָנט. און ווידער האָט זיך איר פאַרגעשטעלט גאָר בוילעט: אַ קאַלטע, וואָסערדיקע וויסטעניש, אויפגעבראַוזטע גרויע, ריזיקע כוואַליעס, און אַ קליין שיפעלע, אַזוי שוואַך אַף די כוואַליעס; און מענטשן, וועלכע רודערן קעגן דעם שטורעם. זי האָט זיך אַזוי קלאָר פאַרגע־שטעלט די מענטשן, אַז איר האָט זיך אויסגעוויזן אַז זי זעט די אויפגעשוואָלענע פון אָנשטרענגונג אָדערן אַף זייערע צעדראַפּעטע הענט, זעט די פּנעמער מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן מיט יענעם בייזן אומבויגזאַמען אויסדרוק, וועלכן עס באַקומען מענטשן, וואָס נאָר דער טויט קאָן זיי צווינגען. און ווידער האָט אין דעם מיידלס אויער אַ קלונג געטאָן די פראַזע: „אַ באָלשעוויק טאָר נישט שטאַרבן, ביז ער האָט נישט אָפּגעטאָן אַלץ, וואָס ער האָט געקאָנט".

און זי האָט דען שוין אָפּגעטאָן אַלץ? מוסיאַ האָט זיך באַ־רויִקט, זיך אָפּגעשטויסן פון דעם בוים און אויפגעהויבן דעם אוי־טאָמאָט. ער האָט זיך איר אויסגעוויזן אַזוי שווער, פונקט ווי ער

וואָלט געוועזן פֿון בלײַ. זי האָט אַוועקגעלייגט דאָס געווער צו זיך אויף די קני און האָט אַראָפּגעלאָזן דעם פֿאַרזיכערער. פֿון דעם טרוקענעם, מעטאַלענעם קנאַק האָבן זיך די שאָטנס אין גראָבן אַ שלײַדער געטאָן אויף צוריק, די גרינינקע פֿײַערלעך זײַנען אויף אַ רעגע אויסגעלאָשן געוואָרן און זיך ווידער באַוויזן שוין ווײַט אונטן נעבן די רויכנדיקע לעכער פֿון טײַכל. עס האָט זיך דערהערט אַ טויבער, אַכזאָריעסדיקער ריטשען. דאָס מאָל איז עס שוין נישט געוועזן ענלעך צו אַ הינטישן. גרינע פֿונקען זײַנען שוין געוועזן אַ סאַך. ציטערנדיק אין דעם כווישעך האָבן זיי מיט אַ פֿינקטלעכן ברייטן האַלב־קרײַז אַרומגעכאַפּט, ווי זיי וואָלטן באַוווסטזיניק אַרומגערינגלט, דעם אויסגעוואָרצלטן בוים, וועלכער האָט געדינט פֿאַר אַ באַהעלטעניש פֿאַר די פּאַרטיזאַנער. דער צענטער פֿון דעם האַלב־קרײַז האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפֿן דעק פֿון דעם גראָבן און די עקן האָבן זיך געהויבן ביז צו דעם שפּיץ פֿון אַראָפּהאַנג.

„ווי אומזיניק דאָס איז! איבערקומען אַזויפֿיל ערנסטע געפֿאַרן און ערגעץ שוין גאָר נאָענט בײַם ציל אומקומען פֿון וועלף, אַזוי ווי נאַרישע, הילפֿלאָזע קעלבער! ניין, ניין. דאָס איז פּשוט אַן אַבסורד!"

מוסיאַ האָט ווידער אָנגעהויבן מיט אַלע קויכעס צו טרייסלען אירע כאַווײרים. זייערע קעפּ האָבן זיך געשאָקלט אָן לעבן, די אויגן פֿאַרמאַכט און עס האָט זיך אַפֿילע נישט געפֿילט זייער אָטעמען. דאָס מיידל האָט אַ קלער געטאָן, אַז עפּשער באמת זי זיך גאָר מעכאַיע מייסים זײַן. אָבער ניין, דער שניי צעגייט זיך דאָך אויף זייערע פּענעמער. זי האָט אויפֿגעקנעפּלט ניקאָלײַס רעקל. איר האַנט האָט אָנגעטאַפּט אַ לעבעדיקע וואַרעמקייט. זי איז צוגעפֿאַלן מיט די ליפּן צו טאָליאָס שלייף. אונטער דער קאַלטער הויט האָט ריטמיש פּולסירט עפּעס אַן אָדערל. זיי לעבן!

אין דעם כווישעך זײַנען די וועלף כוצפּעדיקער געוואָרן, זיך דערנענטערט. גרינע פֿינטעלעך שלײַדערן זיך פֿאָרווײַז, פֿאַכדאָנעסדיק באַ יעדער באַוועגונג און נישט אָפּרײַסנדיק זיך, שפּירן זיי נאָך איר, ווי פּראָזשעקטאָרן, וועלכע האָבן דערטאַפּט אין אַ נאַכטיקן הימל אַ פֿײַנטלעכן עראָפּלאַן. דעם מיידל דוכט זיך, אַז זי הייבט שוין אָן פֿיזיש צו שפּירן אויף איר פּאָנעם די בייזע, גײַציקע בליקן. מיט וואָס פֿאַר אַ פֿאַרגעניגן וואָלט זי אַרײַנגעכמאַליעט אין

דער ווילדער, פּאַכדאָנעסדיקער, נאָר מיט יעדער רעגע אַלץ מער כּוצפּעדיקער סטייע איין סעריע, אַ צווייטע, אַ דריטע! אָבער די מאַשינען, די מאַשינען הודיען אַפן וועג. די שיסערײַ קען ברענגען אַהער פּיל שרעקלעכערע כּאַיעס. נײַן, שוין בעסער די וועלף. מען דאַרף וואַרטן ביז צום לעצט. עפּשער וועט שוין אינגיכן אָנהייבן צו טאָגן.

— „וואָס האָסטו מוירע, דו נאַריש מיידל? — האָט צו זיך גערעדט מוסיאַ מיט מיטראָפּאַן איליטשס באַרויִקנדיקן טאָן — וואָס איז אַזוינס אַ וואָלף? אַ גרויסער הונט, וואָס שרעקט זיך פאַר מענטשן. ער דערוועגט זיך איבערצופאַלן נאָר מאַכנעסווײַז". מאַכנעסווײַז? און וויפל זײַנען זיי פאַראַן דאָרט אין די קוסטעס? די שוואַרצע שאָטנס האָבן זיך דערנענטערט, זיי באַקומען שוין פּלאַסטישע ליניעס. די אויגן זײַנען שוין אויסגעלאָשן געוואָרן, אָבער מוסיאַ זעט די סילועטן פון די כּאַיעס, זי הערט דאָס קנאַקן פון דעם פאַרהאַרטעוועטן שניי אונטער דער שטאַרקער לאַפּע, אַ שווערן אָטעמען, אַ טרוקענעם קריצן מיט די ציין. און וואָס וועט זײַן, אויב אַלע וועלן זיך מיטאָמאָל אַ וואָרף טאָן אַף איר?

מען טאָר נישט ריזיקירן. שוין צײַט. עפּשער זײַנען דאָס טאַקע די לעצטע מינוטן. אָבער פאַרוואָס הילכט אַזוי דער וואַלד מיט אַן אָנגעשטרענגטן קײַקלדיקן דונער, ווי זומער אין אַ געוויטער? זאָל זיך איר דאָס אויסווײַזן? און פאַרוואָס פאַלט אַרונטער דער יונגער שניי פון די סאָסנע־שפּיצן? פון שוואַכקייט איז אין די אויערן אַזאַ געקלאַנג, אַז עס איז שווער, פּאַשעט אוממעגלעך אונטערצושײַדן, וואָס איז וואָר און וואָס איז וויזיע.

שוין צײַט. מיט אַ ציטערדיקער האַנט שלעפּט מוסיאַ אַרויס דאָס נאָטיץ־ביכל און אַ בלײַפעדער. זי שרײַבט אַרײַן אין דער צוואָאָע די דורכגעלאָזטע שורע, ציט אַרויס דערנאָך פון דער כּאַ־לעווע דאָס שווערדל. דערהערנדיק אַ שאַרך שפּרינגען די וועלף אָפּ מיט אַ דראָענדיקן וואָרטשען. זיי האָבן נאָך מוירע.

— קיש... פאַרשאָלטענע! — שרײַט דאָס מיידל און פאַר־מעסט זיך אַף זיי מיטן אויטאָמאַט.

נישט אַרויסלאָזנדיק דאָס געווער, קריכט זי לאַנגזאַם צו דער סאָסנע. קלאַמערנדיק זיך מיט די הענט אין דער שאָרסטקער קאָרע, שטעלט זי זיך אַף די קני. זי פּרוּווט זיך שטעלן אַף די פיס, אָבער

זי קען נישט, נישטאָ קיין קויעך. איבערצײַגנדיק זיך אין דעם, שטרעקט זי אויס די הענט ווי מעגלעך העכער, פאַרמעסט זיך און מיט אַ זעץ פון שווערדל נאָגלט זי צו צום בוים דאָס געעפנטע ביכל מיט דער צאַוואָע.

מער איז שוין נישטאָ קיין קויעך. מוסיאַ פאַלט אָפּן שניי. איצט וועט דאָס נאָטיץ־ביכל זיכער באַמערקט ווערן פון די, וועלכע וועלן געפינען זייערע קערפּערס. קערפּערס? ווי מאָדנע דאָס קלינגט! ניין, נאָך נישט די קערפּערס. דערווײַל קלאַפּט דאָס האַרץ. טאַקע שוואַך, אָבער די הענט פאָלגן נאָך. „אַ באָלשעוויק האָט נישט קיין רעכט צו שטאַרבן ביז ער האָט נישט אָפּגעטאָן אַלץ, וואָס ער קאָן אויפטאָן". דאָס נאָטיץ־ביכל איז פעסט צוגעקלאַפּט צום בוים. מען זעט עס פון גאָר ווײַט אַף דער ברוינער שאָרסטקער קאָרע. „אָבער עס איז נאָך נישט אַלץ אָפּגעטאָן. דאָס האַרץ קלאַפּט נאָך, און קאָלזמאַן עס קלאַפּ מוז מען קעמפן פאַר זיך און פאַר די כאַווײרים. אָבער וואָס דונערט אַזוי? זאָל זיך עס מיר דוכטן? און ווידער שיט זיך אַראָפּ דער שניי פון די צווײַגן. און עפּשער שיסט מען דאָס טאַקע נאָענט פון דאַנען? און דאָס האַרץ קלאַפּט! ניין, ניין, נישט אַלץ איז אָפּגעטאָן".

מוסיאַ זעצט זיך אַפּן פריִערדיקן אָרט אונטערן שוץ פון דעם אויסגעוואָרצלטן בוים און לייגט אַוועק די אומבאַוועגלעכע קעפּ פון אירע כאַווײרים צו זיך אַף די קני. עס ווײַזט זיך איר אויס, אַז אַזוי זײַנען אירע פרײַנט בעסער באַשיצט. פון הינטן זײַנען זיי איצט פאַרזיכערט נישט נאָר פון דעם ווינט און שניי. אַף דעם גייען באַ איר אַוועק די לעצטע קויכעס. די לעוואָנע בלײַכט זיך נאָך אין דעם העל־געוואָרענעם הימל, אָבער די נאַכט איז שוין בלאַסער געוואָרן די נאָענטסטע ביימער טרעטן שוין אַרויס פון דעם כוישעך.

„עס טאָגט, — שטויסט זיך אָן מוסיאַ. — עפּשער וועט די זון אָפּשרעקן, פאַריאָגן אָט די..." ניין, די בייזע מאָרדעס סטאַרטשען אַרויס פון די שניי־בערגלעך גאָר נאָענט. פאַרשטשירעטע פּיסקעס, קרישטאָלן פון פראָסט זיצן אַף די שטעכיקע וואָנצעס. צווישן די געלע קליקעס זיפּט זיך דורך אַ פּאַרע. אַ גרויסער ברייט־שטערנדיקער וואָלף מיט אַ ווײַסלעכער, גלאַנציקער פעל, באַוועגנדיק נערוועז מיט די זײַטן, טרעט פאַרזיכטיק פאָרויס. ער איז שוין גאָר נאָענט. נישט רירנדיק זיך פון אָרט, האָט ער זיך אינגאַנצן

אײַנגעצויגן, אַזוי ווי פֿאַרטרונקען געוואָרן אין שניי, און זײַנע אויגן האָבן זיך פֿאַרזשמורעט ווי זיי וואָלטן געצילט. די גאַנצע סטײַע שטופּט זיך עטוואָס ווײַטער הינטער אים, נישט אַרויס־טרעטנדיק פֿון הינטער די קוסטעס, זי ברומט, וואָרטשעט. דאָס פּרימאָרגן־ווינטל דערטראָגט צו מוסיאַן אַ הינטישן גערוך.

אונטער די לאַפּעס פֿון דעם ברייט־שטערנדיקן וואָלף האָט דער שניי שאַרף אַ סקריפּע געטאָן. מיט דער אָנשטרענגונג פֿון די צײַג־פֿינגער פֿון ביידע הענט קוועטשט מוסיאַ דאָס שיס־צינגל. אַ שאַרפֿער, צונויפֿגעגאָסענער טראַסק פֿון אַ לאַנגער פֿײַער־סעריע שאַלט אָפּ אין דעם גראָבן. דער ווידערקאָל צעקײַקלט זיך הילכיק איבערן וואַלד. פֿון דעם סאָסנע־שפּיץ פֿאַלט קלאַנגלאָז אַראָפּ אַ פּוכיקער, שטעכיקער, פֿרישער, פֿינקלדיקער שניי.

עס האָט שוין געהאַלטן באַם סאָף פֿון דער דריטער וואָך זינט די סאָוועטישע אַרמיי, אויספֿאָלגנדיק סטאַלינס סטראַטעגישן פּלאַן פֿון אַ גיגאַנטישער קאָנטר־אָפֿענסיווע, האָט זיך אומדערוואַרטעט אַרויפֿגעוואָרפֿן אַף דעם סוינעס הויפּט שטורעם־קויכעס, וועלכע די פֿאַשיסטן האָבן צוזאַמענגעצויגן אין מאָסקווער ראַיאָן. זיי צעשמעטערט, געצווונגען אָפּצוטרעטן אין אומאָרדענונג און האָט זיך זיגרײַך גערוקט פֿאָרויס, דערלאַנגענדיק דעם סוינע אַלץ נײַע און נײַע קלעפּ פֿון שטײַגנדיקער מאַכט.

ס׳איז מעקויעם געוואָרן דאָס, פֿון וואָס עס האָבן געטרוימט די סאָוועטישע מענטשן אין הינטערלאַנד, אַפֿן פֿראָנט און אויך הינטער דער פֿראָנט־ליניע, אַף דער אָקופּירטער ערד. די שטײַף אײַנגעפֿרעסטע ספּרענזשינע האָט זיך אויסגעגלײַכט און דער שטויס פֿון דער סאָוועטישער אַרמיי, וועלכע איז איבערגעגאַנגען צו אַ קאָנטר־אָפֿענסיווע איז געווען אַזוי צעשמעטערנדיק אַז ער האָט ביז צום גרונט צעטרייסלט נישט בלויז די דײַטש־פֿאַשיסטישע אַרמיי, נאָר די גאַנצע גאַזלאָנישע היטלעריסטישע מעלוכע.

גענעראַל טעפּלאָוס דיוויזיע, וועלכע האָט זיך געפֿונען אין אַוואַנגאַרד פֿון איינער פֿון די אַרמייען אַפֿן קאַלינינער פֿראָנט, האָט דערפֿאָלגרײַך דורכגעריסן דעם סוינעס פֿאַרפֿעסטיקונגען, אַריבערגעגאַנגען דעם פֿאַרפֿרוירענעם טײַך און איינע פֿון די ערשטע אַף יענעם דיסטריקט זיך אַ וואָרף געטאָן פֿאָרויס פֿאַרפֿאָלגנדיק דעם סוינע. נישט די צײַטווײַליקע פֿאַרטיידיקונגס־ליניעס, וועלכע די דײַטשן פֿלעגן גיך אויפֿשטעלן אַפֿן וועג פֿון דעם אָנגריף, נישט די אַריערגאַרד שלאַכטן, וועלכע די פֿאַשיסטן פֿלעגן קעסיידער פֿאַרפֿירן באַ די וואַלד־זוימען, באַ די בערגלעך נישט ווײַט פֿון

די וועגן, לעבן די גראָבנס, טײַכן, אַרום די דערפער, נישט די טאַנקען־פּאַסטקעס, נישט די אומאונטערבראָכענע קאָנטער־אַטאַקעס אַף דער ערד און פון דער לופט, זײַנען געווען בעקויעך אָפּצושטעלן דעם שטורמישן אָנגריף פון דער סאָוועטישער אַרמיי.

די גאַנצע דיוויזיע, אָנהייבנדיק פון דעם גענעראַל טעפּלאָוו אַליין, אַ הויכער, ברייטפּלייציקער גרוילעכער מאַן מיט גרויסע הענט פון אַ קאָוואַל און ברייטן שטערן פון אַ געלערנטן, ביז צו די טעלעפאָניסטן, וועלכע פלעגן נישט מיד ווערן איבערצוגעבן אין די באַטאַליאָנען די באַפעלן צו פאַרשנעלערן די באַוועגונג, ביז צו די ראָטנע קוכערס, וועלכע האָבן זיך אויסגעלערנט קאָכן שפּײַז אין מאַרש, ביז צו די בריוונטרעגערס פון דער פעלדפּאָסט, וועלכע האָבן זיך געבויגן יענע טעג אונטער דער שווערער לאַסט פון די אַף שנעל אָנגעדראַפּעטע זעלנערישע „דרײַעקלעך", וואָס האָבן אַנטהאַלטן אין זיך גוטע נײַעס — אַלע זײַנען געווען בלוטיק פאַראינטערעסירט אין דער אויסוויקלונג פון דער שווערער זיגרײַכער אָפענסיווע.

מען האָט אַטאַקירט באַטאָג און באַנאַכט, אָן שלאָף און אָפּטמאָל אַפילע אָן אָפּרו. די פעלדקיכן מיט פאַרטיק עסן, וועלכע זײַנען מיטגעגאַנגען מיט די קאָלאָנעס, האָבן פאַרשפּרייט זאַטע רייכעס פון שטאַרקע זעלנערישע מאַכאַלים. אָבער גאָר אָפט איז נישט געווען קיין צײַט זיך אָפּצושטעלן, דאָס שפּײַז פלעגט פאַרקילט ווערן און די זעלנער זײַנען געווען גרייט זיך צו באַנוגענען מיט אַ סאָרכאַרע און אַ הויפן שניי איבערגעכאַפּטע אין גאַנג, אַבי נאָר נישט אָפּשטעלן דעם זיגרײַכן אַוואַנס. נאָר נישט דערלאָזן אַז דער סוינע זאָל זיך אָפּרײַסן, קומען צו זיך, זיך רעאָרגאַניזירן.

די מאָראַלישע דערהייבונג, אַרויסגערופן דורך דער פרייד פון דעם ניצאָכן, איז געווען אַזוי מעכטיק, אַז די מענטשן פאַרגעסנדיק זיך זײַנען געווען פעיִק אַף אוממעגלעכע טאַטן. ווען קאַנאָנען, אָדער לאַסט־אויטאָס מיט קריגס־מאַטעריאַלן, אָדער שפּײַז־פּראָדוקטן, פלעגן פאַרזינקען אַפן דעק פון פאַרשנייטע גראָבנס אַזוי טיף, אַז די שטאָלענע קאַבעלס צוגעצויגענע פון זיי צו די טאַנקן, אָדער טראַקטאָרן פלעגן פּלאַצן און זיי נישט קענען אַרויסציִען פון די שנייִקע זומפּן, פלעגן די מענטשן מיט די הענט אַרויסטראָגן פון שניי די פאַרגריזנעטע טעכניק.

יאָ, דאָס זײַנען געווען רומפולע טעג! די דיוויזיעס האָבן זיך

באַוועגט פאָרויס איבער די וועגן, אײַנגעשניטענע אינעם שניי, ווי טראַנשייען. ווי וועגווײַזערס האָבן זיי געדינט די האַלב־פאַרשאָטענע מיט שניי טויטע קערפערס פון דעם סוינע, איבערגעלאָזענע פײַנטלעכע קאַנאָנען, וועגענער און פאַרברענטע מאַשינען. מען איז געגאַנגען איבער דערפער, וועלכע מען האָט געקענט דערקענען בלויז לויט די אויפשריפטן אַף די סלופעס. אין די זעלטענע פרײַע מינוטן פלעגט מען קאָכן שפײַז פון הירזשענע קאָנצענטראַטן אין אויוונס, וועלכע זײַנען געשטאַנען, ווי עס האָט געשײַנט, אינמיטן אָפענעם פעלד, געטרונקען וואַסער פון ברונעמס, וועמענס שעפ־שטאַנגען האָבן דערציילט די זעלנער, אַז דאָ, ווו דער ווינט יאָגט איצט אומגעשטערט אַרום שנייִקע וויכערס, זײַנען געווען יִשווים, צעשטערטע איצט דורך דעם סוינע.

בלויז דער אָנבליק פון אָט די טויטע יִשווים, פלעגט דערוועקן בײַ די זעלנער אַן אַכזאָריעסדיקע אומדערמידלעכקייט.

אַזוי אַרום, איז מיט אומאונטערבראָכענע שלאַכטן, דעם גענעראַל טעפלאָווס דיוויזיע דורכגעגאַנגען צענדליקער קילאָמעטערס אַף מיזרעך ביז זי האָט זיך אָנגעשטויסן אַף אַ פערפעסטיקטן פּאַס, וועלכן ס'איז די פײַנטלעכע סאַפיאָרן געלונגען אויפצושטעלן דאָ אין דער וואַלדיקער געגנט בײַם מעשופּעדיקן ברעג פון אַ באַרימטן רוסישן טײַך, נישט ווײַט פון זײַן אָנהייב. דער טײַך איז דאָ נישט געווען ברייט. בעייס דער זומער־טריקעניש פלעגן די ווילדע ציגן גאַנץ לײַכט איבערגיין אַף די שטיינערנע שוועלן, נישט פאַרנעצנדיק אַפילע די בײַכער. אָבער דער ברעג, וועלכן דעם סוינעס אָנפירערשאַפט האָט אויסגעקליבן אַף צו פאַרהאַלטן דעם אָנגריף, איז געווען הויך, מיט שטײַלע געלע זאַמדיקע אָפהאַנגן, אַזעלכע גלײַכע, אַז די שטייך־שוואַלבן, זײַענדיק באַוואָרנט אַז קיין שום כאַיע אָדער מענטש איז נישט אימשטאַנד אַרויפצוקלעטערן אַהין, האָבן אויסגעגראָבן אין דעם אייבערשטן זוים טיפע היילן פאַר זייערע נעסטן. גלײַך בײַם סאַמע שפיץ האָט זיך אָנגעהויבן אַ געדיכטער סאָסנעוואַלד. די סאַפיאָרן האָבן אומגעוואָרפן דעם וואַלד, און פון די קלעצער אויסגעבויט בלינדאַזשן. דאָס פײַער פון דאָרט איז געווען אַזוי אײַנגעשטעלט, אַז עס איז געווען מעגלעך צו באַשיסן יעדן פונקט פון דעם נידעריקן, זומפיקן לינקן ברעג. דאָרט ווו די מעשופעדיקייט פון דעם ברעג, אונטערגעוואַשן און צעגראָבן פון די

פּרילינגס־וואַסערן איז געווען פלאַכער, האָבן זי די סאַפּיאָרן באַצויגן מיט אַן אײַז־שיכט. די אָפּהאַנגען, וועלכע האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט, די מער אויסגעשטעלטע צום אָנגריף, פלעצער, האָבן זיך פאַרוואַנדלט אַזוי אַרום אין גליטשיקע בערג, אַף וועלכע עס איז אוממעגלעך געוואָרן אַרויפצוקלעטערן נישט נאָר פאַר אַ געניטן שיסער, נאָר אַפילע פאַר אַווילדער כאַיע.

אָט אַף דעם ברעגיקן פּאַס איז דעם סוינע געלונגען אָפּצושטעלן גענעראַל טעפּלאָווס דיוויזיע, וועלכע איז געגאַנגען אין אַוואַנגאַרד.

דורכפירנדיק מיט קאַמפן די אויסשפּירונג, האָט גענעראַל טעפּלאָוו גלײַך פאַרשטאַנען, אַז עס איז נישטאָ אַפילע וואָס צו קלערן אײַנצונעמען די פעסטונג דורך אַ שטורעם. ער האָט אויסגעוואַרט ביז באַנאַכט און אונטערן מאַנטל פון דער שניי־זאַווערוכע אַ וואָרף געטאָן אין אַטאַקע ספּעציעלע סקי־אָפּטיילונגען. אָבער דער סוינע האָט שוין באַוויזן אײַנצואָרדענען באַ די צוגאַנגען פון זײַן פאַרטיידיקונגס־ליניע מינירטע פעלדער און אַ סיגנאַל־סיסטעם. די אַטאַקע האָט מען אָפּגעשלאָגן. די דיוויזיע האָט זיך אָפּגעשטעלט. מיט יעדע שאָ איז מער אויסגעלאָשן געוואָרן דער קאַמפס־דראַנג, וועמענס ווערט איז באַקאַנט נאָר יענע, וועלכע האָבן אַנטייל גענומען אין אַן אָפענסיווע.

שעליכים פון דעם אַרמיי־שטאַב האָבן איינער נאָכן אַנדערן געבראַכט באַפעלן: טייקעף אָנצוגרײַפן! דער פראָנט־קאָמאַנדיר אַליין, אַ קאַלטבלוטיקער, געניטער קריגסמאַן, וועמען גענעראַל טעפּלאָוו האָט געקענט און געשעצט פאַר זײַנע דרייסטע אָפּעראַציעס באַ „כאַלקין־גאָל", האָט אַרויסגערופן דעם דיוויזיע־קאָמאַנדיר צום טעלעפאָן, אים אויסגעמוסערט פאַרן פאַרברעכערישן אַרומטאָפּטשען זיך אַף אַן אָרט און געאײַצעט „אַ קוועטש טאָן אַף ביטערקייט".

אַ קוועטש טאָן אַף ביטערקייט! וועגן דעם האָט שוין דער קאָמדיוו אַליין אויך געטראַכט. ער איז שוין געווינט געווען דורכצופירן וואַלד־שלאַכן נאָך אין דער מילכאָמע מיט די ווײַסע פינלענדער.

ער האָט אויסגעבעטן באַם קאָמאַנדיר עטלעכע אַרטילעריע־דיוויזיאָנען, זיי פאַרמאַסקירט אין שניי קעגן די מער אָנגרייפּבאַרע

דיסטריקטן פון דער פײַנטלעכער פאַרטיידיקונגס־ליניע, צוגעצויגן אַהין אַלע אויטאָמאַשינען און טראַקטאָרן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דער דיוויזיע און זיי באַפוילן זיך צו באַוועגן איבער די ראַקאַדנע טאַל־וועגן, רעווען מיט די מאָטאָרן, לאַרמען מיט די טאַנקעטקייטן און דערבײַ האָט ער אַנגעדײַט די קאָלאָנע אָנפירערס, אַז מען דאַרף נישט צו פיל פאָדערן פון די שאָפערן, אַז זיי זאָלן מאַסקירן די אויטאָ־לאָמטערנעס. אין דער זעלבער צײַט זײַנען אָפּגעקליבן געוואָרן אַלע אויסשפיר־אָפּטיילונגען פון דער דיוויזיע און פון זיי צונויפגעשטעלט אַ באַזונדערע גרופּע; מען האָט זי באַזאָרגט מיט מאַסקיר־כאַלאַטן, באַוואָפנט מיט אויטאָמאַטן, גראַנאַטן, לײַכטע קוילנוואַרפערס, שטורעם־מעסערס און קאָנצענטרירט אין וועלדל, וועלכער האָט זיך געפונען אַנטקעגן די אומדערגרייכבאַרסטע סעקטאָרן פון בערג, וועמענס רוקן עס האָט זיך דאָ אַראָפּגעלאָזן גלײַך ווי אַ וואַנט.

אין אַ פינצטערער דעצעמבער־נאַכט האָבן אַ זעץ געטאָן אין דעם הויכבאַרגיקן ברעג אַלע האַרמאַטן, וועלכע זײַנען דאָ פון פאַרויס קאָנצענטרירט געוואָרן. איבערן שפּיץ האָבן זיך אויפגעהויבן אויפרײַס־פײַערן. ווי פלאַמיקע טראָפּנס, אָפּגעטרייסלטע פון אַ גיגאַנטישער מאָלער־באַרשט האָבן זיך אַ יאָג געטאָן צום צווייטן ברעג מיט אַ טויבן דונער־געבריל רעאַקטיווע גראַנאַטן. די ערד האָט אַ ציטער געטאָן, אָנגעהויבן צו קרעכצן. און בעיס די גאַנצע אַרטילעריע־מאַכט האָט זיך אַראָפּגעשלײַדערט אויף די מער פילבאַרע פונקטן פון דעם פאַרטיידיקונגס־פּאַס, האָבן עטוואָס לינקער, — אָן איין שאָס, אָן גערויש, שווײַגנדיק, אויסהאַקנדיק מיט דער הילף פון לאָפּעטעס, מעסערס, העק, טרעפּלעך אין דעם פאַרפרוירענעם זאַמד, קלאַמערנדיק זיך אָן די אָנטבלויזטע וואָרצלען פון דיביימער, אין גרודעס געפרוירענע ערד, — געקלעטערט אויפן מעשופּעדיקן ברעג זעלנער אין מאַסקיר־כאַלאַטן. די אַרטילעריע האָט נאָך געדונערט, ווען זיי —נישט באַמערקבאַרע אין דער שניי־קאַשע — האָבן זיך שוין אַריבערגעוואָרפן איבער דעם רוקן פון הויכן ברעג. און דאַן האָבן די זעלנער אין דער פולער מאָס באַגריפן דעם זין פון דעם מיליטערישן שפּיצל פון זייער גענעראַל. דאָ אויף דעם אומצוגענגלעכסטן פונקט פון ברעג, וווּ די אַרטילעריע האָט אַפילו נישט געשיקט קיין איינציקן שאָס, האָט מען אויף זיי זיך נישט געריכט.

אַלע קויכעס פון דעם סוינע זײַנען געווען קאָנצענטרירט אויף רעכטס, אויף צו באַשיצן די פלאַכערע פונקטן פון ברעג, דאָרט ווו עס האָט געבושעוועט דער אַרטילעריע שטורעם. די אַטאַקע האָבן זיי דערוואַרט דאָרט.

דערפילנדיק זיך אַזש אומבאַקוועם, וואָס דאָ הינטער דעם נישט צוגענגלעכן ברעג איז נישטאָ אַפילו מיט וועמען צו קעמפן, האָבן די פאָדערשטע אַראָפּגעוואָרפן שטריק און אָן שום שטערונג אַרויפגעצויגן צו זיך די איבעריקע. „דער שטורעם־באַטאַליאָן", אַזוי האָט מען באַצייכנט אין באַפעל די צונויפגעשטעלטע אָפּטיילונג, איז אַרײַנגעדרונגען אין די טיפענישן פון דעם פאַרטיידיקונגס־פּאַס, און איידער עס זײַנען אַנטשוויגן געוואָרן, פאַרזינקענדיק אין דער שנייִיקער קאַשע, די לעצטע אָפּהילכן פון דער אַרטילעריע־צוגרייטונג, האָבן אַלע זעלנער, וויפל זיי זײַנען דאָרט געווען, זיך אַ וואָרף געטאָן פון הינטן אויף די פײַנטלעכע טראַנשייען, אויסראַטנדיק מיטן פײַער פון די אויטאָמאַטן די דײַטשע שיסערס און וואַרפנדיק גראַנאַטן אין די טירן פון די בלינדאַזשן. אַזוי אַרום איז געעפנט געוואָרן אַ שפּאַלט אין דעם סוינעס פאַרטיידיקונג־ליניע. די דיוויזיע, אַרויסשיקנדיק פאַריס אַן אַוואַנגאַרד פון סיבירער סקי־לויפער, איז מיט אַלע אירע קרעפטן אַרײַן אין דעם שפּאַלט, עפענענדיק דעם וועג פאַר דער אַרמיי.

די אָפענסיווע האָט זיך באַנײַט.

אין יענער שטורעמדיקער נאַכט, באַקומענדיק פון די רעגימענטן באַרויִקנדיקע ידיעות וועגן דעם דערפאָלגרײַכן פאַרויסמאַרש אין דעם הינטערטײַכיקן וואַלד ־ געגנט, נאָכן אונטערשרײַבן דעם באַריכט וועגן די רײַכע טראָפּעיען, פאַרכאַפּטע אין די ברעג־פאַרפעסטיקונגען, און אָפּגעבנדיק דעם שעף פון שטאָב די לעצטע באַפעלן, האָט דער גענעראַל טעפּלאָוו צום ערשטן מאָל פאַר די טעג, וואָס ער האָט פאַרבראַכט באַם טײַך־פּאַס, זיך דערלויבט צוצולייגן אַביסל.

דעם גענעראַלס קאָמאַנדע־פונקט איז געווען אײַנגעשטעלט אין באַקוועמע בלינדאַזשן, ווו פאַר אים האָבן געוווינט די דײַטשע אינזשעניערן, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיטן בוי פון דעם פאַרטיידיקונגס־ברעג. געהילץ האָבן זיי פאַר זיך נישט געקאַרגט. אַרום די בלינדאַזשן האָבן זיי אויסגעבויט קאָקעטע גערטנדלעך, בענקעלעך,

אויסטערלישע גאַניקלעך און גאַלעריעס. אַלץ איז געבויט געווען פון יונגע בעריאָזקעלעך מיט ווײַסער נישט אָפּגעשיילטער קאָרע. אַפּן דאַשעק פון דעם בלינדאַזש, ווו דער גענעראַל האָט זיך אײַנגעאָרדנט און ווו פאַר אים האָט געוווינט ווײַזט אויס די פּאַשיסטישע קאָמאַנדע, איז פון שטיקלעך צעבראָכענעם שפּיגל געווען אויסגעלייגט אַ גלאַנציקע אויפשריפט: „סאַנסוסי". דער בלינדזשאַזש איז געווען ברייט און באַקוועם. פון עמעצנס ווייבונגען האָט עמעצער צונויפגעשלעפּט אַהער פאַרשיידנאַרטיקן מעבל: אַ האַרטן דיוואַן מיט אַ גלײַכן אָנלען, פאָטעלן און אַפּילע אַן אַלטן וואַש־טיש מיט אַן אָוואַלן שפּיגל און אַ גראָען מירמל־ברעט.

און האָגאָם דאָס מעבל איז געווען אייגענע, סאָוועטישע, האָגאָם דעם גענעראַלס אָרדענאַנץ האָט גרינטלעך אַראָפּגעפּליקט פון די ווענט אַלע פּאָסטקאַרטלעך, און ליטאָגראַפיעס פון די דײַטשע זשורנאַלן, האָט אַרויסגעקראַצט די שפּיגלדיקע אויפשריפט „סאַנסוסי" און דאָס אָרט אַפּילע פאַרשאָטן מיט שניי, און דעם פּאָל און די ווענט פון דעם בלינדאַזש גרינטלעך אויסגעוואַשן און דעזינפעקטירט מיט קאַרבאָל, דאָך האָט זיך דעם גענעראַל קעסיידער געדוכט, אַז אַלץ לאָזט אַרויס פון זיך עפּעס אַ מאָדנעם, אַ פאַרבאָרגענעם, פײַנטלעכן רייעך.

דער גענעראַל האָט זיך געוואָרפן פון איין זײַט אַף דער אַנדערער, צוגעמאַכט די אויגן, געפּרוּווט רויִק אָטעמען, אָבער אַפּילע דורך די געשלאָסענע ווײַעס האָט זיך אים געדוכט די אומקלאָרע באַוועגונג פון דער אינפאַנטעריע, פון אַרטילעריע־געשפּאַן, סילועטן פון מאַשינען. ער האָט געהערט דאָס סקריפּען פון שניי אַף די וועגן, הייזעריקע שטימעס פון די פערד־אָנטרײַבער: „מאַרש־מאַרש" און דאָס וואָיען פון די מאָטאָרן. ער האָט געזען פאַר זיך זײַן אָפּגעריבענע מאַפּע באַשאָטן מיט בלויע אָוואַלן מיט די נומערן פון די דײַטשע אָפּטיילונגען, דורכגעשניטענע מיט רויטע פײַלן פון דער אָנגרײַפערישער סאָוועטישער אַרמיי. דער פאַרמאַטערטער מאַרך האָט בעשום אופן נישט געקענט זיך באַרויִקן. אין די אויגן האָבן געשווינדלט אויפרײַסן. קלאַנגלאָז האָבן זיך געצויגן איבער די פאַרשנייטע פעלדער מאַכנעס קריגס־געפאַנגענע, אָפּגעריסענע, באַוואַקסענע אין עפּעס מאַמעש אומגלויבלעכע מאַלבושים, אַרויפגעצויגן אַף די געמיינע מונדירן. און ווידער זײַנען אויפגעשווומען פאַר

זײַנע אויגן מעכטיקע קאָלאָנעס פון סאָוועטישע אַפּטײלונגען, װעלכע האָבן געשפּאַנט איבער די װעגן. דער שלאָף איז אָלץ נישט געקומען, און שולדיק אין דעם איז געװען, װי דעם גענעראַל האָט זיך אויסגעוויזן, דער אומדערקלערבאַרער פּרעמדער גערוך, מיט װעלכן עס זײַנען געװען דורכגעזאַפּט אַפילו די װענט פון דער אונטערערדישער װױנונג. אָבער שלאָפן מוז מען, עס איז אומבאַ־דינגט נייטיק. מאָרגן באַגינען הייבט זיך אָן אַ נײַער קאַמפּס־טאָג, און װער װייס, װען עס קען נאָך מעגלעך זײַן זיך צוצולייגן, אָפּרוען.

דער גענעראַל האָט אַ זיפץ געטאָן, אַראָפּגעקראָכן פון דער נאַרע, אַרײַנגעשטעקט די פיס אין די װאָליקעס און אַ נישט־אָנגע־טוענער, בלויז מיט דער בעקעשע אַרויפגעװאָרפן אויף די אַקסלען, איז ער אַרויס פון בלינדאַזש. דער פּאָסטן באַם אַרײַנגאַנג האָט זיך אויסגעצויגן. די זאַװערוכע האָט זיך אײַנגעשטילט, די שניי־בערגלעך אַרומגעגלעטע פון דעם פּראָסטיקן װינט, האָבן אַרויס־געלאָזן פון זיך אַ מילדן פּאָספּאָריקן שײַן. איבערן צעאַקערטן דורך די גראַנאַטן רוקן פון הויכן ברעג האָבן שאַרף געפּינטלט קאַלטע שטערן. דער גענעראַל האָט גײַציק אײַנגעאָטעמט די פרישע לופט.

— אָבער שלאָפן מוז מען דאָך — האָט ער געזאָגט אויף אַ קאָל.

— אַזוי איז עס, כאַװער גענעראַל, — האָט באַשטעטיקט פון דעם כוישעך די שטימע פון דעם פּאָסטן.

אַראָפּלאָזנדיק זיך װידער אין בלינדאַזש, איז דער גענעראַל אַרײַן אין קעמערל, װו עס האָט זיך באַזעצט זײַן קוכער, אַן אַלטער באַװאָנצעטער זעלנער. ער איז געשלאָפן אויסגעצויגן אויפן רוקן, שװער געכראָפּעט און עפּעס געברומט אין שלאָף. אומקוקנדיק זיך אומרויִק אויפן קוכער, האָט דער גענעראַל זיך אײַנגעבויגן, אָנגע־הויבן צו שאַרן אונטערן בעטל און האָט אַרויסגענומען פון אַ קאַסטן אַ פלאַש קאָניאַק. ער האָט אָנגעפילט די ערשטע גלאָז, װאָס איז אים געקומען אונטער דער האַנט און אַ גאַס געטאָן זיך אין מויל אַרײַן די שאַרפע פליסיקייט, מיט אַ בײַגערוך פון דעמבענע קלעפּ־קעס. אין דעם אויגנבליק האָט ער דערשפּירט אויף זיך אַ פאַרכי־דעשטן בליק. דער קוכער האָט זיך אויפגעכאַפּט און רייבנדיק זיך די אויגן געקוקט מיט כידעש אויף זײַן גענעראַל. ער האָט געקעמפט מיטן גענעראַל צוזאַמען פון דער גרענעץ אָן און האָט זיך שוין

פֿעסט איבערצײַגט, אַז זײַן שעף טרינקט נישט. דער קאָניאַק, וועלכן די הויפּט־קאָמאַנדע האָט געשיקט פֿאַר דער דיוויזיע נאָך צו די אָקטאָבער־יאָנטויווים, האָט דער קוכער הייליק אָפּגעהיט און געהאַלטן בלויז פֿאַר דערהויבענע געסט.

דער גענעראַל האָט איבלדיק אַ טרייסל געטאָן מיט די אַקסלען, אַרײַנגעשטופּט די פֿלאַש דעם קוכער אין די הענט און נישט אַרויסריידנדיק קיין וואָרט איז ער פֿאַרשוווּנדן הינטערן ברעזענטענעם פֿאָרהאַנג.

ער איז אַרויפֿגעקראָכן אַף דער נאַרע און פֿאַרמאַכט די אויגן. איצט, ווען אַ וואַרעמקייט האָט זיך אָנגעהויבן צעגיסן איבער זײַן קערפּער, איז אַזוי ווי אָפּגעטראָטן דער פֿרעמדער איבלדיקער גערוך. אין דעם אָנגענעמען דרעמל, זײַענדיק אין זײַן פֿאָרשטעלונג אויפֿגעשווומען די געשטאַלטן פֿון זײַן ווײַב, אַ פֿריילעכע דיקלעכע פֿרוי; פֿון זײַן זון, אַ הויכער דאַרער באָכער מיט לאַנגע הענט, וועלכער נישט קוקנדיק אַף זײַן מאָגערקייט איז זייער ענלעך געווען צו דער מוטער, און פֿון זײַן טעכטערל, אַ קליין, פֿריילעך, שוואַרצויגיק באַשעפֿעניש. פֿילנדיק די דערנענטערונג פֿון געגאַרטן שלאָף, האָט זיך דער גענעראַל באַמיט פֿאַרצושטעלן, ווו קענען זיי זיך איצט געפֿינען, אָבער עס איז אים נישט געלונגען. ער איז געווען אַזוי פֿאַרטיפֿט אין די קריגס איניאָנים, אַז דאָס פֿרידלעכע לעבן האָט זיך אים פֿון דאַנען אויסגעוויזן, ווי אומרעאַל. און דאָך האָבן די אַלע ליבע געשטאַלטן, אַרײַנקוקנדיק אַהער צו אים אין בלינדאַזש, אַרײַנגעבראַכט מיט זיך היימישע וואַרעמקייט און געמיטלעכקייט. דער גענעראַל האָט זיך אויסגעצויגן באַקוועמער, אַריבערגעצויגן די קאָלדרע איבערן קאָפּ און ערשט איצט האָט ער ריכטיק דערפֿילט, ווי מיד ער איז. „פֿונדעסטוועגן האָבן מיר די פֿאַשיסטן געזונט צעטרייבערט הינטער מאָסקווע! דאָס איז זי די סטאַלינישע אויסגעהאַלטנקייט, די זיכערע כאָכמע פֿון אַ זשעני!” האָט ער אַ טראַכט געטאָן צולעצט און איז אַזוי ווי אײַנגעזונקען געוואָרן אין אַ טונקעלן, וואַרעמען וואַסער און זיך אויפֿגעלייזט אין דעם.

... הינטערן פֿאָרהענגל וועלכער האָט אָפּגעצאַמט דאָס בעטל פֿון דעם קוריער, האָט ווי אַ פֿליִענדיקער מײַ־זשוק, אָנגעהויבן זשומען דער טעלעפֿאָן. דער צודרינגלעכער, אַקשאָנעסדיקער קלאַנג, ווען ער פֿלעגט קומען אינמיטן דער נאַכט, פֿלעגט שטענדיק ברענ־

גען עפּעס נײַעס, מעריסטנטייל באַומרויִקנדיקע און נישט קיין אָנ־גענעמע. דאָס האָט גלײַך פאַריאָגט דעם שלאָף. מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג פון זײַן ווילן האָט דער גענעראַל זיך געצווונגען נישט צו עפענען די אויגן און נישט אויפצושפּרינגען. „ווער קלינגט עס? איך האָב דאָך געבעטן דעם טעלעפאָניסט פאַרבינדן נאָר אין פאַל פון אַ דרינגנדער נויטווענדיקייט און אַז אַלע, וועלכע באַדאַרפן דעם קאָמדיוו זאָל מען פאַרבינדן מיטן שעף פון שטאָב!" דער טעלעפאָן האָט געזשומעט שאַרף און אײַנגעשפּאַרט. קיינער האָט נישט גענומען דאָס טרײַבל. „שלאָפט ער דאָס" — האָט אַ טראַכט געטאָן דער גענעראַל וועגן דעם קוריער — „עך יוגנט, יוגנט!" ער האָט שוין געהאַט בעדייע אַליין צוצוגיין צום טעלעפאָן, אָבער עס האָט זיך דערהערט אַ הייזעריקער פון שלאָף, אַ בייזער און פאַר־טויבטער שעפּטשען פון דעם קוריער:

— ווער, ווער? איך קאָן נישט, כאָווער צוועלפטער, דער ערשטער רוט. קלינגט צום דריטן... איך זאָג דאָך אײַך, אַז דער כאָווער ערשטער האָט זיך אין מעשעך פון דרײַ מעסלעס נישט צו־געלייגט. בעט מיך נישט, איך קאָן נישט, כאָווער צוועלפטער. איך טאָר נישט.

אַלס צוועלפטן האָט מען לויט דער טעלעפאָנישער טערמינאָ־לאָגיע אין דער דיוויזיע באַצייכנט דעם העכסט דרייסטן, קעמפע־רישן מאַיאָר, וועמען דער גענעראַל האָט אַרויסגעשיקט, אין דער שפּיץ פון דער אַוואַנגאַרד־גרופּע פון די סיבירער סקי־לויפער, אָפּן וואַלד־וועג דורכצופירן אַ פּאַראַלעלע פאַרפאָלגונג פון די אָפּטרע־טנדיקע פײַנטלעכע קויכעס.

— פאַרבינדט זיך מיטן דריטן, כאָווער צוועלפטער! איך קאָן נישט! — האָט ער אײַנגעשפּאַרט געטײַנעט, און זײַן שעפּ־טשען איז נאָך שטילער געוואָרן, פאַרוואַנדלענדיק זיך אין אַ בייזן שיפּען.

די שלעפעריקייט איז פאַרשוווּנדן געוואָרן. דער גענעראַל האָט אַראָפּגעוואָרפן די קאָלדרע, זיך געזעצט אויף דער נאַרע און מיט די פיס געזוכט, טאַפּנדיק, די וואַליקעס.. דער מאַיאָר איז געווען זייער אַ געניטער און דיסציפּלינירטער אָפיציר. ער וואָלט זיך אַזוי נישט אײַנגעאָקשנט צוליב אַ נאַרישקייט. צוקומענדיק צום טעלעפאָן האָט דער גענעראַל זיך פאַרכידעשט, דערזעענדיק אַז דאָס געפּרוי־

רענע װענטל פון דעם ערדענעם ברונעם, װוּ עס האָט אַרויסגעקוקט דאָס איינציקע פּענצטערל פון בלינדאַזש איז העל באַלויכטן מיט אַן אָראַנזש־קאָלירינען שײַן. הייסט עס, אַז אים איז דאָך געלונגען אַ שלאָף צו טאָן אַ היפּש ביסל צײַט.

— דער ערשטער הערט, — האָט געזאָגט דער גענעראַל, אײַ־בערנעמענדיק דאָס טעלעפאָן־טרײַבל.

— דער צװעלפטער מעלדעט, — האָט זיך דערהערט אין דעם טרײַבל אַ בולקען פון אַ פרײלעכער, ענערגישער שטימע. — זײַט מויכל, כאַווער ערשטער, איך װאָלט אײַך נישט באַאומרויִקט, נאָר עס האָט פּאַסירט מיט מיר אַן א. פּ., זייער אַ װיכטיקע, פון אַן אויסערגעװיינלעכער באַדײַטונג.

— א. פּ., אַן אויסערגעװיינלעכער פאַל ? אין באַטאַליאָן ? ניין ! איר האָט זיך אָנגעשטויסן אַף אַ פּאַסטקע ? געבליבן פאַר־שטעקט ?

— ניין. די אָפּענסיװע אַנטװיקלט זיך נאָרמאַל. די הויפּט־קרעפטן, באַװעגנדיק זיך איבערן װעג זײַנען אַרויס אַף דער ליניע פון דעם װאָך־שטיבל. מײַנע סקױערס, דורכפירנדיק די פּאַראַלעלע פאַרפאָלגונג מיטן אָפענעם פעלד זײַנען צו 5 דעם זײַגער מיט 50 צוגעקומען צום הויך־פּונקט „58״, װאָס איז דאָרעמדיקער פון דער הויכקייט „47״. איצט געפינען זיי זיך שוין מער אַף מײַרעװ.

— כװאַטסקע יאַטן ! — האָט אַרײַנגעשריִען אין טרייבל דער דיװיזיע־קאָמאַנדיר.

די שלעפעריקייט איז װי קיינמאָל נישט געװען. נאָכקוקנדיק אַף דער מאַפּע האָט שוין דער גענעראַל טעפלאָװ אָנגעמערקט מיט אַ רויטן בלײַער די געגנט פון דעם װאָך־שיבל און פון דער הויכ־קייט. דער סוינע, אַרויסגעשטויסן פון די באַפעסטיקונגען פון דעם רעזערװ־פּאַרטיידיקונגס־פּאַס, איז געצװוּנגען געװען װידער אָנצו־הייבן אַ כאַאָטישן ריקצוג.

— כװאַטסקע יאַטן ! — האָ װידעראַמאָל באַטאָנט דער גע־נעראַל, פאַרלענגערנדיק מיטן רויטן בלײַער די פײַל, װאָס האָט זיך אַרײַנגעשניטן אין דעם שטעטך װוּ עס געפינען זיך די פײַנטלעכע אָפּטיילונגען. — גייט װײַטער אַן מיט דער פאַרפאָלגונג. ביז צװעלף נול־נול, זאָלט איר אַרויסגיין מיט די הויפּט־קויכעס אין דער געגנט... אָט אָהער, אין געגנט באַם אַריבערפאָר פון דער

אײַזנבאַן־ליניע. דער אַוואַנגאַרד פון די סקי־לויפער זאָל זיך אַרויס־לאָזן אַף אָפּצושנײַדן די דײַטשע קאָלאָנעס און פאַרנעמען „גרויס סאַמאַרינאָ". איר האָט געפונען „גרויס סאַמאַרינאָ" אַף אײַער מאַפּע? דאָס טאַקע זאָל מען פאַרנעמען. פאַרשטאַנען? פּירט עס דורך... יאָ, איר האָט דאָך עפּעס געזאָגט — א. פּ. וועגן וואָס האַנדלט זיך?

דעם מאַיאָרס שטימע, אַ מונטערע, ענערגישע און זיכערע אַפילע אין מינוטן פון דורכפאַלן, האָט אַ ציטער געטאָן. עס האָבן אָפּגעקלונגען אין איר אַזאַרטנע יינגלשע נאָטקעס:

— אוי, כאַוועָר ערשטער, גאָר אַן אויסערגעוויינלעכער א. פּ. מײַנע סקיערס, ציענדיק זיך פּאַראַלעל דעם וועג, האָבן צווײי קילאָ־מעטער פון דעם טאָפּאָגראַפישן צייכן „47", פאַרנומען אַ גאַנצן זאַק מיט גאָלד.

— וואָס? כאַזערט איבער, וואָס האָבן זיי פאַרנומען? איך פאַרשטיי נישט. גיט איבער דאָס וואָרט לויט די אויסיעס.

— גאָלד! גימל, אַלעף, לאַמעד, דאַלעד. פאַרשטאַנען? אָט טאַקע דאָס. גאָלד. אַ סאַך גאָלד, כאַוועָר ערשטער!

— הערט נאָר, איר דאָרט! דער טײַוול זאָל עס עמען. איך פאַרשטיי גאָרנישט וואָס איר רעדט!

דער גענעראַל האָט זיך אָנגעהויבן צו בייזערן.

אין די דעפענזיווע טעג, ווען די דיוויזיע אָפּטיילונגען פלעגן אָפּשלאָגן די אַטאַקעס פון דעם סוינע, אײַנגראָבנדיק זיך אַפן לינקן ברעג פון טײַך וואָלגאַ הינטער דער שטאָט קאַלינין, איז פון זיך אַליין געבוירן געוואָרן אַזאַ מין אייגן־געשאַפענער אינערלעכער און זייער אַן אומגעלומפּערטער שיפר פאַר די טעלעפאָן־געשפּרעכן. לויט יענעם שיפר האָט מען די טאַנקן — אָנגערופן „לאַפּטשעס"; קאַנאָנען — „בילערס"; גראַנאַטן — „אוגערקעס"; עראָפּלאַנען — „פייגל" און אַזוי ווײַטער. אַוואַדע האָבן אַלע גוט געוווּסט, אַז אַ שטייגער אַזאַ זאַך לעמאָשל, ווי אַ יעדיע, אַז אַפן לינקן פליגל באַ די דײַטשן האָבן זיך באַוויזן „לאַפּטשעס", אָדער אַ פאָדערונג מען זאָל צושיקן פאַר די „בילערס" זעקס און זיבעציק מילימעטער־דיקע „אוגערקעס", האָט געקלונגען נישט אַזוי אײַ, אײַ, קאָנספּי־ראַטיוו. פונדעסטוועגן פלעגט דער גענעראַל אַליין, כאָטש ער האָט אָפּגעכויזעקט פון דעם שיפר, אים אויך אָפט באַנוצט באַ די שמועסן,

אויפגעמעגדיק לויט די אויסזעס דאס ווארט „גאלד“, האט ער בעשום אויפן נישט געקאנט זיך דערמאנען, וואס אזוינס, אייגנטלעך קען דאס באדייטן.

— איר מיינט אוואדע ווייץ? — הא ער געפרוווט טרעפן.

— ניין טאקע בעפייערש גאלד, כאוועך ערשטער, — האט אים אפגעענטפערט א מונטערע שטימע.

— צום טייוול מיט די אייערע נארישע באבע־מייסעס! מיר געפינען זיך איצט נישט אין דעפענזיווע, רעדט אפן, קלארע דיבו־רים. דערקלערט, וואס אזוינס האט איר דארט פארכאפט.

— אנטשולדיקט, כאוועך ערשטער. טאקע בעפיירעש גאלד, עמעסן עכטן גאלד, דעם ווערטפולן מעטאל, אויך בריליאנטן און נאך עפעס שטיינער, א סאך גאלד, א גאנצער זאק! אים האבן געטראגן פארטיזאנער, מען האט זיי געפונען אין וואלד. פון זייער בריוו ווערט קלאר...

— וואסער בריוו? פון וואנען א בריוו?

— ער איז געווען אנגעשריבן אין א נאטיץ־ביכל, צוגענאגלט מיט א באגנעט צו א בוים. זייערס א בריוו, כאוועך ערשטער...

אזא געשעעניש איז בעעמעס געווען נישט קיין טאג־טעגלעכע. דער גענעראל האט גאר פארגעסן, אז ער שטייט בלויז אין אונ־טערוועש אין א בלינדאזש, פון וועלכן עס האט אין מעשעך פון דער נאכט אויסגעבלאזן די גאנצע ווארעמקייט. ער האט זיך מע־כאניש איינגעהילט אין דער בעקעשע, וועלכע דער קוריער האט אים ארויפגעווארפן אף די אקסלען און האט זיך געזעצט אפן טיש:

— לייענט דאס צעטל. אדער, ווארט נאר! עס זאגט זיך דארט פונוואנען עס האבן זיך גענומען די ווערטזאכן?

— אזוי איז עס, כאוועך ערשטער! — דער מאיאר האט אנ־גערופן די שטאט און די אפטיילונג פון מעלוכע־באנק.

יענע געגנט איז געווען דעם גענעראל גוט באקאנט. דער רע־גימענט מיט וועלכן ער האט אנגעפירט באם אנהייב מילכאמע האט צוזאמען מיט אנדערע מיליטער־טיילן אנגעהאלטן די פארטיידיקונג אקוראט באם גרענעץ פון יענער שטאט, אין דער געגנט פון אן אייזנבאן־קנופ, און האט קימאט אין מעשעך פון פיר טעג פעסט איינגעהאלטן די אנגרייפנדיקע דייטשן, ביז דעם סוינעס טאנקען האבן זיך דורכגעריסן אף צאפן און זיינען פארגאנגען פון רוקן.

— יענע שטאָט איז דאָך פאַרנומען געוואָרן סאָף יוני, און איצט איז שוין דעצעמבער. דאָס איז דאָך קימאַט זעקס הונדערט קילאָמעטער פון דאַנען, — האָט מיט צווייפל געזאָגט דער גענע־ראַל, פאַר וועמענס אויג עס איז דער גאַנצער שטעקן אויסגעוואַקסן, ווי אַן אומענדלעכע קייט פון אַריערגאַרד שלאַכטן פון זײַן רעגי־מענט און שפּעטער דיוויזיע. — ווי אַזוי זײַנען די ווערטזאַכן גע־קומען אַהער ? דאָ איז עפּעס נישט גלאַטיק. ווער פון אײַך פּלאָנ־טערט דאָרט ?

— בעשום אופן נישט, אַלץ איז ריכטיק. דאָ אין בריוו ווערט דײַטלעך געזאָגט, אַז זיי האָבן דאָס געטראָגן פון דאָרטן.

— זעקס הונדערט קילאָמעטער איבערן דײַטשן הינטערלאַנד ?

— אַזוי איז !

— לייענט שוין, צום טײַוול, דעם בריוו !

ערגעץ אָפן צווייטן עק דאָרט האָט צווישן אַ געקלאַנג און טראַסקערײַ פײַערלעך אָפּגעהילכט דעם מאַיאָרס שטימע :

— „כאַווער, וואָס וועט געפינען דאָס ביכל, צו דיר ווענדן מיר זיך, מיר דרײַ סאָוועטישע מענטשן... ווען דו וועסט עס געפינען, וועלן מיר שוין געוויס נישט זײַן צווישן די לעבעדיקע...״

— זיי זײַנען אומגעקומען ? געהאַרגעט ? פאַרפרוירן ?

— ניין, זיי לעבן, כאַווער ערשטער ! — דעם מאַיאָרס שטימע האָט זיך ווידער אָראָפּגעריסן אָף אַ ייִנגלשן, פריילעכן טאָן. — אין דעם גייט עס דאָך, וואָס זיי לעבן !

— וווּ געפינען זיי זיך ?

— איך האָב זיי אָפּגעשיקט אָפן מעדיצינישן פונקט. זיי זײַנען אין אַ שווערן צושטאַנד.

— און ווער זײַנען דאָס ?

— צוויי באָכערים און אַ מיידל. איין באָכער — נאָך גאָר אַ ייִנגל. און דאָס מיידל, אַ פּאַנעם, נאָך אויך גאָר אַ יונגיטשקע. זי איז באַם באַוווסטזײַן. זי האָט דערציילט, אַז די ווערטזאַכן טראָגט זי פון דאָרטן, פון יענער שטאָט אָן. אַזאַ וווּנדערבאַר מיידל, כאַווער ערשטער... האָט זי אַ פּאָר אויגן...

— מיילע, גוט, לייענט דאָס צעטל.

— איך הער... דאָ רעכענען זיי אויס זייערע נעמען און אַדרעסן. אָט : „מיר בעטן דיך, כאַווער — דאָס ווענדן זיי זיך צו

יענעם וואָס וועט זיי געפינען — נעמען דעם זאַק מיט צירונג, וואָס ליגט פֿאַרבאַהאַלטן אונטער די וואָרצלען, דאָס זײַנען װערטזאַכן, װעלכע געהערן צו דער מעלוכע און צושטעלן אים ...״ דעם מאַיאָרס שטימע האָט זיך אָפּגעריסן.

— נו, נו, „און צושטעלן אים״, וואָס איז דאָרט איר קענט נישט איבערלייענען ?

— ניין, ניין, איך קען. „....און צושטעלן אים אין דער באַנטסטער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע״. און דאָ בעטן זיי אין בריוו איבערצוגעבן זייער לעצטן גרוס דער רומפולער רויטער אַרמיי, דעם לעניניִשן קאָמיוג, דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. זיי בעטן זאָגן ... אָט דעם פּרעכטיקן זאַץ װעל איך אײַך איבערלייענען: „מיר האָבן געטאָן אַלץ וואָס מיר האָבן געקאָנט און נישט אויס־געפירט די אויפגאַבע נאָר דערפאַר, וואָס מיר זײַנען קראַנק גע־וואָרן, אָפּגעשוואַכט ... אָפּגעשוואַכט ... און עס האָט אונדז ... פּאַרפעלט קויעך ...״

דער מאַיאָר איז אַנטשוויגן געוואָרן. אין טרײַבל האָט זיך דערהערט אַ טרוקענער שאַרך פון אַן אויפגערעגטן אָטעמען. דעם גענעראַל האָט זיך געדוכט אַז די קאַלטע פלאַסטמאַסע פון טרײַבל ברענט אים זײַן אויער. די ברוינע ברעטער פון דעם בלינדאַזש, דאָס פּאַרפרוירענע װענטל פון דעם ערדענעם ברונעם, אַ באַגילדעטע פון די זון־שטראַלן, דער טונקל־געוואָרענער פרענדזל פון דעם אַצעטילען פלאַם, וואָס האָט אומנוצלעך געציטערט איבערן טיש־לאָמפּ, דער טיש מיט דער פאַרשפּרייטער אַף אים, ווי מיט אַ טישטוך, אַרבעטס־מאַפּע, אַן אָפּגעפליקטע און אָפּגעריבענע בײַ די קנייטשן — אַלץ איז פאַרצויגן געוואָרן אין אַ וואַרעמען נעפּל. בײַ דער זײַט האָט געסטאַרטשעט דעם קוריערס פיגור. דער גענע־ראַל האָט זיך שאַרף אָפּגעקערט.

— וואָס שטייט איר, לעשט אויס דעם לאָמפּ ! — האָט ער אַ ברום געטאָן; דערנאָך האָט ער מיט אַ וואָרטשעדיקער, אָבער עפּעס גאָר אַ אַנדער שטימע אַ וואָרף געטאָן אין טרײַבל אַרײַן: — גענוג ! טייקעף זאָלט איר די װערטזאַכן איבערשיקן מיט אַ זיכערער וואַך צו מיר אַפּן ק. פּ. נו יאָ, דער פונקט איז דער זעלבער. צוזאַמען מיט די זאַכן שיקט אַן אויספירלעכן באַריכט מיט אַלע איינצלהייטן פון דעם איניען, לייגט בײַ דאָס נאָטיץ־ביכל. די

מענטשן זאָלט איר גלײַך אַריבערפירן אין מעדסאנבאט אין באַגלייטונג פון אַ דאָקטאָר, אָפּהיטן זיי ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג, איר ווערט פאַר זיי ענטפערן מיט אײַער קאָפּ. וואַרט נאָר, מעקויעך די מענטשן האַלט אָפּ. איך וועל שיקן נאָך זיי מײַן מאַשין מיטן פּאָדפּאָלקאָווניק פון מעדיצינישער דינסט.

דער גענעראַל האָט איבערגעגעבן דעם קוריער די גײַטיקע פאַראָרדענונגען און, ווען יענער איז פאַרשוווּנדן, איז ער ווידער צוגעזאָטן געוואָרן צום טרײַבל:

— איר הערט מיך ? דאָס בין איך, דער ערשטער. און ווער זײַנען זיי דאָס די מענטשן, באַשרײַבט זיי.

— דאָס מיידל איז זייער אַ יונגיטשקע, זייער אַ סימפּאַטישע, ענלעך צו אַ שול־מיידל... מיט געקרײַזלטע האָר... וווּנדערבאַרע, גרויע אויג... איר ווייסט, כאָווער ערשטער, אַזעלכע אויג...

— טפו ! ווי אַלט זײַט איר, מאַיאָר ?

— דער פינף און צוואַנציקסטער יאָר, כאַווער גענעראַל !

— מען זעט טאַקע, אַז דער פינף און צוואַנציקסטער. אויגן ! איך פרעג דען אײַך וועגן די אויגן ? ווי אַזוי זעען זיי אויס, די מענטשן ?

— שטאַרק אויסגעשעפּט, אָפּגעשוואַכט, די באָכערים קענען קימאַט נישט ריידן, און דאָס מיידל.

— ווידער דאָס מיידל !

— אַנטשולדיקט, איך וויל נאָר זאָגן, וואָס דאָס מיידל דערציילט, אַז זיי זײַנען געגאַנגען ביז אייערנעכטן באַגינען, געגאַנגען בלויז באַנאַכט, שפּעטער אָבער, ווען אַף די וועגן האָט זיך אָנגעהויבן אַ נאַכט־באַוועגונג, האָבן זיי זיך אויסבאַהאַלטן אין וואַלד. ס'איז שווער צו גלויבן, אָבער עס ווײַזט אויס, אַז עס איז עמעס. דאָס מיידל האָט מיר איבערגעגעבן אַ דײַטשע מאַפּע מיט דער דיסלאָקאַציע פון דעם סוינעס אַרמיי אין דער געגנט, איצט איז דאָס שוין פאַרעלטערט, אויך האָט זי מיר איבערגעגעבן אַ געהיימען פּאַקעט פון שטאַב „צענטער” צום גרופּן־קאָמענדאַנט פון די פײַנטלעכע כאַיאָלעס.

— וואָס זשע שווײַגט איר ? וואָס פאַר אַ פּאַקעט ? מיט וואָס אַ פּאַקעט ?

— אַ דרינגענדיקער פּאַקעט, כּאַוועד ערשטער. דער גרופּן קאָמענדאַנט „צענטער" גיט איבער אין דעם פּאַקעט אַ קאַטעגאָרישן באַפעל פון היטלערס שטאַב אָפּצושטעלן אונדזער אָפּענסיווע. אומ־באַדינגט. טייקעף. פאַר יעדן פּרײַז.

— די דאַטע פון דעם באַפעל?

— ער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן מיט פינף טעג צוריק.

— מיילע, אַ פּרײַז האָבן זיי שוין באַצאָלט אַ גוטן, — האָט אַ שמייכל געטאָן דער גענעראַל, — דעם פּאַקעט און די מאַפּע, צו מיר!

— שוין אַרויסגעשיקט, כּאַוועד ערשטער.

— הייסט עס „אומבאַדינגט. טייקעף. פאַר יעדן פּרײַז". ער קאָמאַנדעוועט שטרענג, מיט אַ באַס! — דער גענעראַל האָט אַ פאַרשקע געטאָן איראָניש. — יאָ, אַגעוו, ווי קומט דער פּאַקעט צו די פּאַרטיזאַנער?

— דאָס מיידל דערציילט, אַז מיט פיר טעג צוריק האָבן זיי דערהאַרגעט אַ דײַטשן פאַרבינדונגס־אָפיציר.

— אויסגעשעפּטע? קוים וואָס זיי לעבן?

— אַזוי איז, כּאַוועד ערשטער.

— ווו־זשע האָט איר זיי געפונען?

— מען האָט זיי געפונען גאַנץ צופעליק. דער קאַפּיטאַן סורקאָוו איז אַרומגעגאַנגען דעם סיבע פּאַראַלעל צום וועג. פּלוצ־לונג, אין וואַלד, אַ אויטאָמאַטן־סעריע: איינע, אַ צווייטע, אַ דריטע. געמיינט, אַ פּאַסטקע, איז מען פּאַרזיכטיק צוגעקומען דורך אַ זײַטיקן וועג. זיי זענען אין שניי ליגן אומבאַוועגלעך דרײַ, עס האָט זיי אינגאַנצן פאַרשאָטן, כּאַוועד ערשטער, אַף די קני באַם מיידל אַן אויטאָמאַט. איבערן קאָפּ איז צו אַ בוים צוגעקלאַפּט דאָס נאָטיץ־ביכל. דאָס מיידל האָט פון אָנהייב אינגאַנצן פאַרלוירן דעם לאָשן, נאָר געוויינט און קעסיידער געגלעט באַ די זעלנער די פּעלצלעך און די ביקסן... עס האָט זיך איר געדוכט, אַז זי זעט זיי אין כאָלעם... ערן־וואָרט! שפּעטער האָט זי דערציילט, אַז וועגן אונדזער אָפּענסיווע האָבן זיי זיך נאָר אָנגעשטויסן, אָבער גערעכנט, אַז ביז צום פראָנט בלײַבט נאָך איבער אַן ערעך הונדערט

קילאָמעטער. דאָס האָט זי געשאָסן אין וועלף, אָט וואָס... אַזאַ דאַרינקע, נאָר דאָס פּאָנעם איז פּרעכטיק, ווי פון העלפאַנטביין אויסגעשניצט און אויגן גרויסע, גרויע, שיינע, ווי צוויי לאָמ־טערנעס.

— און דער דאָקטאָר, וואָס זאָגט דער דאָקטאָר ?

— דער דאָקטאָר, כאָווער ערשטער זאָגט גאָרנישט. דער דאָקטאָר הייבט מיט די אַקסלען. ער גלייבט נישט, אַז זייענדיק קראַנק אַף צינגאַ, קען מען גיין אין אַזאַ דערשעפּטן צושטאַנד און דערצו נאָך טראָגן אַף זיך אַזאַ שווערע מאַסע... און דאָס מיידל, זי הייסט מוסיאַ.

— עך מאַיאָר, מאַיאָר, איר האָט געדאַנקען פון אַן אונטער־לייטענאַנט ! בלויז קאַלערליי שטוסים ליגן איין אין קאָפּ ! — האָט געוואָרטשעט דער גענעראַל. — ווי איז דאָס מעגלעך, אַז אַכוץ גרויע אויגן האָט איר אין דעם אַלעמען מער גאָרנישט דער־זען ? מיילע געבוג פּלוידערן ! שיקט אַרויס די ווערטזאַכן און אייער באַריכט. און צוועלף נול, נול, זאָל מען בא מיר אַרויסגיין אַף די אַנגעמערקטע קאָמאַנדיר־פּונקטן, פּאַרשטאַנען. פיר אויס. מיר וועלן זיי ווייזן : „אומבאַדינגט. טייקעף. פאַר יעדן פּרייז".

דער גענעראַל האָט אַוועקגעלייגט דאָס טרייבל און עטלעכע רעגעס נאָך דעם געקוקט שמייכלענדיק אין ווינקל פון בלינדאַזש. דערנאָך איז ער, ווי אַ פּלוצלונג דערוואַכטער, אויפגעשפּרונגען און האָט אַ וואָרף געטאָן דעם קוריער, וועלכער איז אַריינגעפאַלן אין בלינדאַזש אַ פאַרויטלטער פון פראָסט און מיט ברעמען און וואָל פון שינעל באַדעקטע מיטן פרימאָרגנדיקן טוי־פראָסט :

— אָט וואָס. דעם קאָמיסאַר טייקעף צו מיר. זאָגט, אַז איך בעט אים דרינגענד, זייער אַ וויכטיקער איניען... דערנאָך פאַר־בינדט מיך מיטן קאָמאַנדאַרם און מיטן מיטגליד פון דעם קריגס־ראַט פון פראָנט. שטייט. רופט אויך אַרויס אַהער דעם נאָטש־סאַנ־דיוו. איידער זי וועט אַהערקומען זאָל זי פאַראָרדענען צוצוגרייטן דאָ אין מיין בלינדאַזש דריי שפּיטאָל־בעטלעך מיט אַלע איינריכ־טונגען. שנעלער !

דער גענעראַל האָט זיך פאַרזשמורעט פון לימענע־קאַליריקן

שײַן פון דעם װינטערדיקן פרימאָרגן, װעלכער האָט שטראָמענ־װײַז אַרײַנגעדרונגען אין דעם פאַרפרוירענעם ערדענעם ברונעם הינטערן פענצטער. ער האָט זיך שטאַרק און מיט אַ פאַרגעניגן געריבן די הענט. זײַנע פאַרמאַטערטע אויגן האָבן פריידיק און כיטרע אַ גלאַנץ געטאָן. און ער האָט געזאָגט, װענדנדיק זיך צו די גאָלדענע זונען־שטראַלן:

— אַזוי הייסט עס: „אומבאַדינגט, טייקעף, פאַר יעדן פרײַז״. נישט שלעכט האָט זיך באַ אונדז מיט אײַך אָנגעהויבן דער טאָג. גאָרנישט שלעכט!

X

און מיט אַ טאָג שפעטער זײַנען צום אונטערערדישן שטעטל פון בלינדאַזשן, — מיט אַלייען, דורכגענג און טעראַסקעס באַרבאַריש באַפוצטע מיט יונגע בעריאָזקעלעך מיט נאָך נישט קיין אָפגעשיילטער קאָרע, — אָנגעקומען עטלעכע מאַשינען.

די ערשטע איז געקומען אַ געמיטלעכע „עמעלע“, געפאַרבן ווי אַן אַרבוז, מיט קרומע שוואַרצע און גרינע פאַסן. זי איז אָנגעקומען פון הינטערן טײַך, פון מײַרעוו, פון וואַנען עס האָבן זיך איצט שוין קוים דערטראָגן אָפהילכן פון אַ ווײַטער קאַנאַדע. פון איר איז אויסגעשטיגן דער גענעראַל טעפלאָוו, וועלכער האָט נאָך פאַריקן באַגינען אַריבערגעטראָגן זײַן ק. פ. אַפן צווייטן ברעג, ווײַט פאָרויס אין אַ פאַרלאָזטן, ליידיקן שטיבל פון אַ וואַלד־וועכטער.

— נו, וואָס הערט זיך בײַ אײַך? ווי האַלט עס מיט זיי?

— האָט ער געפרעגט באַם וואַכמאַן, אַן עלטערער סאָלדאַט, וועלכער, דערזעענדיק דעם גענעראַל, האָט זיך כוואַטסקע אויסגעצויגן באַם אַרײַנגאַנג און פרעזענטירט מיטן אויטאָמאַט.

— אַלץ אין אָרדענונג, כאַווער גענעראַל, זיי רוען.

— נישט געקומען נאָך קיינער פון דער נאַטשאַלסטווע?

— ניין, איר — דער ערשטער.

דער גענעראַל האָט זיך אַראָפגעלאָזט אין זײַן געוועזענער וווינונג און קימאַט אין דער זעלבער מינוט זײַנען פון מיזרעך אָנגעקומען איבערן שניייקן וועג — אַ פעסט אײַנגעפרעסטן ביז צו דער שטײַפקייט פון פאַרצעלײַ און אויסגעפאָלירט פון די זוילן און רעדער פון די דורכגעגאַנגענע מיליטער־טיילן — צוויי לאַנגע מעכטיקע שטאַב־מאַשינען, באַדעקטע מיט אַ זילבערנער אַלומיניום

פּאַרב. פון דער ערשטער איז לײַכט אַרויסגעשפּרונגען אַ שטשופּ־
לער, בידעריקער, אָבער פעסט־געבויטער און אויסערגעוויינלעך
עלאַסטישער מיליטערמאַן, אָנגעטאָן אין אַ בעקעשע פון כאַקי־קאָליר
אין אַ געגנעראַלסקער פּאַפּאַכע, וואָס איז געשטאַנען, ווי אַ קוימען
אָף זײַן קאָפּ. פון דער צווייטער איז געלאָזן אויסגעשטיגן אַ מאַ־
סיווער מאַן אין וואָליקעס, אין אַ שוואַרצן מאַנטל מיט אַן אויפ־
געשטעלטן פוטערנעם קאָלנער. די אויערן פון זײַן פוטערנעם היטל
זײַנען געווען אַרונטערגעלאָזט און פון דעם רעמל פון געלן, פּוכיקן
פוטער האָט אַרויסגעקוקט אַ ברייטער, נישט קיין יונגער, דיקלע־
כער פּאָנעם מיט טיפע אַקשאָנעסדיקע קנייטשן אָף די פולע שטאַרק
פּאַרויטלטע פון פראָסט באַקן. דער דיוויזיע קאָמאַנדיר איז אַרויס־
געגאַנגען דערהערנדיק דעם גערויש פון די מאָטאָרן און האָט באַ־
געגנט די אָנגעקומענע, אָפן שוועל פון בלינדאַזש.

— איך ווינטש געזונט, כאַווער מיטגליד פון קריגס־ראַט!
— האָט ער כוואַטסקע באַגריסט דעם מאַן אין בעקעשע.
— דער סעקרעטאַר פון פּאַרטיי געגנט־קאָמיטעט, — האָט
יענער פון זײַן זײַט פאָרגעשטעלט דעם ציווילן. — נו, ווו געפינען
זיי זיך בײַ אײַך?
— דערווײַל האָט מען זיי אײַנגעאָרדנט דאָ, אין בלינדאַזש,
— האָט געענטפערט דער קאָמדיוו.

אין קעגנוואַרט פון דער נאַטשאַלסטווע האָט ער זיך אונטער־
געצויגן, געוואָרן יונגער, ווי ער וואָלט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן אַ
פופצן יערעלעך.

— און ווי איז זייער געזונט? — האָט געפרעגט דער סעק־
רעטאַר פון געגנט־קאָמיטעט, איבעררײַשנדיק דעם קאָמדיוו מיט
זײַן נישט לויטן עלטער קלינגענדיקן יוגנטלעכן קאָל, מיט יונגע,
זייער לעבעדיקע אויגן וועלכע זײַנען אַרומגעלאָפן אָף אַלע זײַטן,
ווײַזט אויס, אַלץ באַמערקנדיק.

— זיי באַקלאָגן זיך נישט. אײַער באַפעל, כאַווער מיטגליד
פון קריגס־ראַט, איז אויסגעפירט. דער נאַטשסאַנדיוו (דער סאַני־
טאַרער שעף פון דער דיוויזיע), אַ פּאַדפּאָלקאָווניק פון מעדיציני־
שער דינסט געפינט זיך פּערמאַנענט מיט זיי. דער עראָפּלאַן מיט
ספּעציעלע מעדיקאַמענטן איז נעכטן אָנגעקומען און אויפגענומען
געוואָרן.

— און די ווערטזאַכן ? — האָט געפרעגט דער סעקרעטאַר פון געגנט־קאָמיטעט, אויסגלײַכנדיק די גלידער און אונטערטאַנצנדיק איבער דעם פון פראָסט געשמידטן, הילכיקן וועג.

— מיטן עראָפּלאַן, וואָס האָט געבראַכט די מעדיקאַמענטן, איז נעכטן געקומען צופליען אײַער מענטש פון באַנק, דער אײַנהאַנטיקער... צוזאַמען מיט מײַן נאַטשפּין (שעף פון פינאַנץ־אָפּטיילונג — באַמ. פון איבער.) און פאָרשטייער פון ספּעצאָפּטיילונג, האָבן זיי דאָרטן געקישעפּט אַ גאַנצע נאַכט... אינדערפרי האָבן זיי געמאָלדן לויט די פּראָוויזאָרישע דאַטעס — קאָלאָסאַלע ווערטזאַכן. איך אַליין בין דאָ פון נעכטן אָן נישט געווען. מיר אַוואַנסירן דאָך, כאַווער מיטגליד פון קריגסראַט, נישאָ קיין צײַט, דער מעסלעס איז צו קורץ געוואָרן.

— וואָס זשע, גייען מיר אין בלינדאַזש ? — האָט געזאָגט דער אָנגעקומענער גענעראַל און האָט גאַסטפרײַנטלעך אָפּגעטראָטן דעם וועג דעם סעקרעטאַר פון געגנט־קאָמיטעט.

לעכאַטכילע האָבן זיי גאָרנישט דערזען, אַכוץ עפּעס אַ פּאָר אומדײַטלעכע פיגורן, וועלכע זײַנען אויפגעשפּרונגען און זיך אויסגעצויגן באַ זייער באַווײַזן זיך אין בלינדאַזש.

שפּעטער, צוגעוווינענדיק זיך האָבן זיי באַמערקט אין דעם האַלבן כוישעך באַם טיש, וואָס איז געווען באַלויכטן פון אַ פּאָרשאַטנטן קאַרביד לאָמפּ, צוויי אָפיצירן און אַן עלטערן ציווילן מאַן, מיט אַ טרוקענעם, צעקנייטשטן פּאָנעם. דער ליידיקער אַרבל פון זײַן טונקל־בלויער האַלבמיליטערישער גימנאַסטיאָרקע איז געווען פאַרשטעקט אין גאַרטל.

אָפן טיש האָט אין טונקעלן שײַן פון אַצעטילען לעמפּל געפינקלט אַ שטויס צירונג.

— אַלזאָ, באַווײַזט אונדז אײַערע אוצרעס, כאַווער קאָמדיוו, — האָט געזאָגט דער מיטגליד פון קריגסראַט, אַראָפּנעמענדיק די פּאַפּאַכע און גלעטנדיק מיט דער דלאָניע זײַן באַזילבערטן יאָזשיק, פון וועלכן זײַן אַזוי אויך קליינער קאָפּ אָט באַקומען אַ ווינקלדיקע קוואַדראַטנע פּאָרעם.

דער גענעראַל טעפּלאָוו האָט שווײַגנדיק אויסגעצויגן די האַנט אין דער ריכטונג צום צירונג.

— נישט אַהין קוקט איר, כאַווײרים גענעראַלן ! — האָט

מיט אַ קלינגענדיקער שטימע געזאָגט דער סעקרעטאַר פון געגנט־קאָמיטעט.

זײַן בליק האָט נאָר פאַרבײַגייענדיק זיך אַ גליטש געטאָן איבערן שטויס גאָלד, און אַליין איז ער צוגעגאַנגען צו די צוויי־שטאָקיקע נאַרעס. אויף זײַןברייטן, דיקן, אָבער זייער באַוועגלעכן און אויסדרוקספולן פּנים האָט זיך אָפּגעשפּיגלט זאָרג, נײַגער און אומרו.

— העי, ווער עס לעבט דאָ, רוף זיך אָפּ! לאָזט כאָטש אַ קוק טאָן אויף אײַך.

אויף דער אייבערשטער נאַרע איז געלעגן אַ מיידל. די ווײַסע נאָך נישט צעקנייטשטע ציכל האָט אונטערגעשטראָכן איר טונקל אָפּגעברענטן, דאַרן פּנים. ער האָט זיך אַרויסגעצייכנט מיט אַזעלכע דינע און שטרענגע שטריכן, ווי עס וואָלט בעעמעס געווען אויסגעשניצט דורך אַ קינסטלער־האַנט פון אַלטן עלפאַנטביין. דאָס מיידל איז געשלאָפן, אָבער אירע אויגן־לעפלען האָבן נערוועז גע־ציטערט.

אויף דער באַקוועמער ברייטער אונטערשטער נאַרע זײַנען גע־לעגן זײַט בײַ זײַט אַרומגענומען, ווי ברידער, איינער זייער אַ גרויסער מענטש, אָבער אַזוי דאַר, אַז עס איז מאַמעש אוממעגלעך געווען צו טרעפן זײַן עלטער, און אַ באָכערל, נאָך קימאַט אַ יינגל, מיט אַ קרענקלעך טונקעלן פּנים. עס האָט געמאַכט דעם אײַנ־דרוק, אַז דער דאַרער, פעסט־שלאָפנדיקער גיבער, באַשיצט דעם יינגערן פון געפאַר און שטורעם.

אַלע דרײַ האָבן רויִק געאָטעמט. דער סעקרעטאַר פון געגנט־קאָמיטעט האָט געקוקט אויף זיי. אין דער יוגנט, וועלכע האָט זיך אים איצט אויסגעוויזן אַזוי ווײַט, האָט ער פאַרענדיקט אַ מעדי־ציניִשן אינסטיטוט, און פאַר אים, ווי אַ דאָקטאָר, איז געווען אויסערגעוויינלעך אָנגענעם צו הערן זייער רויִקן, גלײַכן אָטעם. ער האָט באַדעקט מיט דער קאָלדרע דעם יינגערנס פיס, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אַ זיפץ געטאָן.

— איר וועט זיי אויפהייבן? — האָט ער זיך געווענדעט צו אַ נישט יונגער שטרענגער, מיליטעריש געקליידטער פרוי, אין וועמענס לאַצן צוזאַמען מיט די שליפעס פון אַ פּאָדפּאָלקאָווניק האָבן גאָלדיק געגלאַנצט מעדיציניִשע עמבלעמען.

— דער צושטאַנד איז אַ שווערער, אָבער דער פּולס האָט זיך שוין איַינגעשטעלט. מען האָט זיי געמאַכט צוויי איַינשפּריצונגען. געכטן אָוונט און היַינט איגדערפרי האָבן זיי געטרונקען בוליאָן. דאָס מיידל איז בײַ מיר גאָר אַ כוואַט, זי פּראָבירט אַפילע זיך אויפצוהייבן. אַ שטאַרקע! די גאַנצע ציַיט וויל זי נאָר ריידן. ערשט נאָר וואָס, איידער איר זײַט אָנגעקומען, איז זי אַנטשלאָפן געוואָרן.

— נו, וואָס פאַר אַ נעוויַעס זאָגט דאָ די מעדיצין? — האָט געפרעגט דער מיטגליד פון קריגסראַט.

אָן דער קוטשמע און בעקעשע, אין אַ פאַשעטער קורטקע מיט טונקעלע שטערן פון כאַקיקאָליר, אַף די לאַצן, האָט דער נידעריקער מענטש אויסגעזען נאָך פעסטער און אונטערגעצויגענער. ער האָט זיך עלאַסטיש געוויגט פון די קנאָפּל צו די שפּיץ פינגער, און דערבײַ האָבן זיַינע אויסגעפּוצטע גלאַנציקע שטיוועלעך ליַיכט און אָנגענעם געסקריפּעט.

— די מעדיצין האָפט, כאָוועך גענעראַל לייטענאַנט. די יוגנט, די באַגיַיסטערטע יוגנט באַזיגט אַלץ. — האָט ציווילמעסיק געענטפערט די פרוי דאָקטאָר; זי האָט צורעכט געמאַכט איר שטרענגע פריזור און האָט אַ קוק געטאָן אַף די שלאָפנדיקע — עס וואָלט געווען צופיל אומרעכט, נאָכן איבערקומען אַזעלכע אומגלויבלעכע, פאַשעט נישט קיין מענטשלעכע שוועריקייטן, אויספירן דעם כויוו און שטאַרבן.

— עס טרעפט. אַף דער מילכאָמע, צום באַדויערן, טרעפט אַזוי אויך, — האָט געזאָגט דער מיטגליד פון קריגסראַט, ער האָט זיך שאַרף אויסגעדרייט אַף זיַינע קנאָפּל און זיך געלאָזט גיין צום טיש, אָבער זיך אומגעקערט פון מיטן וועג: — כאָוועך פאַדפּאָלקאָווניק פון מעדיצינישער דינסט, דער קאָמאַנדיר פון פראָנט האָט פערזענלעך געבעטן איַיך איבערגעבן: טוט אַלץ וואָס איז נאָר מעגלעך קעדיי זיי אַפּצוראַטעווען. און אויב דאָס וועט זיַין צו ווייניק, זאָלט איר טאָן דאָס אוממעגלעכסטע. קעמפט פאַר זייערע לעבנס מיטן גאַנצן געווער פון דער מעדיצין. איר זאָלט גאָרנישט זשאַלעווען.

ער האָט זיך אויסגעדרייט און איז אַוועק צום טיש:

— נו, ווי האַלט עס דאָרט. איר אינוועטאַריזירט?

— דאָ איז נישטאָ, וואָס צו אינווענטאַריזירן, כאַווער גענע־ראַל, אַלץ איז שוין געמאַכט געוואָרן פאַר אונדז. מיר נעמען פּאַשעט צו לויט דער אינווענטאַר־ליסטע, — האָט זיך אָפּגערופן דער ציווילער מאַן מיטן לײַדיקן אַרבל. — אָט איז די רעשימע פון די ווערטזאַכן, צונויפגעשטעלט לויט אַלע באַנק־קלאַלים. מיר האָבן נאָר פאַרגלײַכט און איצט פּראָטאָקאָלירן מיר די רעגירונגס קאַבאַלע.

— און עס שטימט?

— גראַם צו גראַם. אַ שטײַנדל צו שטײַנדל, — האָט מיט שטאָלץ געענטפערט דער מאַן מיטן לײַדיקן אַרבל. — און אַנדערש האָט גאָרנישט געקענט זײַן: דאָס האָט צונויפגעשטעלט אַן אַלטער געניטער באַנק־אַרבעטער. אַן אויסגעצייכנטער באַאַמטער, איך האָב אים געקענט.

— וואָס עפּעס געקענט, נישט איך קען?...

— ער איז געשטאָרבן, כאַווער גענעראַל, געשטאָרבן אין וועג, טראָגנדיק די ווערטזאַכן... זיי האָבן דאָס דאָרט צוגענומען, ווי אַן עקסטראַ־דעפּאָזיט, אָבער נישט באַוויזן צו עוואַקויִרן. האָבן זיי דאָס אַרויסגעטראָגן זאַלבענאַנד פון דער אָקופּירטער שטאָט, ער צוזאַמען מיט אַט דעם מיידל, מיט מאַריאַ וואָלקאָוואַ.

— דו קענסט זי אויך? דאָס איז אויך דײַן אָנגעשטעלטע?

— האָט זיך ראַש אויסגעדרייט דער סעקרעטאַר פון דעם געגנט־קאָמיטעט, אָפּרײַסנדיק זיך פון די רעשימעס, וועלכע מיטראָפּאַן איליטש האָט צונויפגעשטעלט, וועלכע ער האָט בעיס מײַסע אויפ־מערקזאַם באַקוקט. — און זי וואָס איז זי אַזוינס, כאַווער טשערעד־ניקאָוו?

דער ציווילער מיט לײַדיקן אַרבל האָט געענטפערט פאַרלעגן:

— אָט דאָס איז עס דאָך, וואָס קיין שום באַזונדערס. זי האָט געאַרבעט אַלס מאַשיניסטקע... אַ גוטע מאַשין־שרײַבערקע, אַ געוויינלעך מיידל, וואָס האָט זיך מיט קיין זאַך נישט אויסגע־צייכנט.

— „אַ געוויינלעך מיידל״. אַזוי, אַזוי, אַזוי. „קיין שום באַ־

זונדערס״. האָט פאַרטראַכט אויסגעצויגן די ווערטער דער סעקרעטאַר פון געגנט־קאָמיטעט, און, אויסדרייענדיק זיך צו די גענעראַלן, האָט ער מיט אַ יוגנטלעכער לעבעדיקייט זיך ברייט צעשמייכלט:

— אין דעם גייט עס דאָך טאַקע, וואָס קיין שום באַזונדערס. אַ גאַנץ געוויינלעך מיידל, וואָס האָט זיך מיט גאָרנישט אויסגעצייכנט, גאַנץ געוויינלעכע באַקערים, און אַ גאַנץ געוויינלעכער פאַל! און דאָס איז דאָך די הויפּט זאַך. זעט, כאַווייירים גענעראַלן, באַוווּנדערט נאָר דעם דאָקומענט! אויך אַ גאַנץ געוויינלעכער דאָקומענט און צונויפגעשטעלט מיסטאָמע אויך לויטן שאַבלאָן. אָבער אַף וואָס? אַף ערן־בויגנס פון אַ שלאָגלער, אַף אויסצייכענונגס־דיפּלאָמען. און ווו? אין דעם סויגנס הינטערלאַנד, אין אַ געדיכטן וואַלד. בײַ אַ מענטשן פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט וואָלטן דאָך אין אַזאַ פאַל זיכער אויסגעוואַקסן וועלפּישע ציינער און אַ ווייידל... און זיי האָבן אָפּגעהיט ווערטזאַכן, וועלכע קיינער האָט זיי נישט אָנפאַרטרויט!... וואַרט נאָר, אָט וועלן מיר רײַכער ווערן, וועלן מיר ווידער אויפשטעלן דעם געגנט־מוזיי, וועלכן די פאַשיסטן האָבן פאַרברענט, וועל איך הייסן די פאַפּירן אויסשטעלן אין דער אָנגעזעענסטער וויטרינע, אונטער אַ גלאָז, און אָפּהיטן זיי ווי די אינטערעסאַנטסטע דאָקומענטן פון די מילכאָמע־יאָרן.

— און וועגן זייער צאַוואָע האָט איר גאָרנישט געהערט? האָט געפרעגט דער קאָמדיוו, אַרויסציִענדיק פון זײַן פּלאַנשעט אַן אַלטן נאָטיץ־ביכל, אַ דורכגעלעכערטן פון אַ שווערדל. — נעמט עס אויך פאַר אײַער מוזיי. נעמט אין אַכט, אַז דאָס אַלץ האָבן געשריבן מענטשן, וועלכע זײַנען געווען אָפּן שוועל פון טויט, אויסגעגאַנגען פון צינגאַ און הונגער, אָן שום האָפענונג אַף אָפּגעראַטעוועט צו ווערן.

אין נאָטיץ־ביכל איז געלעגן אַ פאַרפלעקטער פון פליגן בילד פון אַ פרוי, וואָס דריקט צו צו זיך צוויי פאַרביקע קעלבערישע מאָרדעלעך. דער מיטגליד פון קריגסראַט האָט אַף אַ רעגע, ווי אַ מאַן, באַוווּנדערט דעם שיינעם, ווײַבערישן פּאָנעם, אַזאַ ליבלעכן און אין דער זעלבער צײַט שטרענגן.

— ווער איז דאָס?

— דאָס מיידל זאָגט, אַז דאָס איז אַ קאָלווירטניצע. זי האָט

אויך געטראָגן די ווערטזאַכן, שפּעטער האָבן דאָס איבערגענומען די פּאַרטיזאַנער, — האָט אויפגעקלערט דער קאָמדיוו, ווײַזנדיק אָף די מענטשן, וועלכע זײַנען געשלאָפן אָף דער אונטערשטער נאַרע.

— אַ שטאַפּעס, — האָט אַ שמייכל געטאָן דער סעקרעטאַר פון געגנט־קאָמיטעט, באַמיענדיק זיך פונאַנדערצוקלײַבן אין די יעראָגליפן פון ביכל.

איינער פון די אָפיצירן האָט צוגערוקט דעם קאַרביד לאָמפּ.

— העלדישע יאָמן! עס גלוסט זיך אַזש וויינען, באַם לייענען, — האָט געזאָגט דער סעקרעטאַר.

פון דער אויבערשטער נאַרע האָט זיך דערהערט אַ טיפער זיפץ, עס האָט זיך דערטראָגן אַ שאָרך פון פרישע לײַלעכער. אַ שטילער, אָבער אַ קלינגענדיקער קעלכל האָט געפרעגט:

— דאָקטאָר, איר זײַט דאָ? וואָס איז מיט זיי, וואָס מאַכן זיי?

— זיי שלאָפן, זיי שלאָפן, מײַן ליבינקע, זיי שלאָפן, און איר שלאָפט אויך, רעדט נישט, — האָט געענטפערט דער דאָקטאָר, — זאָרגט זיך נישט וועגן זיי, זיי פילן זיך שוין בעסער.

— ניין, איר זאָגט עמעס? אוי, ווער איז דאָס דאָרט.

אַלע, וואָס האָבן זיך געפונען אין דעם בלינדאַזש האָבן ווי לויט אַ קאָמאַנדע אויסגעדרייט די קעפּ צו דער שטימע. דער מיטגליד פון קריגסראָט, גלאַנצנדיק מיט זילבערנעם גלאָט־געשווירענעם יאַזשיק, דער דיקלעכער סעקרעטאַר פון געגנט־קאָמיטעט דער הויכער קאָמדיוו, דער באַנק־באַאַמטער מיטן ליידיקן אַרבל, די אָפיצירן, דער פּאָסטן — אַלע אויסגעפרווטע מענטשן, וועלכע האָבן שוין אַ סאַך געזען און אַ סאַך איבערגעלעבט, אַלע האָבן זיי געקוקט אַהין, ווו איבערן ראַנד פון דער נאַרע האָט זיך אויפגעהויבן אַ טונקעלער, דאַרער מיידלשער פּנים. אין דעם האַלבן כווישעך האָבן צווישן לאַנגע, געדיכטע וויעס מיט פאַרבויגענע עקן, געלויכטן גרויסע קינדערלעכדיקע מיידלשע אויגן.

דער סעקרעטאַר און די געגעראַלן האָבן זיך שוין אַ לאָז געטאָן

צו די נאַרעס, אָבער זיי האָט אָפּגעשטעלט דער דאָקטאָרשעס שטרענגער בליק.

— דאָס זײַנען געקומען צופֿאָרן כאַווײַרים מעקויעך די ווערטזאַכן. באַומרויִקט זיך נישט, טײַערע, שלאָפֿט... אײַערע זײַנען שוין אויסער געפֿאַר, — האָט געזאָגט דער פּאָדפּאָלקאָווניק פֿון מעדיציִנישער דינסט און האָט, ווי אַ קליין קינד אַ גלעט געטאָן דער מיידל איבערן קאָפּ.

— בײַ אונדז איז נאָך נישט צוריקגעשטעלט די עלעקטרישע באַלײַכטונג און די וואַסער־לײַטונג. עס וועט אויסקומען, מיר שײַנט, זיי אָפּשיקן קיין מאָסקווע פֿאַר דער ווײַטערדיקער קוראַציע, — האָט געזאָגט דער סעקרעטאַר פֿון געגנט־קאָמיטעט.

— שוין גערעדט מיט זיי... ווילן זיי אַפֿילע נישט הערן.

— האָט אַ שמייכל געטאָן דער קאָמדיוו. — איך האָב מיט זיי געשמועסט, ווען מען האָט זיי געבראַכט אַהער. זיי פֿאָרגעשלאָגן אָפּצושיקן צום עראָדראָם מיט אַ סאַניטאַרער מאַשין, גלײַך פֿון די רעדער אַף די פֿליגלען — און אַהין. ווייס איך וואָס! אַלע דרײַ אין איין קאָל: מיר ווילן פֿון פֿראָנט זיך אין ערגעץ נישט רירן. זיי בעטן, גלײַך ווי זיי ווילן אַביסל קומען צו זיך, זאָל מען זיי אַריבערוואַרפֿן צוריק אין וואַלד, צו די פּאַרטיזאַנער פֿון זייער אָפּטיילונג... און קעסיידער געבעטן מען זאָל דורך ראַדיאָ איבערגעבן זייער קאָמאַנדיר, אַז זײַן אויפֿגאַבע האָבן זיי אויסגעפֿירט און די ווערטזאַכן זײַנען צוגעשטעלט געוואָרן.

— אָט אַ פֿאָלק! די ווילן לעבן! — האָט פֿריילעך אַרויסגערעדט דער מיטגליד פֿון קריגסראַט, און אומקוקנדיק זיך מיט מוירע אַף די נאַרעס האָט ער אַראָפּגעלאָזט זײַן שטימע ביז צו אַ שעפּטשען: — און פֿון וואָסערן אָטריאַד זײַנען זיי? ווו געפֿינט ער זיך און ווו איז ער טעטיק האָט איר נישט געפֿרעגט?

— דערלויבט אײַך צו מעלדן, — האָט שטיל געענטפֿערט דער קאָמדיוו — איך האָב דאָ אָנגעמערקט אַף דער מאַפּע. דאָס איז הינטער דער גרענעץ פֿון אונדזער אַרמיי, אָפֿן וועג באַם שאָכן פֿון רעכטס. מען זאָגט, אַז דער שאָכן האָט זיך פֿאַר די טעג היבש אַ רוק געטאָן אַף מײַרעוו. — באַמיִענדיק זיך צו ריידן ווי מעגלעך שטילער, האָט ער אָנגעהויבן פֿונאַנדערצוּוויקלען די נאָך נישט גענוצטע, נײַע טייל פֿון דער מאַפּע, וועלכע האָט טרוקן געקנאַקט

מיט דעם שאַרסטקן פּאַפּיר: — אָט דאָ, אין וואַלד, לעבן דעם גראָבן. דאָ האָבן זיך באַזעצט אַף ווינטער די סטאַדעס פון עפּעס אַ קאָלווירט. דערציילן זיי, אַז ווען דער אָטריאַד, וואָס האָט אָפּעריִרט דאָ, אין דער געגנט פון דער „אוזלאָוואַיאַ" איז אָפּגעשטופּט געוואָרן פון זײַנע באַזעס צוליב אַ וואַלד־סרייפּע, האָט דער קאָמאַנדיר גענומען די ריכטונג אַף אַהער, איבערן טײַך, צו די קאָלווירטישע סטאַדעס. יענע שיינהייט, וואָס אָפּן בילד, איז פון דאָרטן.

— דערלויבט נאָר, וועלכע סטאַדעס? וועגן וועלכע סטאַדעס רעדט זיך דאָ? איז דאָס נישט וועגן קאָלווירט „דער רויטער אָקער"? — האָט לעבעדיק אַ פרעג געטאָן דער סעקרעטאַר פון געגנט־קאָמיטעט, אַרײַנקוקנדיק אין דער מאַפּע איבער די אַקסלען פון די מיליטערלײַט.

— גאַנץ מעגלעך. דעם נאָמען געדענק איך נישט, — האָט געענטפערט דער קאָמדיוו אָרומצייכענענדיק מיט אַ בלײַער אַף דער מאַפּע דעם וואַלד־גראָבן. — אָט דאָ האָט מען באַזעצט די סטאַדעס און אַהין האָט זיך אַוועקגעלאָזט דער פּאַרטיזאַנען־אָטריאַד. דאָס איז דאָס לעצטע, וואָס זיי האָבן געקענט וועגן אים דערציילן.

— און דער אָטריאַד איז, אַמאָל, נישט פון אײַזנבאַנער? איז ער נישט רודאַקאָווס, פון דער „אוזלאָוואַיאַ"? — האָט אויסגעפאָרשט דער סעקרעטאַר פון געגנט־קאָמיטעט, ווערנדיק אַלץ מער און מער אויפגעלעבט.

— ריכטיק. פון אײַזנבאַנער, שטימט, רודאַקאָווס! — האָט זיך דערפרייט דער קאָמדיוו. — דער הויכער פּאַרטיזאַן, זשעלעזנאָוו ניקאָלײַ, איז טאַקע פון יענעם אָטריאַד.

— יענע געגנט איז דאָך שוין זײַט דרײַ טעג באַפרײַט געוואָרן דורך די אָפּטיילונגען פון אײַער שאָכן, — האָט פאַרטראַכט געזאָגט דער מיטגליד פון קריגסראָט.

— ריכטיק, — האָט באַשטעטיקט דער סעקרעטאַר — מיר האָבן שוין אַפילע באַקומען אַ ידיעה דורך אַ פאַרבינדלער איבער דער פראָנט־ליניע פון איגנאַט רובצאָוון, דאָס איז דער פאָרזיצער פון יענעם קאָלווירט, וואָס האָט אויסבאַהאַלטן די טשערעדעס אין וואַלד, ער איז אונדז מודיע, אַז אַלע לעבן און אַז זייער באַרימטע סטאַדע איז גאַנץ. דאָס איז איינער פון אונדזערע בעסטע קאָל־

ווירט פּירערס, אַ ווונדערבאַרער פּויער, פון באַלטישן פלאָט, אַן אַלטער באַלשעוויק, ער האָט אָנטייל גענומען באַם שטורעמען קראָנשטאַדט!

דאָס מיידל האָט זיך אונטערגעהויבן אַפן עלנבויגן און האָט זיך איינגעקוקט אין די אומבאַקאַנטע גוטמוטיקע פּענעמער. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז זי באַמיט זיך נאָך אַלץ צו באַשליסן, איז דאָס טאַקע וואָר אָדער נישט מער ווי אַן אָנגענעמער כאָלעם אין וועלכן זי זעט אָט די אַלע מענטשן, הערט זייער געשפּרעך און די באַקאַנטע נעמען.

נו, זיכער, אַוואַדע, דאָס אַלץ איז וואָר! דאָס מיידל האָט אַפילע געקענט דעם דיקן ברייטפּאַנעמדיקן מאַן, זי האָט אים אַמאָל געזען אין אַ פּאָטעל אין דער ערשטער ריי, באַ אַ קאָנקורס־פאָרשטעלונג פון זעלבסטעטיקייט, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער געגנט־שטאָט. אָט באַ וועמען מען דאַרף בעטן, אַז מען זאָל זיי נישט אַוועקשיקן אין אַ שפּיטאָל פון דער הויפּט־שטאָט, מען זאָל זיי געבן די מעגלעכקייט זיך צו דערהאָלן דאָ און שפּעטער אַפּשיקן צוריק, צו רודאַקאָוון, זיי זאָלן צוזאַמען מיט זיינע מענטשן קעמפן ביז צום ניצאָכן. אומקוקנדיק זיך מיט מוירע אַף דער שטרענגער דאָקטאָרשע, האָט מוסיאַ אָנגעהויבן פלאָנ־טערנדיק אויפצוקלערן דעם סעקרעטאַר פון געגנט־קאָמיטעט די געמיינזאַמע ביטע פון אַלע דריי כאַווירים.

דער סעקרעטאַר האָט זי אויסגעהערט מיט אַ שמייכל, און האָט די גאַנצע צייט זיגעריש געקוקט אַפן מיטגליד פון קריגסראַט, ווי ער וואָלט געשטאָלצירט פאַר דעם גרויען, אויסגעפּרוווטן גענעראָל מיט די מענטשן פון זיין געגנט. ווען דאָס מיידל האָט פאַר־ענדיקט האָט ער פאַרשווערעריש אַ ווינק געטאָן:

— געהערט? אוי אַ פאָלק, דאָס איז אַ פאָלק! טייערע מיידעלע, וווהין זאָלן מיר אייך אַריבערוואַרפן, אַז רודאַקאָווס אָטריאַד האָט זיך שוין מיט קאַמף דורכגעריסן דורך דעם פראָנט און איז אַרויס פון וואַלד! „אוזלאָוואַיאַ" וועלן מיר היינט־מאָרגן צוריק אָפּנעמען. אַהין וועלן מיר שיקן רודאַקאָוון אַלס סעקרעטאַר פון שטאָטישן קאָמיטעט. אים אַליין איז שוין געוויס אויך נימעס געוואָרן בלויז אויפצורייסן און צעשטערן. זאָל ער זיך אָפּרוען בויענדיק און רעקאָנסטרוירנדיק!

— ער לעבט אויך? אוי, ווי גוט דאָס אַלץ איז! — האָט שטיל געזאָגט מוסיאַ.

דעם מיידלס קאָפּ איז צוריק געפאַלן אַפֿן קישן, אירע שמייכלענדיקע ליפּן האָבן זיך צונויפגעפּרעסט, דער קין האָט זיך אײַנגעשרומפּן. עס האָט זיך דערהערט אַ דינינקער, קימאַט אַ קינדישער געוויין.

— אַט האָסטו דיר! — האָט זיך פאַרלוירן דער סעקרעטאַר פון געגנט־קאָמיטעט. — נו גענוג, גענוג אײַך אָנמאַכן פּײַכטקייט אין בלינדאַזש. איך האָב צו דיר אַן איניען. דער געגנט־קאָמיטעט האָט באַשלאָסן צושטעלן אײַך צו אַ רעגירונג־אויסצייכענונג פאַר אָפּראַטעוועץ מעלוכע־ווערטן. — דער סעקרעטאַר האָט אַרויסגענומען אַ נאָטיץ־ביכל און אַ בלײַער. — גיב אויף וועגן זיך אייניקע דאַטעס און איך וועל פאַרשרײַבן... דײַן נאָמען, פאָטערס נאָמען, פאַמיליע?...

דאָס מיידל האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבן און זיך געזעצט אַף דער נאַרע. אין אירע אויגן זײַנען געשטאַנען טרערן, אָבער די אויגן אַליין האָבן גליקלעך געשײַנט:

— פאַרשרײַבט, איך בעט אײַך, קאָרעצקי, מיטראָפאַן איליטש!

— דאָס איז דער אַלטער קאַסיר?

— יאָ, יאָ, אַלץ ער; ווען נישט ער וואָלט איך גאָרנישט געקאָנט אויפטאָן. ער איז אַזאַ מענטש!... פאַרשרײַבט אויך איינע אַ וווּנדערבאַרע פרוי. זי האָט צוויי מאָל אײַנגעשטעלט איר לעבן, קעדיי אָפּצוראַטעווען דעם זאַק. רובצאָוואַ, מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ!

— וועלכע רובצאָוואַ? אונדזער כאָשעווע פּיציכטלערן?

— יאָ, יאָ! אַ זעלטענע פרוי! איצט אויך רובצאָוו, איגנאַט סאַוועליעוויטש, ער האָט עס אַלץ פאַר אונדז אָרגאַניזירט, נאָך איינע אַ קאָלווירטניצע פון „וועטלינאַ"... אָט אַ צאָרע, איך ווייס נישט, ווי זי הייסט, און אויך איר זונדעלע, קאָסטיאַ!

— דערלויבט זיך צו ווענדן צו אײַך, — האָט זיך דערטראָגן פון דער אונטערשטער נאַרע אַ שוואַכע מענער שטימע.

אַלע האָבן זיך אַראָפּגעבויגן. נישט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ פון דעם קישן האָט דער גרויסער פאַרטיזאַן געקוקט אַפֿן סעקרעטאַר מיט ריינע, בלויע אויגן:

— מען מוז אומבאַדינגט אויסצייכענען קולאַקאָװן װאַסילי קוזמיטש, אַ סטרעלאַטשניק פון „אוזלאָװאַיאַ״, און טשאַרני מירקאָ אָסיפּאָוויטש, אויך פון דאָרטן...

— װען נישט זיי, װאָלטן מיר, יאַלקי־פּאַלקי, דעם זאַק בעשום אופן נישט אַרויסגעטראָגן, — האָט זיך דערהערט פון װינקל פון דער נאַרע אַ קרייזיקער ייִנגלשער באַס קעלעכל.

דער סעקרעטאַר פון געגנט־קאָמיטעט האָט זיך צעלאַכט:

— עס באַקומט זיך עפּעס צו פיל! און זיך אַליין האָט איר דאָך נאָך נישט אָנגערופן.

— פאַרשרײַבט זי, זי איז אַן עכטער העלד. און מיר װאָס? מיר האָבן דאָך נאָר אויסגעפירט אַ באַפעל, — האָט געזאָגט דער עלטערער פון די פּאַרטיזאַנער.

— און מיר װאָלטן דאָס אויך נישט דערטראָגן, װען די רויטע אַרמיי זאָל אונדז נישט אָפּראַטעװען, — האָט צוגעגעבן דער ייִנגערער.

— אָט װאָס, לאָמיר אָפּלייגן דעם געשפּרעך, זיי נייטיק זיך אין רו. — האָט מיט אַנטשלאָסנקייט געמאָלדן די דאָקטאָרשע און, אַרויסטרעטנדיק פאָרויס האָט זי פאַרשטעלט מיט זיך די נאַרעס.

עס איז געװאָרן שטיל. דער מיטגליד פון קריגסראָט האָט אַרומגעשפּאַנט איבערן בלינדאַזש. פּלוצלונג האָט ער זיך שאַרף אויסגעדרייט אַף די אָפּצאַסן און בלײַבנדיק שטיין קעגניבער דעם סעקרעטאַר אַרויסגעזאָגט װי ער װאָלט געמאָלדן אַ װיכטיקע נײַעס:

— מיט אַזאַ פאָלק װעלן מיר אומבאַדינגט געװינען די מיל־כאָמע! און נישט נאָר די — יעדע!

אַלע האָבן װידער אַ קוק געטאָן אַף די פּאַרטיזאַנער. אָבער יענע, אויסגעמאַטערטע פון דעם געשפּרעך זײַנען שוין פעסט גע־שלאָפן, געשמאַק סאָפּענדיק. צו זייער דועט האָט זיך אײַנגעשלאָסן דעם מיידלס רויִקער אָטעם.

— אַ װוילע זאַך איז דאָס — די יוגנט, כאַװיירים קריגס־לײַט! — האָט געזאָגט דער סעקרעטאַר. — איך אַליין האָב דאָך אויך אַמאָל געזונגען „סערגעי דער גאַלעך״, און פאַרפאָלגט די װײַסגװאַרדייִשע באַנדיטן אין די װעלדער, געשטורעמט פון די טריבונעס קעגן די קראַװאַטן און דורך די נעכט אויפגעשטעלט עלעקטרישע סטאַנציעס... אַלץ איז געװען.

— און איך מיינט איר, ניין? — האָט געזאָגט דער מיטגליד פון קריגסראַט און האָט אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט איבערן זילבערנעם יאַזשיק. — עך, כאַווײרים, כאַווײרים, זיך אַליין גלויבט זיך נישט, אַז אַמאָל האָט מיך פון דער פאַבריק דאָס גאַנצע קעמערל אַרויסבאַגלייט ביז צום קריגס־קאָמיסאַריאַט בעיס דער „קאָמיוגיסטישער מאָביליזאַציע" אונדזער „לאַקאָמאָטיוו פאָרויס אָוועק, סטאַנציע איז די קאָמונע!" איר געדענקט, כעוורע? — ער האָט אַ ווונק געטאָן צום סעקרעטאַר פון געגנט־קאָמיטעט און צום קאָמדיוו.

— „נישטאָ פאַר אונדז קיין אַנדער וועג, די ביקס אין האַנט גענומען!" — האָט אונטערגעכאַפּט דער גענעראַל טעפּלאָוו מיט אַן אָנגענעמער שטימע, און לויטן ווויליונגערישן טאָן, ווי ער האָט עס געזונגען, איז קלאָר געווען, אַז אויך ער, דער סאָלידער און ווי עס שײַנט, שוין עלטערער מאַן, איז אויך אַמאָל געווען אין קאָמיוג.

— אַ גרויסע זאַך — די יוגנט, כאַווײרים! — האָט איבער־געכאַפּט דער סעקרעטאַר, און איר געדענקט...

עס האָט זיך אויפגעפּראַלט די טיר פון בלינדאַזש. אין די וואָלקנס פון דער פראַסטיקער פאַרע איז דערשינען אַ יונגער אָפי־ציר. זײַן פּוטערנע היטל, דאָס פּעלצל, דער יוגנטלעכער פוך אויף זײַנע באַקן, די קליינע וואָנצעלעך — זײַנען געווען באַדעקט מיט אַ הײַטל פראָסט. ער איז אַרײַנגעלאָפן אין בלינדאַזש, זיך אויסגע־צויגן און געבליבן שטיין אַ פאַרגליווערטער צולייגנדיק די האַנט צום דאַשעק.

— דערלויבט צו מעלדן, כאַווער גענעראַל. אַ פאַרבינדונגס־אָפיציר, לייטענאַנט וואַסיליעוו מיט אַ דרינגלעכן פּאַקעט צום מיטגליד פון קריגסראַט.

ער האָט פון זײַן פּלאַנשעט אַרויסגענומען אַ פּאַקעט און אים דערלאַנגט דעם גענעראַל לייטענאַנט. יענער האָט אַראָפּגעריסן די זיגלען. זײַנע שאַרפע אויגן זײַנען אַ רעגע אַרומגעלאָפן איבער די שורעס פון דער טעלעגראַמע. נאָך דעם האָט ער אויפגעהויבן זײַן אויפגערעגטן פּנים און געזאָגט:

— פון מאָסקווע. פון אויבן פרעגט מען זיך אָן וועגן זייער

געזונט־צושטאַנד. סעמיאַנאָוו אַליין פרעגט זיך אָן... און ווער סעמיאַנאָוו איז, ווייסט איר?

און לויט דעם ווי עס האָבן זיך גלײַך אויסגעצויגן די אָפּיצירן, די גענעראַלן, דער סעקרעטאַר פון געגנט־קאָמיטעט און דער באַנק־באַאַמטער מיטן ליידיקן אַרבל, איז קלאָר געווען, אַז אַלע ווייסן, אָדער זיי שטויסן זיך אָן, ווער איז עס דער, וואָס באַהאַלטנדיק זיך הינטער דעם גענעראַל־שטאַב אונטערן נאָמען „סעמיאַנאָוו", פרעגט זיך נאָך וועגן דעם געזונט־צושטאַנד פון דרײַ פּאָשעטע סאָוועטישע כעוורע, וועלכע זײַנען אין דעם מאָמענט געשמאַק און זאָרגלאָז געשלאָפן אַף די נאַרעס אין אָט דעם זעלבן בלינדאַזש.

ס א ף



# פאַרלאַג „היימלאַנד"

## דערשינענע ביכער און בראָשורן



די גרויסע פאַרשווערונג — פון מייקל סעיערס און אַלבערט ע. קאָהן; יידיש: כאַים מאַרגאָלעס דאַווידזאָן. (אויספאַרקויפט)

דער צווייטער פראָנט — פון ד. קראַמינאָוו. יידיש: א. ל־ן.

די פאַרשווערונג קעגן שאָלעם — פון ראַלף פּאַרקער. יידיש: צאַ־לעל בליץ.

100 מיליאָן פאַר טעראָר און סאַבאָטאַזש — רעדעס געהאַלטן אין דער „און" פון אַנדריי ווישינסקי.

די אַמעריקאַנער אין יאַפּאַן (רעפּאָרטאַזש) — פון א. קורגאַנאָוו. יידיש: אַ. לין

דער געפונענער העפט פון סונטשאָן (דאָקומענטירטע דערציילונג) — פון ראָמאַן קים. יידיש: פּיניע קאַץ.

די עקאָנאָמישע פּראָבלעמען פון דעם סאָציאַליזם אין פ. ס. ס. ר. — פון י. וו. סטאַלין.

י. וו. סטאַלין (קורצע ביאָגראַפיע לויט דער צווייטער אויסגעבע־סערטער אויפלאַגע פון מאַרקס־ענגעלס־לענין אינסטיטוט, מאָס־קווע) — פון ג. פ. אַלעקסאַנדראָוו, מ. ר. גאַלאַקטיאָנאָוו, וו. ס. קרוזשקאָוו, מ. ב. מיטין, וו. ד. מאָטשאַלאָוו, פּ. נ. פּאָספּעלאָוו.

גאָלד (ערשטער באַנד. ערשטער און צווייטער טייל) — פון באָריס פּאָלעוואָי. יידיש: א. לעווין.

שאָלעם און שעפע (פּאַרטראַג) 50 יאָר ק. פּ. ר. פּ. (טעזן) — פון ג. מ. מאַלענקאָוו (אַגיט־פּראָפּ אָפּטייל פון צ. ק. ק. פּ. ר. פּ.)

BORIS POLEVOY

# O R O

N O V E L A

## TOMO II

3a. y 4a. Parte



Trad. A. LEVIN



EDITORIAL "HEIMLAND"
BUENOS AIRES
1953